**יוסף וויים**

---

# אין לויף פון יאָרן

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן
מיט דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף
פון „יידישן קולטור־קלוב", „י. ל. פרץ לייען־קרייז"
און דער „עמאַ לאַזאַרוס פרויען־אָרגאַניזאַציע"
אין וועניס (קאַליפאָרניע).

# די שרפה

עס זענען געקומען געסט. אין הויז איז געווען פריילעך, מען האָט געיונגען, געלאכט, פאָרלעך האָבן געטאַנצט. פלוצעם האָט זיך די סטעליע אונטערן גלאָז פון גרויסן בליצלאָמפּ, אָנגעהויבן רויכערן. ס'איז געוואָרן א געשריי, אַ גוואלד! עמיצער — געדענקט דוד — האָט אים געכאַפּט אויף די הענט און אראָפּגעלאָפן מיט אים אין הויף, וווּ מען האָט שוין געזען דעם דאך פלאַקערן: רויטע פיגורן האָבן זיך אויבן געדרייט, נאָכגעמאכט, נאָכגעקרימט די פריערדיקע טענצער. דער הימל האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיך דאָס פייער—ווי צוויי שרפות וואָלטן געברענט. די פלאַמען האָבן געזונדן די מעשענע קאַסקעס פון די פייערלעשער און באַפאַרבט דאָס וואַסער, וואָס זיי האָבן געשפּריצט פון לאַנגע, גומענע קישקעס, ווי קאָלירטע רעגנבויגנס. דאָס טרוקענע האָלץ פון אַלטן הויז האָט פריילעך געקנאַקט און צעשאָטן פונקען אין אלע זייטן, ווי גאָלדענע פייגל וואָלטן אָנגעפלויגן צו א פייגלשע ליאַמע.

דאָס אַלץ איז נעכטן געשען, דערמאנט זיך דער זעקסיאָריקער דוד, אויפכאַפּנדיק זיך אין קעלער. דורכן קליינעם פענצטער, האַרט ביי דער סטעליע, קוקט אַריין אַ שטיקל טריפנדיקער, פאַרוואָלקנטער הימל. גרויע רעגנטראָפּנס גליטשן זיך אויף די קויטיקע שויבן און דערמאָנען דודן אין א ייִנגל, וואָס וויינט מיט א פאַרשמירט פּנים. צוליב דער נעכטיקער שרפה, וואָס שטייט אים נאָך פאַר די אויגן, האָבן זיי זיך געמוזט, טראַכט ער, אַראָפּקלייבן אין קעלער. די מאמע וויינט ווי ס'וואָלט דאָ געלעגן אַ שווער קראַנקער. דער טאַטע דרייט זיך ארום מיט א פינצטער פּנים — פאַרשווונדן זיין גוטמוטיקער שמייכל. די מאמע וויגט דעם קאָפּ אין די הענט און רעדט מיט א פאַרשטיקט קול ווי מען באַוויינט א טויטן:

— יצחק קרוין, וואָס טוט מען, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?! מיר זענען ארויס אין איין העמד. אונדזער גאַנצע האָרעוואַניע פון אלע יאָרן

איז אַוועק מיטן פייער. עס קומט דאָך אונדז אויס גאָר צו נעמען א טאָרבע און גיין איבער די הייזער!

— שרהשי, דער הימל איז נאָך נישט געפאַלן צו דער ערד — פּרוווט ער זי טרייסטן — מענטשן ווערן אָפּגעברענט און שטעלן זיך צוריק אויף די פיס. מען טאָר נאָר דעם מוט נישט פאַרלירן. ווי לאַנג א מענטש לעבט האָט ער א האָפענונג, אז ס'וועט ווערן בעסער. בארואיק זיך, שרהשי, וועסט זען, אז ס'וועט נאָך ווידער זיין גוט.

נאָר זי וויגט מיטן קאָפּ אויף ניין. אין יעדער צרה איז זי די קלאָגערין און ער דער טרייסטער.

דודס צוויי שוועסטערלעך, פראַדעלע און איטעלע, און זייער ברודערל אברהמעלע, האָבן זיך אויפגעכאַפּט און פאַרוווּנדערט באַטראַכט דעם קעלער. ווי קומען זיי דאָ אַהער? זיי ווייסן דאָך אין ליכטיקע צימערן מיט גרויסע פענצטער און דאָ איז פינצטער און קאַלט. דערזען די מאַמע וויינט, האָט זיי פאַרצויגן ביים האַרץ און זיי האָבן אויך אָנגעהויבן וויינען, כליפּען הויך אויף א קול. דאָס האָט אָפּגעשטעלט שרהס געוויין. זי האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, אָפּגעהעשעט און געזעצט זיך אויפן ראַנד פון זייער בעט. — נו, שאַ, אָרעמע שעפּעלעך מיינע. שוין, די מאַמע וועט מער נישט וויינען — האָט זי זיי געגלעט און געטוליעט צו זיך — ווי איז מיר ווי געפרוירן, ווי „געסקלוענט“ איך זענט. דעקט אייך גוט איין, אָט אזוי. דער טאַטעשי וועט באַלד גיין קויפן אָנבייסן אין געוועלבל. ער וועט ברענגען א בינטל האָלץ מיט א ביסל קוילן. וועט מען איינהייצן ס'אייוועלע, וועט ווערן וואַרעם. די קינדערלעך וועלן קריגן הייסע באַוואַרקע, (היים וואַסער פאַרווייסט מיט א ביסל מילך) און פרישע זעמעלעך מיט פּוטער — האָט זי זיי געגלעט און געקושט ביז זיי האָבן זיך באַרואיקט.

— אָט אזוי, שרהשי, גענוג געוויינט, מיט וויינען קאָן מען גאָרנישט אויפטאָן. און האַלט די קינדער אין בעט ביז איך וועל צוריקקומען און מאַכן וואַרעם. — ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און ארויס איינקויפן אין דער קראָם שפּייז.

כדי איינצוהאַלטן די קינדער אונטער דער פּערינע, און זיי האָבן זיך דווקא געריסן ארויס, האָט זיי שרה דערווייל דערציילט א מעשה וועגן א קיסר מיט צוויי שיינע טעכטער. דער טאַטעס מעשיות זענען זיי אַלעמאָל געוועז גרייט צו הערן. די מאַמעשי האָט דערציילט שיין, זינגעוודיק, ס'געווען אַזוי א מעשה אי א ליד, וואָס זי האָט זיך דאָ און דאָרט אָנגעהערט און

צוגעלייגט א ביסל אייגנס און צוגעפוצט, אז די קינדער האָבן עס אויס־
געהערט מיט א פארכאפּטן אָטעם.

יצחק איז צוריקגעקומען מיט די אייַנגעקויפטע זאַכן: א בינטל האָלץ, א ביסל קוילן, א קווארט מילך, פרישע „קייזערקעס" (זעמל) און א הערינג. ער האָט זיך געשטעלט אויף איין קני, צעהאַקט דאָס האָלץ און איינגעהייצט דאָס אייוועלע, וואָס האָט לאנג גערויכערט. אז ס'האָט זיך אָנגעהויבן צעברענען, האָט ער צוגעשאָטן א ביסל קוילן, וואָס האָט שיעור נישט פארדישעט ס'פייער, ס'האָט זיך געדאכט, אָט גייט עס אויס, ווערט דערשטיקט אין רויך. ער האָט אריינגעבלאָזן, געפאָכעט מיט א פאפיר, ביז ס'האָט זיך דערכאפּט און אָנגעהויבן ברענען. ער האָט ארויפגעשטעלט וואסער צו קאָכן. ס'איז געוואָרן א ביסל ווארעמער. דער קעלער האָט זיך אָנגעהויבן אויפטייען. די קינדער האָבן זיך צעשמייכלט, צעשטיפט, ווי קיין זאַך וואָלט נישט געשען. די מאמע האָט אייַנגעטיילט יעדן קינד א זעמעלע מיט פוטער, א שטיקעלע הערינג און א טעפּעלע באַוואַרקע.

— נישט געזאָגט, שרהשי. ס'וועט נאָך זיין גוט! — האָט יצחק געגלעט אירע ברוינגעלאָקטע האָר — גאָט וועט העלפן, גאָט פארלאָזט אפילו נישט א וואָרעם אין דער ערד...

זי האָט קוים א שמייכל געטאָן. דאָס, וואָס יצחק, דער „פריידענקער", האָט פלוצים אָנגעהויבן רעדן מיט גאָט, איז דאָך א שטיקל גוטמוטיקע קריטיק אויף איר צוריקגעשטאנענקייט, דאָס האָט ער זי, ווי מען זאָגט אין ווארשע, איידל „שטעכעלירט" פאר איר פאנאַטיזם. זי פלעגט נאָך בענטשן ליכט און געוואָלט ער זאָל כאָטש אין די יום־טובים גיין אין שול אריין דאַווענען.

יצחק קומט פון ראדאָם, ווו זיין פאָטער איז געווען א סופר און די רעכטע האנט ביים רבין. ער האָט יצחקן, וואָס האָט געהאט א גוט קעפּל, געוואָלט מאכן פאר א רב. ער איז אָבער אנטלאָפן קיין ווארשע, פאר־דונגען זיך אויף דער לערע צו א שמוקלער און געוואָרן אן ארבעטער. שפּעטער — איינער פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן אין פּוילן. פארליבט אין שרהן האָט ער זיך, ווי ער פלעגט דערציילן, אין ערשטן אויגנבליק. אז ער האָט איר געגעבן א קוש, איז זי געוואָרן שטארק אויפגעבראכט פאר זיין פארשייטקייט, געוואָרן אין כעס. האָט ער געזאָגט, אז זי קאָן אים דעם קוש צוריקגעבן. און זי באלד אָנגעהויבן אגיטירן, אויפקלערן קעגן צאַר, קעגן די רייכע און קעגן רעליגיע, וואָס די הערשער פארשפרייטן צו פארפינצטערן און פארשקלאָפן ס'אָרעמע

פֿאָלק. שרהן איז אָבער געווען שווער איבערצורייסן מיט גאָט, ווי זי וואָלט באַדאַרפֿט פֿאַרלירן דעם באָדן אונטער זיך און בלייבן הענגען אין דער לופֿט. די נאַכט נאָך דער שׂרפֿה, ווען זיי האָבן זיך געמוזט אַראָפּקלייבן אין קעלער, איז זי לאַנג וואַך=געלעגן און געטראַכט: אפֿשר איז יצחק נישט גערעכט מיט זיין טענה, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט? אָט האָט ער אים דערפֿאַר געשטראָפֿט און זייער הויז איז פֿאַרברענט געוואָרן. מילא, דאָס וואָס ער איז קעגן דעם רוסישן צאַר, דעם אַנטיסעמיט, דעם טיראַן — אין דעם איז ער גערעכט. נאָר דאָס וואָס ער רעדט קעגן גאָט, איז שלעכט. איינמאָל ווען ער האָט זיך אַזוי צעלאָזט קעגן רעליגיע, האָט ער טאַקע געקראָגן שטאַרקן ציינווייטיק. ווער קאָן וויסן, צי ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אָדער נישט? צי ס'איז דאָ אַ גיהנום מיט אַ גן=עדן אָדער נישט? קיינער איז נאָך פֿון דאָרט נישט צוריקגעקומען און איצט אין איר ביטער געמיט ליגט איר נישט אין זינען צו פֿאַרפֿירן מיט אים אַ שמועס וועגן אַזעלכע זאַכן:

— וואָס טויגן מיר, יצחק, דיינע פֿילאָזאָפֿיעס. לאָמיר בעסער טראַכטן ווי צו שטעלן זיך צוריק אויף די פֿיס. די עטלעכע רובל, וואָס אונדז איז געבליבן, וועלן זיך באַלד אויסלאָזן און מיר וועלן בלייבן מיט די קינדער ווי אויפֿן וואַסער — וואָס וועלן מיר טאָן?

שׂרהלע, מירן טאָן וואָס מירן קאָנען. די וועלט גייט נאָך נישט אונטער. אַזויפֿיל מענטשן לעבן וועלן מיר אויך נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

די טיר האָט זיך געעפֿנט און ס'איז אַריינגעקומען ר' בינעם, דער הויזווירט. אַ ייד מיט אַ שיינער, בלאָנדער באָרד, עטוואָס צוגעשוירן און גוט געפֿלעגט — אַ נגידישע באָרד. פֿאַררויטלטע בולקע=באַקן און בלאָע, קאַלטע אויגן.

כאָטש אַ ייד אַ גביר, וואָס פֿאַרמאָגט אַ סך הייזער, איז ער אַליין געגאַנגען איינמאָנען דירה=געלט. פֿאַרשריבן מיט פּוכקע, קלאָרווייסע פֿינגער און ראָזעווע נעגל אין אַ דיק, שוואַרץ ביכעלע, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פֿון די הענט.

— אַ גוטמאָרגן ר' בינעם — האָט אים שׂרה באַגריסט.

— מאָרגן — האָט ער אַ ברום געטאָן — זאָגט מיר איך בעט אייך, ווי קומט איר עפּעס דאָ אַהער? הפֿקר אַ וועלט! מען נעמט און מען ציט זיך אַריין. איך מעג דאָך אויך עפּעס וויסן, ס'איז דאָך דאַכט זיך מיין הויז?!

— איר ווייסט דאָך, אז ס'איז געווען א שרפה אין אונדזער דירה, און מיר זענען ארויס אין איין העמד. און אזוי ווי דער קעלער איז גע־שטאנען ליידיק האָבן מיר זיך דערווייל ארייננעקליבן. מיר האָבן דאָך נישט געקאָנט בלייבן מיט קליינע קינדער אונטערן אָפענעם הימל — האָט זי זיך פארענטפערט.

— מילא נו, וואָס קאָן מען מאַכן — האָט ער א נגידישן זיפץ גע־טאָן — מ'איז דאָך יידישע מענטשן. איר וועט אייך אָבער דארפן אי־בערמעלדעווען. און די דירה גייט פיר רובל א חודש — ר' בינעם האָט עפּעס געמעקט און געשריבן אין שווארצן, דיקן ביכל, וואָס ער האָט זיך ארומגעטראָגן מיט דעם, ווי מיט א הייליק ספרל — כ'האָב דאָ איבער־געשריבן דעם טאָג, ווען איר וועט דארפן געבן דירה־געלט. מילא, וואָס קאָן מען טאָן. גאָט וועט העלפן — און ער איז אַרויס מיט איידעלע, נגידישע טריט.

— אָט דער ייד איז א פּיאַווקע! — האָט זיך יצחק געקאָכט — מוט נישט קיין האנט אין קאלטן וואסער. זויגט דאָס בלוט פון אָרע־מאָן און ווערט פעט און רויט!

— יצחק, מען קאָן נישט איבערמאכן א וועלט.

— ווער זאָגט, אז מען קאָן נישט? אוי קאָן מען. מען דארף נאָר האָבן שכל און וועלן. וועסט זען שרהלע, אז ס'וועט קומען א צייט — —

— יצחק קרוין! כ'האָב שוין דאָס געהערט אזויפיל מאָל... גיי בע־סער ארויס אין גאס און פרוו געפינען ארבעט. זאָל זיין ביי וואָס נישט איז. פון די אלע רייד וועלן מיר קיין ברויט נישט האָבן.

עס זענען אַוועק וואָכן און יצחק האָט קיין ארבעט נישט געפונען. ס'איז געווען א שלעכטע צייט אין ווארשע, א קריזיס. אין קעלער האָבן זיך אָנגעהויבן ציען לאנגע, פינצטערע נעכט און קורצע טעג.

ס'האָט זיך געשטעלט דער ווינטער. די ערשטע שנייעלעך האָבן אָנ־געהויבן פלאטערן אין דער גרויער לופט און זיך געקלעפּט צו די קוי־טיקע שויבן פון קעלער־פענצטער. פון דער פוילער קעלט זענען די מונ־קעלע ווענט געוואָרן פייכט און שימלדיק. צייטנווייז זענען געקומען פריינד. מען האָט גערעדט, אז די צייט איז שלעכט און ס'איז נישטאָ קיין אויסזיכט, אז אונטערן צאַר זאָל אין פוילן ווערן בעסער. איינער פון די פריינד איז געווען יאַנקעלע מלמד, א מאָגערער, א בלאָנדער מיט העל־פארחלומטע אויגן. ער האָט געהאט א גאָלדיק בערדל און זיין שפּי־ציקער קנאָפּ אין דאַרן גאָרגל האָט צוגעטאנצט, ווען ער האָט גערעדט.

ער האָט געהאַלטן א חדר אין איינציקן ענגן צימער, ווו ער האָט געוווינט מיט זיין ווייב און קינדער און געווען א פייערדיקער סאָציאַליסט. נאָר צו פארדינען אויף ברויט האָט ער נישט געקענט טאָן קיין אנדערע זאך, ווי קנעלן מיט קינדער. און ווו און וויאזוי ס'האָט זיך נאָר געלאָזט האָט ער אריינגעקנעלט רעוואָלוציאָנערע געדאנקען. נאָך א פריינד, וואָס פלעגט קומען איז געווען שלום. אויך א שמוקלער א טונקעלער, מיט א שווארצער, צוגעשוירענער באָרד. אויך אן אויפגעקלערטער. ער איז געווען טויבלעך און גערעדט הויך. צו אים האָט מען אויך געמוזט שרייען.

— הערט מיך אויס יצחק — האָט ער געזאָגט — אזוי ווי איר זענט אָפּגעבערענט געוואָרן און קיין ארבעט איז נישטאָ, וואָלט אפשר געווען א פּלאן איר זאָלט אוועקפאָרן פון פינצטערן פוילן, אָנהייבן א ניי לעבן אין א ניי לאַנד. דאָ אין וואַרשע ווערט פון טאָג צו טאָג ערגער. אַזויפיל מענטשן פאָרן קיין אמעריקע, פארוואָס זאָלט איר אויך נישט פאָרן?

אזא יאָר אויף מיר ווי שלום איז גערעכט — האָט יאַנקעלע מלמד צוגעשטימט, און דוד האָט נישט פארפעלט צו זען ווי דער קנאָפּ אין זיין גאָרגל האָט א שפרונג געטאָן. — דאָ אין פוילן האָט איר פארלוירן דעם באָדן אונטער זיך, פארוואָס זאָלט איר טאקע נישט, ווי אנדערע, פאָרן קיין אמעריקע? א ניי לאנד, א רייך לאַנד, א פריי לאַנד און איך פארזיכער אייך, אז דאָרט וועט איר קענען פרעדיקן סאָציאַליזמוס וויפל אייער האַרץ וועט גלוסטן.

— ס'איז גרינג צו זאָגן, פאָרן קיין אמעריקע — האָט יצחק א לייכטן שמייכל געטאָן — ווייסט איר כאָטש וויפל אזא רייזע דארף אָפּקאָסטן? אוודאי איז גוט, אז מען האָט דאָרט אייגענע וואָס שיקן ארויס שיפסקאַרטן. אָבער ווי קאָן איך, א קבצן, גאָר טראַכטן הערפון?

— שאָט, אויב נישט קיין אמעריקע, פארוואָס זאָלט איר נישט פאָרן קיין דייטשלאנד? אָדער, לאָמיר זאָגן, קיין לאָנדאָן? ענגלאנד איז א ציוויליזירט לאנד — האָט שלום געשריגן.

— אַזאַ יאָר אויף מיר ווי שלום איז גערעכט — האָט צוגעשטימט זיסל, שלומס ווייב, א געלע, ביינערדיקע, מיט מילך־בלויע אויגן. — דאָ אין פוילן איז נישטאָ אויף וואָס צו האָפן, ס'ווערט מיט יעדן טאָג ער־גער. יצחק, אנטלויפט פון דאַנען! און אויב דאָרט וועט אייך גיין גוט, וועלן מיר אפשר מיט דער צייט אויך קאָנען אהינקומען. פארוואָס זאָלט איר טאקע נישט אויספרוון אייער מזל?

— שוין, זי איז שוין דאָ מיט איר מזל — שלאָגט איר איבער שלום

מיט חוזק — אז ער וועט זיך פארלאָזן אויף מזל וועט ער שיין אויס־זען! נישט מער, דאָרט אין ענגלאנד אָדער אין אמעריקע האָט ער אַן אויסזיכט צו קריגן אַרבעט און נישט דארפן הונגערן מיט ווייב און קינדער. די ענגלענדער זענען א ציוויליזירט פאָלק און אמעריקע איז א פריי לאַנד און מען זאָגט: א גאָלדן לאנד.

די געסט האָבן געקנאקט באניעקערן. שרה האָט געשטעלט טיי צום טיש. זיך פארענטפערט פאר דער שלעכטער צייט און אז א צווייט מאָל וועט זי פארגיטיקן... מען האָט ווידער ארומגערעדט די לאגע אין פוילן און ס׳איז געבליבן: אזוי ווי יצחק האָט ווייניק געלט, די לעצטע, גע־ציילטע רובל, פאָרט ער קיין לאָנדאָן און פון דאָרט וועט ער אפשר מיט דער צייט קאָנען פאָרן קיין אמעריקע.

אין א גרויען, פראָסטיקן טאָג, ווען אין קעלער איז געגאנגען א פא־רע פון מויל בעת מ׳האָט גערעדט, האָט זיך יצחק געלאָזט אין וועג אריין. און שרה האָט אים געהאלטן אין איין אָנזאָגן ער זאָל אויפפאסן אויף זיך, און ווען ער איז שוין געווען אין דער באַן, אים נאָכגעשריגן, ער זאָל שרייבן יעדן טאָג. א שארפער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט איינ־געשלונגען איר קול. זי האָט נאָך געכאפט דעם לעצטן בליק פון זיינע פייכטע, פארליבטע אויגן און לאנג נאָכגעקוקט דער באַן, וואָס איז גע־וואָרן קירצער און שמעלער ביז ס׳איז פון איר געבליבן א ביסל רויך, וואָס דער ווינט האָט צעבלאָזן.

# די קרובה

ס'האָט זיך געשטעלט דער ווינטער. שרה איז געבליבן אליין מיט די קינדער. די לעצטע עטלעכע גילדן און גראָשנס זענען איר שנעל אויסגעגאנגען. נאָכן קורצן טאָג איז אין קעלער שנעל צוגעפאלן די נאכט. א'ן הימל האָבן זיך אָנגעהויבן באווייזן די ערשטע שטערן. שרה האָט זיך געגרייט אָנצינדן ס'לעמפל. די קינדער זענען ארומגעהאָנגען ארום איר און געמאָנט — מאַמע, עסן!

— הערט אויף רייסן שטיקער פון מיר. ווילאנג איז גאָר ווי איר האָט געגעסן? די מיט־עס האָבן זיי הייגט געקראָגן! — האָט זי זיך געבייזערט און ס'האַרץ האָט איר וויי געטאָן — פון וואָס זאָלן זיי נעבעך זיין זאַט? פון ביסל פּאָליוועקע? (וואַסערדיקע זופּ אָן געשמילץ).

נאָך עטלעכע מינוט שווייגן האָבן זיי זיך ווידער דערמאָנט און מעכאַניש געצויגן — מאַמע, עסן! מאמע ס'איז פינצטער. כ'האָב מורא! צינד אָן ס'לעמפּל.

— פארוואָס האָסטו מורא, נאַרעלע?

— בערן קלאַפּן אין פענצטער!

— וואָסערע בערן? דאָס קלאַפּט אזוי דער ווינט.

— דאָס לעמפּל! — שליסן זיך צונויף זייערע שטימען.

באלד, קינדערלעך, באלד וועט די מאמע אָנצינדן ס'לעמפּל, וועט ווערן ליכטיק, וועט ווערן פריילעך — טוליעט זי די קינדער אונטער די „פליגל“ פון איר פּאַטשיילע צו דערוואַרעמען זיי. — אפשר ווילט איר גאָר הערן א מעשה פון א קיסר, וואָס האָט געהאט צוויי שיינע טעכטער? — וויל זי זיי פאררעדן, כדי אָפּציען מיטן אָנצינדן ס'לעמפּל און איינשפּאָרן נאַפט — שאַ, איך קאָן אייך גאָר דערציילן א וואונדער־שיינע געשיכטע, וואָס האָט זיך פארלאָפן מיט צוויי וואָכן צוריק אונטער ווארשע...

א מעשה האָבן די קינדער ליב צו הערן. די מאַמעשי דערציילט אזוי שיין, אז עס פארכאפּט דעם אָטעם! זי מאָלט פאר זיי גאָלדענע

פּאַלאַצן מיט פּרינצן און פּרינצעסינס אָנגעטאָן אין זייד און סאַמעט, באַהאָנגען מיט פּערל און דימאַנטן, אַז די קינדער בלענדט אַזש אין די אויגן! און פון די גאָלדענע פּאַלאַצן פאַלט אַן אָפּשיין אויפן פינצ־טערן קעלער. נאָר אין סאַמע מיטן דערציילן באַפאַלט זיי ווידער דער הונגער און זיי שלאָגן איר איבער — מאַמע, עסן!

שרה ברעכט די הענט: וואָס טוט מען? זי האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. זאָל זי גיין בעטן א ברויט מיט א הערינג אין דער שפּייז־קראָם, האָט איר שוין דער קרעמער ס׳לעצטע מאָל אָפּגעזאָגט, ווייל זי איז אים שוין צופיל שולדיק אויפן ביכל. קוקט זי אויף די קינדער, ווי זיי ווערן פאַרצערט פון הונגער און ס׳באַפאַלט זי א שרעק, ס׳כאַפּט איר ארום א פּאַניק, זיי קאָנען נאָך אַזוי אויסגיין פאַר אירע אויגן. און דאָ איז זי איינע אליין. אינדרויסן זעט מען קיין מענטש נישט פאַר־ביי־גיין. אלץ איז פאַרשאָטן אין שניי. דער קאָפּ צינדט זיך איר, זי וויל אויפרייסן די טיר און שרייען מיט אלע כוחות אין דער וועלט אריין. „געוואַלד מענטשן, ראַטעוועט, מיינע קינדער שטאַרבן פון הונגער!“ נאָר זי דערשרעקט זיך פאַר זיך אליין, ווען זי זאָל פאַרלירן דעם פאַר־שטאַנד, אויף וועמען וועלן די קינדער בלייבן? נאָר ווו ווענדט מען זיך פאָרט? אירע פריינד זענען אָרעם, זיי הונגערן אויך. גראָבט זי אין איר געדאַנק, זוכט ווי אין אָפּגרונט פון ים א פּערל... און עס טויכט ארויס פון דאָרט אַן אוצר. זי דערמאַנט זיך אין איר רייכער קרובה, דער מאַדאַם גאָלדנהיימער! נאָר יענע האַלט זיך אָבער פון ווייטן, דערקענט זי נישט, אָדער וויל זי נישט דערקענען. זי איז אָבער פאָרט געענטער ווי א פרעמדע. צו וועמען דען קאָן זי זיך ווענדן אין איר ביטערער נויט? אין פאַרצווייפלונג, באַשליסט זי נאָך היינט גיין צו איר. א האָפענונג האָט אויפגעלויכטן און פריידיק א פלייץ געטאָן אין איר האַרץ. זי טראַכט: זי וועט דער קרובה דערציילן, אַז אר מאַן איז אוועקגעפאָרן און זי מיט די קינדער גייען אויס פון הונגער. בלויז איז דאָך נישט קיין וואַסער. זי וועט איר פאַלן צו די פיס... די קרובה, וויל זי גלייבן, וועט איר העלפן און זי וועט קאָנען קויפן שפּייז פאַר די קינדער — שטעלן זיך איר טרערן פון פרייד אין די אויגן.

— צינד אָן ס׳לעמפּל — האָבן די קינדער ווידער גענומען מאָנען.

— שוין, שוועלבעלעך מיינע, די מאַמע גייט שוין אָנצינדן ס׳לעמפּל, וועט ווערן פריילעך, וועט ווערן ליכטיק! דערנאָך וועט די מאַמע אוועק־גיין צו איר רייכער קרובה, דער מאַדאַם גאָלדנהיימער, און ברענגען

גוטע זאכן צו עסן פאַר די קינדערלעך. אפשר גאָר זעמעלעך מיט פוטער און זיסע באַוואַרקע!

די קינדער האָבן האָפנונגספול געשמייכלט.

שרה האָט אָנגעהויבן אָנצינדן ס'לעמפל: געשטעלט זיך ביי דער שיין פון פאַרשנייטן פענצטער און גענומען אַרבעטן אַרום דעם. דאָס ערשטע, האָט זי איינגעדרייט אַ שמאַטע און זי דורכגעצויגן הין און צוריק דורכן פאַרקאָפּטשעטן גלעזל, ווי אַ קוימענקערער רייניקט אַ קוימען. דערנאָך האָט זי אַרויסגעדרייט ס'קנייטל און אָפּגעשניטן ס'פאַרברענטע שפּיץ צינגל. איינגעטונקען ס'פרישע קנייטל אין לעצטן ביסל נאַפט, צוגעלייגט אַ שוועבעלע — און שאָטנס האָבן זיך צעטאַנצט אויף די ווענט. די קינדער האָבן זיך דערפרייט געפּאַטשט מיט די הענטעלעך... שרה האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, אַרויפגעשלעפּט אויף זיך וואָס זי האָט נאָר געהאַט. איינגעהילט זיך אין דעם שאַל און געכאַפּט אַ קוק אויף דער דרויסנדיקער זאַווערוכע, ס'איז זעלטן עמעצער פאַרבייגעלאָפן, איינגעבויגן קעגן פראָסטיקן ווינט, וואָס האָט מיט אַ וואָלפישן געוואָי געקלאַפּט אין די פענצטער. אַ ראָד פון אַ וואָגן האָט ערגעץ אַ קריץ געטאָן אויפן האַרטן שניי, ווי אַ גלעזער וואָלט מיט זיין דימענט געשניטן גלאָז. אַ הונט האָט זיך מיט אַ בילעריי געריסן פון קייט. שרה האָט זיך אַזוי איינגעהילט אין דער פאַטשיילע, אַז מען האָט בלויז אירע אויגן אַרויסגעזען. זי האָט אָנגעזאָגט דודן, דעם עלטסטן, ער זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער ביז זי וועט צוריקקומען. די קינדער האָבן געקוקט אויף איר מיט שרעק. מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין אַזאַ נאַכט בעת בערן קלאַפּן אין פענצטער און וועלף וואָיען, נאָר אַז די מאַמע האָט זיי צוגעזאָגט צו ברענגען גוטע זאַכן צו עסן, האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, איינגעטוליעט זיך אונטער דער פערינע און געשוויגן.

שרה האָט געשטעלט פאָרזיכטיקע טריט אין שניי, צעשפּרייטנדיק די הענט ווי זי וואָלט געגאַנגען אויף אַ דראָט. דער ווינט האָט זיך מעסערדיק דורכגעשניטן דורך איר פאַטשיילע, דורך אירע אונטערקליידער און זיך דערקליבן צו איר לייב. פאַרבייגייענדיק די שפּייז-קראָם האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אונטערגעטאַנצט מיט די צעריסענע שיך אין שניי און געטראַכט: זאָל זי אַריינגיין און פּרוּוון בעטן אַ ברויט מיט אַ הערינג. און אפשר אויך אַביסל קוילן מיט אַ קוואַרט מילך? נאָר אַז דער קרעמער האָט זי דערזען האָט ער שנעל אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעשטעלט אויף איר אַ קרומע, בייזע פּלייצע, וואָס האָט זי אויף שטום-לשון גע-

טריבן. עס האָבן דורכן פענצטער ארויסגעמאַניעט געשמאקע, ברוינ־גלאַנצנדיקע ברויטן, די פאס הערינג האָט געמאכט וואסערן אין מויל. זי האָט געשטעלט א טראָט, ניין, זי קאָן נישט ארייננייין, די פיס ברעכן זיך אונטער איר, איר בעטן וועט נישט העלפן. זי וועט זיך אומזיסט דערנידעריקן. דאָס לעצטע מאָל האָט ער זיך צעשריגן אויף איר, אז זי וויל אים ברענגען אויף בעטלברויט, אז ער איז אליין אן ארעמאַן, אז זי רייסט אים דעם ביסן פון מויל. און קונים זענען געשטאנען ארום. מיט א פארפלאמט פנים איז זי דעמלט אנטלאָפן פון דער קראָם.

דער ווינט האָט א ריס געטאָן א ברעג פון איר פאַטשיילע, זי האָט זיך א צאפּל געטאָן, אָנגעכאפּט דעם פליענדיקן ברעג און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו דער קרובה. עס טאנצט איר אקעגן דאָס געשטאלט פון דער מאַדאַם גאָלדנהיימער! זי האַלט פאררריסן דעם קאָפּ, דער גווידער טרייסלט זיך ביי איר פון שטאָלץ און פון כעס. די בריליאַנטענע אויריג־גלעך בליצן מיט גרינע, וועלפישע אויגן. שרהן פאלט איין דאָס הארץ פונעם בילד! און זי ווייסט נישט ווי אזוי זי זאָל רעדן צו איר, ווי אזוי זי זאָל אָנהייבן. די פיס ווערן איר שוואך פון שרעק, א קלייניקייט: די מאַדאַם גאָלדנהיימער! מענטשן זאָגן, אז זי איז שטיינרייך. ווי קומט זי צו איר?

עס כאפּט זי ארום א שטארקער ווילן אומצוקערן זיך צוריק אהיים. נאָר זי דערמאנט זיך, אז די פארהונגערטע קינדער ווארטן אויף איר און זי האָט זיי צוגעזאָגט ברענגען עסן — שניידט זי זיך האסטיקער אין פראָסטיקן ווינט אריין, פאטשט מיט די צעריסענע שיך אין אויפגע־הורבעטן שניי, וואָס דער ווינט צעשפריצט ווי זילבערנע פאָנטאַנען, אז אירע אויגן ווערן פארבלענדט און זי זעט נישט קלאָר ווו זי שטעלט די וואקלדיקע טריט. אָט איז ענדלעך דאָס הויז. פון די גרויסע פענצ־טער פלייצט ארויס א פריילעכע, יום־טובדיקע ליכטיקייט. ס'טראָגן זיך געלעכטערס און טענער פון אַ פּיאַנאָ. שרה דערפילט זיך קליין, שוואך און דערשלאָגן קעגן דעם גרויסן, רייכן הויז. וועט די קרובה זי וועלן דערקע־נען? און ווי אזוי זאָל זי רעדן צו איר? אויף יידיש? ניין. זי קאָן זיך נאָך באליידיקן. פויליש? אפשר איז גאָר שענער צו רעדן צו איר אויף דייטש? שרהן האַכט זיך, אז זי קען אביסל דייטש...

אין הויף איז איר אנטקעגנגעקומען דער סטרוזש. ער האָט זיך בעריש געוויגט אין פעלצל מיטן קאָלטאָנאוואַטען פוטער איינדרויסן. געקוקט אויף איר פארדעכטיקט מיט בייזע, שיכורע אויגן. געזען א באַבע אָן

א פּנים מיט א שטיקל פארפרוירענע נאָז. און זי שטייט נישט פעסט אויף די פיס, האָט ער ארויסגעוואָרטשעט — וועמען זוכסטו? וואָס שלייעסטו זיך דאָ ארום?

זי האָט קוים געקאָנט כאפּן דעם אָטעם. א פּארע האָט געזעצט פון איר מויל — זאָל דער פאַן זיין אַזוי גוט און מיר זאָגן ווו די גאָלדנ־היימערס ווינען.

דער סטרוזש האָט גענומען א וואָנצע אין דער האנט און געקוקט אויף איר פאָרשנדיק — וואָס פאר א געשעפטן האָט אזעלכע ווי דו מיט דער פאַני גאָלדנהיימער?

— זי איז מיינע א לייבלעכע קרובה.

ער האָט ארויפגערוקט ס'היטל און שווער געטראכט, ביז געוואָר־טשעט אין די וואָנצעס אריין און אויף טשיקאוואָסט איר אָנגעוויזן די ווינונג, נאָר ער איז איר נאָכגעגאנגען און געהיט...

זי האָט געעפנט די טיר, ס'האָט איר א בלענדט געטאָן אין די אויגן ס'ליכט פון א סך לאָמפּן און זשיראַנדאָלן. א ווארעמקייט האָט זי ליב־לעך ארומגענומען.

הערן און דאַמען, מערסטע מיט פעטע, שווערע בייכער, האָבן זיך עלעגאנט און שווערלעך געבויגן איינע קעגן די אנדערע. פּלוצעם האָט עמעצער אויסגעשריגן:

— א חוצפּה פון א שנאָרער! דווקא צו קריכן דורכן פּאַראַדנעם אריינגאנג! זאָל זי גיין הינטן ארום, דורך דער קיך!

שרה איז אנטלאָפן ווי פון א פייער, אויסגעזוכט די קיך־טיר און זי געעפנט. א היץ האָט איר א זעץ געטאָן אין פּנים. פארשוויצטע, רויטע קעכינס זענען געשטאַנען איבער גרויסע פּאַרענדיקע טעפּ. אויף לאַנגע טישן זענען געווען אויסגעלייגט: לעקעכער, טאָרטן, מאנדלברויטן, שטרודלען און קעזקוכנס. עס זענען געווען אָנגעשטעלט פלעשער מיט פאר־שידענע געטראנקען. צוויי קעכינס מיט פארפּלאמטע פּנימער האָבן זיך געקריגט, געפאָכעט מיט קאָכלעפל איינע קעגן דער אנדערער, געבליצט מיט צעצונדענע אויגן, געשריגן מיט באַנומענע קולות! ביז ס'האָט זיך געעפנט די טיר און אָפּגעהאקט זייערע געוואלדן. ס'איז געוואָרן טויט־שטיל. מאַדאַם גאָלדנהיימער איז געשטאַנען אויף דער שוועל. אַלע האָבן זיך איינגעקורטשעט, ווי א שטורעמווינט וואָלט זיי איינגעבויגן. אויסגעצויגן אין איר גאנצער הייך, מיט די פינקלדיקע בריליאַנטענע אוירינגלעך און פּערל אויפן גוידערדיקן האלדז, האָט זי אלעמען בא־

טראכט א ווײַלע מיט א בליק פון אויבן אראָפּ און געשוויגן. מען האָט געקאָנט הערן ווי די טעפּ זידן, ווי די גריוון ווײַנען אין שמאלץ. די מאַדאַם גאָלדנהײַמער האָט לאַנגזאַם צוגעטראָגן די ברילן צו די אויגן, וואָס זי האָט איידל, אַריסטאָקראַטיש באַזעצט אויף דער נאָז און ארויסגערעדט אויף יידיש־דײַטש — קיינע געוואלטן היר ניכט מער! און זאָל מאַן דערלאַנגען נאָך געבראַטנס. אונד ווער איסט די דאָרט, ביי דער טיר? ווארום לאָזט מען הערייַן שלעפּער. וואָס איסט דאַס איינע קרעטשמע?!

אַ קעכין האָט מיטן פאַרטוך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און הכנעהדיק געזאָגט — מאַדאַם לעבן, ס׳האָט זי קייטער נישט אַרייַנגעלאָזט, זי האָט זיך אַרייַנגעריסן.

דער שניי אויף שרהם שיך האָט אָנגעהויבן צעגיין אין דער וואַרעמקייט און ס׳איז געוואָרן א וואסער ארום איר. זי האָט נישט געוווסט ווו די אויגן אהינצוטאָן, ווען ס׳עפנט זיך פאר איר א גרוב שפּרינגט זי ארײַן. די מאַדאַם האָט א שארפן קוק געטאָן אויף איר און איז רויט געוואָרן... ס׳איז די שלעפּעריקע, זי איז געקומען איר פארשווארצן ס׳פּנים, נישט געקאָנט אויסקלייבן קיין אנדערע צייט. געקראָכן דורכן פּאַראַדנעם ארייַנגאנג, ווען ביי איר איז א באַל און ס׳איז פארזאמלט א הויכע געזעלשאַפט. און איצט, אין די אויגן פון דער דיגערשאַפט, ווי קאָן זי זיך געבן צו דערקענען צו איר ווי א קרובה? וואָס פאר א רעספּעקט וועלן זיי האָבן? אז „די אָ" וועט דארפן וועט זי קומען א צווייט מאָל, ווען קייגער וועט נישט זיין אין הויז. דער מאַדאַמס טרייסלען מיטן גוידער האָט אָנגעוואָרפן א שרעק אויף שרהן. אין איר פארצווייפלונג אָבער, האָט זי געשטעלט א נישט דרייסטן טריט צו דער קרובה, נאָר יענערס צארנדיקע אויגן האָבן זי ווי פייערדיקע בייטשן אָפּגעטריבן.

ארויס אויף דער גאַס, האָט זי פריי אָפּגעצויגן דעם אָטעם, און שנעל געלאָפן אהיים. געוואָלט אָנקומען איידער מען פארמאכט די שפּייז־קראָם. אפשר וועט איר דער קרעמער פאָרט באָרגן א ברויט מיט א הערינג.

דער ווינט האָט ווילד געדרייט מיטן הויך אָנגעפאלענעם שניי ווי מתים אין ווייסע קיטלען וואָלטן געטאנצט ארום איר... אירע אויגן זענען פארבלענדט געוואָרן, ס׳הארץ האָט איר געקלאפּט. היימלאָזע הינט האָבן צארנדיק געבילן און איר נאָכגעלאָפן. ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן אז זיי רייסן מיט די ציין איר קלייד, בייסן אירע פיס. זי האָט זיך

אויסגעגליטשט און געפאַלן אין שניי. אויפגעהויבן זיך און ווידער גע־לאָפן. אז זי איז שוין געווען נאָענט פון הויז האָט איר א קלאַפּ געטאָן דאָס האַרץ — די שפּייז־קראָם איז שוין געווען פאַרמאַכט! זי איז גע־בליבן שטיין א סאַפּענדיקע. קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן און זיך צע־וויינט. קיינער איז נישט געווען אַרום, האָט זי געלאָזט פריי אירע טרערן. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי מיט די פינגער, וואָס זי האָט קוים געפילט, זיך אויסגעווישט די אויגן און זיי אויסגעוואַשן מיט אביסל שניי, די קינדער זאָלן נישט זען, אז זי האָט געוויינט. אָפּהעשענדיק האָט זי געטראַכט: באַדאַרפט דער קרובה געבן אַזאַ שפּיי אין פּנים אַריין, אז זי זאָל בלינד ווערן!
[illegible]
געשלאָפן איינגעטוליעט איינס אין אַנדערן. איטעלע האָט געהוסט. עס איז זי באַפאַלן א שרעק, עס זאָל נאָר נישט זיין קיין קרופּאָווע הוסט, ווי ביי גיטעלען, איר צו לאַנגע יאָר, וואָס איז מיט עטלעכע חדשים צוריק געשטאָרבן. פון דעמלט אָן טוט איר יעדער קינדערישער הוסט א ריס אין האַרץ. דוד האָט זיך אויפגעכאַפּט. דערזען דער מאַמען האָט ער זיך דערפרייט און געמאָנט עסן:

— מאָרגן, קינד מיינס, מאָרגן — האָט זי אים פאַרזיכערט — היינט איז שוין שפּעט. שלאָף וועט דיך נישט הונגערן. מאָרגן וועט קו־מען א בריוו פון טאַטעשי מיט געלט. וועט די מאַמעשי איינקויפן גוטע זאַכן צו עסן. דער טאַטעשי וועט פון לאָנדאָן פאָרן קיין אַמעריקע און אונדז אַלעמען דאָרט אַהינגעמען. מירן פאָרן אויף א גרויסער שיף און די קינדער וועלן זיין זאַט און פריילעך.

# שרה גייט אַרבעטן

נאָך לאַנגע מיענישן און לויפעניש האָט שרה באַקומען אַרבעט אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק פון יידישן פאַבריקאַנט פּאָליאַקעוויטש. פּאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער איז זי אַרויס פון קעלער און דוד, וואָס איז נאָך געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט באַדאַרפט אַכטונג געבן אויף די קלענערע קינדער. אַהיימגעקומען איז זי שפּעט בייַנאַכט פאַרגעלט פון טיטונשטויב און זיך געשטעלט אין אײַלעניש, אויף שנעל עפּעס אָפּ־קאָכן. די קינדער האָבן זיך מיט ציטערדיקע הענט און הונגעריק־פיבער־דיקע אויגן צוגעכאַפּט צום ביסל וואַרעמען געקעכץ, געשלונגען זשעדנע ס'ביסל קאַרטאָפל־זופּ. די רעפּטלעך ברויט זענען געווען געשמאַקער ווי דער בעסטער לעקעך. מען האָט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט, אַז די ציין האָבן זיך צעטאַנצט, די אויגן האָבן געפינקלט. דאָס פייער אין אײַוועלע האָט פריילעך געקנאַקט. אין קעלער איז געוואָרן וואַרעם. **נאָכן עסן האָבן** די קינדער געבעטן דער מאַמען זי זאָל זיי דערציילן אַ מעשה. אין דרויסן האָט די זאַווערוכע געקערט וועלטן. דאָס פענצטער האָט געציטערט, נאָר זיי האָבן איצט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט, זייענדיק באַשיצט פון דער מאַמען. ווען זי האָט געענדיקט דערציילן די מעשה, זענען זיי צוגעשטאַנען זי זאָל זינגען אַ ליד און די מאַמעשי האָט געזונגען:

„פּאַראַן אויף דער וועלט אַ שטיקעלע פּאַפּיר,
ס'מאַכט פון קליין גרויס, אָרעם — פאַר גביר.
ס'מאַכט פון גרויס קליין, נאַראָנים פאַר קלוגע,
פון קליין גרויס, חכמים פאַר משוגע...“

דער ווינט אין דרויסן האָט טרויעריק און צאַרנדיק צוגעברומט.

אין די קורצע, גרויע ווינטער־טעג איז דאָס קעלער־פענצטער געווען פאַרשאָטן מיט שניי, וואָס האָט געוואָרפן אַ טויטלעך־בלאַסן שיין אויף די טונקעלע, פייכטע ווענט. די פיריאָריקע איטעלע מיט די קלוגע, שוואַר־צע אויגן פון אַן אַלט געמיט האָט זיך אָפט אַרומגעדרייט אַ נאַסע מיט

א רויט, טריפנדיק נעזל. די עלטערע שוועסטער פראַדל איז געווען איר „פּיאַסטונקע“, איר „מאמע“, געמוסרט זי, ווען זי איז געווען שלעכט און זי געצערטלט, ווען זי איז געווען גוט. אין יענע טעג האָט זיך דורן טייל־מאָל אויסגעוויזן, אז דער געדיכטער שניי, וואָס הערט נישט אויף צו פאלן און האָט שוין באַגראָבן אונטער זיך די גאַנצע שטאָט, וועט באלד אזוי פארשיטן ס'הויז מיטן קעלער, אז מען וועט עס נישט ארויסזען און ער מיט די קינדער וועלן דאָ לעבעדיקערהייט איינגעפרוירן ווערן. ס'איז אים טיילמאָל באפאלן אזא שרעק, אז ער האָט געוואָלט כאַפּן די קינדער און אנטלויפן פון דאָרט. און כאָטש ער איז שוין געווען א „גרויסער“, האָט זיך אים, דערהויפּט אין די פארנאכטן, אויסגעוויזן, אז אויף די בערג שניי קריכן ארום ווייסע בערן מיט בליציקע אויגן און הינט בילן שטשירענדיק די שאַרפע ציין אין די סלינעדיקע מיילער. זיין ברודער אברהמעלע און די צוויי שוועסטערלעך האָבן זיך געשפּילט ווי קיין זאך וואָלט נישט גע־שען. די גאַנצע זאָרג און שרעק איז געפאלן אויף אים.

איטעלע האָט זיך געמאכט פון שמאַטקעס א ליאַלקע און גערעדט צו איר, ווי א מאמע: שאַ, קינדעלע, וויין נישט. מאמע וואשן ווינדעלע, צוואָגן קעפּעלע, געבן שוועלבעלע עסן „פּאַפּו“ א־א־לולישי. אַז די ליאַלקע איז איינגעשלאָפן און ס'איז איר געוואָרן אומעטיק, האָט זי זיך אליין פאר־פּאַסט א לידעלע מיט אן אייגענער מעלאָדיע און געזונגען, געברומט אָן ווערטער... זי איז אויך געווען א שטיפערקע, אז זי איז געוואָרן פריילעך, האָט זי געכאַפּט די שוועסטער מיטן ברודער ביי די הענט און מיט לויכטנ־דיקע אויגן אָנגעהויבן מיט זיי שנעל טאנצן, ביז דער קעלער האָט מיט־געטאנצט, דאָס פארשנייטע פענצטער האָט זיך מיטגעדרייט און דער ווינט האָט צוגעפייפט.

— נישט אזוי שנעל — האָט פראדל געשריגן — דער קאָפּ וועט זיך דיר פארדרייען!

ביינאכט, אז די מאמע איז געקומען פון דער ארבעט, האָט איר אי־טעלע צוגעטראָגן אַ שטול און געזאָגט — זיץ, מאַמעשי. געפּרווט איר אויסדערציילן אלץ, וואָס האָט געטראָפן דורכן טאָג. און אז זי וויל נישט די מאַמע זאָל אוועקזיין און זי איבערלאָזן אליין. שרה האָט איר צו־געזאָגט: אז דער טאטעשי וועט זיי אריבערנעמען קיין אמעריקע, וועט זי שטענדיק זיין מיט זיי אין הויז און זיי קאָכן גאָלדענע יויכלעך, דערציילן שיינע מעשיות און זינגען שיינע לידער.

אז די זון האָט אין יענע טעג אויפגעשיינט און צעוואָרפן בריליאַנטן אין שניי, איז אינדרויסן געוואָרן לעבעדיק: יינגלעך האָבן זיך מיט פריי־דיקע אויסגעשרייען געגליטשט, קוילן שניי, וואָס זיי האָבן געוואָרפן איינע אויף די אנדערע, זענען געפלויגן ווי זילבערנע פּילקעס, געמאַכט שניי־מענטשן מיט קאָמישע פּנימער. דוד האָט זשעדנע ארויסגעקוקט דורכן פענצטער, ער וואָלט זיך אויך געוואָלט שפּילן מיט די יינגלעך, גליטשן זיך, לויפן, שפּרינגען, פליען, האָט אים אָבער די מאמע אָנגעזאָגט ער זאָל נישט לאָזן די קינדער אליין. אחוץ דעם האָבן נישט זיינע אלטע שיך קיין זוילן. איז ער בלויז אין געדאנק מיטגעשפּרונגען, מיטגעגליטשט מיט די יינגלעך אין דרויסן. האָט האָט אים שוין אויך געמאַכט פריילעך.

אין די ערשטע בריוו, וואָס יצחק האָט געשריבן פון לאָנדאָן, איז ער געווען באַגייסטערט פון ענגלאַנד. „אַז דאָס איז אַ ציוויליזירט פאָלק, און אַז ער כאַפּט שוין אויף ענגלישע ווערטער, וואָל קלינגען קאָמיש... ער לערנט זיך אַ ניי פאַך און פאַרדינט דערוויייל ווייניק. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שיקן אביסל געלט. שרה האָט געמוזט פאַר די קינדער פאַר־לייענען די בריוו. נאָר ס'האָט נישט גענומען לאַנג און יצחקס באַגייס־טערונג פאַר לאָנדאָן האָט זיך אָנגעהויבן לעשן. „די ענגלענדער זענען טאַקע אַ ציוויליזירט פאָלק, מיט אַ גוטן קעניג און אַ פּאַרלאַמענט, נאָר דעם אָרעמאַן איז אומעטום שלעכט. און אַז אַ ייד מיט אַ באָרד גייט אין גאַס, לויפן אים נאָך לאַבוזלעך און שרייען „בארבער, בארבער“! ס'מיינט, ער זאָל גיין צום שערער, און פּטור ווערן פון דער באָרד. די זון שיינט דאָ זעלטן. די פּינצטערע, פייכטע געפלעך קריכן אין די ביי־נער אריין און ער בענקט נאָך איר און נאָך די קינדער. דאָ הייבט זי אָן לייענען שטילער פאַר זיך... די קינדער בלייבן מיט אָפענע מיילער און פאַרטעסטירן! ביז זי פאַרענדיקט הויך, איך קוש דיך און די קינדער“.

# „די וואלוווקע"

אין א פראָסטיקן פרייטיק פארנאכט, ווען שרה הערט אויף פריער צו ארבעטן אין פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, כדי צוצוגרייטן דעם שבת, האָט זי איבערגעלאָזט די קינדער אליין אין שטוב און געלאָפן מיט דודן אים קויפן א פּאַלטן אויף דער „וואָלוועלער גאַס", וואָס די וואַרשעווער אָרעמשאַפט האָט אויך גערופן, „וואָלוווקע". זי האָט סאַ־פּענדיק געשטעלט שנעלע, האַסטיקע טריט, נאָכפּאָלגנדיק דודן, וואָס איז אונטערגעלאָפן, אונטערגעשפּרונגען. דער פראָסט האָט איר פארכאַפּט דעם אָטעם און זי האָט גערעדט מיט פּאַרע פון מויל:

— היינט, דודל, וועט דיר שוין זיין ווארעם. וועסט שוין מער נישט פרירן. און שבת, ווען איך בין אין דער היים, וועסטו זיך שוין קאָנען שפּילן מיט די ייִנגלעך אין דרויסן. מען זאָל נאָר נישט האָבן שוין פאַר־מאכט די געשעפטן. היינט פאַלט צו פרי די נאכט און ס'איז פרייטיק.

— מאמעשי, ס'איז דאָך נאָך אזוי ליכטיק! — האָט ער אונטערגע־טאַצט פאָרויס — די געשעפטן וועלן נאָך זיין לאַנג אָפן.

די ווארשעווער אָרעמעלייט האָט אויף דער וואַלאָווער גאַס איינגע־קויפט אַלטע זאכן און אויך נייע פון ביליקסטן סאָרט. ביי אָפענע, טונ־קעלע קראָמען האָבן משרתים מיט געשרייען און געוואַלדן אַריינגעשלעפּט קונים. שרה איז געווען באַזאָרגט, מורא געהאַט, אז דאָס ביסל געלט וואָס זי האָט, וועט נישט קלעקן אויף א פּאַלטן, אפילו אויף אן אלטן. פּלוצעם האָבן א פּאָר גראָבע, רויטע הענט אָנגעכאַפּט א פליענדיקן ברעג פון איר באַטשיילע און זי אריינגעשלעפּט אין אַ קראָם. אינעווייניק, האָט דער סוחר, א ייִד מיט א רויטער באָרד און רויטע ברעמען געמאָסטן אַן ענגן ראָק אויף א קונה. אָדער ער האָט גערעדט זיס, דער ייִד, אָדער ער האָט געהוי־קעט, געקלאַפּט אויף דער פּלייצע אין איין אָרט ווו ס'איז געווען עפּעס אזוי ווי פארצירעוועט, כאָטש אין דער קראָם איז געווען טונקל, אז מען האָט דאָס קוים געקאָנט באַמערקן. ער האָט פארזיכערט דעם קונה, אז ער

זעט אוים ווי א גראף אין דעם פראק. יענער האָט זיך לאַנג געדונגען. אז ער איז ארוים האָט אים דער משרת צוריק אריינגעשלעפּט. דער סוחר האָט געשריגן מיט פינע אויפן מויל, אז ער דערלייגט און געקלאַפּט אויפן אָרט ווו ס'איז געווען פארצירעוועט. שרה איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. זי האָט איבערגעלאָזט די קינדער אליין און ווער ווייסט וואָס זיי קאָנען דאָרט אָפּטאָן. די הויט האָט געברענט אויף איר. ענדלעך האָט דער סוחר ארויסגעצויגן א געניצטן פאלטן אויף דודן. אין שרהס אויגן איז דוד אין אים געוואָרן נאָך שענער און מענלעכער, אז דאָס הארץ האָט אין איר אָנגעקוואָלן, נאָר זי איז געווען באַזאָרגט, ווער ווייסט צי די עטלעכע גילדנס, דרייערס און גראָשנס, וואָס זי האָט, וועלן קלעקן פאר א פּאַלטן. זי האָט געוווסט, ווי אלע אָרעמע מענטשן אין ווארשע האָבן עס געוווסט, אז אויף דער „וואָלוועלער" גאַס דארף מען זיך לאַנג דינגען, נישט שעמען זיך, נישט ווערן געפּלעפּט און זיין הארט. איז זי טאַקע עטלעכע מאָל ארוים, און דער משרת האָט זי צוריק אריינגעשלעפּט, נישט קוקנדיק אפילו אויף איר, ווייל מיט דער צווייטער האנט האָט ער געשלעפּט עמעצן אנדערש. דער סוחר האָט פארלאַנגט פארן פּאַלטן פיר רובל. קיין גראָשן נישט ווייניקער. ער דערלייגט טייווי. גאָר אזוי ווי עס ווערט פיגצטער, מ'דארף מאַכן שבת, גיט ער אים אוועק אָן פּראָפיט. די מאמע האָט ווידער געוואָלט ארויסגיין. דער משרת האָט איר פארשטעלט דעם וועג.

— אַלזאָ, יידענע, לאָמיר הערן פון אייך, וויפל גיט איר? עפּעס האָט דאָך אזא פּאלטן מיט א וואַטאָווער „פּאָטשיפּקע" די ווערט, צי ניין?

די מאמע האָט זיך געשטארקט און שרעקנדיק זיך פאר איר אייגן קול ארויסגעזאָגט — א האַלבן רובל.

יידענע, מאַכט נישט קיין חוזק פון מיר. פארצאַפּט מיר נישט ס'בלוט. האָט א יידיש הארץ אין זיך. איר זענט דאָך א יידישע טאָכטער! לאָמיר הערן מיט אן אמת וויפל איר גיט.

די מאמע האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און געזאָגט שוין אביסל שוואכלעך, — א האלבן רובל.

דער סוחר איז געוואָרן אַזוי אין כעס, אַז די באָרד האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים טרייסלען. ער האָט האַסטיק אראָפּגעריסן פון דודן דעם פּאלטן, פארדרייענדיק אים די הענט צו דער פּלייצע. דוד איז געבליבן שטיין אין אָפּגעריבענעם רעקל, געציטערט פון קעלט און געקוקט מיט בעטנדיקע אויגן אויף דער מאמען זי זאָל זיך אזויפיל נישט דינגען, נישט אוים-

עסן דעם יידן דאָס האַרץ. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי וויל גאָר דעם סוחר באַרייסן, און ער וויל גאָר איין זאַך: ווידער פילן די וואַרעמקייט פון פּאַלטן.

אַלזאָ, יידענע, אפשר וואָלט איר מיר אויפגעהערט אויסעסן ס'האַרץ. האָץ אַביסל איינזעעניש. ס'ווערט דאָך שפּעט און איר ווילט דאָך נישט, אַז צוליב אייך זאָל איך מחלל שבת זיין. טאָ טרייבט נישט קיין קאַטאָוועס און לאָמיך הערן, צי איר מיינט טאַקע באמת צו קויפן דעם פּאַלטן אָדער איר מאַכט חוזק!

— אַ האַלבן רובל — האָט די מאַמע ווי געשעפּטשעט צו זיך און זיך ווידער געלאָזט צו דער טיר. דער משרת האָט איר מיט אַ פוס פאַר־שטעלט דעם וועג און דער סוחר האָט ווידער געפּייערט, געהיקעט, ביז ער האָט זיך אָנגעהויבן קילן, אַראָפּפאַלן פון טאָן און פון פּרייז. ס'האָט שוין געהאַלטן ביי צוויי רובל, אַ רובל מיט אַ האַלב. אַז די מאַמע האָט זיך ווידער געלאָזט צו דער טיר, האָט ער מיט שוים אויפן מויל אויסגע־שריגן — איין רובל! נאַט אייך, נעמט דאָס מלבוש. ס'איז אַ „גראַביאָזש“!

דאָ האָט די מאַמע אויפגעשטאָכן דעם בלאָטער — כ'וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, איך האָב נישט מער ווי אַ האַלבן רובל. אַז איר ווילט איז גוט, אַז נישט איז נישט.

— נו, מילא — איז דער סוחר מיט איינמאָל ווייך געוואָרן — וואָס קאָן מען טאָן מיט אַן אָרעמען מענטש. מען איז דאָך יידן. מען האָט אַ יידיש האַרץ. נאַט אייך דעם פּאַלטן. זאָל אייער יינגל מער נישט פרירן. ס'איז אַ מלבוש, אַבי געזונט, און וואַרעם ווי אין אַ פּערינע.

שרה האָט מיט פאַרגעלטע פינגער פון שטאָפּן מיטון אין די פּאַפּי־ראָסן, אויסגעציילט עטלעכע זילבערנע גילדנס, צווייערס, גלאַטע, פּנימלאָ־זע דרייערס און עטלעכע שוואַרצע גראָשנס. זעענדיק ווי שיין דוד זעט אוים אין פּאַלטן, האָט אין איר ס'האַרץ געטאַנצט פון פרייד.

אַרויסגייענדיק האָט דער משרת אַ קלאַפּ געטאָן דודן אויף דער פּליי־צע — איצט זעסטו אוים ווי אַ גראַף פּאָטאָצקים זון.

דוד איז געגאַנגען אונטערטאַנצנדיק אויפן סקריפּענדיקן שניי און זיך געפרייט, וואָס איצט וועט ער זיך קאָנען שפּילן מיט די יינגלעך אינדרויסן, ווען די מאַמע איז שבת אינדערהיים. זיין כמעט מיידלש פּנים איז געווען פאַררויטלט פון פרייד און פון פראָסטיקן ווינט.

— נו, דודל, ס'איז דיר וואַרעם?

— וואַרעם, מאַמעשי. און זע נאָר די קעשענעס. איך קאָן אין זיי באהאלטן די הענט פון ווינט. און די שיינע קנעפּ זע!

שרה האָט אים א טוליע געטאָן צו זיך און געטראכט: דאָס ייִנגל וואקסט אָבער ווילד, גייט נישט אין חדר. ער וואָלט כאָטש באַדאָרפן קע־נען דאַווענען. צי יצחק גלייבט יאָ אין גאָט צי נישט — איינס קער זיך נישט אָן מיטן אנדערן. און זי איז נאָך אפילו נישט זיכער צי יצחק א״ז גערעכט...

אהיימגעקומען, האָבן זיך די קינדער דערפרייט מיט דער מאמען און מיטן ברודער. נאָר זיי זענען געווען הונגעריק און דערפרוירן און איבער־געשראָקן פון זיין אליין אין קעלער. זיי האָבן באוואונדערט דעם ברודערס פאלטן און געשפּילט זיך מיט די קנעפּ. שרה האָט זיך אויף שנעל גע־שטעלט עפּעס אָפּקאָכן כאָטש ס׳איז שוין געווען צייט ליכט צו בענטשן.

# איטעלע

די פייכטקייט פון קעלער האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אייַנעסן אין די קינדערשע לייבער. די ערשטע איז געטראָפן געוואָרן איטעלע, זי האָט פארלוירן די שטענדיקע פרייַלעכקייט. צו אָפט גענוסן אויף איין אָרט. נאָך געפּרוווט א זינג טאָן, איינגעוויגן מיט א לידעלע די ליאַלקע, נאָר דאָס קול איז ארויסגעקומען פארשטיקט, הייזעריק, באגלייט מיט א הוסט. ווען שרה איז שפּעט בייַנאכט אהיימגעקומען פון דער ארבעט איז זי פאר־ציטערט געוואָרן! איטעלע האָט געברענט — געוואלד! דאָס קינד איז מיר פארביי! — האָט זי זיך געכאַפּט ביים קאָפּ — מייַן אוצר, מייַן טויב, מייַן פרייַלעך זינגפייגעלע, זאָג דער מאמען וואָס איר דיר, איטעלע, קרוין מייַנע.

איטעלע האָט איר געוויזן מיטן פינגערל אויפן האלדז און פארשטיקט ארויסגעכריפּעט:

— דאָ טוט וויי!

שרה האָט מיט א זאָק, אין וועלכן זי האָט אריינגעשיט הייס זאַלץ, איר ארומגעוויקלט דעם האלד. געגעבן איר טרינקען מילך מיט פּוטער. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. איר קול איז געוואָרן וואָס אמאָל מער פאר־שטיקט, זי האָט זיך געראנגלט דעם אָטעם צו כאפּן. שרה איז געלאָפן נאָך שפּאקן דעם פעלדשער, וואָס האָט געהאט א שם ביי די ווארשעווער אָרעמע לייט, אז ער ווייסט מער פון א דאָקטער, און נעמט נאָר איין גילדן פאר א וויזיט. ווען ער האָט א קוק געטאָן אויפן קינד, האָט ער באלד באַ־פוילן: שוין נעמען אין שפּיטאָל אריין!

שרה האָט זי מיט ציטערדיקע הענט אָנגעטאָן אין אירע אלטע קלייד־לעך, „אייַנגעבאַבלט" זי אזוי, אז מען האָט איר קוים ס'נעזל ארויסגעזען און געגאנגען מיט איר צופוס, האלב־געלאָפן אין א שניי־זאווערוכע צום יידישן שפּיטאָל אויף דער טשיסטע גאס, אין עק שטאָט. אין א וואָך ארום. שפּעט בייַנאכט האָט עמעצער געקלאַפּט אין דער טיר. די מאמע איז אראָפּגעשפּרונגען פון בעט ווי אן אונטערגעשאָסענע... פאר איר איז גע־

שטאַנגען אַן אַלטער ייִד אין אַ ווייסן קיטל פֿון שנײַ מיט אַ פֿינצטערער בשורה אין די אויגן.

— וואָס, וואָס איז געשען?! — איז איר קול פֿאַרקילט געוואָרן פֿון שרעק.

— שטאַרקט אײַך ייִדענע. ס'איז גאָטס ווילן. מען האָט מיך געשיקט אײַך אָנזאָגן — און ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— שוין! — האָט זי זיך צעיאָמערט — מען האָט אומגעבראַכט מײַן יונג ביימעלע. נישטאָ שוין מײַן טײַער טעכטערל, מײַן ליב, מײַן זיס מיידעלע, וואָס האָט נאָך גאָרנישט געלעבט אויף דער וועלט. וואָס האָט גאָט געהאַט צו מײַן אָרעם שעפּעלע?!... — האָט די מאַמע געקלאָגט מיט אַ ניגון, זיך געהאַקט מיט די פֿויסטן אין קאָפּ אַרײַן. די קינדער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט מיט שרעק און געהאָלפֿן דער מאַמען באַוויינען זייער שוועסטערל.

# די קאַנטאָניסטן

צוליב דער קאַנטאָניסטן (קרוינונג) פון רוסישן צאַר ניקאָלאַי, האָט זיך די צייט אין ווארשע פארבעסערט. מען האָט געגרייט פאר אים און פאר דער צאריצע א גרויסן פּאַראַד: די געשעפטן האָבן אויפגעלעבט, בעל מלאכות זענען געוואָרן פארוואָרפן מיט ארבעט. צו יענער צייט האָט יצחק אָנגעהויבן שרייבן שלעכטע בריוו פון לאָנדאָן: ער האָט פיינט די פינצ־טערנע נעפּלען. דעם ארעמאַן איז שלעכט אומעטום. פוילן וואָלט געווען א גאַנץ גוט לאַנד, ווען מען ווארפט אראָפּ דעם הויקער פון די פּלייצעס... ער הערט פון ווייטנס ווי עס קומען דאָרט אָן נייע צייטן מיט נייע לידער — אלץ געשריבן מיט פינטעלעך. ער האָט מאַקע געמוזט שטארק בענקען געהיים, ווייל אזוי שנעל ווי שרה האָט אים געשריבן, אז די צייט האָט זיך פארבעסערט, האָט ער איבערגעלאָזט לאָנדאָן מיט דער ציוויליזאַציע, מיט די נעפּלען און געקומען צוריק קיין ווארשע. כאָטש ס'איז אים דאָרט נישט געגאנגען אזוי גוט, האָט ער דאָך אויסגעקוקט באַנייט, אָפּגעפרישט. אביסל אנדערש און פרעמדלעך. ער איז איצט א גרויסער גאַסט געווען ביי שרהן און די קינדער, וואָס האָבן אביסל שעמעוודיק און מיט פרייד געקוקט אויף אים. ער האָט מאַקע באַלד באַקומען ארבעט און זיי האָבן זיך ארויסגעקליבן פון קעלער אין א קלענער, נאָר ליכטיקער דירה. יצחק האָט מיטגעבראַכט פון לאָנדאָן אביסל ענגלישע ווערטער, וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט מיטן אויער און פארגרייזט,זיי האָבן געקלונגען קאָמיש און אַמוזאַנט...

די נייע דירה איז באַשטאַנען פון א צימער מיט א קיך אויף דזשעלנע 79. אין א פּיר־עקיק, קאַסטנדיקן הויף ווי אלע הייף אין ווארשע: אין דער רעכטער זייט איז געווען דער אָפּטריט, וו מען האָט געמוזט שטיין אויף די פיס ארויסשטאַרצנדיק די קני. פאר מענער און פרויען צוזאַמען. קיין טירן צו פארמאַכן זיך זענען נישט געווען. לעבן אָפּטריט איז געווען א גרויסער, אָפענער מיסטקאַסטן, וו אלע איינוווינער האָבן אריינגעוואָרפן

דאָס אָפּפאַל. קעגנאיבער, נישט ווייט פון מיסטקאסטן, איז געווען א „קראָוויאַרניע" (קו־שטאַל). זומער האָבן דאָרט געדיכט גערויעט פליגן, וואָס די קי האָבן געטריבן מיט די פארגעלטע, קויטיקע עקן. אז מען איז פארבייגעגאנגען די דריי סאַניטארע אינסטיטוציעס אין א הייסן זומער־טאָג, האָט געטאָן א ברען אין די אויגן, און ס'האָט פארכאפט דעם אָטעם. ווי אין אלע ווארשעווער הייף איז דאָס טויער עלף אזייגער ביינאכט פאר־שלאָסן געוואָרן. די, וואָס זענען געקומען שפּעטער האָבן געמוזט קלינגען, ציען דעם גלאָק און ווארטן געדולדיק ביז דער סטרוזש וועט עפענען. נישט איינמאָל איז דאָס בלוט פארקילט געוואָרן,ווען ס'האָבן זיך דער־נעענטערט שיכורים און דער סטרוזש, פארזונקען אין שלאָף, האָט נאָך אלץ נישט געהערט דאָס קלינגען. האָט מען אָנגעהויבן אין פּאניק שטאר־קער רייסן דעם גלאָק, אז די שכנים האָבן זיך אויפגעכאפּט מיט שרעק, מיינענדיק ס'איז אן „אָבלאַווע", פּאָליציי איז באפאלן! דער סטרוזש האָט גישט געהאט קיין טאָג און קיין נאכט. צווישן איין שפּעטקומער און א צווייטן, האָט ער זשעדנע געכאַפּט א ביסל שלאָף. ס'איז אים געווען זייער שווער צו דערוועקן. ערשט אז מען האָט אָנגעהויבן פארצווייפלט רייסן דעם גלאָק, איז ער א פארצאפּלטער אויפגעשפּרונגען ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאלט וואסער, ביסלעכווייז געקומען צו זיך, אָנגעהויבן גענעצן, שטעלן שווערע, וואקלדיקע טריט, וואָרטשען אין די וואָנצעס אריין, דורכזייען א קללה צווישן די ציין, נאָר אז מען האָט אים געגעבן עפּעס אין דער האנט אריין, האָט ער אראָפּגענומען ס'היטל און אונטער־טעניק באדאנקט.

אין דער נייער דירה האָט יצחק אָנגעהויבן ארבעטן פאר זיך: א טיש אין קיך איז געווען דער ווארשטאט. ער האָט געמאכט ביינוולנע שנירן און זיי באצויגן, באשפּינען, מיט זיידענע פעדים און דערנאָך פון דעם אויס־געאַרבעט פראנדזן און „קוטאַסן" צו באפּוצן טייער געבעט־מעבל און פרויען־קליידער.

ווען מען האָט געגרייט דעם פּאַראַד פאר דעם צאַר מיט דער צאַריצע, האָט ער באַפּוצט א הימלבלויע קלייד מיט גאָלדענע פראנזן... וואָס איז באשטעלט געוואָרן אין רייכן מאַגאַזין פון געשמדטן ייד, שטיפּזאָן, פון וואַנען יצחק האָט ארויסגענומען ארבעט.

עס זענען געקומען געסט אָנקוקן דאָס קלייד און זיך געוואונדערט ווי אַזוי א סאָציאַליסט, אַ קינסטלער אין זיין פאַך, באַפּוצט דאָס קלייד פון דער בלוטיקער צאַריצע.

— זיי זאָלן וויסן, יצחק, וואָס איר טראכט אריין אין די גאָלדענע פראנזן, און וואָס פארא ווונטשן איר שיקט זיי איבער, וואָלט איר אָנגע־שפּארט אין סיביר, אָדער גאָר געוואָרן מיט א קאָפּ קירצער — האָט גע־זאָגט יאנקעלע מלמד, דער פּלאמיקער סאָציאליסט. יצחק האָט גע־שמייכלט:

— נישט נאָר זייערע קליידער באַפּוצן מיר, מיר בויען אויך פּאַ־לאצן פאר זיי און שמידן די קייטן, אין וועלכע זיי האלטן אונדז אין שקלאפעריי, ביז דאָס פאָלק וועט קומען צום שכל און מאכן א רעוואָלוציע.

— אז איר רעדט פון רעוואָלוציע, האָב איך אייך טאַקע געברענגט צו לייענען די אומלעגאלע בראָשור וועגן דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, וו עם דערציילט זיך ווי אזוי מען האָט אָפּגעהאקט די קעפּ פון יענע גע־קרוינטע הענקער — האָט געזאָגט יאַנקעלע מלמד, זופּנדיק מיט הנאה די הייסע טיי, וואָס ער האָט פון גלאָז אריינגעגאָסן אין א טעצל, צובייסנ־דיק קליינע ברעקלעך צוקער.

— יצחק, אפשר וואָלט איר אין די פראנזן אריינגעשמוגלט אביסל דינאַמיט?! — האָט דער טויבלעכער שלום געשריגן.

— וואָס אזא קלייד קאָסט אָפּ — האָט זיסל, שלומס ווייב, געוויגט דעם קאָפּ — וואָלט מען געקאָנט ראַטעווען פון הונגער א סך, א סך אָרעמע לייט און ס'וואָלט געווען מער יושר.

— די אָרעמע לייט טאָרן זיך נישט פארלאָזן אויף יושר. קיינער וועט זיי נישט העלפן, נאָר זיי אליין. שוין צייט זיי זאָלן זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און אראָפּווארפן פון זיך דעם בלוטיקן צאַר מיט דער באנדע. און עס ווייזן זיך טאקע סימנים, אז דאָס וועט שוין נישט נעמען לאנג. דאָס פאָלק וועט אויפשטיין, מאכן א רעוואָלוציע און איינפירן א רעפּובליק אין לאנד — האָט יצחק געזאָגט, אויסגלעטנדיק די גאָלדענע פראנזן.

— יצחק, איר רעדט פּונקט ווי איך האָב אמאָל געלייענט אין א פּראָ־קלאמאציע — האָט אים זיסל געזאָגט אַ שבח.

— פּראָקלאַמאַציעס שרייבן מענטשן, נאָר צו ווייניק לייענען זיי.

יאַנקעלע מלמד האָט צווישן איין גלאָז טיי און צווייטן, טאקע ארויס־געלייענט פּאַראַגראפן פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע. זיין קנאָפּ אין דאַרן, אָדערדיקן גאָרגל האָט זיך אומרואיק באַוועגט, אראָפּ און ארויף, ווי ער וואָלט אָנגעוויזן אויפן אויפשטייג און אראָפּפאַל פון יענעם אויפ־שטאנד. זיינע העלע אויגן מיט די בלאָנדע ברעמען האָבן געפלאמט.

שרה האָט דערלאַנגט צום טיש ברויט מיט הערינג. זינט יצחק איז צוריקגעקומען איז זי געוואָרן יינגער און שענער און ביסלעכווייז אויך אָנגעהויבן ווערן א סאָציאַליסטקע. מער פון אַלעם האָט איר די רייכע קרובה, מאַדאַם גאָלדנהיימער, אַ שטוים געטאָן צו האַסן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס האַלט זיך אויף רעליגיע... ווי יצחק האָט איר א סך מאָל אויפגעקלערט. ווו מען איז זיך צוזאַמענגעקומען, האָט יצחק אָנגעפירט מיט די שמועסן, איז געווען דער נישט אָפיציעלער פּאָרזיצער. דאָסמאָל האָט ער אויך פאָרגעלייענט פאַר די געסט פּרצס שטריימל. און דוד צווישן אַלע, א שעמעוודיקער, האָט זיך מיט אָנגעשפּיצטע אויערן צוגעהערט, געזען דעם פינצטערן קעלער, ווו דאָס אומגליקלעכע מיידל האָט זיך באַדאַרפן באַהאַלטן צו געבוירן איר קינד, ווייל דאָס „שטריימל“ האָט נישט אונטערגעשריבן. ער האָט דאָס נישט קלאָר פאַרשטאַנען און נאָכגעטראַכט וועגן דעם...

— שאַרף, בליציק אונדזער פּרץ, א גרויסער שרייבער, א שטיק סאָציאַליסט! — האָט יאַנקעלע מלמד געפיבערט פון באַגייסטערונג.

מען האָט מיט לויכטנדיקע אויגן גערעדט וועגן דעם טאָג, ווען דאָס פאָלק וועט אויפשטיין, ארויס אין די גאַסן און אראָפּוואַרפן פון זיך דעם צאַר מיט דער באַנדע. מען האָט געקנאַקט באַניעקערן און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, שטיל, איינגעהאַלטן מען זאָל אינדרויסן נישט הערן. ווענט האָבן אויערן.

פאַרן ארויסגיין האָט יאַנקעלע מלמד געזאָגט צו יצחקן — פאַרגעסט נישט קומען צו דער געהיימער פאַרזאַמלונג. עס וועט רעדן ער אַליין — יצחק לייבוש פּרץ.

— פאַרגעסן? איך קאָן זיך קוים דערוואַרטן — האָט אים יצחק פאַרזיכערט. און ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער אויף א קלאָרן, שנייווייסן טיש געמאַכט די פראַנזן און אונטערגעזונגען:

„אָ, גוטע פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן,
צו מיין קבר זאָלט איר קומען מיט דער רויטער פאָן“.

# דער הויף

דוד לויפט ארום א פארשוויצטער אין הויף, טאנצט אונטער מיט די באָרוועסע פיס אויף די שטיינער, וואָס די יולי־זון האָט אָנגעגליט. ייִנגלעך כאַפּן זיך אויף פּארקנס, הענגען זיך נאָך אויף וועגענער. פאַראַן א ציג אין הויף, ציט זי דוד ביים בערדל, וויל רייטן אויף איר און זי לאָזט נישט, בייגט אראָפּ דעם קאָפּ און פארמעסט זיך אויף אים מיט די הערנער. ער לאָזט אָפּ די ציג, ווען ער דערזעט קריכן אויף דער ערד דעם פּראָפּעסיאָ־נעלן בעטלער פון הויף, וואָס גייט קריכנדיק איבער די הייזער און האָט זיינע שטענדיקע „קונדן“: ער טרעט מיט די הענט אויף קלעצער און שלעפּט נאָך דעם גוף מיט די פאַרדרייטע פיס. דודן פארכאַפּן זיינע גרויסע, שווארצע אויגן, וואָס קוקן אויס ווי טיפע אָפּגרונטן. אמאָל דאכט זיך אים, אז די אויגן זידלען, שילטן און אמאָל, אז זיי קוקן מיט ליבשאפט פון א גרייז־גרויען זיידן, עפּעס א הייליקער ייד, וואָס ציט צו זיך און שרעקט.

ס'איז אריינגעקומען אין הויף א „שאַכער“ (הענדלער), מיט א זאַק אויף די פּלייצעס און אָנגעהויבן אויסזינגען מיט אן אומעטיקן ניגון: „האַנדעל, האַנדעל“! א בלייכער, א דערשלאָגענער, א יונגער ייד מיט א געבויגענער פּלייצע, צעקנייטשטן שטערן, אויסגעלאָשענע אויגן. ער האָט פארריסן דעם קאָפּ צו די פענצטער און געכאפּט א בליק צום הימל; ווי ער וואָלט געבעטן, אָדער עפּעס געמאָנט ביי גאָט... אינדערהיים ווארט א ווייב מיט פארהונגערטע קינדער אויפן פּרנס־געבער; גאָטעניו העלף! ס'האָט זיך טאקע באוויזן א קאָפּ אין א פענצטער און דער האנדלאזש האָט זיך דערפרייט. א שיין פון האָפענונג האָט אויפגעלויכטן אין זיינע אויגן: אפשר וועט גאָט צושיקן א כשרע מציאה! אז דער קאָפּ אין פענצטער האָט ארויסגעשטעקט א האנט און אים גערופן, האָט זיין הארץ פריידיק אויפ־געציטערט. ער האָט האסטיק ארויפגעקלעטערט די פיר שטאָק שטיגן, אריין אין הויז א סאפּענדיקער און זיך אָנגעהויבן דינגען איבער אן אלטע פאַר הויזן, אַן אלט וועסטל, אַן אלטן קאפּעליוש, ביטער און פארעקשנט

זיך געדונגען. מען האָט געריסן די סחורה איינער ביים צווייטן פון די הענט, מיט צעצונדענע אויגן, מיט פינגע אויף די ליפּן זיך געשווירן. ביידע — דער קויפער און פארקויפער — זענען געווען הונגעריק און זיך געריסן, ביז זיי זענען געבליבן אָן אָטעם און געקוקט אויף זיך ווי צערייצטע הענער. דער פארקויפער האָט געלאָזט דעם האנדלאַזש אוועקגיין. ווען ער איז שוין געווען אין הויף, האָט ער אים נאָך געלאָזט אויסזינגען מיט זיין טרויעריק־פארשטיקט קול „האנדי, האנדי!“ נאָר ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון טויער, האָט ער אים צוריקגערופן און מען האָט געשלאָסן דאָס „געשעפט“. פונדעסטוועגן האָבן אזעלכע יידן אויך ווי נישט איז געלעבט און נאָך אויסגעגעבן קינדער אין פריידן...

ס'איז אריינגעקומען אין הויף א „קאשטשארקע“ מיט א קויטיקן זאק אויף די פּלייצעס. זי האָט שוין באלאנגט צו גאָר א נידעריקע מדרגה: שמאטע־קלייבערינס. אלע באָבעס, פארוויאנעטע, צעבויגענע, איינגעקורמשעטע: אייניקע מיט צעפּוילטע שטיקלעך נעז... (געווען אַ מיינונג אין ווארשע, אז די מערסטע פון זיי האָבן געפירט אין דער יוגנט א זינדיק לעבן) אויסגענוצטע, אויסגעשפּיגענע, זענען זיי אויף דער עלטער געגאנגען איבער די הייף און גערופן מיט א הייזעריק קול: „קאָשטשי, קאָשטשי קופּויע, גאַלגאַני“ (ביינער און שמאטעס קויף איך). זיי האָבן גישט דרייסט אויפגעהויבן די קעפּ צו די פענצטער. אין הימל אריין האָבן זיי מורא געהאַט צו קוקן... דער הימל איז געהאָנגען איבער זייערע געבויגענע פּלייצעס ווי א פייערדיקע בייטש אין די הענט פון א גערעכטן, צאָרנדיקן גאָט. אויפן געשריי „קאָשטשי“ פלעגט מען עפנטפערן פון א פענצטער: „צאָבילאַש וו'מלאָדאָשטשי? (וואָס ביסטו געווען אין דער יוגנט?) זיי האָבן זיך גערויעט ארום די מיסטקאסטנס, געשארט זיך ביי די ווענט, און אויסגעמיטן צו קוקן מענטש אין די אויגן אריין, ווי זיי וואָלטן זיך געפילט שולדיק קעגן עמיצן — אָדער פארקערט...

דוד איז ארומגעלאָפן מיט יינגלעך, געשפּילט זיך אין כאפּעלעך. דער הויף האָט געטומלט, געליאַרעמט. די איינוווינער זענען אנטלאָפן פון די אָנגעהיצטע הייזער. ווייבער זענען געשטאנען די הענט פארלייגט אויף די שוואנגערנדיקע בייכער און געמוטלט, בארעדט. דוד און זיין חבר עליע האָבן געשפּילט אין „פּאַלאַנט“: מיט דער לינקער האנט א ווארף געטאָן די פּילקע און מיט דער רעכטער איר דערלאנגט אזא קלאַפּ מיט א פּלאַטשיק שטיק האָלץ, אז זי האָט א שאָס געטאָן אין הימל אריין. זיי האָבן איר נאָכגעקוקט מיט פארזשמורעטע אויגן. אין דער העלער זוניקער ליכט האָט זי

אויסגעזען ווי א גרוי פינטעלע. א הונט האָט זיך מיט א בילערייַ א לאָז געטאָן נאָך דער פּילקע, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און אויך פאַרריסן דעם קאָפּ, געוואָלט זי כאַפּן, געשפּרונגען פון דער הויט, געסלו־נעט מיטן מויל און זיך אַזש פאַרקייכט. א געשטופּלטע מויד האָט אַריינ־געפירט אין הויף ביי דער האַנט א בלינדן בעטלער. דער בלינדער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, ווי ער וואָלט זיך ארומגעקוקט דורך זיי. אויס־געריייניקט דעם גאָרגל, צוגעלייגט א האַנט צום אויער ווי א חזן און אָנ־געהויבן זינגען:

„אוי, ווער ס'האָט שוועסטער און ברידער,
איך בין איינער אליין —
באַווייינען וועט מיך נישט קיינער,
ווען די שיף וועט אונטערגיין".

אָפּגעזונגען ס'גאַנצע ליד מיט א צעקוועטשט פאַרשטיקט קול, און אויס־געצויגענעם וואַרשעווער „אַי וואַי"־יידיש, האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ צו די פענצטער, איינגעהערט זיך און געוואַרט. אז ס'איז גאָרנישט אראָפּגעפאַלן, האָט ער שנעל געפינטלט מיט די אויגן און בייז דורכגעזייט צווישן די ציין: „אַ כאָלערע, א בראַנד אין די קישקעס!" די מויד מיט די מוטנע, קעלבערנע אויגן, האָט אויך בייז ארויפגעקוקט און אז ס'איז פאָרט גאָר־נישט אראָפּגעפאַלן, האָט זי דעם בלינדן א שלעפּ געטאָן ביים ארבל: — קימיץ. אַן עבירה דאַס שטיין דאָ. מע וואַרפט גוניש אראָפּ. זיי ווילן, די קישקע זאָל זיין ארויסקריכן, אימזיסט, די שנאָרערס...

דער בלינדער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט — יאַך גאַי ניש, יאַך ל'ניש אוועק מיט גוניש. יאַך בין אַן אמתער בלינדער, ניש ווי די אנדערע גנבים, וואָס מאַכן זיך בלינד, און ראַסן אראָפּ דעם ביסן פון מאָל, מיאָ קימט!

ער האָט ווידער אויסגערייניקט דעם גאָרגל און אָנגעהויבן אויף א הויך, מאָראַליש קול:

„זי איז מער צום באדויערן ווי שולדיק,
ווער האָט דען איר ערע גערויבט?
אוי, מענער, מיט וואָס איז זי שולדיק,
ווען זי האָט געליבט און געגלויבט?!"

אָפּגעזונגען ס'גאַנצע ליד פון דער פאַרפירטער, האָבן זיך באַוויזן עטלעכע קעפּ פון מיידלעך מיט פייכטע אויגן אין די פענצטער און ס'האָט אָנגעהויבן אראָפּפאַלן עפּעס איינגעוויקלט אין פּאַפּירלעך. דער בלינדער

האָט מיט באַנייטן קוראַזש אַרויסגעשריגן: „גיטע מענטשן, האָט רחמנות, וואַרפט עפּיס אַראָפּ, אַ קאַליקע, אַ בלינדן!“

דוד איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך צוגעהערט צום בלינדנס געזאַנג. אויך עליע, זיין חבר, האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ שטיקל טעאַטער־פאַרשטעלונג, כאָטש זיי האָבן נאָך נישט געוווסט וואָס עס איז אַזוינס טעאַטער. פּלוצים האָט דוד דערזען שרהן, זיין מוטער, אין טויער. זי איז געווען בלאַס, איינגעבויגן, די ליפּן צונויפגע־פּרעסט. אַ מיידל פון דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט מיט איר צוזאַמען, האָט זי געפירט ביים אָרעם. דוד איז צוגעלאָפן צו איר:

— מאַמעשי, וואָס איז דיר? ביסט נישט געזונט?

— ס׳איז גאָרנישט, דודל, שרעק זיך נישט, ס׳וועט איבערגיין — האָט זי געשמייכלט צו אים מיט יסורימדיקע אויגן — איז דער טאַטע אין דער היים?

— ניין, ער איז געגאַנגען צו שטיפזאָנס מאַגאַזין, פרעגן צי ס׳איז דאָ עפּעס אַרבעט.

די מאַמע האָט זיך אַ בייג געטאָן פון ווייטיק. **אַ שכנה, וואָס האָט** געוווסט, אַז זי איז אויף דער צייט און אַרבעט אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק ביז דער לעצטער מינוט, האָט זי אָנגעכאַפּט ביים צווייטן אָרעם און איר געהאָלפן אַרויפגיין די פיר שטאָק שטיגן אין דער פּאַציאַטקע אַריין. (פּאַציאַטקע: אַ בוידעם־שטיבל מיט אַ פענצטער אין דאַך), ווו זיי האָבן זיך געמוזט איינקלייבן, ווייל די צייט איז ווידער געוואָרן שלעכט.

די פּאַפּיראָסן־פאַבריק, ווו די מאַמע האָט איצט געאַרבעט, איז גע־ווען נישט ווייט פון הויף. מיטאָג־שעה און פאַרנאַכט האָט מען געזען אַרויסקומען די אַרבעטער, מענער און פרויען, אַלע מיט פאַרגעלטע פּני־מער. ווי זשאַווער האָט זיך דער טאַבאַק איינגעגעסן אין זיי, געקראָכן אין די נאָזלעכער, אין די אויערן, אין די אויגן, אין האַלדז אַריין, ביז צו די לונגען. אַלע האָבן טאַקע געהוסט און געשפּיגן. די פאַבריק האָט געהאַט אַ נידעריקע סטעליע. די אַרבעטער זענען געזעסן צוזאַמענגעפּרעסט. אויף טישן זענען געלעגן בערג רויער טיטון, וואָס זיי האָבן געשטאָפּט אין די גילזן. די פענצטער זענען שטענדיק געווען פאַרמאַכט, דער ווינט זאָל דעם טיטון נישט צעבלאָזן. געעפנט האָט מען זיי נאָר אין גאָר הייסע, שטיקנ־דיקע טעג, ווען קיין ווינטעלע האָט נישט געוויייעט.

דוד איז אַ דערשראָקענער נאָכגעגאַנגען דער מאַמען. הערנדיק איר פאַרשטיקט קרעכצן, איז אים ענג געוואָרן אין האַלדז און ס׳האָט אים

פאַרקלעמט ביים האַרץ. ער האָט זייער ליב געהאַט די מאַמען. ביים אַריינקומען אין בוידעם=שטוב, האָט די אָנגעגליטע היץ אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. שרה האָט אָנגעהויבן קרעכצן מיט אַן אויסגעצויגענעם קלאָגניגון. עמעצער איז געלאָפן נאָך דער הייבאַם. ווען די ווייען האָבן זי אַ ווײַלע אָפּגעלאָזט, האָט זי צוגערופן דודן, וואָס איז געשטאַנען אַ דערשראָקענער אין אַ ווינקל, און געזאָגט צו אים מיט אַ שמייכל, וואָס איז איר שווער אָנגעקומען אַרויפצוציען אויף איר יסורימדיק, פאַרשוויצט פּנים, פון וועלכן עס זענען גערונען טראָפּנס פאַרגעלטער שווייס פון טאַבאַק=שטויב:

— דודל, גיי בעסער אַראָפּ אין הויף און שפּיל זיך מיט די ייִנגלעך. דאָ איז ענג און הייס. אַז דו וועסט שפּעטער אַרויפקומען וועסטו שוין האָבן אַ נײַ ברודערל אָדער שוועסטערל.

די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט און ס'איז אַריינגעקומען פייגל די „הייוון“ (הייבאַם). זי איז געווען זייער פעט: אַ באַרג צעהיצט רויפלייש, וואָס האָט זיך געבאָדן אין שווייס, געקאָכט זיך אין דער אייגענער הייסער, פעטער יוד, און געסאַפּעט ווי אַ לאָקאָמאָטיוו. פאַרבייגייענדיק דודן האָט זי אים אַ גלעט געטאָן מיט איר הייסער, טייגיקער האַנט — די וואַקסט קאַ באַיז אויג זאָל דיאָ ניש שאַטן, איבער נאַכט, דודל. ווילאַנג איז גאָר ווען דו ביסט געווען אַ פּיצלס? איז וואָס מאַכסטי, שרהשי? קרעכצסט שוין ווידער?... אוי, וואַבער, וואַבער... ני, מילא, וואָס קאָן מען טין... זענאָר אָבער, שרהשי, ווי שאַין דאַן זין איז אָסגעוואַקסן! קאַ באַיז אויג זאָל עם ניש שאַטן. שוין באַלד אַ חתן=בחור. אין ווייסטו כאָטש דודל, גרויסער יחסן מאַנאָ, וואָס די ווילסט אפילו ניש אַ קוק טין אָף מיאָ, אַז יאַך האָב דיך אָפּגענימען? — האָט זי גערעדט אויף איר וואַרשעווער ייִדיש און געשאַרצט די אַרבל אויף די פאַרשוויצטע קלאָציקע הענט — אוי, ביסטי שוועיאָ געקימע אָף דע וועלט — האָט זי געוויגט דעם קאָפּ — אַז כ'האָב דאָך שוין קאָם אַרויסגעקריגן, ביסטו געווען בלאָ ווי אַ מילץ אין פאַ קאַ'ין פאַל ניש געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. כ'האָב דיך געמוזט האַלטן באַ די פּיסלאָך אין אַזוי לאַנג פּאַטשן אין הינטנדל אַראַ, ביז די ביסט געקומען צו זאָך אין גענימע מאַכן אַזעלכע געוואַלדן, ווי מע וואָלט דיאָ כ'וואיס אַלייִן ניש וואָס אָפּגעטיען... גדענקסט דאָס כאָטש, שרהשי?

שרה האָט געענטפערט מיט אַ קוויטש פון ווייטיק, און פייגל די הייוון האָט געגעבן אַ באַפעל: — קאָכץ אָף האַיס וואַסאַ אין צעראַסץ אַ לאַלאָך! עמעצער האָט שנעל צעהאַקט אַ בינטל האָלץ, אייַנגעהייצט ס'אייוועלע און

אויפגעקאָכט הייס וואסער. די היץ אין דער פּאציאַטקע איז געוואָרן נאָך שטאַרקער.

— וואָס פּלאָנטערסטו זיך אינטאָ די פיס?! — איז פייגל פּלוצים אָנגעפאלן אויף דודן — **גאַי אראָפּ אין הויף און שפּיל דאָך מיט די יינגלאך.** גאַי! ווערסט שוין שפּעטאָ קימען צים גראַיטן, אַלע מאַנצלאַט קימען צים גראַיטן, לאָזן זאָך ווייל=גאַין אין די וואבאָ האָבן די צרות — גאַי!

דוד איז אנטלאָפן פון אירע געשרייען. אויף די שטיגן האָט ער אָנגעטראָפן יצחקן, דעם פאָטער.

— פייגל די הייוון איז דאָ! — האָט ער אויסגעשאָסן.

— פייגל די הייוון... — האָט יצחק מיט א ציטער אין קול איבערגעזאָגט — און אָנגעהויבן שנעל טרעטן אויף צוויי שטיגן מיטאמאָל.

דוד האָט זיך פארקליבן אין ווינקל פון הויף. לאנג געזעסן און געטראכט, ווי אזוי קומט א קינד אויף דער וועלט? ווי אזוי ווערט עס געבוירן און פארוואָס שטארבן אזויפיל קינדער ביי זיי אין הויף? ער האָט ארויפגעקוקט צום דאַך, וווּ ס'איז געווען דאָס פענצטערל פון זייער פּאציאַטקע. ווער ווייסט צי זיין מאמע וועט בלייבן לעבן, האָבנדיק אזא געוויקס ווי א קינד אין בויך. ער האָט טאקע געהערט, אז א סך פרויען שטארבן אין קימפּעט. די מאמע איז געווען אזוי בלאס און אָפּגעשוואכט, אז זי האָט קוים כוח געהאט צו קרעכצן. קאָן זיין, ווען ער וועט ארויפקומען, וועט זי ליגן אויף דער ערד מיט ליכט צוקאָפּנס, ווי ער האָט דאָס געזען ביי א שכן. ביי דעם בילד איז זיין האלדז פארקלעמט געוואָרן, ס'וועט נישט זיין מער זיין מאַמע, וואָס קאָן אזוי שיין דערציילן מעשיות און נאָכזינגען לידער פון יידישן טעאטער. און אחוץ א מאמע איז זי אים אויך געווען ווי א גוטע חברטע. טרערן זענען גערונען אויף זיינע באַקן. ווי דורך פאררעגנטע שויבן האָט ער געזען ווי דער הימל לעשט זיך. די רויט=צעגליטע זון פאלט ערגעץ אראָפּ און ווערט ביסלעכווייז פארשוווּנדן. אויף איר אָרט באווייזט זיך א בלייכע לבנה מיט די ערשטע ציטערדיקע שטערן. אין דער לבנה האָט ער דערזען דאָס פּנים פון זיין שטארבנדיקער מאמען. נאָך א לאנגער צייט זיצן אזוי פארטרויערט און פארקלעמט, האָט ער דערהערט אז מען רופט אים. ער איז ארויף אין הויז מיט א קלאַפּנדיק הארץ, מיט ציטערדיקע הענט געעפנט די טיר און דערהערט דאָס פארשטיקטע, היסטערישע געוויין פון א ניי=געבוירן קינד.

— ווערסט זיך שוין מער נישט קענען אזוי איבערנעמען, דודל, ס'איז שוין דאָ נאָך א ייִנגל אין הויז — האָט זיך פייגל געדייצט מיט אים און

געשמאַק געגעסן עפּעס פון אַ טיפער שיסל אַרויס, פּאַטשנדיק מיט די פעטע ליפּן. די מאַמע איז געווען בלאַס און געלעגן ווי אַ טויטע. דוד האָט זיך דערשראָקן. נאָר אָט האָט זי געטאָן אַ ריר מיט אַ האַנט און ס'איז אים באַפאַלן אַ פרייד: די מאַמע לעבט! זי האָט אים געוויזן מיט אַ בלייך־ציטערדיקן פינגער ער זאָל צוקומען.

— מאַמעשי! — האָט ער קוים פאַרשטיקט אַרויסגעזאָגט.

אַ וואָך צייט איז שרה געלעגן אין בעט. אַדאַנק דער קימפּעט האָט זי זיך אַביסל אויסגערוט. חברטעס פון דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק זענען געקומען און איר געבראַכט: ווער אַ יויכל, ווער אַ שטיקעלע הון, אַ פלעשל קעפיר, אַ טשעקאָלאַדקע, זי זאָל זיך שטאַרקן, קומען צו די כוחות. שרה האָט די גוטע זאַכן צעטיילט צווישן זיך און די קינדער, וואָס האָבן זיך בלומרשט אָפּגעזאָגט, נישט געוואָלט נעמען. — מאַמעשי, דאָס איז פאַר דיר. דו דאַרפסט צוריק געזונט ווערן — האָבן זיי זיך געדונגען. נאָר אַז זי איז שטאַרק צוגעשטאַנען, האָבן זיי איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן און זיך אויך געקוויקט מיט די גוטע זאַכן.

אין אַ גרויען פאַרטאָג איז שרה קרעכצנדיק אַרויס פון בעט. לאַנג און אומעטיק געגענעצט, אויסציענדיק אַזאַ מין טרויעריקע מעלאָדיע, וואָס האָט געקלאָגט אויפן שווערן לעבן: אויף דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק, וואָס פאַרסמט ביסלעכווייז אירע לונגען, אויף די שענסטע יאָרן אירע, וואָס גייען אַוועק אין פּיין, אין מאַטערניש. ביי דעם ליכט פון אַ נאַפט־לעמפּל לעבן אַ קליינעם צעשפּאָלטענעם שפּיגל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, האָט זי געקעמט אירע לאַנגע האָר, ווו ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע גרויע פעדים.

זי איז אַרויס פון הויז אויף די שפּיצפינגער, נישט אויפצוּוועקן דעם אַרבעטסלאָזן מאַן און די שלאָפנדיקע קינדער. מיט שוואַכע, ציטערדיקע טריט, איינגעהילט אין אַ פּאַטשיילע, האָט זי געשפּאַנט צו דער אַרבעט אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק, דערפילנדיק נאָך פון ווייטנס דעם ביטערן, בייסנדיקן ריח פון טיטון.

# די צייט איז געקומען

דודם שוועסטערל, די אַכטיאָריקע פּראדל, איז געוואָרן די „מאמע“ פון גייעם ברודערל, פּייוועלע. געקעמט אים די שיטערע, דינע הערעלעך, איבערגעלייגט אים א ריין ווינדעלע, און אז ער האָט זיך שטארק צעוויינט און פאר קיין פאל נישט געוואָלט אויפהערן, איז זי ארומגעלאָפן מיט אים איבער דער שטוב, געהוידעט, געוויגט אים אויף די הענט, געשטופּט אים די „מאמקע“ אין מויל אריין (א פלעשעלע מילך מיט א גומענעם ניפּל), געלייגט זיין קעפּל אויף איר אַקסל. און אז ער האָט זיך פאָרט נישט באַרואיקט, און זיינע געוואַלדן זענען געוואָרן אלץ העכער און העכער, האָט זי אים א וואָרף געטאָן אין וויגל אריין און זיך צעשריגן אויף אים — פוה! כ'האָב דיך איבערגעלייגט ריין, האָסט זיך אָנגעכלויעט, וואָס ווילסטו נאָך?! וואָס האָסטו זיך פארנומען אויף מיין לעבן?! געוואלד, מענטשן! דאָס קינד וועט מיך פאר דער צייט אין דער ערד ארייַנטרייבן! — דערנאָך האָט זי זיך אביסל באַרואיקט, איינגעדעקט אים ביז צום גאָמבעלע און אָנגעהויבן אים זינגען א לידל שנעל, שנעל, אומגעדולדיק, זיצנדיק אויפן ברעג פון זיין וויגל, און מיטוויגנדיק זיך מיט אים:

„א-א-לולושי! אונטער פּייוועלעס וויגעלע,
שטייט א גאָלדן ציגעלע...
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האנדלען,
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. א-א-לולושי!“

אז דאָס קינד האָט אַלץ נישט געוואָלט אויפהערן וויינען, האָט זי זיך געכאפּט ביים קאָפּ — געוואלד, מענטשן, וואָס טוט מען מיט דעם וויסטן קינד?! ער האָט דאָך מיר שוין די הענט אויסגעדרייט. כ'האָב שוין קיין כוח נישט אויסצוהאלטן פון אים (האָט זי נאָכגעמאכט דער מאמען), כ'האָב אים שוין אלץ געגעבן און ער וויל אלץ נישט „איינפּופּן“ (איינשלאָפן), כ'האָב נאָך אזא ביטער קינד אין מיין לעבן נישט געזען! — האָט

זי זיך פאַרקלאָגט מיט טרערן אין די אויגן און פאַרשטיקטן האַלדז פאַרן פאָטער, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען.

— נו, שאַ, שאַ. — האָט ער זי באַרואיקט.

אַז אַ קינד וויינט איז עס נישט אומזיסט, עס טוט אים אוודאי עפּעס וויי. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן פּיוועלעס בייכעלע, וואָס איז טאַקע געווען האַרט און דאָס שטרויענע שעניקל איז געווען נאַס און דורכגעפּוילט. ער האָט געמאַכט דאָס געלעגערל טרוקן. אַריינגעשיט פּודער אין די צעצונ־דענע ערטער צווישן די פּיסלעך, און איבערגענומען ס'וויגל. דאָס קינד האָט שוין קיין כּוח נישט געהאַט צו וויינען און שטיל אָפּגעהעשעט.

— גיי אַ ביסל אַראָפּ אין הויף, פֿראַדעלע, דאָ איז צו הייס. גיי, שפּיל דיך מיט די חברטאָרינס. — און ער האָט אָנגעהויבן איינוויגן ס'קינד. צי־ענידק ווייטער דער טאַכטערס ניגון: אַ־אַ־לולושי!

אין פּראָגנט פֿון הויז איז געווען, ווי מען האָט עס גערופֿן, אַ סאָדע־געוועלבל, וווּ מען האָט פאַרקויפט סעלצער־וואַסער מיט סאָק און אָן סאָק, צוקערקעס, שאָקאָלאַדעס, באַניעקערן. יצחק, דער אפּיקורס פֿון הויף איז אָפּט געשטאַנען לעבן געוועלבל און גערעדט צו אַ רעדל יידן אַרום אים. דער האַרטער קאַפּעליוש פאַררוקט אַביסל אַרויף, די אויגן צעלויכטן:

— די צייט, מיינע פריינד, איז געקומען. ס'האָט זיך שוין אָנגע־הויבן. די אומרוען פאַרשפּרייטן זיך איבערן לאַנד. די קלעפּ, וואָס יאַפּאַ־ניע דערלאַנגט דעם צאַר אין דער מלחמה העלפט צו דערנעענטערן די רעוואָלוציע.

אַזוי, איר, ר'יצחק, זענט שוין פּיקס־און־פּערטיק — האָט אַן אַלטער ייד מיט נאַקעטע יאַסלעס געקייט די רייד—די ייִנגלעך מיט די לאַנגע האָר וועלן נאָר אַ געשריי טאָן הורא אין אַרבל אַריין, וואַרפן זיי באַלד אַראָפּ דעם צאַר מיט זיינע האַרמאַטן מיט די ביקסן מיטן גאַנצן מיליטער, נאָר אַז עס רייטן אָן עטלעכע קאָזאַקן, צעלויפן זיי זיך ווי די האָזן — זיי וועלן אַראָפּוואַרפן. נישטאָ כ'לעבן ווער ס'זאָל לאַכן! — האָט דער ייד זיגעריש געשמייכלט אין דער גרוי־פאַרגעלטער באָרד אַריין.

— דאָס פאָלק וועט אַראָפּוואַרפן — האָט יצחק געדולדיק פאַרזי־כערט.

— דערווייל וואַרפט מען זיי אין די טורמעס, די אפּיקורסים. זיי ליי־קענען דאָך אפילו אין גאָט! לאָזט זיי נאָר, און זיי וועלן הרוב מאַכן די וועלט — האָט דער ייד געוואָרנט.

— אַזאַ וועלט, וואָס געהערט בלויז צו די רייכע, מעג חרוב ווערן — האָט יצחק געזאָגט. און דערזעענדיק פון ווייטן אָנקומען פּאָליציי, איז ער ארויס פון רעדל און אריין אין געוועלבל. די אנדערע האָבן אים נאָכגעפאָלגט. אינעווייניק האָט מען געקנאקט באַניעקערן, געטרונקען סעלצערוואסער און יצחק מיט דער געשווירעגער באָרד, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי א האלבער דייטש, האָט ווידער אויפגעקלערט, באוויזן, אז אפילו די נביאים זענען געווען סאָציאַליסטן און זיך אָנגענומען די קריוודע פון אָרעמען פאָלק, ארויסגעטראָטן קעגן די רייכע, געפּרעדיקט פרייהייט, גערעכטיקייט און אַפילו — רעוואָלוציע... ווען זיי וואָלטן היינט געלעבט, וואָלט זיי דער צאַר פארשיקט קיין סיביר.

די מערסטע האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו זיינע רייד. דוד פלעגט פון א ווינקל זיך צוהערן צום פאָטער. געהאָפט וואָס שנעלער עלטער צו ווערן און כאָטש דערווייל אריין אין „קליינעם בונד“. דערנאָך, אז ער וועט אויסוואקסן, וועט ער אויך האלטן רעדעס ווי זיין פאָטער.

ר'שלמה, א קרעפּטיקער ייד מיט א שמחת-תורה-פּנים, דער פאָטער פון דודס חבר עליע, האָט באוויזן יצחקן, אז ס'איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט. און יצחק האָט אים באוויזן, אז קיין גאָט איז נישטאָ, ס'אַן אויסגעטראכטע מעשה.

— אַ פרומער ייד — האָט שלמה פארזיכערט — גייט נאָכן טויט אין גן-עדן אריין און אַן אַפּיקורס ברענט אין גיהנום!

יצחק האָט נישט איינגעשטימט... — דער גיהנום מיטן גן-עדן זענען דאָ אויף דער וועלט. מען דארף נישט ווארטן ביז מען וועט שטארבן. דעם גן-עדן האָבן דאָ שוין פארכאפּט די רייכע פאר זיך און איבערגעלאָזט דעם גיהנום פאר די אָרעמע לייט.

— איי, ר'יצחק, ר'יצחק, וועט מען אייך אויף יענער וועלט שמייסן — האָט דער אלטער ייד מיט דער גרויער, פון טאבאק-פארגעלטער באָרד אים געוואָרנט.

— מען שמייסט שוין דאָ, אויף דער וועלט, אוי, שמייסט מען, אוי, רייסט מען אראָפּ די הויט פון אָרעמאַן! — האָט יצחק פארזיכערט.

ר'בער, דער איינגנטימער פון געוועלבל, האָט געהאלטן זיין פעדשווארצע באָרד מיט די זילבערפעדים אין דער פויסט און געפּרווט „צעקייען“, וואָס יצחק, דער אפּיקורס, ברייעט דאָ אויס. ער האָט געטראכט: אז ס'איז נאָר א זינד זיך צוצוהערן צו אים. ר'בער איז געווען א שווערער ייד, א שווייגער. דערפאר איז זיין ווייב, פייגעלע, געווען א ברען, א פריינט-

לעבע, א צוגעלאָזענע, מיט ווארעמע, שטיפערישע אויגן און א שמועסערין! זי האָט געפירט דאָס „גאנצע געשעפט" און אחוץ דעם, געקאָכט, געבאקן, געוואַשן, געשייערט און אַלע יאָר געהאַט אַ קינד. אין אַלגעמיין זענען די פרויען אויף דזשעלנע 79, געווען קינדלדיקע. די קינדערלעך זענען געווען א פרייד און א טרייסט, נאָר זיי האָבן געהונגערט, ארומגעוואלגערט זיך קוויטיקע, פארוואַרלאָזטע. די מאמעס האָבן געמוזט לויפן האנדלען מיט א קאָשיק, אָדער ארבעטן אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק. איז טאקע אָפט גע־קומען דער ייד מיט דער לאנגער, שווארצער קאַפּאָטע, מיט א שווארץ קעסטל אונטערן אָרעם און אריינגעלייגט אהין א קינד. ווען ער האָט זיך באוויזן אין הויף, האָבן זיך קריסטן און יידן צונויפגעטוליעט, צוגעדריקט די קינדער צו זיך און געהאָלפן טרויערן און וויינען די געטראָפענע עלטערן. ביים צונעמען א קינד, האָט די מאמע געשפּאלטן די לופט מיט אירע גע־שרייען. ס'איז געווען אן אָפטע דערשיינונג אין הויף פון דזשעלנע 79 אריינצוקומען אין א הויז און טרעפן א פארדעקט בערגל אויף דער ערד מיט ליכט צוקאָפּנס. אין דעם הויף איז מען געדיכט געבוירן געוואָרן און געדיכט געשטאָרבן.

אין דעם הויף האָבן אויך געוווינט קריסטלעכע און יידישע סאָציא־ליסטן, אנארכיסטן און ציוניסטן. גאנץ אָפט זענען אין מיטן דער נאכט פאָרגעקומען „אָבלאַוועס". מען האָט ארויסגענומען מענטשן פון די בעטן. אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט דער אָנקום פון א שטורעם. בלאָנדע קריסטן מיט יעזוס־בערדלעך און פארטראכטע יידישע בחורים און מייד־לעך האָבן זיך ארומגעדרייט מיט קאָנספּיראציע־פייערלעך אין די אויגן. די מאמע שרה, האָט איינמאָל געוויזן דודן דעם קאָפּ פון רוסישן צאַר אויף א זילבערנעם רובל. — זעסט דודל, אז מען וועט אים אראָפּווארפן וועלן אלע מענטשן זיין פריי און גליקלעך. און אז ס'איז פאָרגעקומען א געהיימע פארזאמלונג ביי זיי אין בוידעם־שטוב, איז דוד געשטאנען אויף דער וואך, געהיט צי ס'קומט נישט אָן קיין פּאָליציי. און ער איז געווען שטאָלץ, וואָס מען טרויט אים שוין אָן אזא וויכטיקע מיסיע.

# כאַפּט אַ גנב

אין אַ זומערדיקן פֿאַרמיטאָג האָט זיך באַוויזן אין הויף אַ מיטל־וווּקסיקער מאַסיווער בחור, ס'היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק אַראָפּגערוקט איבער די שוואַרצע, אומרויִקע אויגן. זײַנע ברייטע, אויפֿגעבלאָזענע הויזן אַרײַנגערוקט אין די כאָלעוועס פֿון די לאַקירטע שטיוול. אַ פּאַפּירן פֿויר־העמדל אָן אַ קאָלנער, אָן אַ קראַוואַט, איז געהאָנגען בײַ זײַן האַלדז אויף אַ שפּינקע. געקומען איז ער אין הויף אַרײַן זוכן „פּרנסה", אויסקוקן וועמען צו באַגנבענען. מיט אים איז מיטגעקומען פֿעלטע, אַ קרומלעכער בחור מיט פֿערדיש־אַרויסשטאַרצנדיקע ציין. אויך געטראָגן ס'היטל מיטן לאַקירטן דאַשעק אביסל אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. געשניטן זיך אויף אַ גנב און דערווײַל געווען אַן אַרויסהעלפֿער בײַם מאַסיוון, ברייט־פּלייציקן, געניטן און באַרימטן שימעלע גנב.

אין הויף איז געווען פֿרײַלעך, טומלדיק: מיידלעך האָבן געטאַנצט אויף שטריק. אַ ייִנגל איז געריטן אויף אַ ציג, האַלטנדיק די הערנער פֿאַר לייצעס. אינעם גרויסן, ברייטן הויף, האָבן ייִנגלעך געלאָזט פֿליען, „לאַטאַוועצעס", וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון קנוילן צוזאַמענגעוויקלטן פֿאָדעם אין זייערע הענט, נאָכגעקוקט זיי מיט פֿאַרריסענע קעפּ און צעצונדענע אויגן, ווי דאָס, וואָס זיי האָבן אַליין געמאַכט פֿון פּאַפּיר און זייער דינע, פֿלאַטשיקע, געקרייצטע שטיקלעך האָלץ שפּאַרט אָן אין די וואָלקנס. אַ רעדל ייִדן האָט זיך געהיצט, געאַמפּערט וועגן פּאָליטיק. אַ פֿורמאַן האָט הויך געשאָלטן מיט טויטע קללות זײַן פֿערד, וואָס האָט זיך נישט גע־וואָלט רירן פֿון אָרט, געקאַטעוועט דאָס מיט דער בײַטש, וואָס האָט שאַרף און דראָענדיק געפּייפֿט אין דער לופֿט, אַז דאָס פֿערד האָט מיט פֿינע אויפֿן מויל זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פֿיס און פֿאַרצווייפֿלט געוואָרפֿן מיטן קאָפּ. שכנים האָבן זיך געקריגט, אויסגעלאָזט ס'ביטערע האַרץ אײנס אויף ס'אַנדערע. וואַרטשענדיק אין די וואָנצעס אַרײַן, האָט

יאַן דער סטרוזש מיט א גרויסן בעזעם געקערט דעם הויף, אויפהייבנדיק א געדיכטן שטויב, וואָס האָט פארגרויט זיינע ברעמען און פּויליש גע־דרייטע וואָנצעס.

צירל א דינסטמיידל, האָט ארויסגעקלאַפּט דעם שטויב פון א דיוואַן, וואָס איז געהאָנגען אויף א שטריק. אירע בלאָנדע, גילדענע צעפּ, האָבן זיך געוואָרפן, באַגלייטנדיק די קלעפּ. איר פּנים האָט געפלאַמט, פּילנדיק אויף זיך די פרעכע בליקן פון די צוויי „לאָבוזעס“, וואָס האָבן זי אין מיטן העלן טאָג אויסגעטאָן נאַקעט מיט זייערע אויגן, געזאָגט גראָבע וויצן און איינבייגנדיק זיך און אונטערטאַנצנדיק געפּאטשט מיט די הענט אויף די כאָלעוועס פון די שטיוול. צירל האָט אָנגעהויבן שנעלער קלאַפּן דעם דיוואַן, ווי זי וואָלט דאָס זיי, די אומפארשעמטע פרעכע יונגען געקלאַפּט און אויסגעזידלט. שימעלע האָט איר דווקא געוואָלט קוקן אין די אויגן אריין, פארבויגן דעם קאָפּ אויף א זייט און זיך געדרייט א וואָנצעלע, „צוגעפּוצט“ זיך צו איר. צירל איז רויט געוואָרן. געכאַפּט דעם דיוואַן און אנטלאָפן.

ביידע יונגען האָבן איר נאָכגעשאָסן א געלעכטער.

שפּעטער זענען אריינגעקומען אין הויף קונצנמאכער: איינער האָט געשלונגען פייער און אריינגערוקט זיך א שווערד אין האלדז, געשלעפּט קאָלירטע סטענגעס פון מויל. א צווייטער האָט געמאכט אַקראָבאטישע קונצן, ממש געפלויגן אין דער לופט. פון די פענצטער זענען געפאלן איינ־געוויקלטע אין פּאפּירלעך גראָשנס און צווייערס.

צירל, זייענדיק זיכער, אז די צוויי פרעכע לאָבוזעס זענען שוין נישטאָ אין הויף, איז אראָפּגעגאנגען עפּעס אייגקויפן אין קראָם. אָפּגעשטעלט זיך אויף א מינוט קוקן און באוואונדערן די קונצנמאכער. ס׳האָט איר פאר־כאַפּט דער אָטעם זעענדיק, ווי א בחור שטעקט זיך אריין א לאנגע שווערד אין האלדז. פּלוצעם האָט זיך דערהערט א געשריי: — כאַפּט א גנב! כאַפּט אים, יאָגט אים! צירל, וואָס האָט אים דערזען ארויסשפּרינגען פון א פענצטער, האָט אָנגעוויזן אויף אים מיט דער האנט און געשריגן: כאַפּט אים!

יאַן, דער סטרוזש, און א הויכער פּאָליאַק האָבן שוין געהאלטן שימעלען אין זייערע הענט. ער האָט זיך געוואָרפן, געריסן פון זיי, זיך א צי געטאָן אראָפּ, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איינגראָבן, באהאלטן אין דער ערד אריין און מיטשלעפּן די שלעגער. זיי האָבן זיך געבראָכן, געוואקלט, אָט פאלן זיי

און ער ווערט נישט אין זייערע הענט. אין די אָפענע פענצטער האָבן זיך אָנגעפּאַקט קעפּ און מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם צוגעקוקט די פאָרשטעלונג. ווען שימעלע האָט זיך שוין געהאַלטן ביים ארויסרייסן פון זייערע הענט, איז אָנגעלאָפן דער סטרוזש פון א צווייטן הויף און מיט א דראָנג אזוי דערלאַנגט אים איבערן קאָפּ, אז ער איז ווילד געוואָרן און זיך אָנגעהויבן וואַרפן און צאַפּלען ווי א געהאָנגענער. ס'איז אויסגעוואַקסן א פאַרסאַפּעטער און צעיושעטער „סטויקאָווע", לויפנדיק האָט זיך די „שאַבלע" — שווערד געפלאָנטערט צווישן זיינע פיס, און אלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן שלאָגן דעם גנב. פאַרפלאַמטע, צעצונדענע, האָבן זיי געקרעכצט, געסלונעט מיט די מיילער און הנאהדיק געגאַוועדט... פון שימעלעס פּנים האָט זיך געגאָסן בלוט. ער האָט אָנגעהויבן, ווי אן אָקס צו קאָפּען מיטן קאָפּ אין די בייכער אריין, אין די נידעריקע, סענסעטיווע פלעצער; בליצשנעל אָנגעכאַפּט א פוס און דער „סטויקאָווע" האָט זיך אויסגעצויגן, זיין היטל האָט זיך ווייט אַוועקגעקאָלערט פון אים. די לוויה, וואָס האָט זיי ארויסבאַגלייט פון הויף, האָט פריילעך, נקמהדיק געלאַכט פונעם פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך וואַקלדיק קוים געקאָנט צוריק אויפשטעלן און מיט פאַרשטשעמעטע ציין, בלוטפאַרלאָפענע אויגן גענומען נאָך שטאַרקער שלאָגן, קאַטעווען דעם גנב. שימעלע האָט שוין נאָכגעשלעפּט די פיס, אויסגעקוקט ווי א פאַרבלוטיקטע שמאַטע, וואָס עטלעכע צעיושעטע כאַמעס רייסן זיך איבער איר און ווען זי באַלד צעפליקן אויף שטיקלעך. שטימען פונעם עולם האָבן נאָכגעשריגן: — היצלעס! מערדער! איר וועט דאָך אים אינגאַנצן דערהרגענען!

צירל האָט מיט א פאַרציטערט האַרץ צוגעזען ווי זיי שלאָגן, ממיתן דעם בחור, שפּרינגען ארום אים, ווי אָקסן וואָס דערזעען רויט. — „מאַמע, זיי וועלן דאָך אים דערהרגענען"! — האָט זיך פון איר ארויסגעריסן. און זי וועט זיין א מיטשולדיקע אין זיין טויט, ווייל נישט ווילנדיק האָט זיך איר האַנט א הייב געטאָן און אָנגעוויזן אויף אים, ווען ער איז ארויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און זי האָט הויך און דערשראָקן געשריגן: „כאַפּט א גנב!"

ער וואָלט אפשר געקאָנט אַנטלויפן, ווען זי מאַכט נישט אזא געוואַלד. ער איז שנעל ווי א בליץ. זיי וואָלטן אים אפשר נישט געכאַפּט. אָט ברעכן זיך אים די קני, ער פאַרוואַרפט דעם קאָפּ, ער חלשט! טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן. אויך דוד איז געשטאַנען א פאַרציטערטער, זעענדיק די מערדערלעכע קלעפּ. וואָס מען דערלאַנגט דעם יונגן גנב.

די סצענע האָט אים אויפגעשוידערט. ער האָט געטראכט מיט א פארקלעמט הארץ: אמת, ער איז נישט קיין פּאָליטישער, נאָר ער קומט אויך ארויס פון ארבעטער, פון אָרעמע לייט און די נויט האָט אים גע־צווונגען צו גנבענען, ווי זיין פאָטער פלעגט זאָגן, ווען מען האָט גערעדט פון גנבים. דוד איז מיטגעגאנגען ביז צום צערקל, וואָס איז נישט געווען ווייט פון זייער הויז, און געזען, ווי מען האָט שימעלען שוין ארייננעשלעפּט ביי די אָרעם.

# תכלית

קומענדיק צוריק אין הויף אריין א פארשוויצטער, און אויפגעטרייסל־טער צוליב די מערדערלעכע קלעפּ, וואָס מען האָט דערלאַנגט דעם גנב, האָט דוד דערזען זיין פאָטער.

— וואָס ביסטו אזוי צעקאָכט, דו ברענסט דאָך אינגאנצן — האָט יצחק געזאָגט צום זון.

— מען האָט דאָ אין הויף פריער געכאפּט א גנב און אים אזוי צע־שלאָגן, אז מען האָט אים א טויטן אריינגעשלעפּט אין צערקל! — האָט דוד פארענטפערט זיין צעטראָגנקייט, רעדנדיק מיט ציטער אין קול.

— דאָס איז שוין אן אלטע מעשה, די גרויסע גנבים טשעפּעט מען נישט. קלעפּ כאפּן די קליינע. דאָס מיינט אָבער נישט, אז א פארשטענדיק ייִנגל ווי דו, דארף זיך ארומדרייען פוסט און פּאָס.

— איך וויל גיין אין שקאָלע, טאטעשי.

— איך וואָלט אוודאי דיך געוואָלט שיקן אין שקאָלע, דוד. נאָר די צייט איז א שלעכטע. אין שקאָלע דארף מען צאָלן און מיר האָבן נישט אפילו דורכצולעבן. קום ארויף. וואש זיך ארום. אפשר וואָלסטו געוואָלט דרייען דאָס רעדל פאר מיר. איך דארף מאַכן אביסל זיידענע שנירן.

— יאָ, איך וויל. האָסט מיר טאקע צוגעזאָגט, אז דו וועסט מיך לאָזן דרייען ס'רעדל — האָט זיך דוד דערפרייט.

אביסל שפּעטער האָט יצחק פארצויגן אין הויף לאנגע ביינוולנע פע־דים פון שטאָלענעם האטשיק אין רעדלס „מויל" און דוד האָט מיט א פלאַטשיק שטיק האָלץ, וואָס ער האָט געהאלטן איןביידע הענט ביי די עקן, געטריבן דעם „וואל", וועלכער האָט געדרייט דאָס ראָד און ער האָט זיך צוגעזונגען פרייִלעכע און טרויעריקע לידער, וואָס ער האָט געהערט פון זיינע עלטערן און פריינד. ער האָט געפילט, אז ער וואקסט ארויס פון די קינדער־שיכלעך, אז ער ווערט גוצלעך, ער ווערט אַן ארבעטער... און יצחק איז געגאנגען לאנגזאם, טריט ביי טריט, האלטנדיק די ביינוולנע

שנור אין דער לינקער האנט, צווישן דריי פינגער און מיט דער רעכטער זי באַשפּיגען מיט זיידענע פעדים. פון די שנורן האָט ער דערנאָך אויסגע־אַרבעט באַפּוצונגען צו טייער געבעט־מעבל און קאָסטבארע פרויען־קליי־דער.

דוד איז בלויז א שטיקל צייט געגאנגען אין חדר, ווען ער איז נאָך געווען א קליין יינגל. ער געדענקט: אַ דאַרן, הוסטנדיקן מלמד, אַ ווילדער כעסן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די קינדער. ער פלעגט מיט דער דארער, ביינערדיקער האנט קנייפּן און געבן טרוקענע קלעפּ. דאָס קליינע שטיבל איז געווען אָנגעפּאקט מיט קינדער. איינמאָל איז באפאלן פּאָליציי... דער רבי האָט ווייזט אויס נישט געהאט קיין דערלויבעניש אויף א חדר. דערזעענדיק פּאָליציי, האָבן זיך די קינדער דערשראָקן, אַנ־דערע האָבן זיך צעוויינט, געוואָלט אנטלויפן, נאָר די פּאָליציי האָט זיי פארהאלטן... דער רבי איז געשטאנען א בלאַסער און געציטערט ווי אַ בלאַט...

שפּעטער איז געקומען א מלמד צו זיי אין הויז אריין. דער מלמד איז געווען געכאפּט פון דער נייער צייט: ער האָט געפירט מעכאניש מיטן טייטל אין סידור און דיסקוטירט מיטן פאָטער, צי ס'איז יאָ דאָ א גאָט אויף דער וועלט, אָדער נישט. און צי די מלחמה מיט יאַפּאַן וועט דערנע־ענטערן די רעוואָלוציע? ביים וואָרט רעוואָלוציע, האָבן זיינע אויגן אויפ־געלויכטן און דער למדנישער שטערן האָט ביי אים געשיינט.

יצחק האָט געזאָגט — צי ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט אָדער נישט, כאָטש אלע פאקטן זענען קעגן אים... נאָר איין זאך איז זי־כער, אין דער תורה זענען דאָ גוטע געדאנקען, הויכע אידעען. וועגן דעם קאָן קיין צוויי מיינונגען נישט זיין. און נאָך א זאך, אונדזערע נביאים זענען געווען די ערשטע סאָציאליסטן. זיי האָבן נאָך דעמאָלט געצאָרנט קעגן די רייכע, וואָס זויגן דאָס בלוט פון אָרעמען פאָלק.

דוד האָט זיך איינגעהערט צו אזעלכע שמועסן און צו די רעדעס, וואָס זענען געהאלטן געוואָרן ביי זיי אין שטוב אויף די געהיימע פאר־זאמלונגען, און די ערשטע קערנער פון סאָציאליזם זענען פארזייט געוואָרן אין אים.

די צייט איז ווידער געוואָרן שלעכט. ס'איז נישט געווען צו באצאָלן דעם מלמד און דוד איז געוואָרן א פרייער פויגל... קענענדיק שוין אביסל לייענען און שרייבן יידיש, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו שייקעוויטשעס אין

בלאָשטיינס ראָמאַנען. געלייענט, געשלונגען אַלץ וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט. רוסיש און פּויליש האָט ער שפּעטער אָנגעהויבן זיך אַליין לערנען.

די עלטערן האָבן גענומען זאָרגן וועגן אַ תכלית פאַר אים. שמוקלערײַ טויג נישט. ס׳ווערט וואָס אַמאָל ערגער. ראַמען־שנײַדערײַ האָט געבליט אין וואַרשע. יצחקס פּלימעניק חײַמל, אַ קליינוווּקסיקער, אַ דאַרער, אַ נישט דערוואַקסן ייִנגל, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע, בלאָנדע האָר און שאַרפע, לע־בעדיקע בלויע אויגן האָט געאַרבעט בײַ „אָקרימשע" ראַמען־שנײַדערײַ. געווען אַ גוטער פאַרדינער, געטראָגן שײנע קליידער, געווען אַ „פּאַצעט". האָט ער דודן אַרײַנגענומען אויף דער לערע ווו ער האָט געאַרבעט.

דער מײַסטער האָט געהייסן מלך מעגמליק, און אויסגעקוקט ווי אַ פּוילישער פּריץ מיט בלאָנד־פאַרדרייטע וואָנצעס. ער האָט געהאַט אַ בכבודיקן בויך מיט אַ היפּשן קאַרק און אַ ברייטן שטעל. דער צעניאָ־ריקער דוד איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער שנײַדער־פאַבריק, ווו מען האָט געאַרבעט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. די געזעלן האָבן געערדט גראָבע רייד. פון זיי האָט דוד געהערט, אַז אין וואַרשע איז דאָ אַ „מאַדאַם" „די הויכע גאָלדע" און זי איז די אייגנטימערין פון אַ „הויז". טייל געזעלן האָבן גערעדט אָפן פון דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר. דוד האָט זיך פאַרשעמט אײַנגעהערט, דערוווּסט זיך צום ערשטן מאָל דורך זייערע נישט ריינע מײַלער פאַקטן פון לעבן... אַז ער איז רויט גע־וואָרן האָט מען געלאַכט פון אים, איז ער נאָך רויטער געוואָרן. זיי האָבן געזאָגט, אַז ער איז צו איידל געפּאַטשקעט צו זײַן אַ לערניונג. דוד האָט טאַקע שטאַרק געוואָלט גיין אין שקאָלע, געחלומט אָנקומען אַמאָל אין אַ גימנאַזיע. ער פלעגט מיט בענקשאַפט אַרײַנקוקן אין דער פּוילישער שקאָ־לע, מקנא געווען די סטודענטן מיט די „טעקעס" אויף די פּלייצעס, אין וועלכע זיי האָבן געטראָגן די ביכער... ער פלעגט זיי לאַנג נאָכקוקן און טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן.

אַזוי זענען אַוועק זײַנע קינדער־יאָרן.

# אַ שטרייק

אין מענטליקס שניידער־פאבריק זענען אָנגעקומען עטלעכע אויפגעקלערטע ארבעטער און אָרגאניזירט א שטרייק. אויף א געהיימער פארזאמלונג האָט מען אויסגעאַרבעט די פאָדערונגען: מען ארבעט נישט מער פון פרי ביז שפּעט אין דער נאכט אריין אָן א חשבון, נאָר פון אכט ביז אכט, ס'הייסט פון אכט אינדערפרי ביז אכט ביינאכט, א העכערונג אין געהאלט און נאָך עטלעכע פאָדערונגען. דאָס אַלץ איז אויפגעשריבן געוואָרן אויף אַ פּאפּיר און ס'איז געבליבן, אז דוד, דער יינגסטער, וואָס איז שוין א שטיקל געזעלן זאָל דערלאנגען די פּאָדערונגען דעם באַלעבאָס.

מלך מענטליק איז געשטאנען ביי א גרויסן טיש און צוגעשניטן די אויסגעשפּרייטע סחורה, וואָס ער האָט פריער אָנגעצייכנט מיט קרייד לויט פאָרעמס. גוטשע, זיין ווייב, האָט אים אריינגעבראכט אָנבייסן אויף א טאַץ אזוי ווי אלע טאָג: געבראָטענעם הערינג פאר אן אפּעטיט, געפּרעגלטע אייער מיט גרויסע גאָלדענע אויגן, פרישע זעמל אָדער בייגל מיט פּוטער און קאווע מיט „שמאַנט". די טאַץ האָט פארשמעקט, פלעגט רייצן ידעם אַפּעטיט פון די אַרבעטער, וואָס איידער זיי זענען אַוועק אינדערפרי פון שטוב איז זייער אָנבייסן באשטאנען פון א שטיקל ברויט אָדער א טרוקן זעמל מיט טיי.

אז מלך האָט אָפּגעגעסן, און געגעסן האָט ער געשמאַק, מיט אלע חושים, צוגעפּרייכט און צוגעסאפּעט, ווייל ער איז געווען א פעטלעכער מענטש — האָט ער זיך אָפּגעווישט מיט דער פעטער האנט די בלאָנדע, פּריצישע וואָנצעס, פארריכערט א ציגאר, איבערגעגאנגען זיך איבער דער „פּראצאָווניע" (ווארשטאט), באטראכט טיילן פון מאנטלען, וואָס זענען געווען אין דער ארבעט, געזאָגט חסרונות און דערנאָך זיך ווידער גענומען מיט דער גרויסער שער שניידן דאָס געוואנט אונטערזינגענדיק זיך א ניגון, וואָס איז באגלייט געוואָרן פון מאשין־גערויש און פּויקעריי פון די פּרעסאייזנס. נאָר איין פרימאָרגן איז מלכן דאָס אָנבייסן נישט באקומען.

ס׳איז שוין געווען נאָך זיבן, אכט, באלד גיין אזייגער — און קיינער פון די ארבעטער האָט זיך נישט באוויזן. ער האָט זיך געריבן דעם שטערן און געטראכט: אפשר איז היינט שבת, אָדער אפשר איז ער שיכור?

— גוטשע, וואָס פארא טאָג האָבן מיר היינט?

— ס׳הייסט, וואָס פארא טאָג? ווייסט נישט, אז היינט איז מאָנטיק?

אז היינט איז מאָנטיק און נישט שבת, טאָ ווו זענען די געזעלן? זענען זיי אלע קראנק געוואָרן מיט איינמאָל?

— ביסט טאקע געראכט — האָבן אירע שווארצע אויגן א בליאַסק געטאָן — ס׳איז עפּעס נישט גלאַט!

— א שיינעם דאַנק דיר. ס׳איז מיר טאקע גוט, אז כ׳האָב אזא קלוג ווייב, וואָס האָט באלד דערטאפּט, אז ס׳איז נישט גלאַט — בהמה! וואָס שטייסטו ווי אויף אויסצומעלקן. גיי בעסער און געפין אויס, וואָס ס׳איז געשען. זיי האָבן דאָך נישט אלע מיט איינמאָל קראפּירט. נו, גיי, ריר דיך!

— שא, וואָס שרייסטו אזוי, מלכל. איך הער דיך. איך בין דאָ.

— האָט מיך א גדולה געטראָפן וואָס דו ביסט דאָ. מ׳זאָל דיך נאָר נישט אוועקגנבענען.

— אוודאי בין איך דיר נישט קיין גדולה, אז דו ווייסט ווו ס׳וווינט די „הויכע גאָלדע“.

— גוטשע! כ׳וואָרן דיך! ברענג מיך נישט אין כעס אריין. עמעצער האָט עפּעס אָנגעפּלוישט אין דיין בהמהשן קאָפּ אריין און די טראָגסט זיך ארום מיט דעם. כ׳וויל מער דערפון נישט הערן — משוגענע!

— משוגע ביסטו. אזא אַלט פערד זאָל קריכן אהין און מיר נאָך אפשר ברענגען א מתנה, וואָס די „הויכע גאָלדע“ שענקט אזעלכע מענער.

אין מיטן קריג האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אריינגעקומען צוויי געזעלן מיט דודן.

— וואָס פארא „חגא“ איז היינט? — קוקט אויף זיי מלך מענטליק מיט פארוואונדערונג.

ס׳איז א שטרייק — זאָגט איינער פון די ארבעטער און דוד דערלאנגט אים דאָס פּאפּירל מיט די פאָדערונגען.

מלך מענטליק לייענט און גלאָצט מיט די אויגן: „מיר פארלאנגען א צוועלף־שעהדיקן ארבעטסטאָג, א העכערונג אין געהאַלט און — ער צערייסט דאָס פּאפּירל — נעמט אייך צו די פאבריק מיט דער סחורה. טוט מיר אויס דאָס העמד. נישט אנדערש איר זענט משוגע געוואָרן! זעצט אייך

גלייך צו דער ארבעט און שלאָגט זיך ארויס דאָס משוגעת פון קאָפּ. מ׳דארף ארויסענדיקן באשטעלונגען. און ווו זענען די אנדערע?

— זיי שטרייקן. מען ארבעט ניֹשט.

— טאָ גייט און ברעכט הענט און פיס און פגרט פון הונגער.

אין א וואָך ארום האָט מלך מענטליק נאָכגעגעבן די פאָדערונגען.

# אַ שטיקל פּאָגראָם

די אומרועןן אין וואַרשע ווי איבערן גאַנצן לאַנד, האָבן זיך פאַר־שטאַרקט. אין אַ סך פאַבריקן האָט מען געשטרייקט. אין פאַרשידענע טיילן שטאָט זענען פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פענער. פּאָליציי איז געוואָרן ווילד: קאָזאַקן אויף פערד זענען אַרומגעפלויגן און געהאַקט מיט נאַהייקעס איבער די קעפּ פון די דעמאָנסטראַנטן. אין דער לופט זע־נען געפלויגן שטיינער, פלעשער, שטיקער אייזן. די פערד זענען געוואָרן ווילד, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און געשווימט מיט די מויי־לער — דעמלט האָט דער וואַרשעווער פּאָליצמייסטער באַשלאָסן צו אָר־גאַניזירן אַ פּאָגראָם אויף יידן און אויסגעקליבן פאַר אַ פּראָבע די זויי־מיקע דזשעלנע גאַס, אין עק שטאָט, נאָענט צום יידישן בית־עולם. אין וואַרשע האָט זיך דער צארישער מאַכט קיינמאָל נישט איינגעגעבן צו מאַכן אַ „ריכטיקן" פּאָגראָם, ווי אין אַנדערע שטעט. עלטערע מענטשן האָבן דערציילט: מיט יאָרן צוריק, ווען ס'איז געווען דער „ראַבונעק" (פּאָגראָם) האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס שלעכט אָפּגעשניטן, יידישע טרעגערס, שמידן, קיילער־יונגען האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט מעסערס און העק. אין יעדן מויער זענען געשטאַנען באַוואָפנטע יידן. פון די פענצטער און באַלקאָנען האָט מען אַראָפּגעגאָסן אויף די קעפּ פון די פּאָגראָמשטשיקעס קאָכנדיק וואַסער געמישט מיט ברענשטאָף.

אויף דזשעלנע 79 האָבן זיך עטלעכע שיכורע קריסטן באַרימט, אַז מען גייט אויסהרגענען אַלע יידן. דאָס האָט זיך שנעל צעטראָגן פון מויל צו מויל. די לופט איז געוואָרן אָנגעשאַרפט, יעדער קלאַפּ, יעדער שאָרך האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. יידן האָבן געשאַרפט מעסערס און העק. יעדער הויף איז געוואָרן אַ פעסטונג פריינדלעכע קריסטן, דערהויפּט סאָ־ציאַליסטן, זענען צוגעשטאַנען. דוד און זיין פאָטער יצחק זענען געווען אויף דער „וואַך". מען האָט אויפגעכאַפּט יעדן שיכורן אויסגעשריי, יעדן סטראַשונעק פון אַן אַנטיסעמיט — מען איז געווען גרייט. אין איינעם

פון יענע הייסע יולי=טעג האָבן זיך דערהערט געשרייען פון דער גאַס. דער
סטרוזש האָט באַלד פאַרהאַקט דאָס טויער, פון די פענצטער און באַל=
קאָנען האָט מען געזען, ווי כוליגאַנעס הייבן אָן שלאָגן פאַרבייגייענדיקע
יידן, וואָס האָבן זיך אויף גאָרנישט געריכט, ווייל אין דער גאַנצער שטאָט,
אַחוץ דער דזשעלנע גאַס, צווישן דער „סמאָטשע" און „אָקאָפאָווע" איז
געווען רויִק. קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז די צאַרישע פּאָליציי מאַכט
אַ פּראָבע=פּאָגראָם. דורכגייענדיקע יידן זענען אומגעריכט פאַרכאַפּט גע=
וואָרן אין אַ פּאַסטקע. די זעלבסטשוץ, זעענדיק ווי פאַרבלוטיקטע יידן וואַל=
גערן זיך אויף די טראָטואַרן און אויף די שטיינער אין מיטן דער גאַס,
האָבן אויפגעריסן די טויערן און זיך אַרויסגעלאָזט מיט מעסערס, העק,
שטעקנס און אָנגעהויבן דערלאַנגען די פּאָגראָמשטשיקעס איבער די קעפּ.
עס האָבן זיך פאַראייניקט קריסטלעכע סאָציאַליסטן, מיט יונגע קרעפּ=
טיקע יידן. איבער די שיכורע כוליגאַנעס האָבן געהאָגלט שווערע קלעפּ,
און די צאַרישע פּאָליציי אויף פערד, די רעזשיסערן פון פּאָגראָם, האָבן
צוגעקוקט פון זייער פאַרשטעקעניש ווי זייער פּרווו האָט זיך נישט איינ=
געגעבן.

# פון יענער וועלט

צירל, וואָס האָט מיט א פארכאפּטן אָטעם און פארקלעמט הארץ צוגעזען ווי מען האָט אומברחמנותדיק געשלאָגן שימעלען גנב, האָט דאָס נישט געקאָנט פארגעסן, אָט ערשט האָט ער אזוי הנעוודיק פארבויגן דעם קאָפּ, געדרייט זיך א וואָנצעלע, „צוגעפוצט“ זיך צו איר, און אָט האָבן זיך די ווילדע היצלעס א ווארף געטאָן אויף אים און שיעור נישט צעריסן.. א באַגאָסענער מיט בלוט האָט ער שוין קוים נאָכגעשלעפּט די פיס.

אין צערקל האָט מען אים שוין אוודאי אריינגעטראָגן א טויטן. צירל האָט געהאט רחמנות אויף אים „ער איז דאָך אויך א מאמעס א קינד, און דערצו א שיין יינגל, בלוט און מילך. און ווי אזוי ער האָט זי געקושט מיט די אויגן! דאָס פּנים האָט איר געפלאַמט און ס'האַרץ האָט זיך איר געוואָרפן. זי האָט גאָר אין יענער מינוט פארגעסן, אז ער איז א גנב, זיינע אויגן, אזעלכע צאַפּלדיקע, לאַשטשענדיקע, האָבן זיך אין מיטן העלן טאָג אריינגעגנבעט צו איר אין הארץ. זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט באַרויקן, שימעלע איז נישט ארויס פון איר געדאנק, געשטאַנען פאַר אירע אויגן און נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ביינאַכט איז ער איר געקומען צו חלום און געזאָגט, אז אפילו אויף יענער וועלט קאָן ער נישט לעבן אָן איר... אזוי ווי ער האָט זי נאָר דערזען, האָט זי זיין הארץ געפאנגען, און א מענטש קאָן דאָך נישט לעבן אָן א האַרץ... ער האָט פארבויגן דעם קאָפּ, געדרייט זיך א וואנצע און איר דווקא געוואָלט קוקן אין די אויגן אריין, דערנעענטערנדיק זיך צו איר. מאמע! — האָט זי אויסגעשריגן און זיך אויפגעכאפּט אין טויטשרעק. ס'הארץ האָט איר געקלאפּט. אז זי האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַרויקן, האָט זי געטראַכט: ווען אזעלכער ווי ער איז אן אָרנטלעכער בחור, נישט קיין גנב, וואָלט זי זיך אַזוי אים שטערבלעך פארליבט אזוי ווי זי האָט געלייענט אין א העכסט אינטערעסאנטן ראָמאַן. נו, איצט וועט ער זי שוין מער נישט פארפאָלגן. שכנים פון הויף, וואָס זענען מיטגעגאנגען ביז צום צערקל

האָבן דערציילט, אַז מען האָט אים שוין דאָרט אַריינגעטראָגן אַ טויטן. און דאָס האָט זי דאָך אָנגעוויזן אויף אים, ווען ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון פענצטער, דאָס האָט זי געהאַט אַ האַנט אין זיין טויט. און דאָך וויל ער נישט אָפּטרעטן פון איר, קומט איר צו חלום, שפּרייט אויס די הענט און דערנענטערט זיך צו איר... ס׳באַפאַלט זי אַ שרעק געמישט מיט אַזאַ מין פרייד, אַז אָט קומט זי אום... און כאָטש זי ווייסט, אַז ער איז טויט, ווייזט זיך איר נאָך אַלץ אויס, אַז ער וואַרט אין הויף אויף איר, טרעט נישט אָפּ פון טויער. וואַשנדיק די באַלעבאַטימס וועש אין אַ באַליע, איינ־געהילט אין פּאַרע, זינגט זי זיך אונטער:

אפשר פאַרלאַנגסטו פון מיר אַ קיש?
פון אַן אַנדערן יאָ, פון דיר ניש...
גיי שוין דו ביסט אַ גנבֿ,
גיי שוין דו ביסט אַ „זלאָדזשעי“
גיי שוין גיי...“

אַ שטיק צייט אַרום, אַ שבת בייטאָג. צירל גייט אין גאַס און ס׳טוט איר אַ שווינדל פאַר די אויגן, ס׳האַרץ הייבט איר אָן קלאַפּן, אָט חלשט זי! האַרט לעבן איר פאָרט פאַרביי שימעלע גנבֿ אין אַ דראָזשקע! אויסגע־פּוצט אין אַ נייעם, העלן אַנצוג. דאָס פּנים — בלוט און מילך. די אומרו־איקע אויגן ברענען אונטער לאַקירטן דאַשעק. ער מאַכט צו איר מיט די הענט. זי לויפט ווי אַן אונטערגעשאָסענע. די דראָשקע פאָרט איר נאָך. זי כאַפּט זיך אַריין אין אַ הויף. באַהאַלט זיך אין אַ טונקעלן קאָרידאָר. שימעלע וואַקסט אויס לעבן איר. זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און חלשט. ווען זי עפנט די אויגן, און דערזעט ווי ער רייבט איר די שלייפן וויל זי ווידער לויפן.

— וואָס איז מיט אײַן? וואָס שרעקן זי זיך פאַר מיר? יאָך בין עס ניש קאַ מענטשן?

— אַוועק! — שרייט זי — אַנישט מאַך איך אַ געוואַלד און רוף די פּאָליציי!

— פאַרוואָס זאָלן זי רופן פּאָליציי? איך טו אין דען שלעכץ?

— זי פאַרפאָלגן מיך. אַלע אין הויף זאָגן, אַז זי זענען שוין טויט, אַז מען האָט אין דערהרגעט!

— זאָלן אונדזערע שונאים דערהרגעט ווערן. די פּראַ זאָל מיר אַזוי דינגען, ווי כ׳לעב און בין געזונט און שטאַרק!

— טרעטן זי אָפּ. כ׳מאַך אַ געוואַלד!

— טיען זי דאס ניש. יאַך בעט אין. כ'בין ניש אָמן קאַ שלעכין. כ'וואַיס, אז זי זענען אן אָרנטלעך קינד!

— טאָ לאָזן זי מיך צירי.

— כ'קאָן אין ניש צירי לאָזן.

— פארוואָס?

— ווייל זי האָבן אוועקגעגנבעט מיין האַרץ. א כישוף האָבן זי מיר אָנגעטאָן!

— זי וויסן ניש וואָס זי רעדן. יאַך בין ניש קאַ כישופמאכערין.

— אָ, יאָ. ווי מיר האָבן א גאָט אין הימל, אַז זי האָבן מיך כישוף אָפּגעטאָן: ווי כ'גיי און ווי כ'שטיי הער יאַך אינס קול. און בייטאכט וואַרף אַך מאָך אָפּן געלעגער. אפילו אין תפיסה זענען זי ניש אָפּגעטראָטן פון מיר — איז דאָס ניש קאַ כישוף?

— ווען מיין מאַמע זאָל אויפשטיין פון קבר און זען, אז איך רעד גאָר צו אזעלכע ווי זי זענען, וואָלט זי מיר די אויגן אויסגעדראַפּעט, זי וואָלט מיך פערשטיקט!

— וואָס בין יאַך דאָס אַזעלכעס?

— זי וויסן שוין וואָס זי זענען.

— כ'וויים, אז כ'בין אָך א מאמעס א קינד, כאָטש כ'בין צי זעקס יאָר געבליבן א יתום.

— אינס מאַמע זאָל אויפשטיין פון קבר און זען וואָס פון איר זון איז געוואָרן, וואָלט זי זיך צוריק באַגראָבן!

— וואָס האָט געקאָנט ווערן, כ'בעט אין, אין אן אָרעם הויז פין א קיילעבדיקן יתום? ווער האָט מיך געזאָלט פירן אויפן גלייכן וועג? פאַ־אין אָבער בין אָך גרייט אפילו אוועקצווואַרפן די גנבישע פענוסע — שטיינער וועל יאַך טראָגן, מיט דע גאָז די ערד קאָפּען. כ'קען גאָר ווערן אַ „האַנדלאַויש" אָדער אַ טרעגער. אינץ זעמענאָך יינג. מיר קאָנען נאָך האָבן א גליקלאָך לעבן! — האָט ער שוין גערעדט צו איר פלייצע, ווייל זי האָט געשפּאנט פאָרויס, דאָס פּנים פארפלאמט, איר האַרץ האָט געקלאַפּט. אירע צעפּ האָבן זיך געוואָרפן, ווי זי וואָלט אים געשמיסן מיט גאָלדע־נע ביימשן. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום הויף פון דזשעלנע 79 איז צירלען באַפּאַלן א שרעק! וואָס וועלן מענטשן זאָגן ווען מען וועט זיי זען צוזאמען? זי וועט דארפן פון דער שטעלע אנטלויפן. און וווהין וועט זי לויפן? אין קלייגעם שטעטל צום אָרעמען טאַטן, וואָס האָט אליין נישט צו עסן? אָדער „ארומשלייען" זיך מיט דעם אָ! ווי געפעלט דיר? דאכט

זיך שוין געשטאָרבן און פּטור — גיין, ער לעבט נאָך! און זי, דער נאַר, האָט אים שוין באַוויינט, און איצט וויל ער זיך ווידער נישט אָפּטשעפּען פון איר. און זיינע אויגן ברענען איר אוים א שטיק האַרץ! וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף איר לעבן!

קומענדיק נעענטער צום טויער, האָט שימעלע אָנגעהויבן שטעלן לאַנגזאַמע טריט. זי איז שנעל אַריינגעלאָפן אין הויף, הערנדיק ווי ער שרייט איר נאָך:

— די פראָ זאָל מיר אזוי דינען ווי כ'וועל אין נאָך זען!

# שכנים

— וואָס הערט זיך עפּעס, ר׳שלמה? — פרעגט יצחק דעם שכן אין פראָנט פון סאָדע־געוועלבל.

— ס׳וואָלט זיך געמעגט הערן בעסער.

— וואָס איז?

— כ׳האָב צרות פון מיין יונג, ער וויל נישט זיין קיין לייט. וויל זיך נישט לערנען קיין מלאכה. אז כ׳דינג אים אָן ערגעץ אויף דער לערע, איז ער אָפּ עטלעכע טעג און אנטלויפט!

— ס׳הייסט ער אנטלויפט?

— דאָס וואָס איר הערט. כאָטש האַק אים און בראָק אים, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטן אויף א פּלאַץ. אייער יינגל, הער איך, לערנט זיך שניידעריי און פאַרדינט שוין א רובל א וואָך — זייער שיין. הלוואי אויף מיינעם געזאָגט געוואָרן. מיינער דרייט זיך ארום פּוסט און פּאַס און... שרייבט, הערט איר גאָר, לידלעך! מאַכט גראַמען און קלאַפּט צו מיטן פוס...

— זייער שיין. ער קאָן נאָך ווערן א פּאָעט! — זאָגט יצחק.

— אַ וואָס? — פרעגט איבער ר׳שלמה מיט חשד...

— אַ דיכטער, א שרייבער, א גרויסער מענטש!

— וואָס טויגן מיר דאָרט אייערע ווערטלעך. ס׳איז גוט צו מאַכן שפּאַס אויף יענעמס חשבון, ווי מען זאָגט, צו האָבן א מכה ביי יענעם אונטערן אָרעם... דער יונג איז נישט קיין לייט, דרייט זיך ארום שליינג און שלאַנג און מאַכט קאַליע ברויט!

— ער איז נאָך יונג, ער וועט זיך איבערקאָכן. גאָט וועט העלפן — טרייסט אים יצחק — גאָט פאַרלאָזט אפילו נישט קיין וואָרעם אין דער ערד.

— ווי קאָן אים גאָט העלפן, אז ער וויל אפילו נישט דאַווענען.

— און די וואָס דאַווענען יאָ, העלפט גאָט? — פרעגט שוין יצחק שפּיציק.

— אוי, אוי, העלפט ער — פארזיכערט אים שלמה — הלוואי אויף אונדז געזאָגט געוואָרן, ווי אנדערע יידן ווערן געהאָלפן.

— וועלכע יידן? — רוקט שוין יצחק ארויף דעם הארטן קאפעלוש און דער אפיקורס טוט א בליאַסק אין זיינע אויגן — די יידן וואָס אַנ־דערע ארבעטן פאר זיי? די שפעקוליאַנטן, פאַבריקאַנטן, וואָס לעבן אויף יענעמס פראצע? פארוואָס העלפט נישט גאָט די טרעגער, די שניידערס, די שוסטערס, די, וואָס שלעפן ארום א קויש אויבס צו פארקויפן, די, וואָס ארבעטן צום שווערסטנס, הונגערן און פרירן. פארוואָס העלפט זיי נישט גאָט?

— גו, גו, ר'יצחק הייבט שוין אָן מיט זיינע אפיקורסישע טענות — האָט ר'שלמה געשמייכלט אין דער באָרד אריין מיט זיינע פולע, רויטע ליפּן. באלד אָבער איז ער געוואָרן ערנסט און א פרעג געטאָן — ווער זע־נען מיר דאָס צו לערנען גאָט ווי אזוי צו פירן די וועלט?

— ווער זאָגט אייך דען, אז גאָט פירט די וועלט?

— ווער דען פירט זי? — האָט שלמה גענומען די באָרד אין דער פויסט אריין.

— דער טייוול פירט זי, צאַר ניקאָלאַי פירט זי!

ס'איז געוואָרן א רעדל ארום זיי, טייל האָבן צוגעשטימט צו איין צד, טייל צום צווייטן צד, ביז עמעצער האָט געלאָזט וויסן: „ס'קומט אָן פּאָ־ליציי". א רעדל אין גאס, מיינט א „סאָבראַניע", וואָס שמעקט מיט ארעסט, מיט וואַלגערן זיך חדשים אין טורמעס. זענען אלע אריין אין הויף פאַרזעצן די דיסקוסיע.

דוד האָט ליב געהאט זיך איינצוהערן, וואָס עלטערע רעדן, ער האָט סתם ליב געהאט אויפצושטעלן אַן אויער און זיך דערוויסן וואָס ביי יענעם טוט זיך... איז ער אויך אריין אין הויף. ר' שלמה, זיין חבר עליעס פאָטער — האָט ער געוווּסט — איז א „פאַנאַטיקער", וואָס גלייבט אין גאָט. נאָר ווי אזוי זיין פאָטער קען באַווייזן, אז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, דאָס איז אים נישט געווען קלאָר, ווייל דער הימל איז אַזוי הויך און קיינער איז נאָך דאָרט נישט געווען. אמאָל, בעת אַ זונ־פארגאנג, האָט ער ארויפגעקוקט צו די צעפלאַקערטע וואָלקנס און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער זעט דאָרט ארומשוועבן מלאכים מיט פליגל ארום א גרייז גרויען זיידן מיט א העל־זילבערנער באָרד און שטראַלנדיקע אויגן. ער האָט אַזוי לאַנג ארויפגעקוקט און אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז דער קאָפּ האָט זיך אים גענומען דרייען און ער איז געוואָרן הונגעריק און מיט

פרייד זיך דערמאנט, אז ס'איז שבת. ס'וועט זיין גוטע זאַכן צו עסן. צומאָרגנס איז געווען א היץ. די הייזער זענען געווען אָנגעגליט. פרויען פון הויף האָבן צוזאמען אהיימגעטראָגן די טשולנטער פון בעקער, וואָס מען האָט פרייטיק פארדוקט אין אויוון אויף א גאנצע נאכט ביז א שטיק אין טאָג אריין... און גייענדיק געשמועסט פון ווייבערשע זאכן... דוד האָט אָנגעשפיצט די אויערן, געמאכט אן אומשולדיקע מינע, כלומרשט געקוקט פאָרויס און זיך צוגעהערט צו אזעלכע פרעמדע, מאָדנע רייד. דערוווסט זיך וועגן זאכן, וואָס א ייִנגל אין זיינע יאָרן האָט נאָך נישט באדאַרפן ווי זי זענען דערציילט געוואָרן פון יונגע און מיטליאָריקע ווייבער...

דער גאנצער הויף האָט געשמעקט מיט טשולנט, וועלכער איז באַשטאַנען פון קישקע, אָנגעפילט מיט שמאַלץ, קארטאָפל, באָבעס, און פון א „קלוגן" קוגל, וואָס האָט זיך געבאָדן אין פעטס. נאָכן אָפּעסן דעם טשולנט, וואָס איז נאָך געווען געראָטן אויך, איז מען געווען פול, אָנגעפּאַקט. ס'איז באפאלן א מידקייט, און מען האָט זיך צוגעלייגט כאפּן א שבת־נאָכמיטאָגדיקן, זיסן דרימל. אויפגעכאפּט האָט מען זיך טיילמאָל מיט בויכווייטיק און א מיאוסן טעם אין מויל. ס'עסן איז אָפּט געבליבן ליגן „ביים הארץ". שפּאַק, דער פעלדשער, וואָס האָט באדינט אָרעמע לייט, האָט זיך אָפט קיין עצה נישט געקאָנט געבן און מען האָט געמוזט ארויסרופן די גיכע הילף.

# טעאַטער און רעוואָלוציע

אַז דוד האָט געזען די ערשטע יידישע פאָרשטעלונג אין קאָמפּאַנייע־צעם טעאַטער אויף מוראַנאָווער גאַס, איז ער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שפּיל, אַז ער האָט פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן שוועבן צווישן טעאַטער און רעוואָלוציע... נישט געקאָנט באַשליסן וואָס ער זאָל ווערן, אַן אַקטיאָר אָדער אַ רעוואָלוציאָנער.

די טירן פון טעאַטער האָבן זיך ווי שטענדיק געעפנט פאַרשפּעטיקט. ס'איז געוואָרן אַ געלויף, ווי ס'וואָלט אויסגעבראָכן אַ שריפה, מען איז געשפּרונגען איינער איבערן אַנדערן צו פאַרכאַפּן אַן אָרט אויף דער גאַ־לעריע, וווּ מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. עלטערע, שוואַכערע, זענען געבליבן פון הינטן און געמוזט די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג זיך דרייען און בייגן, קוקן דורך שפּאַרעס צווישן צוזאַמענגעדריקטע אַקסלען, אָדער שטיין אויף די שפּיצפינגער מיט אויסגעצויגענע העלדזער, כדי עפּעס צו זען אויף דער בינע. געשפּילט האָט מען: „אַכטונצוואַנציק טויזנט מיט עפּעס". דוד האָט דאָס ערשטע מאָל געזען אַ צווייטע, אַ נאָכגעמאַכ־טע וועלט, וואָס איז גערעכטער ווי די אמתע: דער שלעכטער, דער אינט־ריגאַנט האָט אַ שלעכטן סוף. דער גוטער, דער איידעלער, האָט אַ גוטן סוף. ווען מען האָט צום לעצט געשמידט דעם אינטריגאַנט אין קייטן, האָט זיך דער עולם געקילט דאָס האַרץ שרייענדיק — נעמט אים! בינט אים!

דוד, אַ פאַרפלאַמטער, אַ טריומפירנדיקער, האָט מיטגעשריגן און אַרויס פון טעאַטער אַ באַרוישטער. ווען ער איז אַהיימגעקומען און קיי־נער האָט נישט געזען, האָט ער זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל און נאָכגע־שפּילט די סצענעס פון הויפּט־העלד. און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער מאַכט דאָס נישט שלעכט. ער קען גאָר ווערן אַן אַקטיאָר: ער וועט שטיין אויף דער בינע און נייגן דעם קאָפּ צום שטורעם פון אַפּלאָדיס־מענטן.

זיין חבר עליע, וואָס האָט נישט געוואָלט זיין קיין לייט, לערנען זיך א מלאכה, האָט שוין געטראָגן א שווארצע פעלערינע מיט לאנגע האָר און זיך טאקע געשניטן פאר אן אמתן פּאָעט. זיין ערשט ליד האָט זיך אָפּגע־דריקט אין דער „ראָמאַנס־צייטונג", ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג. ער איז שוין אויך געווען אויף טלאָמאצקע 13 און אין הויז פון פּרצן, וואָס האָט אנטדעקט דעם פונק אין אים. דוד האָט אים געזאָגט, אז ער איז פארכאפּט פון טעאטער, פּלאנירט צו זיין אן אקטיאָר:

— טעאטער איז א גרויסער ענין — האָט אים עליע דערמוטיקט — מיר דארפן האָבן א גוט, ליטעראריש טעאטער.

# ברוך שולמאַן

דוד איז געזעסן אויף א באנק אין זאַקסישן גאָרטן מיט א מיידל, אוודאי א יאָר פופצן, זעכצן אלט. גוטשע האָט זי געהייסן. זי האָט זיך געמאכט א „גרעקל" פון די צעפּלעך. געוואָלט אויסזען עלטער ווי זי איז... דוד האָט גערעדט וועגן טעאטער און זי האָט געקוקט אויף אים מיט נאַ־איווע, יונג־פארליבטע אויגן. נאָר ער האָט נאָך נישט געהאט קיין געפיל פאר קיין מיידלעך. די פארגייענדיקע זון האָט געצונדן די שפּיצן פון די ביימער און גערויטלט די פּנימער פון די שפּאצירנדיקע.

— זי האָבן שוין געהערט דאָס נייע ליד? — האָט אים גוטשע גע־פרעגט — וועלנדיק זיך צירן מיט עפּעס...

— וואָס פארא ליד?

— אויב זי ווילן קאָן איך דאָס שטיל זינגען פאר אין:

„הער נאָר דו קאַצאַפּ, זאָלסט נישט מיינען ס'איז דיין לעצטער קלאַפּ.

דו האָסט געטאָן קליינע קינדער קוילען.
קעשעניעווער בלוט, באצאָלט „יאַפּאָניע" גוט,
ווייל דו האָסט געטאָן קליינע קינדער קוילען.

אָבער היינט זעט ווי ער האָט דאָס אויסגעקרענקט,
צי ס'וועט אים לייכט אראָפּגיין, האָט ער ניש געדענקט.
יאַפּאָניע שטוינט די גאנצע וועלט,
האָט דעם פּאָגראָמשטשיק אָפּגעשטעלט.
און טרייבט דעם חזיר, דעם רוסישן העלד"

האָס פאָלק האָט זיך געקילט דאָס האַרץ, פארפאסנדיק אזעלכע לי־דער אויף דער צארישער רעגירונג, וואָס האָט געקראָגן שטארקע קלעפּ אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן.

— אויב זי ווילן, וועל איך דאָס ליד איבערשרייבן פאר אין.

— אַ דאַנק. איך האָב שוין דאָס געהערט זינגען אין דער פאַבריק ווו איך אַרבעט. כ'קען דאָס שוין באַלד פון אויסנווייניק. און ווער האָט צייט פאַר לידלעך. איך בין איצט פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן.

— מיט וואָס אַשטייגער זענען זי פאַרנומען?

— איך לייען קאַרל מאַרקס און האָב זיך אָנגעשלאָסן אין מאַריק אָרנשטיינס דראַמאַטישע גרופּע צו לערנען זיך שפּילן טעאַטער.

— אַז זי וועלן ווערן אַן אַקטיאָר וועל איך קומען אין זען שפּילן און ברענגען בלומען.

— פון וואַנען ווייסן זי, אַז זי וועלן דאַרפן ברענגען בלומען?....

וואָס זיסער דאָס מיידל איז געווען צו אים, אַלץ גודנער און שווערער איז אים געוואָרן פון איר.

פלוצעם האָט אַ הילכיקער אויפרייס נישט ווייט אויפגעטרייסלט די לופט. ווייזט אויס אַ באָמבע האָט געפּלאַצט. אין גאָרטן איז געוואָרן אַ געלויף צום אַרויסגאַנג. אין יענע טעג, אַז מען האָט דערהערט אַ שיסעריי, ווער שמועסט אַן אויפרייס פון אַ באָמבע, האָט מען אין פּאַניק גענומען לויפן. ביי אַזאַ געשעעניש האָט די פּאָליציי פאַרצאָמט אַלע וועגן, אַרעסטירט ווער ס'איז געקומען אונטער דער האַנט, אַריינגעפּאַקט אין צערקלען, אין צייטווייליקע טורמעס און ווען ס'איז געפאַלן אַ שטיקל חשד — איז צוגעשטעלט צום ווענטל... שפּעטער איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דאָס האָט ברוך שולמאַן, אַן אַרבעטער, אויפגעריסן דעם פאַרהאַסטן קאָמיסאַר קאָנסטאַנטינאָוו, די באָמבע האָט אים צעריסן אויף שטיקלעך. זייגע גערערים האָט מען געזען הענגען אויף די דראָטן פון טעלעגראַף־סלופּעס. ברוך שולמאַן האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, אַריינגעשפּרונגען אין אַ פאַרבייפאָרנדיקן טראַמוויי, נאָר זעענדיק, ווי אַ פּאָליציאַנט האָט געכאַפּט זיין חבר אַרויסהעלפער, איז ער צוריק אַרויס אים אָפּצושלאָגן און אומגעקומען. קאָנסטאַנטינאָוו האָט געשמט פאַרן ערגסטן קאָמיסאַר אין וואַרשע. אין זיין צערקל זענען פּאָליטישע מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן. ברוך שולמאַן האָט גענומען נקמה פאַר זיי אַלע און געוואָרן אַ העלד ביים פאָלק.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז דוד געשטאַנען מיט יונגוואַרג ביי ברוך שולמאַנס קבר און מען האָט געזונגען:

נאָך אַ קבר, נאָך אַ קרבן,
נאָך אַ לעבן איז צעשטערט,
נאָך אַ קעמפער איז אָפּגעשטאָרבן —
ברוך שולמאַן דער באַרימטער העלד.

דוד האָט געהאלטן א פלאַמיקע רעדע. זיין געדיכטער קאָפּ האָר, וואָס האָט שוין באלד אויסגעקוקט ווי א שטריימל, האָט געפלאטערט אין ווינט. די זון האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן, און די אויגן פון די אנדערע יינגלעך און מיידלעך, געצונדן אין זיי פייער־פונקען, וואָס זאָגן אָן א שריפה... און צום סוף האָט מען געזונגען די „שבועה".

דוד איז אהיימגעגאנגען פון בית־עולם ארומגערינגלט מיט יונגוואַרג — ער האָט זיך שוין אויך געפילט פאר א שטיקל העלד.

# שאַ, צירעלע!

שכנים אין הויף האָבן דערציילט, אז אין פינצטערע נעכט זעט מען דעם טויטן שימעלע זיך ארומדרייען פארן טויער ווארטן אויף צירלען. און צירל, וואָס האָט געוווּסט, אז שימעלע לעבט, האָט מורא געהאט ארויסצוגיין פון הויז, כאָטש א באהאלטענער כוח האָט זי געצויגן אים צו זען. זי האָט געטראכט מיט שרעק, אז ער האָט איר טאקע אָפּגעטאָן א כישוף. זי ווארפט זיך ביינאכט אויפן געלעגער און אזוי שנעל ווי זי פארמאכט די אויגן וואקסט ער אויס, שפּרייט אויס די הענט און דערנעענטערט זיך צו איר. ס'רייסט זיך אַרויס פון איר האַרץ: „אוי, מאַמע!" זי כאַפּט זיך אויף און צעוויינט זיך....

צירל האָט געדינגט ביי די פעלדשטיינס פארן ביסל עסן און עטלעכע רובל א זמן. דינסטמיידלעך זענען געווען ביליק. ווער ס'האָט געקאָנט ווי נישט איז פארשטאָפּן א מויל האָט געהאלטן א דינסט. אז צירלס באַלעבאָסטע איז אוועקגעפאָרן מיט די קינדער זומער אויף דאַטשע, איז דער באלעבאָס ר'בעריש פעלדשטיין, געוואָרן זייער פריינדלעך צו איר, אָנגעשטעלט זיינע גרויסע זלידנעדיקע אויגן ווען ער האָט זי דערזען. [illegible] זי האָט אים דערלאַנגט עסן, האָבן זיינע דיקע, שווייסיקע פינגער זיך פאַרטשעפּעט אין אירע. א סך מאָל איז ער אומגעריכט אויסגעוואקסן לעבן איר. געזאָגט עפּעס נישט קלאָר, נישט דערזאָגט, און נאַריש געשמייכלט אין דער בלאָנדער בכבודער באָרד אריין. איינמאָל ביינאכט, האָט זי דערפילט אין שלאָף שווערע הענט אויף זיך. א פארצאַפּלטע האָט זי זיך אויפגעכאַפּט. איבער איר איז געשטאנען דער באלעבאָס. ער האָט געשמייכלט און געגאַווערט אין דער באָרד אַריין. זי האָט מיט אַ געליימט קול א געשריי געטאָן — וואָס ווילט עיר?!

— שאַ, שריי נישט, צירעלע. אויף א באלעבאָס שרייט מען נישט, פאר א באלעבאָס האָט מען דרך ארץ — און ער האָט אָנגעהויבן קריכן צו איר.

— געוואלד, מענטשן! — האָט זי אָנגעהויבן שרייען און זיך געריסן פון אים. ער האָט איר געפּרוווט פאַרשטאָפּן מיט די הענט דאָס מויל און דערפילט אירע שאַרפע ציין. זי איז ווי א ווילדע קאַץ אים מיט די נעגל אין פּנים אריין. אז ער האָט מיט די הענט זיך פארשטעלט די אויגן, האָט זי אים מיט אלע כוחות אוועקגעשליידערט פון זיך און מיט א קול, וואָס האָט געקאָנט פאַרקילן דאָס בלוט אין די אָדערן, ווידער אָנגעהויבן שרייען

— געוואלד, מענטשן, ראטעוועץ!!!

בעריש האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

צוזאָמענגעפאָרן זיכער, ווער... צומאָרגנס האָט זי דאָס דערציילט אירס א חברטאָרין, אויך א דינסטמיידל.

— גיי צום „קאָמיטעט" — האָט איר יענע געגעבן אן עצה.

— וואָס פארא קאָמיטעט?

— דו ווייסט נישט? דער קאָמיטעט פון די ארבעטאָרערס, וואָס נעמט זיך אָן פאר די דינסטמיידלעך.

— ווו איז דער קאָמיטעט?

— איך וועל דיך אהינפירן.

דערווייל האָט זיך צעטראָגן איבערן הויף, אז ר'בעריש פעלדשטיין קריכט צו דער דינסט!

צו אַלעמענס שרעק איז אין הויף אויסגעוואַקסן, ווי פון יענער וועלט, שימעלע גנב, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן און געביילטע פויסטן. אז צירל האָט אים דערזען, האָט זי ווידער געפילט, אז זי גייט חלשן.

— צירעלע, הערן זי זיך אויף צי שרעקן פאר מיר. כ'וועל אין קאַץ שלעכץ נישט טון, נאָר אינם באַלעבאָס עלך די פּיס אינטערהאַקן. די קישקעס עלך עם ארויסטרענען! און ער האָט זיך געלאָזט לויפן צו ר'בעריש פעלדשטיינס וווינונג. צירל האָט אים שנעל ווי א בליץ געכאַפּט ביי דער האַנט:

— איך וועל אין נישט לאָזן, זי האָבן זיך נישט וואָס צי מישן אין מיינע אָנגעלעגנהייטן. זי וועלן אים דערהרגענען און אויסגיין וועט עס צי אינם קאָפּ...

שימעלע האָט זיך מיט א מין געבוירענער איידלקייט געפּרוווט פריי־מאַכן פון איר.

— כ'וועל אין נישט לאָזן! זאָל ער קימען אויף אנדערע הענט. ווי גאָט איז אין ליב, באַזינגען זי זיך — יאַך בעט אין!... — און כ'גיב אין דאָס וואָרט, אַז מער דין איך נישט ביי זיי. און זייען זי רואיק, דער קאָמי־

טעט פון די אַרבעטאָרערס נעמט זיך אָן פאַר מיר. און זיי האָבן געקריגן פאַר מיר אַרבעט אין א קנאָפּן־פאַבריק. און אן אָרט פאַר מיר צו שלאָפן מיט נאָך אן ארבעטאָרין. און דער קאָמיטעט גייט מאַכן א „ספּראַווע' דעם באַלעבאָס. וואָס אַרט איז, ער וועט שוין גלאַט נישט אָפּשניידן!

שימעלע האָט זיך אַביסל באַרואיקט. דער קאָמיטעט פון די ארבע־טאָרערס נעמט זיך אָן פאַר צירלען. דאָס געפעלט אים. פאַר די ארבע־טאָרערס האָט שימעלע דרך אַרץ. זיי לאָזן זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע. און אז מען דארף קאָנען זיי דערלאנגען א קלאַפּ... אמאָל האָט ער געזען ווי אַן ארבעטער, א שטרייקער, האָט אראָפּגעשלעפּט א קאָזאַק פון פערד און אים אזוי צעדמט, אז די רויטע יוכע איז גערונען פון אים. און פּלוצעם האָט זיך אים דעמלט אויך פארוואָלט זיין אן ארבעטאָרער. אמאָל האָט שוין איינער, וואָס טראָגט א בלוי העמדל מיט לאנגע האָר, איינגעטענהט מיט אים, געוואָלט אים אויך מאכן פאר א שטרייקער. דעמלט האָט ער נישט געוואָלט הערן דערפון. נאָר איצט, פאר צירלען וועט ער אליץ טאָן, אפילו אוועקווארפן די גנבישע פּענוסע און ווערן א „וויטישער", גיין אויפן גלייבן, ערלעכן וועג. אז ער טוט א קוק אויף איר, איז ער אפילו גרייט צו גיין ווי אלע ערלעכע יידן אין שול אריין דאַווענען... כאָטש ס'קומט אים אָן שווער צו לייענען אין א סידור — אז זי האָט אים א כישוף אָפּגעטאָן!

שכנים זענען שוין געשטאנען ארום זיי. צירל האָט נישט געוווסט וווּ די אויגן אהינצוטאָן, איז זי האסטיק ארוים פון הויף. שימעלע איז איר שנעל נאָכגעגאנגען.

# אַרעסט

**א גאנצע וואָך** האָט זיך דוד געגרייט צו זען שפּילן „אוריאַל אַקאָסטאַ“ אין יידישן טעאַטער. ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון דער פאָרשטעלונג. ער איז אַרויס פאַרנאַכט פון הויז אַן אויסגעפּוצטער, א יומטובדיקער. די פאַרגייענדיקע זון האָט גאָלדיק צעצונדן די שויבן פון די פענצטער, ווי אין די הייזער וואָלטן שׂרפות געברענט. אויפן הימל איז געווען א פּאַראַד מיט רויט־פּלאַטערדיקע פאָנעס, באַזוימט מיט גאָלד און זילבער, וואָס האָט זיך שוין ביסלעכווייז אָנגעהויבן לעשן. ער האָט געשפּאַנט מיט אומרואיקע, פריידיקע טריט. זיינע יונגע פּופּצן יאָר האָבן געשוימט אין אים ווי וויין. ער האָט געפילט, אַז די כּוחות זאַמלען זיך אין אים, אַז ער ווערט שטאַרקער, לוסטיקער, אַז אים שטייען פאָר גרויסע, אומבאַקאַנטע גליקן. שיינע מיידלעך, וואָס זענען אים אַנטקעגנגעקומען, האָבן אַביסל געשמייכלט צו אים, אין זייערע אויגן — א סוד און עפּעס א זיסער צוזאָג...

וואָס ער האָט נאָך קלאָר נישט באַנומען. ער וועט היינט זען די פאָרשטעלונג „אוריאַל אַקאָסטאַ“. די דראַמע האָט ער שוין געלייענט אין בוך און זיך געפּרוווט אויסמאָלן, ווי אַזוי אוריאַל אַקאָסטאַ און די אַנדערע געשטאַלטן וועלן אויסזען אויף דער בינע. אויפן וועג צום טעאַטער דאַרף ער נאָך צעטיילן א פּעקל פּראָקלאַמאַציעס אויף דער „בונדישער“ בערזע. דערנאָך וועט זיין פּונקט צייט פאַר דער פאָרשטעלונג.

די בערזע איז געווען אַזוי געפּאַקט, אַז מען האָט קוים געקאָנט אַדורכגיין. ער האָט שנעל צעטיילט די בלעטלעך. הענט האָבן זיך ווילִיג, גיריק געשטרעקט פון אַלע זייטן צו אים. אַז ער האָט זיי אַלע פאַנאַנדערגעטיילט, האָט ער זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צום טעאַטער. ס'וועט שוין נישט נעמען לאַנג. באַלד וועט זיך דער פאָרהאַנג אויפהייבן און די מענטשן פון בוך וועלן לעבעדיק ווערן, יענע ווייטע, פאַרגאַנגענע וועלט וועט צוריק אויפשטיין פאַר זיינע אויגן. ער האָט געברענט מיט נייגעריקייט שוין צו זען די פאָרשטעלונג. פּלוצעם האָט ער דערפילט א האַנט אויפן אַקסל,

און ס'האָט א בלענד געטאָן פאר זיינע אויגן א רויט, פליישיק פנים. די האנט גראָבט זיך אין אים, ציט צוזאמען זיין פלייש ווי א צוואנג. א גע־פאַר־סיגנאַל טוט אים א קלאפּ אין הארץ, זאָגט אים: „לויף!" ער טוט זיך א פלינקן דריי, א גליטש ארויס פון דער „צוואנג", און הייבט אָן לויפן.

— „סטאָפּ!" (שטיי) שרייען אים נאָך עטלעכע שטימען, נאָר ער לויפט ווי א יונגער, דערשראָקענער הירש פון יעגער. ס'פייערט אָפּ א שאָס, א צווייטער. ער בייגט זיך איין, לויפט זיגזאגיש, ווערט צייטנוויין פאר־זונקען אין דער מענטשן־מאסע, וואָס ווערט אָבער שנעל שיטערער. עס הילכט אָפּ נאָך א שאָס און נאָך איינער. א באקאנטער חבר פאלט פאר־בלוטיקט ביי זיינע פיס. עס דערנעענטערן זיך הארטע, טופּענדיקע טריט. אָט וועט זיין פלייצע געלעכערט ווערן פון א קויל — און ער שטעלט זיך אָפּ. ס'רינגלען אים ארום געהיים־אגענטן, מיט רויטע, אָנגעפרעסענע מאָר־דעס, קליינע, שטאָלענע אויגן, שווארצע, הארטע קאפּעלושן. ער פילט די רער פון א רעוואָלווער ביי זיין קאָפּ. מען פירט אים אין צערקל אריין. באקאנטע חברים און חברטעס, וואָס קומען אים אנטקעגן, זעען אים נישט און ער זעט זיי נישט... ס'ווערט פינצטער. מען צינדט אָן די גאסנלאָמפּן. די פאָרשטעלונג וועט זיך באלד אָנהייבן...

געקומען אין צערקל אריין, האָט איינער פון די אגענטן, מיט קליינע, פארנעפּלטע אייגעלעך געזאָגט צו דעם, וואָס איז געזעסן ביי א טיש מיט פאַפּירן:

— פארשרייבט דעם פויגל. ס'איז נישט אָנגעקומען לייכט אים צו כאפּן. ער האָט געשאָסן אויף אונדז און באוויזן אָפּצושטעקן עמעצן דעם רעוואָלווער — ער וועט גיין אויפן שטריק (מען וועט אים הענגען).

דער שרייבער, א פראנט מיט געדרייטע וואָנצעס, פעטע, רויטע ליפּן, האָט אַן אויסגעצויגענעם פייף געטאָן און געזאָגט מיט זיכערקייט — אַהאַ! ער וועט שוין „דערהויבן" ווערן. ווי איז דיין נאָמען, הינטישער זון!

דוד האָט אים געזאָגט דעם נאָמען.

— ווי אלט ביסטו?

— פופצן יאָר.

— דו ליגנסט, קוקסט אויס עלטער.

— כ'בין נישט עלטער.

— וו וווינסטו?

דוד האָט אים געזאָגט וו ער וווינט.

— ווו האָסטו אהינגעטאָן דעם רעוואָלווער, מיט וועלכן דו האָסט געשאָסן אויף די אַגענטן?

— איך האָב נישט געשאָסן אויף די אגענטן.

— דו לייקנסט. ס'וועט דיר גאָרנישט העלפן. מען וועט דיך סייווי הענגען.

שפּעטער איז ער געשטאַנען אין א צימער צווישן צוויי הויכע סאָלדאַטן מיט ביקסן לעבן א קאַפּליענעם אויוון, וואָס איז געווען אַביסל אָפּגערוקט פון דער וואַנט. אין דער צווייטער זייט צימער, ביים פענצטער האָט מען באַזוכט און ארעסטירטן, אויסגעטאָן אים די שיך, די זאָקן. ביידע סאָלדאַטן, צווישן וועלכע דוד איז געשטאַנען, האָבן געהאַלטן אָנגעשטעלט די אויגן אויף דעם, וואָס מען האָט באַזוכט. ווייזט אויס, אז מען האָט עפּעס געפונען ביי אים, ווייל מען האָט אים געשלאָגן און ער האָט שטיל געקרעכצט. דוד האָט שנעל און קאַלט געטראַכט: וואָס טוט מען מיט דעם אומלעגאַלן צעטל, וואָס ליגט ביי אים אין שוך? ער האָט שיעור נישט פאַרגעסן אין דעם. באַלד וועט מען אים באַזוכן. און אז מען וועט דאָס געפינען וועלן נעמען האָגלען קלעפּ איבער אים. און מען וועט גלייבן די געהיים-אגענטן, אז ער האָט געשאָסן אויף זיי און באַוויזן אָפּצושטעקן עמעצן דעם רעוואָלווער — אוים טעאַטער, אוים אַקטיאָר, אוים רעוואָלוציאָנער... ער פילט ווי דער שטריק ציט איין זיין האַלדז. די צונג נעמט זיך צאַפּלען אין גאָרגל, ס'ווערט אים טונקל אין די אויגן, די וועלט הייבט זיך אָן לעשן, דער לעצטער צאַפּל און צום סוף איז גאָרנישט... שטעלט ער זיך פאָר דעם פּראָצעס פון געהאָנגען ווערן. עס באַגיסט אים א שוויים. ער קוקט זייטיק אויף די צוויי סאָלדאַטן. זייערע אויגן זענען אָנגעשטעלט אויף דעם, וואָס מען באַזוכט. דודס בליק פאַלט אויף דעם ליידיקן אָרט צווישן דער וואַנט מיטן אויוון. ער האָט א פּלאַן: וועט זיך איינגעבן איז גוט, אנישט, וואָס האָט ער צו פאַרלירן? ער הייבט ביסלעכווייז אויף דעם לינקן פוס, שטייענדיק פעסט אויפן רעכטן, נישט טוענדיק קיין ריר מיטן גוף — שטעקט אריין צוויי פינגער אין שוך מיט די גומענס ביי די זייטן (ווי מען האָט דעמלט געטראָגן), וואָס לאָזן זיך צעציען. נעמט ארויס מיט זיינע לאַנגע פינגער דאָס פּאַפּירל, טוט עס א וואַרף אריין צווישן דעם אויוון און דער וואַנט — און א שטיין פאַלט אים אראָפּ פון האַרץ. ער אָטעמט אָפּ. מען האָט אים טאַקע באַלד באַזוכט. גאָרנישט געפונען. און אים אריינגעפירט אין א קאַמער, וואָס דאָרט איז געווען אַזוי פינצטער, אז אין ערשטן מאָמענט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער איז

פלוצים בלינד געוואָרן. שפּעטער האָט די שווארצקייט אָנגעהויבן ווערן אביסל בלייכער פון א לעמפּל, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן אין קאָרידאָר. דוד האָט אָנגעהויבן זען שאָטנס פון מענטשן.

— הינטישע זין, אזעלכע — האָט דאָס קול פון א שיכור, וואָס פּלאָנטערט מיט דער צונג זיך באקלאָגט — לאָזן נישט באנעצן דאָס האַלדז! ווי איך וואָלט געטרונקען פאַר זייער געלט! יאַנעק טרינקט פאַר זיינע אייגענע פארהאָרעוועטע גראָשנס. פארשפּאַרן זיי מיך. לאָזן נישט דערווארעמען די נשמה! אזעלכע פארשאָלטענע מאָסקאַלעס! זיי פארמיסטיקן די הייליקע פּוילישע ערד! העלדזער וועל איך איבערשניידן. „יאַק באָגאַ קאָכאַם“ (ווי גאָט איז מיר ליב).

דוד האָט אָנגעהויבן ארויסזען פּנימער: א בלייכער יונגערמאַן ברעכט די הענט, רעדט פארצווייפלט צו זיך אליין: „וואָס טוט מען, וואָס טוט מען?!“

— וואָס איז אייך? — פרעגט אים דוד.

— ס'איז מיר ביטער. מיין ווייב איז געפערלעך קראנק. כ'האָב זי געלאָזט אליין אין הויז און געלאָפן רופן א דאָקטער, כאפּן זיי מיך אויף דער גאס צוזאמען מיט אנדערע, וואָס מען האָט געיאָגט פון א דעמאָנסטראַציע. רעד איך צו די כאַמעס, מיין ווייב איז קראנק. איך לויף נאָך א דאָקטער. שלאָגן זיי מיך און פּאקן מיך דאָ אריין. מיין ווייב וועט דאָרט אויסגיין איינע אליין!

— וואָס הערט זיך אינדרויסן — פרעגט אים א קול, און ער זעט נישט ווער דאָס איז.

— ס'קומען פאָר מאסן-אַרעסטן און שיסערייען. מען איז נישט זיכער א גאס דורכצוגיין — ענטפערט דוד.

— פארוואָס האָט מען אייך אַרעסטירט? — פרעגט אים א צווייטער.

— פאר פאנאנדערטיילן פּראָקלאַמאַציעס אויף דער בערזע. אַן אַגענט האָט מיך געכאפּט. אז איך האָב זיך ארויסגעריסן פון אים, האָט ער מיר נאָכגעשאָסן און א חבר איז פארבלוטיקט געפאַלן לעבן מיר. איצט זאָגן די „אַגענטן“, אַז איך האָב גאָר געשאָסן אויף זיי, און סטראַשען מיך מיטן „שטריק“.

— זיי האָבן גאָרנישט אזויפיל שטריק אלעמען אויסצוהענגען — טרייסט אים עמעצער.

אין פינצטערן קאַמער האָט זיך די צייט בלינד געצויגן אָן א חשבון, ווי א זייגער אָן ווייזערס. אַן עיפּושדיקער ריח האָט געשטיקט דעם אָטעם,

געביסן אין האלדז. דורן איז געווען טרוקן און ביטער אין מויל. ער האָט שטאַרק געוואָלט א טרונק וואסער. דער געדאנק, אז די עלטערן וועלן נישט וויסן ווו ער איז אהינגעקומען האָט אים שטאַרק באַאומרואיקט. שטייענדיק אזוי, ווער ווייסט ווי לאנג אויף איין אָרט, איז ער מיד געוואָרן און זיך געזעצט לעבן עפּעס, אָדער עמעצן. ער האָט שטאַרק געוואָלט א טרונק וואסער. מיט א פאַרקלעמט האַרץ האָט ער געטראַכט, אז די פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט זיך מיט אזא חשק געקליבן צו זען, ווערט איצט געשפּילט אין טעאַטער און ער איז אזוי אומגעריכט אָפּגעריסן געוואָרן פון דער פרייַ אין סאמע אויפבלי פון זיין לעבן. איצט זאָגן די גע-היים-אַגענטן, אז ער האָט גאָר אויף זיי געשאָסן — ליגנערס! די צאַרישע פּאָליציי וועט אָבער גלייבן זיי, נישט אים. ער זעט: מען פירט אים אין א פאַרטאָג צו דער תליה. ער האלט זיך ווירדיק, דעם קאָפּ אויפגעהויבן... די פיס ציטערן אים נישט.. איידער מען טוט אים אָן די פּעטליע אויפן האלדז, רופט ער אויס הויך און קלאָר, אזוי ווי די באַרימטע רעוואָלו-ציאָנערן, איידער מען האָט זיי געהאָנגען: „ארונטער מיטן צאַר ניקאָלאַי!“ זיי זענען געוואָרן פאַרהייליקטע העלדן ביים פאָלק. יענע האָבן דאָך אָבער געשאָסן אויף גענעראלן, געוואָרפן באָמבעס אויף מיניסטאָרן, אויפן צאַר אליין, ווי מען פלעגט אין זייער הויז דערציילן. אָבער פאַרוואָס קומט אים הענגען? און דאָך, ס'איז פּעלדגעריכט. אין 24 שעה — יאָ שולדיק, נישט שולדיק — ווערט מען אוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. ער האָט דאָך אויסגעקליבן צו זיין א רעוואָלוציאָנער, דאַרף ער זיין גרייט אויף אלץ. און נישט צולאָזן די מינדסטע שרעק צו זיך, ווייל דאָס וועט אים אין זיינע אייגענע אויגן דערנידעריקן. דערמיט וועט ער אויך פאַרשעמען זיי-נע עלטערן...

ער איז געוואָרן שלעפעריק און אז זיינע אויגן האָבן זיך פאַרמאכט, האָט ער ווידער דערזען די תליה — זי האָט גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים...

אָפּזיצנדיק אזוי, ווער ווייסט ווי לאנג, איז ער געוואָרן מיד פון טראַכטן. די געדאנקען האָבן זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן, פאַרמישן, און ער איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט אַ גרויע, פייכטע קעלט, גענומען בייסן זיין ציטערדיק לייב. ער האָט זיך ארומגעקוקט און נישט באלד באַנומען ווו ער געפינט זיך. די טונקעלע גרויקייט איז ביסלעכווייז געוואָרן העלער. די אנדערע ארעסטירטע האָבן זיך אויך אָנגעהויבן רירן, נעפּרווט אין דער ענגשאפט זיך אויפזעצן. א טונקעלער פלעק איז פאַר-

בייגעפלויגן אויפן קויטיקן דיל לעבן דודס פיס... מען האָט געגענעצט, געשפּיגן, געקרעכצט, געוואָרטשעט. ווער ווייסט ווי לאַנג דאָס האָט אָנגעהאלטן. ס'איז געוואָרן ליכטיקער. די טיר מיט די שוואַרצע קראַטעס האָט אָנגעהויבן שטאַרצן אין די אויגן אריין. זי איז געבליבן לאַנג, לאַנג פאַרהאַקט. דורך האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען האָט זי פאַרשלאָסן, אַוועקגעוואָרפן דעם שליסל און פאַרגעסן אין זיי.

דער שיכור יאַנעק, האָט אַן אויסגעניכטערטער אומעטיק געגענעצט, געוואָרטשעט, פאַרטראַכט געגלעט אַ וואָנצע מיטן פינגער, זיך געשיבערט. אַ בלייכער אָפּשיין פון דער זון איז געפאַלן אויף די קראַטעס. אַ שליסל האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אין שלאָס מיט אַ פאַרזשאַווערט גרילצעריי. די טיר האָט זיך סקריפּענדיק, שווער געעפנט און ס'האָט זיך אריינגעכאַפּט, ווי געוואַרט אויף דער געלעגנהייט, אַביסל ליכט און אַביסל פרישע לופט. דער פּאָליציאַנט האָט אויסגעטיילט יעדן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און צוריק פאַרהאַקט די טיר. ס'האָט זיך אָנגעהויבן ציען אַ לאַנגער, שווערער טאָג, וועלכער האָט אויסגעוויזן זיך קיינמאָל נישט צו ענדיקן. ווען ס'איז ווידער צוגעפאַלן די נאַכט, האָט זיך אומגעריכט די טיר געעפנט און אַ פּאָליציאַנט האָט ארויסגעלייענט נעמען פון אַ פּאַפּיר. אויך דודס נאָמען. די אַלע אויסגערופענע האָט מען ארויסגעפירט אינדרויסן, אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי, ארומגערינגלט מיט סאָלדאַטן, די שפּיצן פון די אָנגעבלויזטע שווערדן אָנגעשפּאַרט אויף די אַקסלען. ס'איז געפאַלן דער באַפעל: — מאַרש! געגאַנגען איז מען אין מיטן גאַס ווי פערד, אָדער סאָלדאַטן. דורכגייער האָבן זיי נאָכגעשיקט פריינדלעכע בליקן, וואָס האָבן געזאָגט: „מיר זענען מיט אייך“, דוד האָט געזוכט אַ באַקאַנט פּנים, וואָס זאָל לאָזן וויסן זיינע עלטערן וועגן אים. ער האָט אַזעלכע נישט געזען.

מען האָט זיך דערנעענטערט צום וואַרשעווער „טעאַטער וויעלקי“ (גרויסער טעאַטער). פון נישט ווייט האָט זיך ארויסגעזען דער „ראַטוש“ (ראַטהויז), וואָס האָט מיט די שוואַרצע קעסטלעך אויף די פענצטער אויסגעקוקט ווי אַ ריזיקער מאַנסטער מיט אַ סך שוואַרץ־באַברילטע אויגן. די קעסטלעך אויף די פאַרקראַטעטע פענצטער זענען געווען אַ באַוואָרעניש, אַז די אַרעסטירטע זאָלן נישט קאָנען זען וואָס אינדרויסן טוט זיך, קומען אין קאָנטאַקט מיט עמעצן פון דער גאַס. אַז דוד פלעגט דאָרט פאַרבייגיין, האָט ער דורכגעבויערט זיינע נייגעריקע בליקן דורך די קעסטלעך צו זען וואָס איגעווייניק אין די קאַמערן קומט פאָר.

# ראַטוש

— אָפּשטעלן זיך! — איז געגעבן געוואָרן א באפעל. די ארעסטאנטן זענען אריין אין א גרויסער קאנצעלאריע. מענטשן אין ציווילע קליידער זענען געזעסן ביי טישן און געסקריפּעט מיט פעדערס אויף פּאַפּירן. א גרויסער פּאָרטרעט פון צאר ניקאָלאי איז געהאָנגען אויף דער וואנט: א ראָזעווע פּנים, בלויע, תמעוואטע אויגן.

דאָס פארשרייבן די ארעסטירטע האָט גענומען לאנג. דערנאָך האָט מען אלעמען אריינגעפירט אין א לאנגן, טונקעלן קאָרידאָר מיט פארקראַטעטע קאמערן, פון וועלכע ס'האָט זיך ארויסגעזען גדיכטע, שאָטנדיקע פלאָנטערס פון מענטשן. אין דער קליינער קאַמער, ווו מען האָט דורך אריינגעפירט, זענען געווען אָנגעפּאקט אפשר הונדערט ארעסטירטע. ס'האָט אים ארומגעכאפּט א פארשטיקטע זשומעריי פון צענדליקער שטימען. אין קאַרגן ליכט, וואָס האָט אריינגעשיינט פון טעלעבע נאפט-לעמפּלעך פון קאָרידאָר, האָט מען באדארפט זיין פּאַרזיכטיק צו שטעלן א טראָט. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר לעבן א גרויסער פאס, פון וועלכער ס'האָט אים א זעץ געטאָן אין דער נאָז אריין אן עיפּושדיקער ריח. גיין ווייטער איז קיין אָרט נישט געווען, סיידן ארויפטרעטן אויף עמעצן. שפּעטער האָט ער זיך דערוווסט, אז די גרויסע פּאָס רופט מען „פּאַראַשאַ". יעדן אינדערפרי ווערט זי ארויסגעקאַטשעט און אויסגעליידיקט, נאָך דעם ווי א הונדערט ארעסטאנטן דערליידיקן אין איר איבער נאכט זייערע פיזישע באדערפעניש. ער איז געשטאנען ארומגערינגלט מיט בלייכע, באוואָקסענע מענטשן. די דעמפּע, אָנגעהיצטע לופט אין קאַמער, אָנגעפילט מיטן ריח, וואָס האָט געזעצט פון דער אָפענער פּאַס, האָט געשטיקט אין האלדז און געברענט אין די אויגן.

א קוויטיקער שוויים איז גערונען פון אלעמענס פּנימער. די מערסטע האָבן זיך געשיבערט, געקראצט, נישט געקאָנט איינשטיין אויף אַן אָרט...

— וואָס הערט זיך אינדרויסן? — האָבן זיך דערטראָגן צו אים עט־לעכע פארשטיקטע, מאטע שטימען.

— דער קאמף גייט אָן — האָט דוד געענטפערט.

— ס'נעמט צו לאנג. זאָלן זיי זיך בעסער א ריר טאָן, אויפברעכן די טירן און אונדז באפרייען פון דאנען, אנישט וועט זיין צו שפּעט.

— ווי לאנג זענט איר שוין דאָ? — האָט דוד געפרעגט איינעם, אין א קויטיק, צעריסן העמד.

— ניין וואָכן — האָט ער ארויסגעקייכט הוסטנדיק.

— ניין וואָכן?! ווי קאָן מען אויסהאלטן אין אזא ענגשאפט, אין אזא שמוץ ניין וואָכן?!

— זעט איר דאָך, אז מען האלט אויס. און אויב איר ווילט וויסן, טראָג איך שוין ניין וואָכן דאָס העמד, אָדער דאָס העמד טראָגט מיך...

— מען זאָגט דאָך, אז דאָ אין ראטוש, האלט מען בלויז א קורצע צייט, איידער מען שיקט אוועק אין טורמע.

— אזוי, ווייזט אויס, איז טאקע געווען דער פּלאַן. וואָס זאָל אָבער דער צאַר טאָן, אז די טורמעס זענען איבערגעפּאקט? ער קאָן דאָך נישט אריינגעמען אלע קראמאָלניקעס צו זיך אין פּאַלאַץ.

— איר טראָגט שוין, זאָגט איר, ניין וואָכן א העמד. פארוואָס שיקט מען אייך נישט אריין פונדרויסן א העמד איבערצובייטן?

— איך האָב נישט קיינעם אין ווארשע. איך קום פון א ווייטער גו־בערניע.

ווייזט אויס, ס'איז שוין געווען שפּעטלעך. דאָס זשומעריי פון פאר־שידענע שטימען איז געוואָרן שוואכער, שיטערער. דוד האָט געזוכט אן אָרט, ווו אוועקצולייגן זיך, כאָטש זיך אוועקזעצן. נאָר ס'איז נישט געווען קיין ליידיקער שפּאַן. אויף די איבערגעפּאקטע נאַרעס און אויף דער ערד איז מען שוין געשלאָפן מיט א שווער־אָטעמדיקן, קראנקן שלאָף. דאָס איינציקע שטיקל אָרט איז געווען לעבן דער גרויסער פּאַס. שטייענדיק אזוי א לאנגע צייט אויף די פיס, איז ער געוואָרן מיד. די היץ האָט גע־שטיקט און דער קלעפּעדיקער עיפּושדיקער ריח האָט גענודיעט. דוד האָט אויסגעטאָן דעם מאנטל. אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל, דאָס וועסטל. ס'העמד האָט געקלעפּט צו זיין לייב.

ער איז געווען שלעפעריק און אָנגעהויבן שלאָפן שטייענדיקערהייט (ווי מיט יאָרן שפּעטער אין דעם ניו־יאָרקער סאָבוויי). די קני האָבן זיך אים אָנגעהויבן בייגן. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און

שנעל אריינגעפאלן אין א טיפן שלאָף. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די פינצטערקייט אין קאמער געווען היפּש פארגרויט. פארשלאָפענע שטי־מען האָבן זיך אָנגעהויבן שטיל, און ביסלעכווייז העכער צוזאמענהעפטן, צוזאמענרעדן. ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט ער ווידער נישט באַנו־מען ווו ער געפינט זיך. ער איז דאָך גאָר נעכטן געגאנגען זען א טעאטער־פאָרשטעלונג, ווי קומט ער דאָ אַהער? נו יאָ, מען האָט אים ארעסטירט און ער איז אין טורמע. און די געהיים־אגענטן סטראשען אים מיט דער תליה. דערווייל האָט ער פאר א קישן די פּאס... ער האָט אוועקגעדרייט דעם קאָפּ און זיך צוגעהאלטן די נאָז. דאָס האָט באדארפן טרעפן אים, וואָס האָט אזוי ליב ריינקייט און פרישע לופט. ער האָט באטראכט די געדיכטע מאסע צעקנייטשטע, אויסגעבלייכטע, באוואָקסענע מענטשן, וואָס האָבן זיך אומרואיק געפּרווּוט באוועגן אין דער ענגשאפט. זייערע שטימען זענען וואָס אמאָל געוואָרן העכער, רוישיקער.

צוויי ארעסטאנטן האָבן ארויסגעקאַטשעט די גרויסע פּאָס, וואָס האָט אריבערגעשוימט די ברעגן...

אביסל שפּעטער האָבן זיך די טירן פון די קאמערן געעפנט און די ארעסטירטע זענען ארויסגעלאָזט געוואָרן אין לאנגן, טונקעלן קאָרידאָר. מען איז געשטאנען אין דער ריי מיט זשאַווערדיקע, בלעכענע טעפּלעך אין די הענט. יעדער האָט באקומען א שטיקל קלעפּיק, שווארץ ברויט און אביסל מוטנע וואסער אין די טעפּלעך. נאָכן „אָנבייסן" האָט מען געלאָזט ארומגיין אין קאָרידאָר א צען־פופצן מינוט און דערנאָך צוריק אין די קאמערן אריין, ווו מען האָט געהאלטן פּאָליטישע מיט גנבים צוזאמען. דוד זעט, עס זיצט אַ רבי מיט אַזאַ שיינע רבנישע באָרד און וויינט. פאַרכאַפּט עס אים ביים האַרץ.

— וואָס וויינט איר, ר'ייד?

— כ'וויין אויף מיין ביטער מזל. א גנב, געהרגעט זאָל ער ווערן. רעדט מיר אָפּ ס'ווייב.

— וואָס הייסט?

— ס'הייסט, אז צייט איך בין אריינגעפאלן, האָט ער זיך גענומען צופּוצן צו איר.

דוד קוקט אויף אים מיט פארוואונדערונג. — פארוואָס האָבן זיי אייך, אַזאַ בכבודן ייד, ארעסטירט? איר קוקט דאָך אויס ווי א רבי, אָדער איר זענט טאקע א רבי?

— קיין רבי בין איך נישט. א גבאי אין א שול — יאָ. טאקע אין דער שול, וואָס כ'האָב געלאָזט בויען. יאַך בין אַ דאַנקען גאָט, א ייד א נגיד. נישט לאנג צוריק האָב אך חתונה געהאט מיט א יונג, שיין מיידל, בלוט און מילך. נאָר וואָס קומט ארויס, אז דער גנב, פארברענט זאָל ער ווערן, שארט זיך צו איר.

— אז איר זענט נישט קיין רבי זע איך שוין. נאָר, איר זאָלט קיין פאראיבל נישט האָבן, מעג איך פרעגן, וואָס איז אייער בראנזשע, אייער פּרנסה?

— יאַך בין א „פּאַסאָר" (איינער וואָס האנדלט מיט גנבישע סחורה), כ'קויף אָף „באָכנעס" (גנבישע זאַכן). דער קאָמיסאַר פון מיין צערקל, האָט געקריגן ביי מיר „לאַפּקע-געלט" (כאַבאַר). מאכט זיך — די ערד זאָל אים ארויסווארפן — ער פּגרט אוועק. קומט אָן א נייער אויף זיין אָרט. א רשע, א ביטערער אנטיסעמיט און פארלאנגט כ'זאָל אים צאָלן טאָפּלט. הייב אָך אויף אַ טענה! נעם זיך דינגען — פּאַקט ער מיך דאָ אַריין. זיץ אָך. ס'איז שוין נישט ס'ערשט מאָל. וואָלט נאָר דער גנב מיר נישט אָפּגערעדט ס'ווייבל.

— פונוואנען ווייסט איר, אז ער רעדט אייך אָפּ ס'ווייבל?

— ס'הייסט פון וואנען כ'ווייס? א וועלט שלאָפט? מען האָט מיר שוין געלאָזט וויסן, אז דער ממזר, וואָס איז נאָך געווען א גנב ביי זיין מאמען אין בויך האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר. דרייט זיך די פראנ-צעוואַטע וואָנצעלעך און פארפירט מיידלעך און ווייבלעך!

אַ געשריי האָט איבערגעריסן דעם „רבינס" רייד. צוויי גנבים האָבן זיך געשלאָגן. יאַנעק, א בארימטער קאַסע-ברעכער, האָט דערלאנגט שטארקע, הילכיקע קלעפּ און געקראָגן נישט ווייניקער צוריק פון א צווייטן גנב. פויסטן האָבן שנעל געפויקט אייגער אויפן אנדערן. ס'איז געוואָרן א געדיכט רעדל ארום זיי. ביי ביידע האָט אָנגעהויבן קאַפּען בלוט פון דער נאָז. יאַנעק האָט הייזעריק געשריגן — בייגל-גנב, גראָשיקע נשמה! צו מיר וועסטו וואַגן אזוי צו רעדן?! איך בין א בארימטער קאַסע-ברעכער, אלע צייטונגען האָבן וועגן מיר געשריבן. איך האָב פארדינט טויזנטער און געלעבט ווי א גראַף, פארברענגט אין נאַכט-קלובן מיט אָפיצירן, שאַנסאָנעטקעס, וועסטו וואַגן!!

אויף דעם האָט אים דער צווייטער גנב געענטפערט מיט שטארקע, באַנייטע קלעפּ. ביידע האָבן שווער געסאָפּעט און פארשטיקט געקרעכצט, ווי זיי וואָלטן געטאָן געטריי א שווערע, נוצלעכע ארבעט. ווען דאָס בלוט

האָט אָנגעהויבן רינען פון זייערע פּנימער און זייערע פיס האָבן זיך אָנגע־
הויבן וואַקלען, האָט מען זיי צעריסן.

טייל פּאָליטישע ארעסטירטע האָבן געשפּילט אין שאַך, מיט פי־
גורן, וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט פון שווארצן, ראַזעווען טורמע־ברויט.
א הויכער בלאָנדער סטודענט, וואָס האָט געהאט א שווערע „ספּראַווע"
און דערוואַרט די תליה, האָט זיך פארהלומט ארומגעדרייט אין א ווינקל
און שטיל, שטיל געברומט עפּעס א ניגון.

דוד האָט זיך אין קאמער באקאנט מיט א יונגן אַנאַרכיסט, לעאָן,
א שעמעוודיקער בחור מיט א מיידלש פּנים. פארפירט א דיסקוסיע מיט
אים. זיי האָבן זיך אָנגעהיצט, אָנגעשריגן — און פארבליבן פריינד.

ריבאָיאַד, אַ דרייסיק־יאָריקער מאַן, מיט ראָזעווע בעקלעך, גאָלדיקע
וואָנצעלעך, קאלטע, בלויע אויגן, האָט זיך געהאלטן נאָענט מיטן „רבין".
ריבאיאַדן האָט מען געכאפּט ביי בייטן פאלש געלט. ער האָט זיך אויך באַ־
רימט, אז ער האָט געפירט א רייך לעבן אינדרויסן. איצט ארבעט א באַ־
רימטער אַדוואָקאַט אים צו באפרייען.

לעאָנס חבר אין ראַטוש, אויך אַן אַנאַרכיסט, האָט געהייסן מאירקע.
גאַנצע טעג האָט ער געזונגען מיט א טענאָר־שטימע רעוואָלוציאָנערע און
פאָלקס־לידער, יידישע און רוסישע. מען האָט זיי ביידע ארעסטירט צו־
זאמען. דוד האָט זיי דערציילט ווי אזוי די געהיים־אַגענטן האָבן אים נאָכ־
געשאָסן און געכאפּט און געזאָגט אין צערקל, אז ער האָט גאָר אויף זיי
געשאָסן און אָפּגעשטעקט עמעצן דעם רעוואָלווער, געסטראשעט, אז ער
וועט „גיין אויפן שטריק".

לעאָן און מאירקע האָבן פארזאָרגט אויסגעהערט און געשוויגן...

— פארוואָס שווייגט איר?...

— וואָס קאָנען מיר זאָגן? מיר אליין האָבן א שווערע „ספּראַווע"
אויף זיך, אונדז ווערט אויך אָפּט ענג אין האַלדז...

— איז מעגלעך מען זאָל זיי גלייבן, אז איך האָב גאָר אויף זיי גע־
שאָסן? ס'איז דאָך נישט אמת! — האָט זיך דוד נאַיוו גערונגען.

— איר זוכט ביי זיי דעם אמת?...

דוד האָט מער קיינעם נישט דערציילט פון זיין ארעסט. ארומגעגאַנ־
גען א שווייגנדיקער, א בלאַסער און געקעמפט מיט דער שרעק פאר דער
תליה, וואָס פלעגט אים צייטנווייז באפאלן און אָפּשוואכן זיין מוט, ארייַנ־
געוואָרפן אים אין צווייפל, צי וועט ער קאָנען ווירדיק שטארבן, אז מען
וועט אים ארויספירן פארטאָג צו הענגען, צי וועט ער טאקע קאָנען גיין

מיט פעסטע, נישט וואקלדיקע טריט, שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי די באַרימטע העלדן פון דער רעוואָלוציע?...

שוועבנדיק צווישן לעבן און טויט אין דער ענגער, שמוציקער איבער־געפּאַקטער קאַמער, האָט די צייט, דאַכט זיך, קוים זיך גערירט פון אָרט, נאָר אַז מען האָט זיך געטאָן א קוק אַרום, זענען אַוועק וואָכן. ביז אומגע־ריכט, האָט מען ווידער אויסגערופן געמען, דורן צווישן זיי. די טירן פון ראַטוש האָבן זיך געעפנט. מען האָט זיי ווידער געפירט איבער גאַסן.

# ציטאַדעל

דוד האָט טיף איינגעאָטעמט און זיך געקוויקט מיט דער פרישער לופט אונטערן אָפענעם הימל, מאַרשירנדיק מיט זיין גרופע, ארומגערינגלט פון סאָלדאַטן מיט אנטבלויזטע שווערדן אָנגעשפּאַרט אויף זייערע אַקסלען. פאַרבייגייער האָבן ווידער נאָכגעשיקט פריינדלעכע בליקן. א יונג בלאָנד מיידל, וואָס דוד האָט געדענקט זי ווי אין חלום... האָט צו אים ליב און טרויעריק געשמייכלט, מיט אירע אויגן אים מיטגעשיקט א ליבעס־בריוול, וואָס האָט אים געטרייסט און געוואַרעמט.

ס׳האָט זיך שווער געעפנט אַן אייזערנער טויער און די גרופּע האָט אריינמאַרשירט אין א הויף, וואָס איז געווען פאַרצוימט ארום מיט א הויכן געמויערטן פּאַרקן. שווערע, אייזערנע טירן האָבן זיך לאַנגזאַם גע־עפנט און מען האָט זיי אריינגעפירט אין א לאַנגן, כמעט פינצטערן קאָרי־דאָר מיט פאַרקראַטעטע קאַמערן ווו ס׳האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט טונ־קעלע פיגורן. אין איינעם פון זיי האָט מען אריינגעפירט דודן. אינעווייניק: א צוואַנציק אַרעסטאַנטן, אויסגעבלייכטע, באַבערדלטע, מיט פאַרוואָקסע־נע קעפּ האָר, וואָס האָבן שוין באַלד דערגרייכט צו די אַקסלען. קריסטן, ווי מען מאָלט יעזוסן אויף די בילדער. זיין אריינקום האָט זיי אויפגעמונ־טערט, ווי מען וואָלט געעפנט אַ פענצטער און אַריינגעלאָזט פרישע לופט. זיי האָבן אים ארומגערינגלט, געפרעגט וואָס הערט זיך אינדרויסן.

— איך קום איצט פון ראַטוש, ווו איך בין אָפּגעזעסן פינף וואָכן.

— וואָס הערט זיך דאָרט?

— אַ שלעכטער ריח — האָט דוד געשפּאַסט, דערפילנדיק זיך היי־מיש, צווישן פּאָליטישע, אייגענע מענטשן.

— דער ראַטוש איז געפּאַקט, האַ?

— איבערגעפּאַקט!

— ערשט פינף וואָכן ווי מען האָט אייך אַרעסטירט, טאָ וואָס הערט זיך אויף דער פריי?

— ס'קומען פאָר מאסן=ארעסטן, שיסערייען, מען ווארפט באָמבעס!

זייערע אויגן האָבן געלויכטן פונעם פריילעכן גרוס — נו, מאכט אייך באַקוועם, האָט איינער געזאָגט איינקוקנדיק זיך אין אים — איר זענט דאָך נאָך אזא יונגינקער, דער מאמעס מילך נאָך אויף די ליפּן. פארוואָס האָט מען אייך ארעסטירט?

— פאר שיסן אויף געהיים=אגענטן.

איינער האָט געטאָן א דראָענדיקן פייף...

— נאָר דאָס איז א ליגן! איך האָב פאנאנדערגעטיילט פּראָקלאמאציעס אויף דער בערזע, האָט מיך איינער פון די כאַמעס געכאפּט. אז איך האָב זיך פלינק ארויסגעדרייט פון זיינע הענט, האָט ער מיך נאָכגעשאָסן. ווען א חבר איז געפאלן פארבלוטיקט לעבן מיר פון זיינע קוילן האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. איצט סטראַשען זיי, אז איך וועל „גיין אויפן שטריק“!

—זיי סטראַשען בלויז — טרייסט אים פּאָטערלעך אן עלטערער פּאָליטישער חבר — ווי אלט זענט איר?

— געוואָרן פופצן.

— איר האָט נאָך א ווייטן וועג צו גיין. נו, מאכט אייך באקוועם ביי אונדז.

דוד האָט באטראכט די קאמער. גרוי=קויטיקע ווענט. פון שווארצן דיל שטארצן ארויס „נארעס“ ארום די ווענט. הארט ביים פארקראטעווען פענצער, נאָענט צו דער סטעליע, האָט ארייננעקוקט א רויטע ציגלמויער. אין א ווינקל איז געשטאנען אן אייוועלע פון ליים. אין קאָרידאָר פאר די קראטעס האָט זיך ארומגעדרייט א סאָלדאט מיט א ביקס, הין=און=צוריק, פּויקנדיק מאָנאָטאָן מיט די הארטע שטיוול אויפן צעמענטענעם דיל. ער האָט געמאכט דעם איינדרוק פון אן אָנגעצויגענער אויטאָמאטישער פיגור.

יענע נאַכט איז דוד געלעגן אויף א קויטיקן שעניק מיט שטרוי, פונוואנען ס'האָט זיך געטראָגן עפּעס א געמיש=איינגעגעמער ריח, און דאָס ערשטע מאָל זינט מען האָט אים ארעסטירט אויסגערוט זיך די ביינער. נאָר פארטאָג, ווען ער איז געווען פארזונקען אין טיפן שלאָף, האָט אים א סאָלדאט אָנגעכאפּט ביי די פיס און אראָפּגעשלעפּט פון געלעגער מיט א געשריי:

— העי! טי, פּאַן, סטאַוואי! (העי, דו הער, שטיי אויף) ער האָט אים אַזא האסטיקן שלעפּ געטאָן ביי די פיס, אז זיין קאָפּ איז געפאלן אויפן צעמענטענעם דיל, ווי א שווערער שטיין, און די קאמער האָט זיך

אָנגעהויבן וויגן. ער האָט נישט פארשטאנען וואָס דאָ קומט פאָר, און ווי ער געפינט זיך, געקוקט ארום זיך צעטומלט, צוהאלטנדיק מיט ביידע הענט דעם קאָפּ. די חברים האָבן פּראָטעסטירט, געשריגן צום סאָלדאט, אז ער איז א ברוטאלער באלוואן, אז זיי וועלן אים פארקלאָגן פאר „נאַטשאלסטוואָ"... זיי וועלן דערקלערן א הונגער־שטרייק, ביז מען וועט אים באשטראָפן! דער סאָלדאַט, א הויכער „וואָליניעץ" (וואָס מען האָט געשיקט פון וואָלין קיין פוילן) מיט א פלאטשיק פנים, טעמפּע אויגן, טיף ארייננעזעצט אין קאָפּ, מיט א קליינעם, קורצן שטערן, האָט תמעוואטע געהירזשעט.

דוד איז ביסלעווייז געקומען צו זיך, צוזאמענגענומען די צעטרייסלטע געדאנקען, געטאפּט דעם שארבן, צי ער איז נישט צעבראָכן. אין קאמער איז געווען קאלט, א מין באזונדערע, פייכטע קעלט. די טונקל־גרויע ווענט האָבן שימלדיק געגלאנצט. מען האָט זיך געטוליעט אין די רעקלעך, געבלאָזן די ווארעמע פּאַרע פון מויל אין די פארפרוירענע הענט אריין, געקלאפּט מיט די פּיס אויפן דיל זיי צו דערווארעמען. ס'איז אָנגעלאָפן אן אָפיציר פון דער וואַך, געמיינט ס'איז א בונט און באפוילן אָפּשטעלן דאָס קלאפּעריי, אנישט וועט ער זעצן אין קארצער! — ס'איז קאַלט! — האָבן אים אלע אין כאָר געענטפערט.

— „מאָלטשאַט" — האָט ער געשריגן מיט א צעקרימט פּנים. (ער איז געווען איינער פון די „שלעכטע" אָפיצירן, וואָס פלעגן איבערנעמען די 24־שעהדיקע וואך). דאָ, אזוי ווי אין ראַטוש, האָט יעדער באַקומען אינדערפרי א שטיקל ראַזעווע ברויט און א טעפּל וואסערדיקע טיי. אויף די קראטעס האָבן זיך באוויזן בלייכע צייכנס פון דער אויפגייענדיקער זון. דוד איז געזעסן אויף דער נאַרע מיט א קאָפּווייטיק פון קלאפּ און זיך איינגעהערט צו די צונויפגעמישטע שטימען פון די ארעסטירטע, וואָס האָבן אלץ ארומגערעדט דעם ברוטאלן אַקט פון טעמפּן סאָלדאַט. דודן האָט גענודיעט פון קלאפּ, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אראָפּ פון א שיף, וואָס האָט זיך געוויגט אויף א שטורעמדיקן ים... שפּעטער האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט אומזיכערע טריט איבערגעגאנגען זיך איבערן קאַמער.

— אַזאַ ווילדער „מאָסקאל!" — האָט זיך איינער פון די ארעסטירטע גערנישט געקאָנט בארויקן — ווען א מענטש איז פארזונקען אין טיפן שלאָף, כאפּט ער אים אָן ביי די פּיס און טוט אים אַזא האסטיקן שלעפּ אראָפּ, אז דער קאָפּ שפּאלט זיך שיעור נישט אויפן הארטן דיל. אַזאַ טעמפּער כאַם! אזעלכע שיקט דער צאר קיין פוילן, די סאמע צוריקגע־

שטאַנענע, פון די פּאַרוואָרפנסטע, טיפסטע טײלן פון רוסלאַנד, זײ זאָלן זיך נישט קאָנען אָנשטעקן מיט געדאַנקען, אָבער אפילו אין זײערע טעמפּע קעפּ װעט אויך אַמאָל אָנהײבן ליכטיק װערן. געדולד מײַן יונגער פרײַנד. נאָר איר װעט זיך מוזן צוגעװײנען אויפצושטײן אײדער מען כאַפּט אײַך אָן בײ די פּיס. כאָטש אפשר װײסט איר נאָך װאָס מען דאַרף אויפשטײן פאַרטאָג? צוליב דעם שטיקל ראַזעװע ברויט מיטן לעבלעכן טעפּל װאַ־סער, סײדן כדי דער טאָג זאָל זיך אויסציען לאַנג.

— איך װעל זיך שוין איצט היטן — האָט דוד געזאָגט — איך װעל שטײן אין שלאָף אויף דער װאַך.

ער ליגט אויף דער נאַרע. אין האַלב־דרימל. און טראַכט: װיפל װאָכן, חדשים זענען שוין אװעק זינט ער איז דאָ. אין קאַמער איז טונקל. א שטיקל פאַרװאָקלנטער הימל קוקט אַרײַן דורכן פאַרקראַטעװעטן פענצטער, האַרט בײ דער סטעליע. אײניקע אַרעסטירטע שפּילן אין שאַך. אַנדערע דרײען זיך אַרום הין און צוריק, זינגען שטיל, פאַרבענקט עפּעס א ניגון. נישטאָ קײן קאַלענדאַר אין קאַמער, נישטאָ קײן זײגער צו זען װי שפּעט ס'איז. טעג און נעכט מישן זיך אויס אָן א חשבון. און די עלטערן װײסן נישט װוּ ער איז אהינגעקומען. אין די צאַרישע קאַנצעלאַריעס, האָט ער געהערט, איז א כאַאָס, פאַפּירן װערן פאַרלוירן, װערן אויסגעמישט. און א סך אַרעס־טירטע װערן פאַרגעסן... זיצן אָפּ יאָרן, שיקן „פּראָשעניעס" ביז מען דער־מאַנט זיך אין זײ — דאַכט זיך אז עמעצער רופט זײַן נאָמען... אין האַלבן דרימל חלומט זיך דאָס אים אפשר? ער הערט זיך אײַן.

— דאָס מײנט מען אײַך! — טאַרעט אים א חבר.

ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער נאַרע. אַ װעכטער פירט אים. װער װײסט װוּהין? — טוט אים א קלאַפּ אין האַרץ. ער איז האַלב פאַרשלאָפן. װי שפּעט קאָן איצט זײַן? איז עס פאַרטאָג אָדער פאַרנאַכט? מען נעמט דאָך אומגעריכט אַרויס אַרעסטאַנטן פאַר דער עקזעקוציע. איז דאָס דער גרויסער מאָמענט?... ער קומט אַרײַן אין א שװאַך באַלויכטן צימער און דערזעט דורך געדיכטע קראַטעס זײַנע עלטערן.

— דודל! — דערהערט ער דאָס ציטערדיקע קול פון זײַן מאַמיען!

— װאָס ביסטו אַזוי בלאַס?

— מאַמעשי, איך בין נישט בלאַס. עס װײַזט זיך דיר אַזוי אויס.

— איך זע נישט ער זאָל זײַן בלאַס — זאָגט יצחק דער פאָטער — װאָס דיר פאַלט אײַן!

— אוי, דאָס קינד איז מיר פארהונגערט! דודל, מיר האָבן ביז איצט נישט געוווּסט ווו דו ביסט אהינגעקומען. די פיס זענען אונדז געשוואָלן געוואָרן ארומלויפנדיק פון איין קאנצעלאריע צו דער צווייטער, ביז מיר האָבן אויסגעפונען, אז דו ביסט אין ציטאַדעל. מיר האָבן דיר געבראכט א „וואַלוווקע" (פעקל שפייז, וועש), איך האָב דיר אָפּגעקאָכט א טעפּל פלוימען מיט שעפּטאַלן, צו דערכאַפּן זיך ס'האַרץ, און ווען וועט מען דיך שוין ארויסלאָזן?

— זאָרג נישט מאמע, ס'וועט שוין נישט געמען לאנג...

— איך ווארט שוין אויפן גליקלעכן טאָג, דיך ווידער צו זען אין דער היים — זי האָט איינגעקלאמערט די פינגער אין די קראטעס — וועסט געפינען אין פעקל א העמד מיט זאָקן און עטלעכע נאָזטיכלעך...

— און זיי אויפמערקזאם, ווען דו וועסט עסן דעם ווורשט — האָט אים יצחק געוואָרנט.

— גוט. איך וועל זיין. און וואָס הערט זיך אינדרויסן?

— די זון רייסט זיך ארויס פון די וואָלקנס... — האָט יצחק פּרצ'ס א חסיד, גערעדט מיט פינטעלעך.

— אַלע ווארטן מיט אומגעדולד זאָלסט שוין אהיימקומען — האָט די מאַמע געזאָגט.

די צייט פון דער זעונג האָט זיך שנעל געענדיקט. שרה האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די הענט פון די קראטעס. טרערן זענען גערונען אויף אירע אויסגעבלייכטע פאר דער צייט צעקנייטשטע באַקן. יצחקס אויגן זענען אויך געווען פייכט. און ער האָט פארשטיקט געהוסט.

אריינקומענדיק צוריק אין קאמער, האָבן זיך חברים נייגעריק ארומגעשטעלט ארום אים אָפּצונעמען א גרוס פון דרויסן. דוד האָט איבערגעגעבן, אז זיין פאָטער, דער סאָציאליסט, זאָגט, אז דער קאמף גייט אָן און פארשטארקט זיך. די ארעסטירטע האָבן זשעדנע אויפגענומען דעם גרוס, ווי אביסל פרישע לופט פון דער אָפענער, זוניקער וועלט.

שפּעטער, אז מען האָט דודן געגעבן די „וואלוווקע" איז אין איר אַלץ געווען איבערגעמישט, איבערגענישטערט. נאָר צווישן צוויי פּעניצלעך ווורשט, צונויפגעגייט ביי די בריגן מיט טונקעלן, אומזעבאַרן פאָדים, האָט דוד געפונען א בריוול, געשריבן מיט פאסיקלעך און פינטעלעך. און צום סוף שורות אין פערזן, אין נוסח פון אברהם רייזען, „ווינטער קאָן נישט אייביק זיין"... דעם פאָטערס טרייסט־ווערטער, די היימישע, מענטשלעכע שפּייז, האָבן אים געקרעפטיקט און ער האָט זיך פארבענקט נאָך

דער אָפּענער, פרייער וועלט, וואָס האָט דאָ אין דער טונקעלער, קבריטודיקער קאַמער אויסגעזען ליכטיק, יומטובדיק און פריי! די אַנדערע ארעסטירטע האָבן אויך געזוכט ברייוולעך אין די „וואַלוועקעס“, וואָס מען האָט זיי אריינגעשיקט.

ס'איז געוואָרן פינצטער. אין קאָרידאָר האָט מען אָנגעצונדן א לעמפּל. דער סאָלדאַט, פון יענער זייט קראַטעס, האָט מאָנאָטאָן געפּויקט מיט די שטיוול, שפּאַנענדיק הין און צוריק אויפן שטיינערנעם דיל. א חבר האָט שטיל און פארבענקט געזונגען א פאָלקסליד. עטלעכע שטימען האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט אים. אין דודן האָט אויך עפּעס אין דער טיף אויפגעזונגען און ארויסגערופן א מין היילונג, דערהויבנדיק געפיל! און ער האָט געפּרוווט, נישט וויסנדיק אליין פארוואָס, דאָס אויפשרייבן אויף פּאַפּיר...

# מען אַנטלויפט

אַלע נאַכט האָבן זיך די פּאַטרולן געביטן — אַן אַנדער אָפיציר מיט אַנדערע סאָלדאַטן האָבן איבערגענומען די וואַך. נישט אַלע אָפיצירן און אַלע סאָלדאַטן זענען געווען גראָב און ברוטאַל, טיילמאָל זענען געקומען „גוטע" אָפיצירן. אונטער זיי זענען די סאָלדאַטן אויך געווען „גוט". אַזעלכע אָפיצירן האָבן גערעדט מיט רעספּעקט צו די פּאָליטישע אַרעסטירטע... ווייזט אויס, שוין אַליין אויך אָנגעשטעקט פון דער נייער צייט און פון דער מאַרשירנדיקער רעוואָלוציע.

ווען אַזעלכע האָבן איבערגענומען די וואַך, זענען די טירן פון די קאַמערן געווען אָפן. אין די אָוונטן האָט מען דורכגעפירט לעקציעס און קליינקונסט־פאָרשטעלונגען... און מען האָט אַפּלאָדירט, אפילו די סאָלדאַטן האָבן אַפּלאָדירט... דעם אָפּטייל פון צידאַטעל האָט מען גערופן: „אַלעקסעיעווסקי פּאַרט". דאָ זענען נישט געזעסן די גאָר גרויסע פאַרברעכער, וואָס מען האָט „געכאַפּט ביי דער האַנט", נאָר אַזוי ווי דאָרט ווו מען האָט געהאַלטן די קאַנדידאַטן פאַר דער תליה איז געווען ווייניק אָרט, האָבן זיך אין „אַלעקסעיעווסקי פּאָרט" אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אויף זיך גרויסע „ספּראַוועס". און ס'איז געווען אַן אָפּמאַך: ווען אַזאַ פריינדלעכע וואַך נעמט איבער, זאָל קיינער נישט אַנטלויפן. די אַרעסטירטע האָבן דאָס אָפּגעהיטן. עס זענען געווען עטלעכע חברים, וואָס האָבן אויף זיך געהאַט שווערע „זינד" און ס'האָט זיי געדראָט טויטשטראָף. האָט מען געוואַרט ביז ס'וועט קומען אַ שלעכטער אָפיציר. און דעמלט זאָלן זיי לויט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן אַנטלויפן. ווען אַזאַ אָפיציר האָט איבערגענומען די וואַך, זענען טאַקע דריי אַרעסטאַנטן פאַרשוווּנדן. דער אָפּ־ציר, וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט דעם צאַר, אַזוי שטאַרק געסטאַרעט זיך צו קריגן אַ העכערן ראַנג, האָט געקריצט מיט די ציין, געריסן די האָר פון קאָפּ, געטופּעט מיט די פיס, געסטראַשעט אַלעמען צו פאַרזעצן אין קאַרצער און לאָזן אויסגיין פון הונגער און דאָרשט, אויב מען

וועט נישט אויסזאָגן, ווער ס'האָט די דריי געהאָלפֿן אנטלויפֿן און ווי אזוי זיי זענען אַנטלאָפֿן. נאָר וואָס קאָן מען טאָן מיט הונדערטער גאָטס=פאַרדאמטע בונטאָווטשיקעס, וואָס לעבערן די אויערן מיט זייער שווייגן? דער אָפֿיציר מיט די שווארצע, קרומלעכע וואָנצעלעך, בלוטפארלאָפֿענע אייגעלעך, געוואלדעוועט, זידלט, סטראשעט מיט שיסן, נאָר די ארעמטירטע אויף דעם אונטערשטן און אויבערשטן שטאָק זענען פארגליווערט אין א טויט שטילשווייגן.

פֿארטאָג איז געווען דאָס איינציקע מאָל אין מעת=לעת, ווען מען האָט די ארעסטאנטן ארויסגעפֿירט צו דערליידיקן זייערע נאטירלעכע פֿונקציעס אין הילצערנע בודקעס מיט דינע ברעטלעך. ס'איז אינעווייניק געווען אזוי קאַלט ווי אינדרויסן. אין די פֿוילע, הארבסטיקע פֿרימאָרגנס האָט מען געציטערט, שטייענדיק אויף די פֿיס מיט ארויסגעשטאָרצטע קני איבער די פֿארשמירטע לעכער. און טאָן האָט מען דאָס געמוזט איילנדיק. די סאָלדאַטן האָבן ארייגעקלאפּט מיט די פּראָקלאַדן פֿון די ביקסן, ציילנדיק „איינס, צוויי, דריי. און ארויס!" דערנאָך האָט מען שוין געקאָנט אין פֿארשלאָסענעם קאמער די אנדערע 24 שעה צעפּלאצט ווערן, ווארטנדיק אויפֿן קומענדיקן מאָרגן. א סך זענען טאקע קראנק געוואָרן דערפֿון.

וואָס לענגער און שווערער די צייט האָט זיך געצויגן, אלץ ענגער און קלענער איז די קאמער געוואָרן. ביינאכט פֿלעגט מען זיך אמאָל איינהערן אין אויסגעצויגענעם, רופֿנדיקן פֿייף פֿון א באַן, וואָס האָט זיך געטראָגן ערגעץ ווייט אין דער אָפֿענער וועלט אריין. דוד האָט זיך געזען אין איינעם פֿון די וואַגאָנען, ארויסקוקנדיק דורכן פֿענצטער אויף די באַזילבערטע פֿון דער לבנה פֿעלדער און וועלדער. די באַן פֿירט אים ערגעץ אין א ווייט, פֿריי לאנד אריין, וו מען ווייסט נישט פֿון קיין טורמעס. ער טראָגט זיך אינגאנצן אוועק אהין — און שפּאנט דאָ צוזאמען מיט די אנדערע הין און צוריק אין האלב=פֿינצטערן קאמער. עס שטעלט זיך א לאנגע, שווערע נאַכט. נישטאָ קיין בוך, נישטאָ קיין צייטונג, נישטאָ קיין נײַ פּנים—שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן. קוק אויף די קוויטיקע גרויע ווענט און אויפֿן סאָלדאַט, וואָס גייט הין און צוריק פֿאר די קראַטעס. פּלוצעם האָט א חבר אויפֿגעהויבן א האנט און אויסגעשריגן — דראָשקע! מען האָט געמיינט אז ער שפּאסט, האָט מען געשמייכלט. אָבער ניין, ער שפּאסט נישט, ער מיינט דאָס טויט ערנסט. ער רופֿט א דראָשקע און די דראָשקע וויל זיך אפּנים נישט אָפּשטעלן. לויפֿט ער איר נאָך, סטראשעט מיט די פֿויסטן דעם טרייבער, שלאָגט זיך אָן אויף די קראַטעס. דער סאָלדאַט מאכט א

טריט צו אים מיט דער ביקס און ער שרייט נאָך העכער — דראָשקע! מען וויל אים איינשטילן, ווארפט ער זיך שלאָגן, בייסט מיט די ציין. מען האָט אים געמוזט בינדן און אוועקנעמען אין טורמע־שפּיטאָל.

אין מיטן דער נאכט האָט מען א חבר אומגעריכט ארויסגעפירט פון קאמער. א בלייבער, האָט ער זיך געזעגנט. מער האָט מען נישט געהערט פון אים.

דוד, וואָס די געהיים־אגענטן האָבן געזאָגט, אז ער האָט געשאָסן אויף זיי, פלעגט זיך אויפכאַפּן אין מיטן דער נאכט, אָנשפּיצן די אויערן, דער סקריפּ פון סאָלדאטס שטיוול אין קאָרידאָר האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי דער שליסל וואָלט זיך א דריי געטאָן אין שלאָס פון דער טיר. מען גייט אים אויך פירן דעם לעצטן וועג! און ער האָט זיך אָנגעגורט...

ס'האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער. אויפן פּארקראַטעוועטן פענצטער האָט אָנגעהויבן פאלן דער ערשטער שניי. פארטאָג ווען ס'איז נאָך געווען געדיכט פינצטער, האָט מען אויפגעוועקט מיט א רוי, גרילצנדיק געשריי — „סטאַוואַי! סטאַוואַי! סטאַוואַי!" (שטייט אויף).

צימערנדיק פון קעלט האָט מען מעכאניש געקייט דאָס שטיקל ראזעווע ברויט און פּארטרונקען מיטן לעבלעכן וואסער. דער קורצער ווינטערטאָג האָט זיך אָנגעהויבן לאנג ציען.

— צו וועמען שרייבט איר אזא געדיכטן בריוו און ווער וועט אים אייך ארויסשמוגלען?

— ס'איז נישט קיין בריוו.

— וואָס דען איז עס?

— א באשרייבונג — זאָגט דוד פארשעמט.

— וואָס באשרייבט איר?

—דעם חלום פון אן ארעסטאנט, וואָס איז פאראורטיילט צום טויט.

— איר זענט א שרייבער?

— ניין, איך בין א שניידער. נאָר איך האָב ליב צו שרייבן.

— איך האָב אייך נעכטן געזען שרייבן קורצע שורהלעך. דאָס דארף דאָך זיין פּאָעזיע.

— איך פּרוּוו אויך שרייבן מיט גראַמען...

— מעגלעך, אז איר וועט אמאָל זיין א שרייבער. איר קאָנט גאָרנישט וויסן — האָט אים דער חבר דערמוטיקט.

# „האָטעל בריסטאָל“

אומגעריכט האָט מען דודן איבערגעשיקט מיט א גרופּע אין „מאָדלינער פעסטונג“, וואָס די ארעסטירטע האָבן גערופן „האָטעל בריסטאָל“ לויטן נאָמען פון רייכסטן ווארשעווער האָטעל, ווייל דאָרט זענען די קאַמערן געווען גערוימער, ריינער. די שפּייז בעסער. נאָר די זעלבע לאנגע, טונקעלע קאָרידאָרן, די זעלבע פארקראַטעוועטע קוויטיקע פענצטער, דער זעלבער פלאכער שטרויזאַק אויף דער נאַרע, די זעלבע רויע, שארפע קעלט, וואָס כאַפּט ארום דאָס לייב, ווי אַן אייזיקער פּאַנצער. דאָס פענצטער — א שטיק גלאַנציק אייז. די טורמע, א צוויי־שטאָקיקע געביידע, ווו עס זענען געזעסן אריבער הונדערט ארעסטירטע, מערסטנס פּאָליטישע און אויך אזעלכע, וואָס מען האָט געכאַפּט אין גאס בעת מאַסן־דעמאָנסטראַציעס און זיי האָבן נישט געוווסט פארוואָס זיי זיצן.

דאָ האָבן די ארעסטאנטן געקראָגן די זעלבע שפּייז וואָס די סאָלדאטן. אזוי האָט מען געזאָגט. דאָס בעסטע מאָלצייט פון טאָג איז געווען פארנאַכט: גוטע, געשמאקע קאשע מיט ברעקלעך פעטס. עטלעכע ארעסטאנטן האָבן מיט הילצערנע לעפל געגעסן פון איין קעסעלע...

פארוואָס האָט מען דודן איבערגעשיקט אין דער מאָדלינער פעסטונג? ווער ווייסט? ס'איז שוין געווען א שיף אָן א רודער. אָפּזיצנדיק דאָ עטלעכע חדשים האָט דוד געטראַכט, אַז אפשר האָט מען אין אים פארגעסן? פון צייט צו צייט האָט מען אויסגערופן נעמען פון א גרופּע און זיי געשיקט אין „ראַטוש“ און פון דאָרט — ווערן אויף „וויסילקאַ“ (ארויסגעשיקט אין ווייטע רוסישע שטעט), אנדערע קיין סיביר, אנדערע זענען באפרייט געוואָרן.

אין די פעקלעך עסן, וואָס די עלטערן האָבן אים אריינגעשיקט, זענען געווען דערמוטיקנדיקע בריוולעך מיט נייעס פון דער דרויסנדיקער וועלט. א ניי־אריינגעקומענער חבר, וואָס האָט געקענט דודס עלטערן, האָט אים דערציילט, אז די, וואָס ברענגען „וואלוויקעס“, שטייען אָפּ שעהן אויפן

פּראָסטיקן פעלד פאר דער טורמע איידער מען נעמט דאָס צו בײַ זיי. איין מאָל, איז דודס פאָטער יצחק, אהיימגעקומען מיט ברענגווונדן פון פראָסט, הענט און פיס זענען אים געווען אָפּגעפרוירן, און דודס מוטער איז קראַנק (דאָס האָט ער נישט באַדאָרפן דערציילן).

דער ווינטער האָט זיך פארפעסטיקט. אין די קאמערן איז געווען קאלט, מען האָט אזש געקריצט מיט די ציין. איין מאָל האָט מען אָנגעהויבן קלאפּן, טופּען מיט די פיס, און דאָס האָט זיך צעטראָגן פון קאמער צו קאמער. די וואַך איז געוואָרן אומרואיק. עס איז געקומען דער קאָמענדאנט פון דער טורמע, אולאָוויטש. א הויכער, מיט א רויט געזונט פּנים און וויינאוויגן, אײַנגעהילט אין א טײַערן פוטער מיט גאָלדענע עפּאָלעטן. א פאָרשטייער פון די ארעסטירטע האָט פּראָטעסטירט קעגן דער קעלט אין די קאַמערן, קעגן דער שלעכטער באהאנדלונג פון דער וואך. — מען וועט באטראכטן — האָט ער געזאָגט. ווארעמער דערפון איז נישט געוואָרן. ווען ער איז אוועק האָט מען ווידער אָנגעהויבן טופּען מיט די פיס, קלאפּן אין די קראטעס, שרייען אין כאָר: „קאלט, קאלט“, אָן אָפיציר איז אָנגעלאָפן און געסטראשעט אלע צו פארזעצן אין קארצער, נאָר ער האָט דאָרט נישט געהאט גענוג אָרט פאר הונדערט ארעסטירטע, או די געשרייען און דאָס קלאפּן אין די ווייטערדיקע טעג האָט נישט געהאָלפן, איז דערקלערט געוואָרן א הונגער=שטרייק. קיינער האָט נישט געגעסן, סאָלדאטן האָבן אריינגעבראכט די שפּייז אין קאמער, געשמאקע קאשע מיט שמאלץ=גריוון. קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צו דעם. דעם ערשטן און צווייטן טאָג האָט דער הונגער שטארק גענאָגט און געצויגן. דעם דריטן טאָג איז געוואָרן אביסל לײַכטער. עטלעכע חברים זענען אָבער קראַנק געוואָרן. אנדערע האָבן זיך ארומגעדרייט אויסגעבלייכט, מידע, געשטעלט לאנגזאמע טריט. דער שטרייק האָט אָנגעהאלטן, דאַכט זיך, אן אייביקייט... דוד איז געווען פארטשאדעט... ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן באהייצן די קאמערן און די ארעסטירטע האָבן אָנגעהויבן עסן.

דוד האָט ווידער געזען די עלטערן. דורך די טונקעלע, געדיכטע קראטעס, האָבן זיי דאָסמאָל באמערקט ווי אויסגעבלייכט ער איז געווען נאָכן הונגער=שטרייק.

— ווען וועט מען דיך שוין ארויסלאָזן, דודל? — האָט די מוטער ווי געמאָנט בײַ אים.

— ס'וועט שוין נישט נעמען לאנג — האָט ער איר ווידער צוגעזאָגט — און וואָס הערט זיך אין דער היים?

— אלע ווארטן מיט אומגעדולד דו זאָלסט שוין באפרייט ווערן.

— ס'וועט שוין נישט געמען לאנג, שרהשי — האָט דער טאטע איר און דודן פארזיכערט מיט א קאָנספּיראטיוון שמייכל — אז אלע וועלן באפרייט ווערן. ער און די מוטער זענען פאר דער קורצער צייט פאר־עלטערט געוואָרן. דער וויזיט האָט זיך ווי שטענדיק שנעל פארענדיקט.

צו אונדזערע חברים זענען אחוץ עלטערן אויך געקומען מיידלעך, כלות. דוד האָט זיך צום ערשטן מאָל פארטראכט וועגן דעם... אז מען זיצט אין טורמע איז גוט, אז ס'קומט א געליבטע דיך באזוכן. ער האָט זיך אָבער אינדרויסן נישט אומגעקוקט אויף קיין מיידלעך. ער איז נאָך גע־ווען צו יונג.

עס האָבן זיך ווידער אָן השבון געצויגן טעג, וואָכן, חדשים. איינ־מאָל, אין א ווינטערדיקן נאָמיטאָג האָט דוד, ווי טייל אנדערע ארעס־טאנטן, געכאפט א דרימל אויף דער נאַרע. דערפילט ער עמעצער טארעט אים — דוד לינדפעלד! אייער נאָמען איז אויסגערופן געוואָרן!

ער שפּרינגט אויף. מען האָט זיך דערמאנט אין אים! וואָס דערווארט אים איצט? וואוהין וועט מען אים פירן, וואָס וועט זיין דער אורטייל? ער האָט שנעל צוזאמענגענומען זיינע עטלעכע זאַכן. געפּלאטערט, אז די הענט האָבן אים געציטערט. ענדלעך נעמט מען אים אויך ארויס פון דער מאָדלינער פעסטונג. מען וועט אים פירן אין א באַן און איבער גאַסן אונ־טער אן אָפענעם הימל. ער וועט זען פרייע מענטשן פארבייגיין, איינ־אָטעמען פרישע רופט, פילן אויף זיך שטראלן פון דער זון. ער האָט זיך געזעגנט מיט די אומעטיק איבערגעבליבענע חברים. זיי האָבן אים גע־וווּנטשן גליק. און אויב ער וועט באפרייט ווערן, זאָל ער העלפן שנעלער מאַכן די רעוואָלוציע.

דאָס שווערע, פינצטערע טויער פון דער פעסטונג האָט זיך געעפנט צו דער אָפענער וועלט. די גרופּע איז געווען ארומגערינגלט פון סאָל־דאַטן מיט ביקסן. די ערד איז געווען פייכט. ערטערווייז האָבן זיי גע־טראָטן אין צעגאנגענעם שניי. אין דער לופט האָט געשמעקט דער אָנ־זאָג פון קומענדיקן פרילינג. דוד האָט א פארליבטן שמייכל געטאָן צום הימל. ווו די זון האָט געשמאָלצן רעשטלעך פון די אייזיקע וואָלקנס, אָנ־זאָגנדיק אַ מאַי־רעגנדל. דאָ און דאָרט האָט זיך עמעצער אָפּגע־שטעלט און געגריסט זיי מיט דער האנט, אָדער מיט די אויגן.

אָט איז די באַן, וואָס פירט קיין ווארשע. מען האָט זיי אריינגעפּאקט אין אַן ענגן פארקראטעוועטן וואגאָן. האנט צו האנט געשלאָסן אין קייטן.

אומגעפער אין א שעה ארום — א מאַרש איבער די היימישע, וואָר־שעווער גאַסן. דאָ האָט זיך גאָרנישט געביטן. די שטאָט רוישט ווי א גרויסער, פריילעכער אָרקעסטער, וואָס באַגעגנט זיי. דוד פריידט זיך מיט זיין שטאָט, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן און צוריקגעקומען מיט דער האָ־פענונג צו בלייבן לעבן, אויב מען האָט אים שוין ביז איצט נישט גע־פירט צו דער תליה. עפּעס ווי א נס וואָלט געשען: זאָל מען אים האָבן מער געגלויבט ווי די געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן געזאָגט, אַז ער האָט געשאָסן אויף זיי? ווידער ווערן זיי באַגריסט פון פאַרבייגייער, איבער־הויפּט פון שיינע, יונגע מיידלעך. איינע מיט שוואַרצע לאָקן און ברייטן הוט נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון אים. ווייזט אויס, אַז ער איז נישט קיין מיאוסער בחור.... זייערע בליקן שליסן זיך צונויף און רעדן זיך אָפּ צו טרעפן ערגעץ....

צוריק אין ראַטוש — די זעלבע איבערגעפּאַקטע קאַמערן, דער זעל־בער געדיכטער, טומלדיקער גערויש און דער זעלבער פאַרשטיקטער ריח, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען מען קומט אַריין פון דער פרישער לופט.

דם זעלבן טאָג האָט מען געלייענט פאַר דודן זיין אורטייל: „וויסיל־קאַ“; ער ווערט אַרויסגעשיקט פון וואַרשע קיין רוסלאַנד אויף אַזוי לאַנג, ווילאַנג עס וועלן אָנהאַלטן די אומרוען אין פּוילן. אַזאַ אומגעריכט גליק! ער בלייבט לעבן, לעבן! איצט האָט דער פאַרשטיקטער, איבער־געפּאַקטער ראַטוש אויסגעקוקט ווי א פריילעכער האָטעל, וווּ ער שטייט איין אויף דערווייל, קלייבנדיק זיך צו מאַכן א רייזע קיין רוסלאַנד. ער, וואָס האָט זעלטן זיך געקאָנט פאַרגינען צו פאָרן מיט א טראַמוויי, וועט איצט, אַדאַנק זיין אַרעסט, מאַכן א רייזע קיין רוסלאַנד אויפן חשבון פון דער צאַרישער רעגירונג. וואָס דערוואַרט אים דאָרט? וועמען וועט ער באַגעגענען? ער שטעלט זיך פאָר די יונגעלייט און מיידלעך, מיט וועלכע ער וועט שליסן חברשאַפט — א נייע וועלט וואַרט אויף אים און ער איז נאָך אַזוי יונג. ער שעמט זיך דאָך אויסצוזאָגן, ווי יונג ער איז... ער הייבט דאָך ערשט אָן צו לעבן!

# מיטן עטאַפּ

ס'איז אָנהייב חודש מאי. פֿנימער פֿון וואַרשעווער מענטשן אין גאַס זענען אויפֿגעלייגט, צעשמייכלט. ס'קלינגען שטיפֿעריש מיידלשע געלעבטערס. קינדער טראָגן שוין קאָלירטע באַלאָנען אין די הענט, וואָס רייסן זיך צום זוניקן הימל. קליינוואַרג ציט אויס די קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך פֿאַרמאָסטן מיטצופֿליען. וואַרשע איז צעלויכטן, צעיומטובט. ווען ס'פֿאַלט דער באַפֿעל צו מאַרשירן, באַמערקט דוד זיי פֿאָטער יצחקן, וואָס שמייכלט צו אים מיט פֿייכטע אויגן, אָנגעפֿילט מיט שטאָלץ און טרויער... ער פֿאָכעט צו אים פֿאָטערלעך און חבריש מיט דער האַנט, בלייבנדיק פֿון הינטן. דוד וויל אים פֿרעגן וועגן דער מאַמען, נאָר אויסדרייען דעם קאָפּ טאָר מען נישט. מען וואָלט אים דערלאַנגט מיטן פּראָקלאַד, און זיין קול וואָלט סיי ווי פֿאַרטרונקען געוואָרן אין געקלאַנג פֿון די קייטן. מען האָט זיי ווידער אָנגעפּאַקט אין אַ וואַגאָן מיט קליינע, געדיכט=פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצטערלעך. נאָך אַ לאַנגער צייט שטיין אויף איין אָרט, האָט זיך די באַן אָנגעהויבן רירן. דודן איז הויל געוואָרן אין האַרץ, ווי עפּעס וואָלט דאָרט אָפּגעריסן געוואָרן. זיין געבוירנשטאָט וואַרשע רוקט זיך אָפּ פֿון אים, דערווייטערט זיך צוזאַמען מיט זיינע שענסטע קינדעריאָרן, עלטערן, שוועסטער, ברידער, חברים, יוגנט, גילדענע חלומות. פֿון איצט אָן וועט ער זיין אליין ערגעץ אין אַ פֿרעמדער, רוסישער שטאָט, אָדער שטעטל. פֿון וואָס וועט ער דאָרט לעבן? ער איז נאָך נישט קיין אויסגעלערנטער בעל=מלאכה. און האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה אחוץ דאָס העמד אויפֿן לייב און די אויבערשטע קליידער, וואָס זענען אויסגעריבן, פֿאַרגלאַנצט פֿון וואַלגערן זיך אין די טורמעס. ער האָט אָבער דערגרייכט: ער איז אַ רעוואָלוציאָנער... פֿאָרט צוזאַמען מיט וויכטיקע רעוואָלוציאָנערן, טייל באַיאָרנטע, אויף פֿאַרשיקונג. אָט זינגט מען רעוואָלוציאָנערע לידער! דורך די קראַטעס פֿלאַמט אַריין די רויטפֿאַרגייענדיקע זון, וואָס הענגט ווי אַ רויטע פֿאָן אין הימל צו באַגריסן

די רעוואָלוציאָנערן, גלעט מיט אירע שטראלן זייערע בלאַסע, פארהונ־
גערטע פּנימער און צינדט רויטע פונקען אין זייערע אויגן. ווארשע דער־
ווייטערט זיך מיט דער דזשעלנע גאס, וווּ זיין וויגל איז געשטאנען.
עס דערווייטערן זיך די פרייליכע און טרויעריקע צייטן, וואָס ער האָט
דאָרט אין זיינע יונגע יאָרן איבערגעלעבט, עס דערווייטערט זיך דער
שטענדיקער געראנגל מיט דער גויט, די געהיימע פארזאמלונגען ביי זיי
אין הויז, דער מאָמענט אין זאקסישן גאָרטן, ווען ברוך שולמאנס באָמ־
בע האָט אויפגעריסן דעם פאַרהאַסטן קאָמיסאַר קאָנסטאַנטינאָוו. ער
האָט זיך דערמאנט אין זיין חלום צו ווערן אַן אקטיאָר, אָדער א רעוואָ־
לוציאָנער. נו, קיין אקטיאָר איז ער נישט געוואָרן, דערפאַר אָבער האלט
ער אין ווערן א רעוואָלוציאָנער, ער איז שוין געזעסן אין טורמעס און
געפילט דעם טעם פון דער תליה... גאָר דאָס זענען יינגלשע פאנטאזיעס.
ער דאַרף ערשט אויסוואקסן. די ערשטע זאך: לערנען, בילדן זיך. ער
האָט דאָך קיין שול נישט געענדיקט... ער איז דאָך רוי. און פון מארק־
סיזם ווייסט ער אויפן שפּיץ מעסער. ווען מען וועט אים ערגעץ אָפּשטעלן
אין א שטאָט, וועט ער גיין אויף נאכט־קורסן, ווייל בייטאָג וועט ער
דאַרפן ארבעטן צו פאַרדינען אויף ברויט.

ער האָט ארויסגעקוקט דורכן פארקראטעוועטן פענצטער. די זון
איז אריינגעפאלן ערגעץ אין די בערג ווי א פייערדיקע קויל. שאָטנס
האָבן זיך אָנגעהויבן שפּרייטן אויף די וועגן. אין טייל פארביישוועבנדיקע,
פּויערישע הייזלעך האָט מען שוין אָנגעצונדן ליכט. א לאנגער אויסגע־
צויגענער פייף פון דער באַן האָט אָנגעזאָגט אין דער נאכט אריין:
מאכט א ווארע, עס פאָרן רעוואָלוציאָנערן פון פוילן! עס פליען פארביי
שאָטנס פוןביימער. בלייכע פייערלעך אין די פענצטער פון כאַטקעס
ווינקען סודותדיק. אין וואַגאָן צוקט און ציטערט דאָס פלעמל פון נאפט־
לעמפּל, ווי א נשמה, וואָס האלט ביים אויסגיין. ס'איז שטיקנדיק, שווער
צו אָטעמען. קעפּ וויגן זיך אויף אַקסלען. טייל שנאָרכן, טייל רעדן פון
שלאָף, אנדערע, ווי דוד, זענען וואַך און טראכטן און טראכטן...

און וווהין פירט מען זיי? אַלץ וואָס מען ווייסט איז, אז מען
ווערט געפירט מיטן עטאפּ צו א רוסישער שטאָט, וווּ מען וועט זיי
ארויסלאָזן פריי אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

נאָך א שווערער נאכט און א טאָג שלעפּן זיך — און אפשר זענען
דאָס געווען צוויי נעכט, דוד געדענקט נישט גענוי — איז ער האסטיק
איינגעשלאָפן און פון צייט צו צייט זיך אויפגעכאפּט א האלב פאר־

טשאַדעטער פון פארשידענע חלומות. די באַן האָט זיך אָפגעשטעלט אין אַן אומבאקאנטער, רוסישער שטאָט. א קאַלטער ווינט האָט זיי באגריסט ארויסגייענדיק פון וואַגאָן. דאָ, ווייזט אויס, האָט זיך דער ווינטער פארשפעטיקט. די גאסן זענען געווען שוואַך באלויכטן, די גרויע צעוואָרפענע הייזער האָבן אויסגעקוקט פרעמד און נישט פריינדלעך. ס'האָט געמוזט זיין א קליינע שטאָט, ווייל מען האָט ווייניק מענטשן געזען פארבייגיין. די ארעסטאנטן זענען ארויס פון וואגאָן צעבויגענע, צעקנייטשטע, ציטערנדיק פון קעלט. קוים געקאָנט נאָכלויפן דעם שנעלן שפאַן פון די סאָלדאטן, וואָס האָבן זיי ארומגערינגלט. מען האָט זיי דערפירט צו א „פערעסילנע“ (איבערשיקונג) טורמע. אין א טונקעלן צימער האָט א ציווילער מאן געסקריפעט מיט א פען אויף פאַפיר. ער האָט אויפגעהויבן דעם דין געשווירענעם קאָפ, אָנגעשטעלט די קליינע שיכורלעכע אויגן, און אויסגעהערט דעם ראַפאָרט, וואָס ס'האָט אָפגעגעבן א „בענדלדיקער“ סאָלדאַט פון דער וואַך. לאַנגזאַם, שווער, האַלב־פאַרשלאָפן האָט ער פארשריבן. דערנאָך האָט מען אלע אראָפגעפירט אין א האלב פינצטערן קעלער, מיט א פארקראטעוועט פענצטערל הויך ביי דער סטעליע. אויפן שטיינערנעם דיל האָבן זיך ווי דורך א נעפל ארויסגעזען אומגעלומפערטע פיגורן מיט טעמפע אויגן, קויטיק־פארפלאָנטערטע בערד. ס'האָט זיך געטראָגן פון זיי א פוילנדיקער גערוך. קיינער פון זיי האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפ א קוק צו טאָן אויף די אריינגעקומענע. דאָס זענען געווען קאלטבלוטיקע גארגל־שניידער, גנבים, פארגוואלדיקער און נאָך פון דעם סאָרט. די איבערשיקונגס־טורמע איז געווען גאָר אַן אלטע, נידעריקע, צעפוילטע געביידע, וואָס האָט זיך געגראָבן אין דער ערד אריין. א קאַפיטש־לעמפל, וואָס האָט אריינגעשיינט דורך די קראטעס, האָט אביסל פארבלייכט די פינצטערניש. אז די אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צום חושך, האָט מען אָנגעהויבן ארויסזען צעקרומטע פיגורן אויף דער ערד, וואָס האָבן געמאכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן נישט געזען און נישט געהערט קיינעם ארום זיך. נישט געווען קיין ליידיקער שפאן. מען איז איבערגעקומען א שווערע נאכט האלב שטייענדיק, האלב זיצנדיק, אָנשפארנדיק זיך איינער אויפן אנדערן. פארטאָג האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסשניידן די פיזיאָנאָמיעס פון די קרימינעלע ארעסטאנטן: אויפגעלאָפענע, צעאקערטע, פארהארטעוועטע פנימער, אלקאָהאָלישע נעז, שפירט־אויגן, מיט בלויע פייערלעך, וואָס האָבן שטענדיק געלעכצט נאָכן ביטערן טראָפן. זיי האָבן געקוקט שפאטיש אויף דורן

מיט זיינע חברים, ס׳איז געווען אן אומכבוד פאר זיי, באַרימטע פאַרברע־כער מיט גרויסע נעמען, אַלטע קאַטאָרזשניקעס, צו קאָמפּאַנירן זיך מיט יונגע, נישט דערפאַרענע גנבים... וואָס זענען גאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס...

מען האָט דערלאַנגט אָנבייסן: א שטיקל ראַזעווע ברויט מיט וואַ־סער. די „אַריסטאָקראַטן“, די אַלטע, געפּערלעכע פאַרברעכער, האָבן פאַרדעמפּט געהוסט, געשפּיגן, געבראַקעט און געשאָלטן אויף אַן אומ־פאַרשטענדלעכער אונטערוועלט־שפּראַך.

— ווי געפעלט אייך דער האָטעל? — האָט א חבר געפרעגט דודן.

— די מאָדלינער פעסטונג איז טאַקע א האָטעל בריסטאָל קעגן דעם גרוב. ווען כ׳זאָל דאָ נישט זיין און דאָס נישט זען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָלט איך נישט געגלויבט, אַז אפילו די צאַרישע רעגירונג זאָל אַזוי האַלטן מענטשן.

— נו, מען דאַרף דאָך אויך אַריינגיין אין זייער לאַגע — האָט גע־זאָגט א חבר, וועלכער האָט געהאַט א היפּשע נאָז, וואָס האָט חוזקדיק געשמייכלט, און פריילעכע פייערלעך אין די אויגן, וואָס די טורמע האָט נישט געקאָנט אויסלעשן — אַז עס סטייעט זיי פאָרט נישט געגוגט אָרט פאַר אַזויפיל פאַרברעכער. זענען זיי געצוווּנגען אונדז צוזאַמענצופּאַקן. אַלץ וואָס זיי טוען, טוען זיי דורך צוואַנג... —

אויפן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל האָט זיך אָנגעהויבן אויספאָרמירן דער שאָטן פון א זונשטראַל.

מען האָט אַרויסגעלאָזט אַן אַרעסטאַנט מיט אַ פאַרפּרווירן פּנים פון א קאַלטן גזלן און פאַרגליווערטע אויגן. אַלע קרימינעלע, אפילו די פאַר־האַרטעוועטע פאַרברעכער, האָבן זיך געטאָן דרך־ארצדיק א שטעל אויף, ווי סאָלדאַטן פאַר א גענעראַל אָדער להבדיל, חסידים פאַר א רבין. מען האָט געמאַכט פאַר אים א באַקוועם אָרט און זיך אַליין צוזאַמענגע־קוועטשט. צוגעטראָגן אים א שעפּ וואַסער. ס׳איז געוואָרן ווייס ברויט מיט א שטיק „סאַלע“ (פעטס), מ׳איז געשטאַנען אַרום אים מיט רעס־פּעקט, געקוקט אין די אויגן אַריין. ער האָט געזאָגט געציילטע ווערטער און זיי האָבן חניפהדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. דאָס איז ווייזט אויס געווען זייערס א באַרימטער מענטש.

דוד האָט זיך באַגעגנט מיט א בליק פון איינעם, וואָס האָט אָפּגע־געבן כבוד דעם ניי אַריינגעקומענעם. און ס׳איז אים געוואָרן קאַלט...

— נישט זייער קיין פריינדלעכע מענטשן — האָט דוד געזאָגט צו א חבר, וואָס איז שוין איינמאָל דורכגעגאַנגען די „פּערעסילנע"־טורמע.

— פארהאַרטעוועטע, קאַלטבלוטיקע גזלנים — האָט יענער פארזיכערט. איר ווייסט, אַז די טורמע־וועכטער ציטערן פאר זיי? ס'איז א פאקט, אַז זיי האָבן אריינגעוואָרפן א וועכטער אין א קעסל הייס וואסער און אים אָפּגעקאָכט לעבעדיקערהייט. פאראַן אויך צווישן זיי וועלט־באַרימטע גנבים, קינסטלער אין זייער פאַך, וואָס קאָנען אייך דאָס שווארצאַפּל פון אויג ארויסנעמען.

— נישט קיין אָנגענעמע געזעלשאפט — האָט דוד געזאָגט.

— נו, צום גליק וועלן מיר דאָ לאַנג נישט זיין. העכסטנס עטלעכע טעג.

— זענט איר זיכער אין דעם?

— זיכער, סיידן אין אן אויסנאם־פאַל. ס'טרעפט אמאָל, אַז פאפירן ווערן פארלוירן.

— פאַרלוירן? — איז דוד געוואָרן אומרואיק.

— עס האָבן שוין געטראָפן אזעלכע פאַלן, טייל קאנצעלאריע־שרייבער זענען ביטערע שיכורים, ס'איז א שיף אָן א רודער.

דוד האָט שוין געזען די מעגלעכקייט, אַז ער זאָל דאָ פארבלייבן ביז די רעוואָלוציע וועט אים באפרייען. נאָר מען האָט אים נישט פארגעסן. נאָך א קנאפע וואָך אין דער איבערשיקונגס־טורמע האָט מען ארויסגערופן די נעמען פון זיין גרופע צוזאמען מיט אים. ווידער א מאַרש. דאָסמאָל איבער זוניקע גאסן. דער קאָנטראסט פון פינצטערן קעלער ביזן העלן דרויסן איז אזוי גרויס, אַז מען קאָן אין אָנהייב נישט האלטן די אויגן אָפן. מען שפאנט מיט נישט זיכערע טריט, פארטשאדעטע פון קעלער. פריינדלעכע פנימער פון ארבעטער און סטודענטן דערקענען באַלד, אַז דאָס זענען פאָליטישע. מאַכן אויפרופן, ציען די היטלען. ביז מען שטעלט זיך אָפּ ביי עפעס א רעגירונגס־געביידע. אינעווייניק, ביי א טיש אויבן אָן זיצט א פעטער, פרייבנדיקער טשינאָווניק מיט גאָלדענע עפּאָלעטן און גאָלדענע קנעפּ אויפן מונדיר. ער האָט א ברייטן, רויטן קאַרק מיט א פארשוויצט אויפגעלאָפן פנים. דער עלטסטער פון פאטרול הייסט אראָפּנעמען די היטלען... ציט זיך אויס און ראפּאָרטירט פון א פאַפּיר. דער טשינאָווניק קוקט נישט אויף אים. פּויקט מיט די דיקע פינגער אין טיש. זיין קאַרק הייבט אָן פלאמען. אָט קריגט ער אן אַפּאָפּלעקסיע:

— איך האָב גענוג מיינע אייגענע קראַמאַלניקעס! — קייכט ער ארויס. ציט אָפּ דעם אָטעם און באפעלט: — מארש, פארנעמט זיך פון דאַנען!

אַ געפרעסט, פּראָטעסטירנדיק מורמלעריי פון די אויסגעמאַטערטע אַרעסטאַנטן. דאכט זיך עמעצער פון זיי הייבט אויף א האנט, ווי ל עפּעס זאָגן, נאָר סאָלדאַטן טרייבן, שטופּן מיט די פּראָקלאַדן פון די ביקסן — מען פירט צוריק אין ענגן, פינצטערן קעלער אריין.

שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז צווישן די באַאמטע פון דער צאַ־רישער רעגירונג אין פּוילן און אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין פארשטענדי־קונג וועגן אויפנעמען די ארויסגעשיקטע. ס׳האָט זיך געוועגדט אין דעם ,,איספּראַווניק" פון דער שטאָט. האָט ער געוואָלט, האָט ער דערלויבט צו בלייבן, האָט ער נישט געוואָלט, האָט ער געהייסן גיין ווייטער — זעקס וואָכן האָט זיך דוד געשלעפּט מיטן עטאַפּ, פון איין ,,פּערעסילנע"־טורמע אין דער צווייטער. די שפּייזן זענען געווען אזעלכע, אז א הונט וואָלט זיי בראַקירט.

פארקויטיקטע, פארהונגערטע האָט מען ווידער געשפּאנט איבער פרעמדע גאַסן, ווידער אריינגעפּאַקט געוואָרן אין אַן ענגן וואַגאָן, ווו מען פירט געוויינלעך פערד אָדער אָקסן. ווידער א לאַנגער, אויסגעצויגענער פייף, וואָס זאָגט אָן אין גרויסן, רוסישן לאנד אריין: ,,מאַכט א ווארע!"... קוים דערלויבט זיך צו דערשלעפּן אין א נייער שטאָט. די זעלבע טענה: ,,איך האָב גענוג מיינע אייגענע קראַמאַלניקעס!"

יעדן טאָג, וואָס מען איז געפאָרן אין דער באַן, האָט אַן ארעסטאנט באקומען צען קאָפּיקעס אויף שפּייז. די צענער־קאָפּיקעס האָבן די חברים צוזאמענגעלייגט און א סאָלדאַט האָט אויף א סטאנציע געקויפט ברויט מיט קאָלבאס (וווּרשט). דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָלצייט פארן מעת־לעת. עס זענען אָבער געווען טעג, ווען דער אָפיציר פון פּאַ־טרול האָט ,,פארגעסן" אויסצוצאָלן די צענער־קאָפּיקעס, האָט מען גע־הונגערט און פּראָטעסטירט, געקלאַפּט אין די ווענט, אין די פאַרקראַטע־וועטע פענצטער. סאָלדאַטן מיט ביקסן ביי דער טיר האָבן אויסגעדריקט מיטגעפיל אויף זייערע פּנימער און — געשוויגן, געשטאנען גרייט אויס־צופירן באַפעלן... ס׳איז געבליבן אזא בילד אין ארכיוו פון דודס קאָפּ: א פריינדלעכער סאָלדאַט ציט ארויס א שטיקל האַזעווע ברויט פון זיין פארשוויצטן שטיוול און דערלאנגט דאָס אים. דוד פארפירט מיט אים א שמועס... דער סאָלדאַט הערט אויס און שווייגט...

נאָך וואָכן ארומשלעפּן זיך איז מען אָנגעקומען אין דער שטאָט „ר“ אויסגעמאַטערטע, קוויטיקע, באוואָקסענע, מיט וואקלדיקע טריט, פיבער־דיקע אויגן. מען האָט שוין אויסגעקוקט ווי סטראַשידלעס. ווידער א „פּע רעסילנע“־טורמע. נאָך א טאָג און א נאכט זיין דאָרט פארשפּארט, ווידער א מארש איבער פרעמדע גאַסן, ווידער אַ קאַנצעלאַריע. דאָ אָבער, האָט דער „איספּראַווניק“ נאָכגעטראַכט און צו דער איבערראשונג פון די ארעסטאנטן געזאָגט:

— נו, „לאַדנאָ“ (שיין), אז איר וועט צוזאָגן צו זיין פיינע מענטשן, וועל איך אייך דערלויבן אָפּצושטעלן זיך ביי אונדז. וויפל איז דער שיעור איר זאָלט ארומרייזן דאָס לאנד אויפן חשבון פון דער מלוכה? איר קוקט דאָך שוין אויס ווי שדים! אז באַבעס וועלן אייך דערזען, וועט זיי פארגיין דער חשק צו זיין מיט אַ מאַן! (די וואך האָט אונטערטעניק געשמייכלט) גאָר געדענקט! איר זאָלט מיר נישט אָפּגעבן פאר מיין גוטס מיט שטיי־גער.... דאָ טאָר מען זיך נישט בונטעווען, דאָ מוז מען זיך אויפפירן אָנ־שטענדיק. און יעדע וואָך זיך מעלדן אין דער פּאָליציי — פארשטאַנען?!

מידע קעפּ האָבן זיך געוויגט, עפּעס געמורמלט... און דער גרויסער מאָמענט איז געקומען, מען האָט אראָפּגענומען די קייטן פון די הענט און ארויסגעלאָזט פריי!

# די שטאָט „ד"

אינדרויסן זענען זיי באַגעגנט געוואָרן פֿון דער זון און פֿון אַ גרויסן,
ברייטן, בלויען הימל, וואָס אונטער אים האָט די שטאָט אויסגעקוקט זייער
קליין און שטיל און אַנטקעגן וואַרשע — זייער פֿאַרשלאָפֿן. עס האָבן זיי
אויך באַגעגנט צוויי חברים, אָרטיקע רעוואָלוציאָנערן. מען האָט זיך האַר=
ציק, ברידערלעך באַגריסט. און אַז מען האָט זיך צונויפֿגעגנערעדט, האָט
מען אויף אַ דעליקאַטן אופֿן, פֿאָרזיכטיק, געפּרוווט אויסגעפֿינען, צו וואָס
פֿאַרא פּאַרטייען מען באַלאַנגט... נאָר מען איז נישט אַריין אין קיין דיס=
קוסיע. דער מאָמענט איז נישט געווען פּאַסיק דערפֿאַר.

נאָך אַ יאָר טורמע, שטענדיק אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך, שטענדיק
אין שאָטן פֿון אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס אין דער האַנט, האָט זיך איצט
דוד געפֿילט ווי אַ יונגער הירש וואָס וויל שפּרינגען, פֿליען איבער בערג
און טאָלן, ערשט איצט האָט ער געפֿילט דאָס גליק פֿון קאָנען זיך באַוועגן
פֿריי, נישט זען מער די קראַטעס פֿאַר זיינע אויגן און הערן דאָס טרויע=
ריקע, מאָנאָטאָנע פּויקן פֿון סאָלדאַטס שטיוול.

די חברים, וואָס האָבן זיי באַגעגנט, האָבן זיי געהאָלפֿן קריגן דירות.
אויף דודן איז אויסגעפֿאַלן אַ צימער ביי אַ יידישער פֿאַמיליע מיט צוויי
שיינע טעכטער. דודן איז אָנגעקומען שווער צו לאָזן וויסן די חברים, אַז
ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה, כאָטש ער דערוואַרט צו קריגן
הילף פֿון די עלטערן, ביז ער וועט זיך ערגעץ שטעלן אַרבעטן. און
ס'איז געוואָרן פֿאַר אים אַן „אונטערערדישער", זילבערנער רובל.

ער איז ווידער אין אַ ליכטיק הויז. נאָך די ענגע, פֿינצטערע טורמע=
קאַמערן קוקט דאָס אויס ליכטיקער ווי עס איז און גרעסער, ממש אַ פּאַ=
לאַץ. די באַלעבאַטים זענען זייער פֿריינדלעך. די באַלעבאָסטע, אַ דאַרע,
אַ ברונעטע, מיט אַ שוואַרץ וואָרצעלע אויף דער אַ ביסל געבויגענער נאָז,
אַ שטילע, רעדט מער מיט אירע טיף=שוואַרצע, גשמהדיקע אויגן. ציפּע,
הייסט זי. דאַרף אַרויפֿקוקן צום מאַן, ווייל ער איז אַ הויכער ייד, אַ פֿאַר=

שמייטער. ס׳היטל שטענדיק אביסל פארדוקט ארויף. די באָרד זיינע אויך א פארשמייעטע, א צעטראָגענע, ליגט נישט אויף אַן אָרט. נאָר ער איז א ווילער ייד. א מעקלער פון פאך, דאַכט זיך שטענדיק, אז ער שפּיצט אָן אן אויער, ווייל אויפכאַפּן עפּעס, אין וואָס אָנצוהענגען זיך כדי עפּעס אויסצו־מעקלערן. די באַלעבאָסטע האָט דורן פארבעטן צו א געשמאקער וועטשע־רע און משה, דער באַלעבאָס, האָט געוואָלט אלץ וויסן וועגן דער גרויסער שטאָט ווארשע, און ווי עס לעבט זיך אין די טורמעס, און אויף ווי לאנג מען האָט דורן פארשיקט, און וואָס זיינע עלטערן טוען, וואָס ער טוט — אלץ, אלץ האָט ער מיט איינמאָל געוואָלט וויסן. ביז די באַלעבאָסטע ציפּע, האָט געזאָגט: — משה, לאָז דעם בחור אָפּעסן. ער איז אוודאי אויסגעהונ־גערט און פארמאטערט פון די טורמעס — און די טעכטער מיט בלאס־פארליבטע פּנימער, אויסגעפּוצטע, שעמעוודיקע, מיט שווארץ־גלאנציקע צעפּ, וואָס האָבן זיך פארפירעריש געוויגט ביי זייערע באוועגונגען, כאַפּן אמאָל אַ קוק אויף דורן ווען ער זעט נישט. און אז ער כאַפּט זיי ביי דער גנבה, בייגן זיי שנעל אוועק די קעפּ און ווערן רויט. די שטאָט ווארשע, פון וואנען ער קומט, רופט ארויס גרויס אָנזען, און פאר רעוואָלוציאָנערן האָט דאָס פאָרפאָלק גרויס דרך ארץ. מען האַלט זיי פאר איידעלע מענטשן, וואָס ליידן פאר אן אידעאַל. איר פארערונג פאר אזעלכע ווייזט ארויס די באַלעבאָסטע מיט דערלייגן דורן אין טעלער אריין נאָך אביסל לאָקשן, נאָך א שטיקל פלייש. גאָכן עסן שפּילן די טעכטער אויף מאנדאָ־לינעס פארבענקטע ראָמאַנטישע לידער. און משה האַלט אין איין אויס־פרעגן וועגן דער שטאָט ווארשע, וועגן די טורמעס און וואָס פארא סאָרט מענטשן עס זענען זיינע עלטערן, וואָס איז זייער געשעפט... דוד קאָן אים מיט איינמאָל נישט אלץ אויסדערציילן.. קומט אים ווידער צוהילף ציפּע, די באַלעבאָסטע:

— משה, פארמאטער נישט דעם בחור. ער איז מיד פון די טורמעס. לאָז אים זיך אויסרוען. מאָרגן איז אויך א טאָג.

דוד איז איר דערפאר אין הארץ דאנקבאר. נאָכן ארומשלעפּן זיך אזויפיל וואָכן מיטן עטאַפּ און איצט נאָכן געשמאקן מאָלצייט באפאלט אים א מידקייט און א שטארקער פארלאַנג צו שלאָפן, ער האַלט קוים די אויגן אָפּן. ער גייט אריין מיט שווערע טריט אין זיין צימער, פאלט אוועק אויפן בעט און שלאָפט אָפּ א פינף־זעקס שעה. אז ער כאַפּט זיך אויף, וואונדערט ער זיך ווו ער געפינט זיך? ער ליגט אין א ריין, ווייך בעט, ווי אמאָל אינדערהיים. דאָס צימער, וואָס איז אָנגעפילט מיט לבנה־ליכט,

איז אים פרעמד, די לופט, וואָס ער אָטעמט, איז אים פרעמד. ס'איז נישט זיין היים און ס'איז נישט קיין טורמע. נישטאָ קיין קראַטעס, נישטאָ דאָס פויקן פון סאָלדאַטס שטיוול. ער איז אזוי האסטיק און געשמאַק געשלאָפן, אז ער האָט איננאנצן איבערגעריסן מיט דער וואַכער וועלט. ביסלעכווייז קומט ער צו זיך, לייטערט זיך אויס, און דערפרייט זיך וואָס ער איז פריי און וווינט ביי א פריינדלעכער פאמיליע מיט צוויי שיינע טעכטער. אין צימער איז ווארעם, שטיקנדיק. ער האָט ליב לופט. גייט ער אראָפּ פון בעט. עפנט דאָס פענצטער און דערזעט, נישט ווייט איז א בית־עולם... די לבנה באַלייכט העל די מצבות. ער רייבט זיך די אויגן... ווייזט זיך אים דאָס אזוי אויס? נאָר ער הערט ווינטלעך צווישן די קברים. ס'דאכט זיך אים, אז די מצבות רירן זיך, ווי די טויטע וואָלטן זיך פארמאָסטן ארויס־צוקריכן. און כאָטש ער איז א „פריידענקער“, א רעוואָלוציאָנער, באפאלט אים א שרעק. ער גלייבט טאקע נישט אין די אלע נארישקייטן, נאָר ער איז נאָך קיינמאָל נישט געשלאָפן אַליין אין אַ צימער ווו ס'קומט אַריין אין פענצטער א בית־עולם. ער הערט בולט א פארשטיקטע שושקעריי, באַגלייט פון געוויין. ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר און זי נישט געקאָנט עפענען... ווער האָט אים פארשלאָסן? גאדיר א נייע טורמע! ער דערמאנט זיך, אז ער האָט נעכטן געזען א בעט אין צווייטן צימער, ווייזט אויס, אז דאָרט שלאָפן די טעכטער און דאָס האָט די מאמע פארשלאָסן די טיר פון יענער זייט. ער איז טאקע א רעוואָלוציאָנער, פון די פיינע, איידעלע, יונגע לייט, נאָר ווי קאָן מען לאָזן אָפן א טיר פאר א בחור, צו יונגע מיידלעך?... א מאמעס האַרץ איז שטענדיק אויף דער וואַך. און פון בית־עולם דערנעענטערט זיך דאָס געשריי! וואָס טוט מען? אויפרייסן די טיר? וועט מען זאָגן, אז ער האָט זיך געוואָלט ארייַנרייסן צו די מיידלעך. א שיין פנים וועט ער האָבן. מען וועט עס צעטראָגן אויף טעלערלעך... ער וועט נישט קאָנען קוקן די חברים אין די אויגן. ער וועט פארשעמען די רעוואָלוציע... ער האָט צוגעלייגט אן אויער צום שליסל־לאָך פון דער טיר און געהערט דאָס שנאָרכן פון עמעצן. איינע פון די מיידלעך האָט זיך אוודאי איבערגעדרייט אין שלאָף, ווייל דאָס בעט האָט געסקריפּעט. ער האָט געכאפּט א בייזן בליק צום בית־עולם און געהערט טריט, נישט קיין ערדישע טריט. און דאָס פּלאַטערן פון עפּעס...

און פארוואָס האָט ער נישט געזען ווו ער ציט זיך אריין? ווי אזוי האָט ער געקאָנט זען, אז ס'איז געווען פארנאכט, שוין גוט טונקל און ער איז געווען אזוי בארוישט פון דער באפרייונג, אז ס'איז אים גאָרנישט

איינגעפאלן אזא זאך. ער האָט זיך אָנגענומען מיט קוראזש, באשלאָסן, גישט קוקן צום פענצטער. ס'וועט דאָך אמאָל ווערן טאָג. ווען ס'איז ענד־לעך געוואָרן ליכטיק, האָט ער געהערט ווי מען שליסט אויף די טיר פון יענער זייט. דעם זעלבן טאָג האָט ער זיך ארייננגעקליבן אין אַן אנדער צימער מיט א חבר, וואָס איז געגאנגען מיט אים צוזאמען אויפן עטאַפּ. וועלוול דער בעקער, וועלכער פלעגט אינדערפרי, נאָך א נאכט ארבעט, אהיימקומען א פארמעליקטער מיט א וואַרעם ברויט אונטערן אָרעם.

— א גוט מאָרגן אייך! אויסגעשלאָפן זיך? — פלעגט ער באגריסן דודן, וואָס האָט זיך געריבן די אויגן און געקליבן אויפשטיין. דאָס פרישע, ברוינלעכע ברויט האָט געגרייצט דעם אַפּעטיט. די זון, דער גרויסער, ברייטער הימל האָט אים גערופן אינדרויסן. און צו וועלוולען האָט דאָס בעט געוווּנקען, געמאַגיעט. ביידע האָבן געגעסן דאָס געשמאקע פרישע ברויט מיט טיי. ס'איז בײ זיי געוואָרן א קאָמונע...

— דאָס האָט איר טאקע אליין געבאַקן דאָס ברויט? — האָט דוד געפרעגט.

— אליין — האָט וועלוול געשמייכלט, מיט זיינע האלב פארמאכטע, שלעפעריקע אויגן.

— האָט איר טאקע געבענטשטע הענט. דאָס ברויט איז געשמאַקער פון קוכן. איך גערענק זעלטנס ווען איך זאָל האָבן אין ווארשע געגעסן אזא געשמאק ברויט.

— דאָס איז דערפאר ווייל איר זענט אויסגעהונגערט. אין די טור־מעס קאָרמעט מען די ארעסטאנטן מיט ברויט, וואָס איז געמישט מיט שטרוי...

— גו, איך וועל אייך לאָזן שלאָפן און גיין זוכן ארבעט.

וועלוול איז באלד פארזונקען געוואָרן אין א טיפן, געזונטן שלאָף.

דוד האָט געשפאנט אין דער שטילער, פארשלאָפענער גאס, וואָס איז געווען העל צעלויכטן פון דער זון. ער האָט טיף איינגעאָטעמט די פרי־שע פרימאָרגן־לופט, וואָס האָט נאָך געשמעקט מיט פארטאָגיקן טוי. עס האָט זיך אים פארוואָלט שטיפן, לאַכן, פרעגן עפעס דעם מיידל, וואָס קומט אים אנטקעגן... דאכט זיך, זי קוקט אויף אים. נאָר ער מוז גיין זוכן ארבעט. ער טאָר זיך נישט פארלאָזן אויף די עלטערנס שטיצע. זיי קאָנען זיך אליין קוים דורכשלאָגן. הונגערן אָפט אונטער.

ער איז צוגעקומען צו א הילצערן צווייישטאָקיק הויז. אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. בײ א טיש איז געשטאנען, וויזט אוים דער מייסטער, און געצייכנט

מיט א קריידל אויף געוואנט. א שניידער־געזעלן האָט געניים אויף א מאשין, געוואָרפן מיט די פיס אויף צוויי טרעטערס, ווי ער וואָלט אויס־געטאנצט אזא מין טאנץ. דרייט מיטן קאָפּ און זינגט זיך אונטער א לידל. א צווייטער געזעלן פּרעסט מיט א קוילן־אייזן, פון וואנען ס'טראָגט זיך אַ פּאַרע און אַ טשאַד. א מיידל זיצט ביים ווארשטאט און זינגט זיך אונטער א לידל וועגן אן אומגליקלעכער ליבע.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס, יונגערמאַן? — פרעגט דער מייסטער דודן און באטראכט אים.

— איך האָב אייך געוואָלט פרעגן, צי איר דארפט א שניידער־געזעלן. איך זוך ארבעט.

— אַ היגער?

— ניין.

— פון וואנען?

— פון ווארשע.

— ווארשע! דארפט איר דאָך קענען נייען — גלייכט זיך אויס דער מייסטער בעריש געלמאַן, שטארצט ארויס זיין געשווירן, שפּיציק בערדל, אויף וועלכן ס'קלעפּן עטלעכע ווייסע פעדים, באטראכט דודן מיט גייגעריקייט און זעט שוין, אז דאָס איז איינער פון די פארשיקטע, וואָס זענען לעצטנס אָנגעקומען אין „ר".

— א ווארשעווער שניידער דארף דאָך עפּעס קענען באווייזן!

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, קיין פּאָלנער געזעלן בין איך נאָך נישט, נאָר אז איר וועט מיר געבן א געלעגנהייט, בין איך זיכער, אז איך וועל שנעל דערלערנען, און איר וועט זיין צופרידן פון מיין ארבעט.

— נו, לאָמיר זען וואָס ווארשע קען, טוט אויס דאָס רעקל.

די געזעלן האָבן אים נייגעריק באטראכט, דער בחור זעט אנדערש אויס, עפּעס ווי א פראנטל, כאָטש זיינע קליידער זענען אָפּגעטראָגן. רא־זירט זיך די וואָנצעס ווי אן אקטיאָר. א געדיכטער קאָפּ געלאָקטע האָר, אן איידל בלאס פּנים.

דאָס מיידל, וואָס האָט געניים ביי דער האנט און געזונגען וועגן אן אומגליקלעכע ליבע, האָט אָפּט געוואָרפן א בליק צו אים. דוד האָט זיך שטארק געפלייסט צו מאכן די ארבעט גוט, נאָר ער האָט פּאָרט נאָך באדאָרפן א סך לערנען. אז עפּעס איז ביי אים נישט גוט ארויסגעקומען, איז דער מייסטער געוואָרן אויפגעבראכט, ארויס מיט א טענה — אָט

דאָס איז וואַרשע?! מ'דאַרף אויסקושן די פינגער און זיי אויסברעכן...

דאָס מיידל סאָניע, פלעגט אויפהייבן אירע אפּעלירנדיקע אויגן צום באַלעבאָס, ער זאָל האָבן איינזעעניש מיטן פרעמדן, פאַרטריבענעם בחור, וואָס האָט זיך אָנגעליטן אין די צאַרישע טורמעס. דוד האָט זיך אָבער שנעל געלערנט, געכאַפּט דעם גאַנג פון שניידעריי און „ר״ און דער מייסטער פלעגט שוין מיט א שמייכל צוגעבן, אַז ער ווערט א באַלמעלאָכע. דוד האָט ליב געהאַט צו מאַכן זאַכן שיין, עס זאָל אויסקוקן אַרטיסטיש...

פון קליינעם געהאַלט האָט ער קוים זיך געקאָנט אַדורכשלאָגן. מ'לעבן אין „ר״ איז געווען מאָנאָטאָן, קליינשטעטלדיק. די צייט האָט זיך געשלעפּט ליידיק. סאָניע, וואָס איז געווען זיין גוטער מלאך אין וואַרשטאַט, איז אַלעמאָל אַרויסגעוואַקסן לעבן אים. זי האָט אָבער אויסגעקוקט ווי זיינס אַן עלטערע שוועסטער. פון געניי, אָפּט ביז שפּעט אין דער נאַכט, זענען אירע אויגן געווען רויטלעך. נאָר לידלעך וועגן אומגליקלעכע ליבעס פלעגט זי שיין זינגען.

א שבת נאָכמיטאָג באַגעגנט ער זי היגטער דער שטאָט, ווו עס שפּאַציר: בחורים און מיידלעך, קנאַקן ניסלעך, זינגען לידער, שפּילן ליבעס. פון ביידע זייטן שפּאַצירגאַנג ציען זיך צוויי רייען ביימער אויף א לאַנגן זונקן וועג. אַלע זענען אויסגעפּוצט, אָנגעטאָן שבתדיק מיט אויסגערומע שבתדיקע פּנימער.

סאָניע טראָגט אַ געבלימלט קלייד מיט שרייאיקע קאָלירן און אַ הוט מיט אַ סך פעדערן. זי קומט אים אַנטקעגן:

— אַ, דוד, זעט, מיר טרעפן זיך ווידער, ווי אַן אָפּגערעדטע זאַך... איך האָב אייך נאָך פון ווייטנס דערזען. איז ווי געפעלט אייך אונדזער שטאָט?

— אַ פיינע שטאָט. איבערהויפּט געפעלט מיר דער הימל. איר ווייסט? וואָס קלענער די שטאָט, אַלץ גרעסער און שענער איז דער הימל. אין גרויסע שטעט פאַרשטעלט אים דער רויך פון פאַבריק־קוימענס.

— מיינט אַ חברטע, וואָס איז אין אַמעריקע, שרייבט מיר, אַז דאָרט זעט מען אינגאַנצן נישט דעם הימל... זי קלאָגט זיך, אַז זי ווערט פאַרשוואַרצט, ווי זי רופט עס, אין די „שעפּער״ און בענקט אַהיים.

דערמאָנט דאָס וואָרט היים, טוט דודס האַרץ אַ ציטער, ער הערט שוין נישט וואָס זי רעדט, ער איז שוין אין וואַרשע, אין זאַקסישן גאָרטן. צוזאַמען מיט אַ גרופּע יונגעלייט און מיידלעך גייט ער נאָך פּרצן אין דער

„ליטעראַצקי“ (ליטעראַרישע) אַלעע. פּרץ שפּאַנט אַ לויכטנדיקער אין דער צעפּלאַטערטער פּעלערינע. מען שפּיצט אָן די אויערן צו כאַפּן אַ וואָרט פון „אים“, כאַפּן אַ בליק פון זיינע בליציקע אויגן, שפּאַנט מען אים נאָך אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע ביז מען פאַרלירט אים — און ביינאַכט וועט ער, דוד, גיין אין קאַמינסקים טעאַטער זען אַ דראַמאַטישע פאָרשטעלונג. אין עטלעכע טעג אַרום טרעט אַרויס פּרץ מיט אַנדערע יידישע שרייבער אויף אַ סימפּאָזיום אין דער וואַרשעווער פּילהאַרמאָניע. און די מאַמע, זיין מאַמעשי, וואַרט אויף אים אינדערהיים מיט אַ געשמאַקער וועטשערע... אָ, וואַרשע!

— איר הערט נישט וואָס איך רעד צו אייך? — זאָגט סאָניע אַ ביסל פאַרוווּנדערט און דאַכט זיך באַליידיקט.

— אָ, אַנטשולדיקט. איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס. א׳ז וואָס שרייבט זי אייער הברטע, אַז מען זעט נישט אין אַמעריקע דעם הימל? און זי וויל קומען צוריק?

— צו וואָס וועט זי צוריקקומען, צום דלות? דאָרט, שרייבט זי, מאַכט מען כאָטש אַ לעבן. און עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַרבעטן זיך אַרויף און ווערן רייך.

אומקערנדיק זיך פון שפּאַציר האָט זי פאַרבעטן דודן צו זיך אין הויז, וווּ זי וווינט מיט איר מאַמען, אַן אַלמנה, וועלכע האָט באַלד גענומען אַרומפּאַדען אַרום אים, מכבד זיין מיט אויבסט, טיי און קיכלעך, אויספרעגן, צי ער איז שוין באַפרייט פון פריזיוו... וווּ זיינע עלטערן זענען, וואָס זיי טוען און פון וואַנען זיי קומען. ס׳האָט נישט געהאָלפן סאָניעס ווינקען צו איר, זי זאָל אים נישט נעמען אויף אַ פאַרהער. די מאַמע האָט זי איגנאָרירט, געוואָלט אַלץ וויסן, אַלץ, און שוין געקוקט אויף אים מיט געטריישאַפט, ווי אויף אַ צוקונפטיקן איידעם, אַן אייגן קינד. זי האָט אָנגעהויבן לויבן די טאָכטער ביז אין הימל אַריין: וואָס פאַר אַ גאָלדענע הענט זי האָט, וואָס פאַר אַ גרויסע באַלעבאָסטע זי איז. סאָניע האָט ווידער געווונקען צו איר און דודן איז געוואָרן שווער און אומהיימלעך. ער האָט געשוויצט ביי דער טיי מיט די קיכלעך און זיך קוים אַרויסגעריסן פון דאָרט.

אין דער שניידער־פאַבריק איז געוואָרן ווייניק אַרבעט. דוד האָט געהאַט אַ סך פרייע צייט. ער האָט אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטאָט, אויסגעמאָסטן זי פון אַלע זייטן. אַלץ האָט אים דאָ אויסגעקוקט פרעמד, אומהיימלעך. וואַרשע האָט אים געצויגן, גערופן. אין וואַרשע האָבן גע־

שפּילט עטלעכע יידישע טעאַטערס, עס האָבן געהאַלטן אין איין אויפֿ־
קומען נייע יידישע דראַמקרייזן, אין וואַרשע האָבן געוווינט באַרימטע
יידישע שרייבער, עס זענען אַרויסגעגאַנגען יידישע צייטונגען, זשורנאַלן,
ביכער — וואַרשע האָט אים נישט געלאָזט רוען, אין וואַרשע זענען
פֿאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס. די בונדישע בערזע האָט גערוישט און
געקאָכט, און ער האָט שוין געהאַט אַ שטיקל רעפּוטאַציע אין דער רע־
וואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון וואַרשע... און דאָ איז ער געווען אַ פֿרעמ־
דער. די צוויי חברים, וואָס האָבן זיי באַגעגנט ביים אָנקומען מיטן עטאַפּ
זענען פֿאַרשוווּנדן. איז וואָס וועט ער דאָ אויסזיצן אין דעם העק? וואַרטן
ביז אין פּוילן וועלן זיך איינשטילן די אומרוען?...

דער ערשטער, וואָס האָט קיין געדולד נישט געהאַט צו וואַרטן
איז געווען וועלוועל, דער בעקער, וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט דודן.
אין איינעם אַ פֿרימאָרגן איז ער נישט אַהיימגעקומען. דודן איז געוואָרן
נאָך אומעטיקער אָן דעם פֿאַרמעליקטן, שמייכלענדיקן פּנים פֿון זיין מיט־
וווינער, וואָס שפּאַרט שוין איצט אָן אוודאי וויט ערגעץ אין אַ גרוי־
סער שטאָט. זיין האַרץ איז וועלוועלען נאָכגעפֿלויגן, און דער געדאַנק צו
אַנטלויפֿן איז געוואָרן מער צודרינגלעך, נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ביז
אין איינעם אָן אָוונט, האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין צימער און מיט
דער שטאָט „ר“.

# צוריק אין וואַרשע

דוד האָט געשפּאַנט מיט אַ קאָנספּיראַטיוו פּנים צו דער באַן. די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז טויזנטער אויגן אין אָפענעם בלויען הימל קוקן אים נאָך, טייל האָבן געציטערט, געפינטלט און צוגעווונקען... ווען די באַן האָט זיך אָנגעהויבן רירן, האָט זיין האַרץ אַ פלאַטער געטאָן ווי אַ פויגל, וואָס צענעמט די פליגל באַפרייענדיק זיך פון אַ שטייג. ער האָט געכאַפּט דעם לעצטן קוק אויף דער שטאָט וווּ ער האָט קוים אויסגעהאַלטן עטלעכע חדשים. איצט ווערט זי וואָס אַמאָל אַלץ ווייטער, שאָטנדיקער, באַלד בלייבט פון איר אַ בינטל בלייכע פייערלעך, ווי צאַנקענדיקע ליכטלעך, וואָס דער ווינט בלאָזט אויס, פאַרלעשט. טייל פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן דרימלען. ס'ווייזט זיך אים אויס, אַז די וואָס שלאָפן נישט דרייען אויס די קעפּ אין זיין זייט און קוקן אויף אים פאַרדעכטיק. ער האָט אַ געפיל, אַז מען יאָגט אים נאָך. מען וועט אים כאַפּן און ער וועט קריגן אַ האַרבערע שטראָף, פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. דאָרט זענען די הייזלעך, זאָגט מען, באַגראָבן אין שניי און עס לויפן אַרום ווייסע בערן. טייל פאַרשיקטע באַגייען זעלבסטמאָרד. נאָר דאָס זענען אַוודאי קרימינעלע. פּאָליטישע אַנטלויפן. אויב מען וועט אים נישט כאַפּן אויפן וועג, וואָס שטייט אים פאָר אין וואַרשע? וואָס פאַר אַ גליקן, אָדער אומגליקן דערוואַרטן אים דאָרט? ער מאָלט זיך פאַרשידענע פרייַלעכע און טרויעריקע בילדער, פרווט זיי פאָרשטעלן אַנדערש, איבערמאָלן. ער האָט ליב אויסצוטראַכטן פאַרשידענע געשעענישן. אָפּפאָרנדיק עטלעכע שעה, האָבן גרויע טראָפּנס אָנגעהויבן פאַלן אויף די שוואַרצע שויבן פון די פענצטער. גרוי און שוואַרץ, די צוויי קאָלירן האָבן אַלעמאָל אָנגעוואָרפן אַ שווער געפיל אויף אים. ער טוליעט זיך אין זיין ווינקל. דאָס ריטמישע קלאַפּן פון די רעדער שלעפערט אים איין. אַ שאַרפער טרייסל פון דער באַן ביים אָפּשטעלן זיך ערגעץ וועקט אים אויף. ס'איז גרויער פאַרטאָג. פּאַסאַזשירן רעדן שטיל

און פאַרשלאָפן צווישן זיך. אַ בלאַס מיידל מיט צעשויבערטע האָר און ווילדע אויגן שטייט אויף די קני און בעט צו גאָט. די אַרומיקע קוקן אויף איר מיט באַדויערן, שאָקלען מיט די קעפ. ס'מיידל פּאַטשט מיט די הענט און רופט צום הימל, ביז זי ווערט מיד און הייבט אָן שעפּטשען אַ שטי־לע תפילה. די מוטער, וואָס פירט די גייסטיק קראַנקע טאָכטער קיין וואַרשע צו אַ דאָקטער, קוקט אויף איר מיט פאַרוויינטע אויגן. פּרוווט זי אויפשטעלן, נאָר יענע רירט זיך ניט פון אָרט. אַ בלאַסע סטאַטוע, וואָס באַוועגט על פּי נס מיט די ליפּן.

ס'קומט אַריין אַ זשאַנדאַר און זעצט זיך לעבן דודן... ס'טוט אים אַ קלאַפּ אין האַרץ! — אויס וואַרשע!... דער זשאַנדאַר באַטראַכט אים, דרייט זיך אַ וואָנצע... דודס האַרץ קלאַפּט האַסטיקער. וואָס טוט ער, ווען ער פרעגט אים אויף אַ פּאַספּאָרט? סיידן אַרויסשפּרינגען פון דער באַן, וואָס האָט זיך גראָד איצט צעיאָגט, און אַוועקפליען מיטן ווינט אין הימל אַריין. ער טראַכט שנעל: פאַרוואָס גישט אָנהייבן מיט אים אַ שמועס, פאַר־לויפן דעם וועג, שפּילן אַ ביסל טעאַטער? ער האָט זיך דאָך אַמאָל גע־קליבן צו זיין אַן אַקטיאָר.

— אַ גוטמאָרגן אייך! — באַגריסט אים דוד פריילעך — ווי געפעלט אייך ווי די באַן האָט זיך צעיאָגט? וויל זיך אַפּנים אויספּיינען פאַר וואַר־שע, וויל מיר דערנענטערן זיך שוין.

דער זשאַנדאַר טראַכט שווער און טוט ענדלעך אַ פרעג — און ווו־הין פאָרט מען דאָס?

— קיין וואַרשע.

— איר האָט דאָרט אייגענע?

— אַלץ הייסט אייגענע, די גאַנצע שטאָט וואַרט אויף אונדז, אויף אונדזער פאָרשטעלונג.

— וואָס פאַר אַ פאָרשטעלונג?

— די פאָרשטעלונג פון אונדזער טרופּע, אין וועלכער איך באַטיי־ליק זיך.

— מיט וואָס באַטייליקט איר זיך?

— איך בין אַן אַקטיאָר.

דעם זשאַנדאַרס פּנים לייטערט זיך אויס — אָ, אַן אַקטיאָר, אַ טענ־צער, אַ זינגער — דאָס איז אַ פריילעכע חבֿרה!

— נאָך ווי! ביי אונדז אין דער טרופּע טאַנצן און זינגען די שענס־טע מיידלעך.

דוד האָט טאַקע אויסגעקוקט, מיט זיינע ראַזירטע וואָנצעס, דעם קאַפּעלוש אין פראָנט פאַרבויגן אַרויף, ווי אַ וואַנדערנדיקער אַקטיאָר. און צו באַפעסטיקן דעם איינדרוק, האָט ער אָפּגעזונגען פאַרן זשאַנדאַר אַ פּעפּערדיק פּויליש וואָדעוויל־לידל.

דער זשאַנדאַר האָט שעלמיש צוגעווונקען און זיך פראַנטיש געקאַטשעט די וואָנצעס.

— וואַרשע! — האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופן.

אַרויסקומענדיק פון וואַגאָן, האָט די שטאָט אַ הילך געטאָן אין דודס אויערן. די זון שיינט און שפּיגלט זיך אין די אויגן פון די פיל פאַרבייגייער. ס'קלינגט די באַקאַנטע פּוילישע שפּראַך, געמישט מיטן זינגענדיקן, צעצויגענעם וואַרשעווער יידיש. פאַרשמייעטע יידן מיט קליינע היטעלעך רעדן היציק צווישן זיך, וואַרפן מיט די הענט. טראַמווייען קלינגען, דראָשקעס קלאַפּן מיט די אייזערנע רעדער אויף שטיינער. צייטנווייז פליט אַדורך אַ קאָטש (קאַרעטע) מיט גומענע רעדער. דער טרייבער (קוטשער) אינדערהייך אויף דער קעלניע האַלט מיט א פאַררויסענעם קאָפּ הויך און שטייף די לייצעס. די פערד שוימען מיט די מיילער. עס בליצן פון דער זון שויפענצטער פון רייכע מאַגאַזינען. עס קלינגט דראָענדיק די „פּאָגאָטאָוויע" (גיכע הילף). עס רוישט און עס קאָכט — ס'איז וואַרשע! דוד שוועבט מיט לייכטע, טאַנצנדיקע טריט. דאָ איז אים אַלץ אַזוי נאָענט, אַזוי היימיש, דאָ באַגריסט אים יעדער טויער, יעדעם הויז און יעדער פּאָליציאַנט, וואָס קומט אים אַנטקעגן... אין די גאַסן האָט ער געשפּאַנט מיט זיין פאָטער און מוטער, ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל. אין די גאַסן האָט ער זיך שוין געשלעפּט געשמידט אין קייטן, אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין רוסלאַנד, ווי לאַנג ס'וועלן דאָ אָנהאַלטן די אומרוען... און איצט ציען אים, זיין האַרץ און זיינע פיס קעגן זיין לאָגיק אויף דעם ריזיקאַלישן וועג צו די עלטערן. און כדי דאָס צו באַרעכטיקן, פּרוווט ער זיך באַווייזן, אַז דער פּאָליציי וועט נישט איינפאַלן, אַז ער האָט געוואַגט גיין אויף זיין אַלטן אַדרעס. ער וועט זיך אַריינכאַפּן בלויז אויף עטלעכע מינוט. שפּעטער וועט ער קריגן אַן אומלעגאַלע קוואַרטיר. איצט מוז ער זען די עלטערן. ער וועט אַריין און אַרויס. און ס'איז אפשר אינטערעסאַנט צו לעבן אומלעגאַל. אין וואַרשע איז ער נישט דער איינציקער. טויזנטער פאַרשיקטע קומען צוריק, פאַרפלייצן די שטאָט. פּאָליציי איז מאַכטלאָז, ווי אַ זינקענדיקע שיף אין אַ צעשטורעמטן ים. אין אַלע זייטן שטאָט וואַקסן אויס דעמאָנסטראַציעס מיט

רויטע פּאָנען, דאָ און דאָרט שיסט מען אויף פּאָליציאַנטן, עס רייסן אויף באָמבעס.

דוד דערנענטערט זיך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צו דער דזשעלנע 79. ער זעט שוין קאַלינאָווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, וווּ זיין מוטער אַרבעט. אַ ביסל ווייטער קעגנאיבער, איז זייער הויז! ס׳קוקט איצט אויס אַ ביסל אַנדערש, ווי ס׳וואָלט אויך עלטער געוואָרן מיט אַ יאָר. די לופט און דער הימל זענען דורך דער צייט אויך געענדערט געוואָרן. וואָס פאַר אַ ווייטער וועג ס׳איז פון דער תּליה, אויף וועלכער ער האָט זיך שוין אין געדאַנק געזעגנט, ביז צו דעם הויז, וווּ ער האָט זיך אַלס ייִנגל געשפּילט מיט זיין חבר עליע. ס׳איז אָבער פאָרט אַ ריזיקע זיך צו באַווייזן דאָ אין מיטן העלן טאָג, מוסרט ער זיך, ער וואָלט כאָטש צוגעוואַרט ביז פאַרנאַכט, ווען ס׳וועט ווערן טונקל. סיידן ער וויל ווידער אַריינפאַלן צו דער פּאָליציי און דורכגיין נאָכאַמאָל דאָס פריערדיקע גיהנום! דער פּראָסטער שׂכל דיקטירט אים: „ביסט אַ סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע און דיין קאָמאַנדיר באַפעלט דיר צו זיין פאָרזיכטיק, האָבן געדולד!“ און ער גייט צוריק. דערנענטערט זיך צו דער אָרימאַנסקע סמאָטשע־גאַס. אַ ביסל ווייטער, צווישן געדיכט באַוווינטע הייזער, שטאַרצט אַרויס די באַוווסטע טורמע, דער „פּאַוויאַק“ מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער און אַ געמויערטן פּאַרקן אַרום. ער לאָזט זיך צו קראַשינסקיס גאָרטן, וואָס איז נאָענט צו דער באַוווסטער „נאַלעווקעס“, די גאַס, וואָס איז גאָלע האַנדל־וואַנדל, איבערגעפּאַקט מיט יידישע געשעפטן. ער קויפט אַ צייטונג, זעצט זיך אויף אַ באַנק. לייענט די לעצטע נייעס. „דער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויפן צאַרישן מיניסטער „ס“, האָט זיך געהאַלטן חוצפּהדיק פאַרן הענגען. די פאַרזאַמלטע רעגירונגס־מענטשן און הויכגעשטעלטע געסט האָבן זיך איינגעטיילט מיט שטיקלעך פון שטריק...“ „עס קומט איצט פאַר דער פּראָצעס פון פּוילישן גלח, וואָס האָט דערהרגעט זיין געליבטע“. ער שלינגט יעדעס שטיקל נייעס, וואָס פאַרבינדט אים צוריק מיט דער לעבעדיקער וועלט. שפּאַצירט אין קליינעם גאָרטן. ס׳איז היים און שטוביק און ביז נאַכט איז נאָך ווייט. אויף די בענק זיצן פאַרשוויצטע מענטשן מיט גלייכגילטיקע פאַרנודזשעטע פּנימער. דאָס איז אַן אָרעמער פּאַרק. פאַרוואָס זאָל ער נישט גיין אין „זיין“ זאַקסישן גאָרטן, וווּ ער פלעגט נאָכגיין מיט יונגעלייט פּרצן, אין דער ליטעראַצקי אַלעע? דוד שפּאַצירט אַהין. אין „אַריסטאָקראַטישן“ גאָרטן איז אויך היים. נאָר ס׳שמעקט מיט פרישׁ געשניטן גראָז און בלו=

מען. ער שטעלט זיך אָפּ ביי אַ טיש ווו מען קריגט פּריש, קאַלט וואַסער אין קרישטאָל־רייַנע גלעזער. ער קוויקט זיך מיטן קאַלטן טרונק. עס קומט אים אַנטקעגן זיין באַקאַנט מיידל גוטשע.

— וואָס מאַכן זי, דוד? כ'האָב אין שוין לאַנג נישט געזען. כ'האָב זיך שוין גאָרגעפּרעגט אויף אין. ווי זענען זי פאַרשווונדן?

— כ'בין געווען קראַנק.

— זי זעען טאַקע אויס אַ ביסל אויסגעבלייכט. און ווי פילן זי זיך איצט?

— הלוואי וויטער נישט ערגער.

— זי באַלאַנגען נאָך צו אַ דראַמאַטישער סעקציע? זי האָבן דאָך אַמאָל געזאָלט ווערן אַן אַקטיאָר.

— איך האָב איצט אַנדערע פּלענער.

— אַז זי ווען זיך נישט האַלטן ביי איין זאַך וועלן זי גאָרנישט דערגרייכן. און זענען זי טאַקע אַזוי לאַנג קראַנק געווען?

— אַז זי וועלן אַלץ וויסן, וועלן זי שנעל אַלט ווערן — זאָגט דוד.

— איך בין שוין אַלט — לאַכט זי — און אירע ווייסע ציינדלעך בליצן קעגן דער זון און בייסן זיך איין אין דער אונטערשטער רויטער ליפּ. דוד טראַכט, אַז זיין צושטאַנד איז איצט צו ערנסט ער זאָל זיך אייַנ־הערן צו איר פּלאַפּלעריי. זי וויל ראָמאַנסירן. און ער איז יעדע מינוט אין געפאַר.

— זי מוזן מיר אַנטשולדיקן. איך מוז איצט אַוועקגיין — געזעגנט ער זיך מיטן מיידל.

— איך וועל אין אוודאי זען אין אַ יאָר אַרום — זאָגט זי — און בייסט ווידער די אונטערשטע ליפּ.

ער שפּאַנט אַרום אין די אַלט־באַקאַנטע, רוישיקע גאַסן, ביז עס ווערט פינצטער און ער לאָזט זיך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צו דער דזשעל־גע 79. בייַנאַכט קוקן די מענטשן אויס ווי שאָטנס אין הויף. קיינער האָט אים נישט געזען. ער לויפט אַרויף, שפּאַנענדיק איבער צוויי טרעפּ מיט־אַמאָל, צו זייער פּאַציאַטקע. לויפט אין איין אָטעם. אויף אַלע פיר שטאָק איז פינצטער. עס פּלאַצט אַרויס אַ שאַרף, גרילצנדיק בילעריי פון אַ הונט, וואָס ער זעט נישט. ער פילט, ווי ער כאַפּט אים אָן ביי אַ הויז. ער טרעפט אים, ווייזט אויס, מיט אַ קאָפּע אין דער מאָרדע אַריין, אַז דער כלב פאַרקייכט זיך. מיט אַ ציטערדיקער האַנט עפנט ער די טיר.

— דודל! — שרייט אויס די מאַמע און עפּעס פּאַלט איר אַרויס פון דער האַנט. זי כאַפּט אים אַרום. לאַכט און וויינט פון פרייד — אַבי איך האָב דיך דערלעבט צו האָבן אין דער היים, אַבי דו ביסט שוין פריי!

ער פילט דעם פאָטערס האַנט אויף זיין אַקסל:

— דוד! מיר האָבן זיך גאָרנישט געריכט אויף דיר. ביסט דאָך פאַר־שיקט געוואָרן אויף אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועלן אָנהאַלטן די אומרועןאין פוילן?...

— איך בין אַנטלאָפן!

— און געקומען אַהער, ווו דו ביסט איינגעמאָלדן?! — דערשרעקט זיך די מאַמע און פאַרברעכט די הענט.

— זיי וועלן זיך נישט כאַפּן אַזוי שנעל. איך האָב אייך געמוזט זען.

— ביסטו הייסט עס אַנטלאָפן — זאָגט דער פאָטער פאַרזאָרגט.

— אַנדערע זענען אויך אַנטלאָפן, נאָך פריער. אויף וואָס וואַרטן, ביז די אומרוען אין פוילן וועלן זיך איינשטילן? כ'וועל דאָך פריער קריגן גרויע האָר.

— מיר גלייבן נישט, אַז עס וועט אַזוי לאַנג נעמען. די רעוואָלוציע מאַרשירט מיט שנעלע טריט. נאָר דו ביסטאָך שוין אַנטלאָפן — אָפּגע־טאָן. מוזסטו איצט זיין פאָרזיכטיק ווידער נישט אַריינצופאַלן אין זיי־ערע לאַפּעס.

— ווי שטאַרק איך זאָל דיך נישט וועלן האָבן צוריק אין דער היים, דודל, ציטערט מיר דאָס האַרץ פאַר יעדער מינוט, וואָס דו ביסט דאָ — זאָגט די מאַמע — און דו, חיימל, גיי אַראָפּ און היט, צי ס'קומט נישט אָן קיין פּאָליציי — גיט זי איבער דודס מיסיע צו זיין יינגערן ברודער. ערשט איצט האָט אים דוד דערזען. דורך דער צייט איז ער געוואָרן מיט אַ קאָפּ העכער. ער קוקט פון אַ ווינקל פאַרשעמט אויף זיין אויסגעוואַק־סענעם ברודער, דעם רעוואָלוציאָנער, און זיינע אויערן פלאַמען אים...

דוד דערזעט אויך זיין שוועסטער פראַדל, וואָס איז צוויי יאָר יינגער פון אים. זי גיט אים די האַנט און רויטלט זיך אַ ביסל. נאָך צוויי יינגערע שוועסטער, וואָס זענען נישט דרייסט צוצוגיין צו אים, באַטראַכטן אים נייגעריק פונדערווייטנס. דאָס צימער איז שוואַך באַלויכטן פון אַ נאַפט־לעמפּל מיט אַ פאַרקאָפּטשעט גלעזל.

— דודל, דו ביסט דאָך אוודאי הונגעריק. וויי איז מיר, ווי אויסגע־דאַרט דו ביסט. יעדעס ביינדעלע קאָן מען דאָך דיר ציילן. די מיראַנען

האָבן דיך גוט אָפּגעצערט. כ'מאַך דיר שוין עפּעס עסן. ווי, דאָס קינד איז מיר פאַרהונגערט!

זי איז אַוועק צום שפּייז־אַלמער, צו דער קיך... נישט צוהערנדיק זיך צו דודס פּראָטעסטן.

— די פראַגע איז — זאָגט יצחק — וווּ וועסטו היינט נעכטיקן? זאָלסט דאָ שלאָפן איז אַ געפאַר, ס'מיינט: זיך פּשוט איבערגעבן דער פּאָליציי!

— איך גיי באַלד אַוועק — איז דוד מסכים.

— אָבער וווּ וועסטו גיין? מען וועט מוזן קריגן ביי אַ „מאַכער" אַ פאַלשן פּאַס פאַר דיר. איך קאָן איינעם אַזעלכן, וואָס מאַכט פּעסער פאַר אומלעגאַלע חברים. דערווייל איז מיין עצה דו זאָלסט די נאַכט אי־בערשלאָפן ביי מיין ברודער, דיין פעטער לאָזער. ער וווינט אַרויס פון דער שטאָט. אויף אים וועט קיין חשד נישט פאַלן. אַ בלינדער. האַלט אַ שטעל אין מאַרק, איז פּאָליטיש כשר. וועסט דערווייל דאָרט איבער־שלאָפן ביז מירן קריגן אַ פּאַס פאַר דיר, זאָלסט זיך קאָנען ערגעץ איינ־מעלדעווען.

די מאַמע האָט געשטעלט עפּעס צום טיש — עס דודל, לען זיך אונטער ס'האַרץ. חיימל שטייט און הערט. אויב חלילה פּאָליציי, וועט ער זיי פאַרלויפן דעם וועג. ער וויל דאָך שוין אויך אַריין אין „קליינעם בונד", קאָן זיך גאָרנישט דערוואַרטן!

— ווייסט, שרהשי? — זאָגט יצחק — מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ביז מ'וועט קריגן אַ פּאַס פאַר דודן, זאָל ער דערווייל נעכטיקן ביי מיין ברו־דער לאָזערן.

— זייער גוט — זאָגט די מאַמע — כאָטש ס'איז דאָרט אַן ענ־גע דירה.

— מאַמעשי, איך קאָן שלאָפן אפילו שטייענדיקערהייט.

שרה האָט געקוקט מיט פייכטע אויגן און אַ פאַרקלעמט האַרץ, ווי זשעדנע ער עסט דאָס מאכל, וואָס זי האָט אויף שנעל פּאַחדרייט. ווי די הענט ציטערן אַזש ביי אים. אָפּגעגעסן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט — נו, איך מוז גיין. אַ גוטע נאַכט.

— דודל, זיי פאָרזיכטיק — האָט זיך די מאַמע נישט געקאָנט אָפּ־רייסן פון אים — און קום דאָ מער נישט אַהער. מיר וועלן דיך זען ביים פעטער לאָזער.

— מייד אויס די פּאַטרולן אין גאַס — האָט אים דער פּאָטער אָנ־געזאָגט — קוק צוערשט, צי דער וועג איז ריין.

— קאָנסט שוין אַרויפגיין — האָט ער אַרומגענומען זיין קליינעם ברודער חיימל, וואָס איז געשטאַנען און געהיט ביים טויער — ווערסט שוין אַ גרויסער — האָט ער אים אַ צי געטאָן צו זיך — וועסט שוין באַלד אוודאי אַריין אין „קליינעם בונד“.

— דער טאַטעשי זאָגט, כ'זאָל נאָך וואַרטן אַ ביסל...

— ס'וועט שוין נישט נעמען לאַנג — האָט אים דוד פאַרזיכערט.

# דער בלינדער פעטער לאָזער

אַרויסקומענדיק אין גאַס האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן קאַלינאָווסקים פאַפּיראָסן־פאַבריק, וווּ זיין מוטער אַרבעט. אין דער שוואַכער באַלויכטונג פון די שיטער צעשטעלטע גאַז־לאַמטערנס שטאַרצט זי אַרויס מיט אירע פענצטער, ווי אַ מאָנסטער מיט אַ סך פינצטערע אויגן, דערמאָנענדיק דעם טויט, וואָס באַהאַלט זיך אין די ווייסע, איידעלע גילזן, אין וועלכע זיין מאַמע און די אַנדערע הוסטנדיקע, שווינדזוכטיקע אַרבעטער שטאָפּן אַריין דעם טיטון, וואָס דערקלייבט זיך מיטן שטויב אין זייערע לונגען אַריין. די מאַמע וואָלט באַדאַרפט אַרויס פון דער פאַבריק, זיין אויף דער פרישער לופט, עסן בעסער, וואָלט דאָס זי נאָך אפשר געקאָנט ראַטעווען. איר פאַרדעכטיק הוסטל שרעקט אים, און זי האָט פאַרלוירן וואָג. די צייט איז אָבער שלעכט. דער פאָטער פאַרדינט זעלטן אַ פּאָר גילדן. אָן איר אַרבעט וואָלטן זיי אויסגעגאַנגען פון הונגער.

ער האָט זיך געלאָזט מיטן וועג דורך די „אָקאָפּעס“, וואָס שפּאַרן אָן אין עק שטאָט, לעבן יידישן בית־עולם. ס'האָבן אין דער פינצטער פון דאָרט אַרויסגעגלאָצט די ווייסע מצבות און אים אָפּגעגעבן אַ טרויעריקן גרוס פון זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואָס זענען געשטאָרבן אויף דשזעלנע 79. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט זייערע שטימען, זיי שרייען אים עפּעס נאָך, ווי זיי וואָלטן אים אָפּגעגעבן אַ גרוס פון יענער וועלט. ער האָט אָנגעהויבן גיין שנעלער... כאָטש ער האָט געוואָלט דער וועג זאָל זיך אויסציען, נעמען וואָס לענגער, ווייל ס'איז אים געווען שווער, פּלוצים, אַזוי אומגעריכט אַריינפאַלן צום פעטער און זאָגן, אַז ער וויל דאָרט נעכטיקן. נאָר ער האָט נישט קיין אַנדער ברירה, סיידן אַרומדרייען זיך אַ גאַנצע נאַכט אין גאַס, אַנטרעפן פּאַטרולן און ווידער ווערן אַרעסטירט. ער מוז זיך היטן ביז מען וועט קריגן פאַר אים אַ נייעם פּאַס. דעמלט וועט ער זיך קאָנען פריי באַוועגן. אַ פּאַטרול וועט אים אָפּשטעלן, וועט ער האָבן וואָס צו ווייזן. קיין גרוי=

כּע קענער אין די קליינע פּינטעלעך זענען זיי נישט. אָפּגערעדט פון פאַרטיפן זיך צי דער פּאַס איז אַ פאַלשער — אַבי אַ „פּאַספּאָרט“.

אין הימל זעט זיך זעלטן־ווו אַ בלייך פּינטעלע פון אַ שטערן. די לבנה ראַנגלט זיך אַ פאַרשאָטנטע אין אַ ים פון וואָלקנס, אין וועלכע זי ווערט צייטנווייז אינגאַנצן פאַרלוירן. זעלטן קומט אים אַנטקעגן אַ מענטש. ס׳איז שוין, ווייזט אויס, נישט פרי. אַז ער וועט זיך שטעלן אַרבעטן, וועט ער די ערשטע זאַך זיך קויפן אַ זייגער. אָן אַ זייגער איז מען בלינד. ער דאַרף אַ סך זאַכן... נאָר גאָר די ערשטע זאַך, מוז ער האָבן אַ פּאַס. דאַכט זיך, ער האָט געפילט אַ טראָפּן אויפן פּנים. צי ס׳האָט זיך אים אַזוי אויסגעוויזן? ווען ער קוקט אויף וואָלקנס זעט ער רעגן..

דער פּעטער לאָזער און זיין פאָטער זענען צוויי לייבלעכע ברידער, נאָר ס׳איז צווישן זיי אַזאַ אונטערשיד ווי צווישן טאָג און נאַכט. דער פּעטער איז אַ רעליגיעזער ייד, אַ פאַנאַטיקער, שטעקט אין דער אַלטער וועלט, און זיין פאָטער איז אַ פרייִדענקער, אַ סאָציאַליסט. ער דערמאָנט זיך, ווען ער איז געווען אַ קליין ייִנגל, פלעגט אים דער פאָטער פירן ביי דער האַנט שבת בייטאָג צום פּעטער לאָזער, ווו זיי זענען געווען פאַרבעטן צום שבתדיקן מאָלצייט. גיטל, דעם פּעטער לאָזערס ווייב, איז געווען אַ הויכע, דאַרע אומעטיקע ייִדענע מיט אַ מיד, שוואַך קול. און דער פּעטער, אַז ער האָט גערעדט, האָט ער געפינטלט מיט די בלינדע אויגן, דורך וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעבליצט די פאַרגליווערטע ווייסלען. ער האָט דערקענט דעם ברודער לויט די טריט און לויט דעם קול פון ווי ווייט. פאַרן ברודערס היינטוועלטיקייט האָט דער פּעטער געהאַט אַ באַהאַלטענעם דרך־ארץ און אויך אַן אומצוטרוי... דעם ברודערס אפּיקורסישע רייד האָבן אים צעטומלט און געשראָקן...

דוד זעט שוין אַרויס די געשטעלן און ביידלעך אין אָפענעם מאַרק. אַ ביסל ווייטער איז דעם פּעטער לאָזערס הויז. דערנענטערנדיק זיך, וואַקסט דער מאַרק אויס גרעסער. אַרום איין ביידל טאַנצט אַרום אין דער פינצטער אַ שאָטן מיט שוואַרצע פליגל... קומענדיק נענטער, איז דאָס אַ ייִד מיט פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע, וואָס פליִען אין ווינט. דער ייִד זעגט, קלאַפּט מיט אַ האַמער. אַז ער קומט צו נענטער, שווימט פאַר אים אַרויס אַ בלייך פּנים, אַ פאַרריסענער קאָפּ מיט בלינדע, פינטלדיקע אויגן, דורך וועלכע ס׳בליצן אַרויס פאַרגליווערטע ווייסלען. ס׳איז דער פּעטער לאָזער.

— ווער איז דאָרט?! — שרייט ער.

— דאָס בין איך, אייער ברודערס זון, דוד.

— ווי קומסטו דאָ אַהער? מען האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אין רוסלאַנד, אַז מען האָט דיך אַרויסגעשיקט.

— איך בין שוין געקומען צוריק. שלום עליכם, פעטער! — ער נעמט דעם פעטערס האַנט, וואָס ציט זיך בלינד צו אים.

— עליכם שלום! — דערפרייט זיך דער פעטער און זיינע אויגן פינטלען שנעל, שנעל פון איבערראַשונג:

— אָ, דאַנקען גאָט, וואָס דו ביסט שוין אַרויס פון גויאישע הענט. נאָר וואָס האָסטו עפּעס אויסגעקליבן צו קומען אַזוי שפּעט ביינאַכט? די מומע מוז שוין אוודאי שלאָפן. זי איז אַ פאַרהאָרעוועטער מענטש. שטייט אויף פאַרטאָג און לויפט אין מאַרק אַריין. נאָר דו ביסט ביי מיר שטענ־דיק אַן אָנגעלייגטער גאַסט. ווי לאַנג איז גאָר, ווען כ'בין געווען אויף דיין ברית? כאָטש דיין טאַטע האָלט נישט פון דעם... נו, אַ גאַסט! די מומע זאָל נאָר נישט שלאָפן. ס'איז שוין שפּעט.

— דער פעטער איז גערעכט. ס'איז טאַקע צו שפּעט צו קומען צו־גאַסט. נאָר די מעשה איז אַזוי: ס'וועט נעמען אַ שטיקל צייט ביז איך וועל צוריקקריגן מיין פּאַס. איז דערווייל נישט זיכער פאַר מיר צו שלאָפן אין דער היים. האָט דער טאַטע געזאָגט, אפשר זאָל איך דערווייל איבער־נעכטיקן ביים פעטער?

— אוודאי, מיטן גרעסטן כבוד. ביסטאָך עפּעס מיין איינציקן ברו־דערס אַ זון.

— אַ דאַנק. און וואָס טוט דאָ דער פעטער אַזוי שפּעט ביינאַכט?

— איך שלאָג צונויף אַ ביי געשטעל. דער אַלטער צעפאַלט שוין באַלד.

— אין דער פינצטער? — כאַפּט זיך אַרויס ביי דודן.

— וואָס איז מיר פאַר אַן אונטערשיד, מיין קינד? איך זע מיט די הענט.

— ווער האָט דעם פעטער געבראַכט אַהער?

— מיין טאָכטער צירעלע, זי דאַרף מיך טאַקע קומען אַהיימנעמען. איך אַרבעט דאָ אַלע נאַכט. דאָס געשטעל איז שוין באַלד פאַרטיק. און ווייסטו וואָס, דוד? אַזוי ווי דו ביסט שוין דאָ, לאָמיר אַהיימגיין, נישט וואַרטן אויף צירעלען, איר איינשפּאָרן אַ וועג. די מומע און די קינדער וועלן זיך דאָס דערפרייען מיט דיר. מען האָט דאָך געזאָגט, אַז דו ביסט

פאַרשיקט געוואָרן אַזש קיין סיביר! אַנדערע האָבן געזאָגט, אויף אַלע וויסטע פעלדער זאָל עס פאַלן, אַז מען האָט דיך געשאָסן! איז געבליבן צו גאָט, אַז ס'האָט זיך אויסגעלאָזט צום גוטן.

— און וויאַזוי איז דיר געגאַנגען אין דער תפיסה? האָסט טאַקע געמוזט עסן טאַרפעס? וועסט מיר מוזן אַלץ דערציילן, דוד — האָט דער פעטער אים געלאָזט וויסן און יעדער מוסקול אויף זיין בלינד פנים איז געווען אָנגעשפּיצט מיט נייגעריקייט — כ'האָב געהערט, אַז מען שמייסט דאָרט די סטרייקערס?...

— ס'איז אַ סך צו דערציילן, פעטער.

זיי האָבן זיך דערנעענטערט צום הויז. דעם פעטערס שווערע, בלינד־טאַפּנדיקע הענט אויף דודס אַקסל. פּלוצעם האָט געטאָן אַ בליץ, ווי גאָט וואָלט אַ בליק געטאָן אויף דער פינצטערער וועלט, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן קאָלערן אַ דונער. איינציקע טראָפּנס האָבן גענומען פאַלן. דוד האָט אָנגעהויבן גיין שנעלער, פירנדיק דעם פעטער ביים אָרעם און אַריינגעכאַפּט זיך אין הויז איידער ס'האָט אָנגעהויבן גיסן.

— זע נאָר ווער מען כ'האָב געבראַכט?! — האָט דער פעטער לאָ־זער אויסגערופן.

— דודל! — האָט די מומע זיך דערפרייט מיט אים — אַזאַ גאַסט! די מאַמע האָט זיך שוין אויסגעוויינט די אויגן. אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, וואָס דו ביסט שוין אַרויס פון זייערע הענט. זעץ דיך, וועסטו עפּעס גע־מען אין מויל אַריין און פאַרוואָס ביסטו געקומען אַזוי שפּעט?

— הערסט דאָך גיטל. ער דאַרף קריגן זיין נייעם פּאַס. איז דער־וויל נישט זיכער פאַר אים צו שלאָפן אין דער היים. האָט אים יצחק גע־שיקט אַהער.

— זיי דערוויל ביי אונדז, דודל, ביי מיר ביסטו אַן אָנגעלייגטער גאַסט. איך געדענק נאָך וואָס פאַר אַ שווער האָבן דיין מאַמע האָט גע־האַט מיט דיר. ביסט נישט לייכט געקומען אויף דער וועלט. מיט נסים, וואָס דו ביסט אַרויס אַ לעבעדיקער. נעם, פּאָרזוך עפּעס פון מיין פרוכט. די מאָרעלן זענען דאָס יאָר זייער געראָטן, טעם גן־עדן!

די צוויי טעכטער האָבן זיך שעמעוודיק געפרייט מיט אים. אין זיי־ערע אויגן איז ער געווען אַ העלד, אַ געקומענער פון סיביר! פון די, וואָס גייען אַראָפּוואַרפן דעם צאַר. ביידע טעכטער זענען געווען אָפּגעבריענט פון דער זון, שטייענדיק מיט דער מאַמען אין מאַרק. זייערע שטימען אַ ביסל הייזעריקלעך פון דינגען זיך און אָנשרייען זיך אין אָפענעם מאַרק מיט

די קונים, מערסטנס פויערים און פויערטעס. אָבער אין דער טיף איז זייער שטימע געווען צאַרט, פּלאַטערדיק, סודותדיק. די ווינונג איז געווען אַז ענגע. אַ נאַפט־לעמפּל האָט צעפירט ציטערדיקע שאָטנס אויף די טונקעלע ווענט. אין אַלע ווינקלען זענען געווען אָנגעלייגט זעק, קאַסטנס און קעסטלעך פון די פּרוכטן, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַנדלט. דוד האָט געטראַכט: וווּ וועט ער שלאָפן? דער פעטער, די מומע, צוויי טעכטער און דאָ זעט ער נישט מער ווי איין בעט. און ס'איז נישטאָ וווּ אויסצודרייען זיך. נאָר ווען מען האָט באַדאַרפט מאַכן נאַכט, זענען די מיידלעך נישט געוואָרן. אפשר זיי האָבן ערגעץ געהאַט אַ באַהאַלטן געלעגער. אים האָט די מומע מיט מוטערלעכער געטריישאַפט אויסגעבעט אויף דער ערד ביים פענצטער, וווּ עס זענען פריער געשטאַנען עטלעכע קעסטלעך. דער פעטער האָט זיך נישט געאײַלט צו גיין שלאָפן. ער איז געווען וואַך און באַרעדעוודיק, אויסגעשלאָפן פון בייטאָג, ווען ער בלייבט אַליין אין הויז. איצט איז ער געשטאַנען איבער דודן און געצויגן פון אים, געוואָלט וויסן אַלץ פון טורמע־לעבן. ער האָט געשלונגען דודס מידע, האַלב־פאַר־שלאָפענע רייד.

— אַזוי, אַרויס פון טורמע האָט דיך די באַן געפירט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. האָסט אָנגעזען אַ וועלט און אַלץ אויפן חשבון פון דער מלוכה! געווען אין שטעט, וווּ אַ ייד טאָר אַ פוס נישט אַרײַנשטעלן. וועסט דאָס האָבן דוד צו געדענקען ווי לאַנג דו וועסט לעבן! און דאָ האָט מען גאָר געזאָגט, אויף אַלע וויסטע פעלדער זאָל עס פאַלן, אַז מען האָט דיך שוין געשאָסן אָדער געהאָנגען...

דודס אויגן האָבן זיך געקלעפּט. דעם פעטערס רייד זענען געוואָרן ווייטער און שטילער. ער האָט נאָך קוים געהערט דער מומעס קול:

— לאָזער, דאָס ייִנגל איז נעבעך אויסגעמאַטערט פון די טורמעס. לאָז אים צורו.

נאָך עטלעכע נעכט איבערשלאָפן ביים פעטער לאָזער אין הויז האָט אים דער סטרוזש אָנגעהויבן פאַרדעכטיק נאָכקוקן, פאַרמאָסטן זיך צו־גיין פרעגן וואָס ער טוט דאָ. צי איז ער אײַנגעמאָלדן. נאָר ער האָט געטראַכט: אַ יונגער „פּאַניטש“, וואָס ראַזירט זיך די וואָנצעס, טראָגט דעם קאַפּעלוש אין פראָנט פאַרבויגן אַרויף, קוקט אויס ווי אַן אַקטיאָר. מיט אַזעלכע דאַרף מען זײַן פאָרזיכטיק. מען קאָן אַמאָל כאַפּן אַן אָפּשניט. נאָר ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים. און דוד האָט שוין געפילט, אַז ער דאַרף זוכן אַן אַנדער נאַכטלעגער. ער האָט אָנגעהויבן שלאָפן ווו

כ'האָט זיך געמאַכט. אין אַ גויט אפילו איבערגענעכטיקט ביי די עלטערן, גלייבנדיק, אַז דער פּאָליציי וועט נישט איינפאַלן, אַז ער זאָל זיך אליין זיי איבערגעגעבן אין די הענט אריין. אראָפּקומענדיק איין מאָל אין הויף, האָט ער געטראָפן זיין חבר עליע.

— דוד! — האָט ער זיך דערפרייט מיט אים — ווי קומסטו דאָ אהער? כ'האָב דאָך געהערט, אַז מען האָט דיך פאַרשיקט קיין סיביר. אַנדערע האָבן גאָר געזאָגט, אַז מען האָט דיך געהאָנגען אין ציטאַדעל!

— שאַ, נישט אַזוי הויך, עליע. קום אַרויס אין גאַס.

עליע האָט געטראָגן אַ פעלערינע מיט לאַנגע האָר, וואָס האָבן שיעור אָנגעשפּאַרט ביי די אַקסלען, אַ שוואַרצן אויסגעבונדענעם שלייף מיט אויפגעבלאָזענע אויערן און פליענדיקע עקן. ער האָט דערמאָנט אַ פויגל, וואָס פאַרמעסט זיך צו פליען הויך, און ווי אַלעמאָל גערעדט מיט אַ הייזעריק, שעפּטשענדיק קול. ווען ער איז געווען אַ קינד, איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ קרופּאָווע הוסט. ער איז שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן. האָט מען אים אַריינגעזעצט אַ רערל אין האַלדז, ער זאָל קאָנען אָטעמען. רעדט ער פון דעמלט אָן הייזעריק.

— איז הייסט עס נישט אמת, אַז מען האָט דיך פאַרשיקט קיין סיביר, אָדער אַז מען האָט דיך געהאָנגען?

— ווי די מעשה זאָל נישט זיין, עליע, איצט בין איך דאָ.

— זייער גוט. איך בין באמת צופרידן דיך צו זען. איז וואָס טוסטו?

— איך זוך אַרבעט.

— האָסט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז דו ווילסט ווערן אַן אַקטיאָר.

— איך גיי זיך אָנשליסן אין אַ דראַמאַטישער סעקציע.

— איך האָף, אַז דו וועסט זיין אַמאָל אַ גוטער אַקטיאָר. זעסט שוין אויס ווי אַן אַקטיאָר. און זאָג מיר, דוד, האָסט זיך שוין פאַרליבט עפּעס אין אַ שיין מיידל צווישן דיינע רעוואָלוציאָנערקעס?

— ווען מען ליגן אין זינען אַזעלכע זאַכן אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט — האָט דוד געשמייכלט.

— די גרעסטע רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַט געליבטע. איינס האָט נישט צו טאָן מיטן אַנדערן.

— גיין, איך האָב זיך נאָך דערוויילע נישט פאַרליבט. און וואָס טוסטו? כ'האָב געהערט, אַז דו ביסט שוין געווען ביי פּרצן און ער האָט אַנטדעקט אין דיר אַ טאַלאַנט.

— יאָ, פּרץ האָט אָפּגעדרוקט מײַנע עטלעכע לידער. אחוץ דעם, אַרבעט איך אין אַ צײַטונג. איך בין דער סעקרעטאַר פון „וועג“.
— זייער שיין. כ'האָף אַז דו וועסט אויסוואַקסן אַ וויכטיקער שרייבער.
— און דו אַ וויכטיקער אַקטיאָר. איך דאַרף לויפן אין דער רעדאַק־ציע. כ'האָף, אַז דו וועסט מיר דאָס מאָל נישט פאַרפאַלן ווערן. קום אַמאָל אַרויף צו אונדז, וועלן מיר כאַפּן אַ שמועס. וועסט מיר מוזן דערציילן פון דיינע איבערלעבונגען אין דער טורמע און אויף פאַרשי־קונג. און היט זיך! פאַל נישט ווידער אַריין!
דוד האָט געקראָגן פון אַ מאַכער אַ פאַלשן פּאַס און מער נישט גע־שלאָפן ביי די עלטערן און נישט ביים פעטער לאָזער.

# מרים

דוד איז געשטאַנען אויף דער בינע פאַר עטלעכע הונדערט מענטשן און פאָרגעלייענט „רייזל דעם שוחטס טאָכטער" פון ז. סעגאַלאָוויטש. זיין געדיכטער קאָפּ האָר צעשויבערט, ס'פּנים פאַרפלאַמט, די אויגן צעצונדן. דער עולם, מערסטנס יונגע מיידלעך און בחורים, האָבן פייערלעך אַפּלאָ־דירט ווען ער האָט געענדיקט. מער פון אַלע האָט אַפּלאָדירט אַ מיידל, וואָס איז געזעסן נאָענט צו דער בינע. זי האָט אַפּלאָדירט נישט נאָר מיט די הענט, נאָר אויך מיט די אויגן. אַראָפּקומענדיק פון דער בינע, האָט אים זיינס אַ פריינד באַקענט מיט איר.

— מיין נאָמען איז מרים — האָט זי געזאָגט. אין אירע אויגן האָט געשפּילט צייטיקער וויין, וואָס קאָן אַ בחור פאַרשיכורן... דוד האָט פון דעם „כוס" אַ זופּ געטאָן און זיך דערפילט יומטובדיק... זי האָט געלויבט זיין לייענען און געפרעגט, צי ער איז אַן אַקטיאָר.

— קיין אַקטיאָר בין איך נישט, כ'האָף אפשר אַמאָל צו זיין אַן אַקטיאָר. דערווייל בין איך אָנגעשלאָסן אין אַ דראַמאַטישן קרייז, וו מען לערנט זיך שפּילן טעאַטער.

עס זענען צוגעקומען דודס און מרימס באַקאַנטע און דער שמועס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער. דאָס קומענדיקע מאָל האָבן זיי זיך צופעליק געטראָפן ביי מרימס אַ חברטע, ביי אַ ליאַמע. דוד האָט ווידער עפּעס געלייענט. אַנדערע האָבן געשפּילט אויף אינסטרומענטן. מען האָט גע־זונגען.

דוד גייט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און דערקענט נאָך פון ווייטנס מרימס דריבנע, בינעזישע טריטעלעך, דאָס ריטמישע וויגן פון איר געטאָקטער, פיינגעפאָרעמטער פיגור. זיי האָבן זיך שוין באַגריסט ווי אַלטע באַקאַנטע, צוזאַמענגערעדט זיך, ווי זיי וואָלטן פאַרגעזעצט אַ שמועס.

— איר ווייסט? מיינע חברטעס רופן דאָך אייך, רייזל.

— פאַרוואָס עפּעס רייזל? — וווּנדערט ער זיך.

— זינט איר האָט דעקלאַמירט „רייזל דעם שוחטס טאָכטער“.

— איז עס אַ קאָמפּלימענט אָדער אַן אָנצוהערעניש, אַז איך בין אַ מיידל?...

— ס'איז אַ קאָמפּלימענט. איר און אייער לייענען איז זיי אַזוי געפעלן, אַז זיי ווילן זיך באַקענען מיט אייך.

— כ'האָב מורא, זיי וועלן זיין אַנטוישט.

— אַזאַ שעמעוודיקער זענט איר?

— איך האָב זיך ווייניק געחברט מיט מיידלעך...

די מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס איז געווען העל באַלויכטן, ס'האָבן געשטראָמט מאַסן פרייליכע שפּאַצירנדיקע, הויך גערעדט און געלאַכט. די פּוילישע שפּראַך האָט דערמאָנט די מוזיק פון שאָפּען... אינעם גרויסן אָרקעסטער האָט זיך אויך אַריינגעריסן ס'יידישע לשון... גערעדט פון יונגוואַרג, ענטוזיאַסטישע יידישיסטן.

עס זענען פאַרבייגעפלויגן קאַרעטעס מיט פינקלדיקע אָפיצירן און פרייליכע, יונגע, אָנגעפּאַרבטע פרויען. מען האָט אָפט געזען אַן אַלטן גענעראַל מיט אַ יונגער, ליאַלקעדיקער „מעטרעסע“ אין אַזאַ אָפענער קאַרעטע. זייערע גאָלדענע עפּאָלעטן און די מעדאַלן אויף דער שווין אייגעפּאַלענער ברוסט האָבן געבלענדט די אויגן.

דוד און מרים האָבן זיך פאַרוויקלט אין אַ שמועס ביז זי האָט זיך געכאַפּט:

— אוי, ס'איז שפּעט, איך מוז אַהיימגיין!

— איצט איז ביי אייך שפּעט? די נאַכט הייבט זיך דאָך ערשט אָן. פאַרוואָס מוזט איר שוין אַהיימגיין?

— פאַר מיר איז שפּעט. אַז איך קום נישט אַהיים ביינאַכט צו דער צייט, קאָן איך טרעפן אַ פאַרמאַכטע טיר.

— אַ פאַרמאַכטע טיר? ס'קלינגט אומגלויבלעך!

— קענט איר נישט מיין פאָטער. ער איז כלומרשט אַ הייסער חסיד. היט טאָג און נאַכט זיינע טעכטער, און אַזוי ווי איך בין די עלטסטע, איילט ער זיך מיך חתונה צו מאַכן דורך אַ גערעדטן שידוך.

— אין דער היינטיקער צייט, אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, זאָל נאָך אַזוינס עקזיסטירן!

— איר ווייסט דען נישט? איר הערט עס דאָס ערשטע מאָל? ווייניק חסידים זענען דאָ אין וואַרשע?

— איך ווייס, כ'האָב געהערט. נאָר עס קומט מיר פאַר אומגלויבלעך, ווייל איך לעב אין אַן אַנדערער וועלט. מיינע עלטערן זענען היינטוועל־טיקע, זיי זענען גאָר סאָציאַליסטן...

— סאָציאַליסטן! זעט איר, דאָס איז אייך מקנא צו זיין. זיי וועלן אייך שוין נישט שטערן פאַרליבן זיך — האָט זי געלאַכט.

— פאַרקערט, מיין מוטער רעדט מיר אויס, פאַרוואָס איך גיי אַרום נאָר מיט בחורים. זי וויל שוין אפנים דערלעבן נחת פון מיר — האָט ער געלאַכט.

— איר קאָנט נאָך אַמאָל בלייבן אַן אַלטער בחור.

— אָ, ניין, איך וועל שוין קיין אַלטער בחור נישט בלייבן... און איר מוזט מאַקע שוין אַהיימגיין?

— יאָ, ווייל איך וויל נישט האָבן קיין סקאַנדאַלן מיט מיין פאָטער. און מיין מוטער ליידט שטאַרק דערפון. זי איז נישט אַזוי פאַנאַטיש ווי ער.

מרים האָט אָנגעהויבן שטעלן שנעלע טריט.

— איך וועל אייך באַגלייטן צום הויז.

— נאָך דאָס פעלט מיר! — האָט זי זיך דערשראָקן — מיין פאָ־טער זאָל מיך זען מיט אַ גוי אין אַ קאַפעלוש. דאָ וואָלט זיך שוין גאָר געטאָן חושך! אוודאי קלינגט דאָס פאַר אייך ווילד, האָבנדיק עלטערן סאָ־ציאַליסטן. זיי מוזן זיין ווונדערבאַרע מענטשן!

— נישט קיין ווונדערבאַרע, פשוט אויפגעקלערטע, באַלעזענע. אַז איר ווילט, וועל איך אייך באַקענען מיט זיי.

— ס'וואָלט מיר געווען זייער אָנגענעם, נאָר ווי קום איך פלוצעם צו זיי?

— דורך מיר...

— איך קען דאָך אייך רעכט נישט.

וועט איר מיך קענען. דערווייל בין איך נאָך נישט קיין אַלטער בחור...

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיטן ברייטן שוואַרצן קאַפעלוש און אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן אַריין...

— איך מיין עס ערנסט — האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך פלוצעם אָפּגעשטעלט — ווייטער גייט איר נישט. כ'וויל נישט מיין פאָטער זאָל מיך זען מיט אייך. אַ גוטע נאַכט.

— מאָרגן זעען מיר זיך, וו מיר האָבן זיך היינט געטראָפן! — האָט ער איר נאָכגעשריגן.

און זיי האָבן זיך ווידער געטראָפן.

דוד איז דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען צו איר אַהיים. יענטל, דאָס דינסטמיידל, מיט אַ געקרויזטן קאָפּ שוואַרצע האָר און נאָך שוואַרצערע לאַכנדיקע אויגן האָט אים געעפנט די טיר פון קיך — דער איינציקער אריינגאַנג אין הויז. אין הינטן צימער איז געזעסן מרים ביי אַ טיש מיט עטלעכע מיידלעך און געמאַכט קראַוואַטן. ס'איז געווען אַ ריזיקע: איר פאָטער אָדער מוטער האָט געקאָנט יעדע מינוט אריינקומען. דוד האָט כלומרשט געמיטלעך געשמועסט, געשפּאַסט: — אַזוי, זענט איר גאָר אַ פאַבריקאַנטקע, עקספּלאָאַטירט אַרבעטער! ס'איז גאַנץ מעגלעך, איך זאָל נאָך אַמאָל אָרגאַניזירן אַ שטרייק ביי אייך. און די „אַרבעטער", פערצן־, פופצן־יעריקע מיידלעך, האָבן געלאַכט. זייערע פּנימער זענען נאָך געווען יונג און פריש און געקאָנט שנעל רויט ווערן... און ביים נייען די קראַוואַטן, בעת זיי האָבן זיך געטאָן אַ אייל אַ ביסל, האָבן זיך זייערע צעפּלעך צעוויגט.

די שטימע פון מרימס מוטער האָט זיך דערהערט פון צווייטן צימער. אירע טריט האָבן זיך דערנעענטערט, זי האָט אַ ביסל געעפנט די טיר פון דער „פּראַצאָווניע" (וואַרשטאַט). דערזעענדיק דורך דער שפּאַרע דודן, האָט זי זי שנעל פאַרהאַקט... מרים האָט געמאַכט אַן אָרט אויפן טיש און געהייסן יענטלען שטעלן טיי מיט קיכלעך. דוד איז געווען דאָרט נאָך אַ האַלבע שעה. יענטל האָט זיך נישט באַוויזן. אַרויסגייענדיק אין דער באַגלייטונג פון מרימען, ווי אונטער אַ וואַנט, האָט ער דערזען איר באָבען זיצן מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער שויס. איר אונטערשטע, ברוגזע ליפּ האָט אַ ביסל געציטערט און זי האָט קאָנוולסיוו געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין"‥ יענטל האָט מיט די אויגן געוויזן, אַז זי האָט נישט געלאָזט שטעלן די טיי מיט קיכלעך.

מרימס פאָטער האָט געהייסן איטשע מאיר. געהאַט אַ שיינע, שוואַרצע באָרד אָן אַ סימן פון אַ גרוי פעדימל, אָן אַ קנייטשעלע אין פּנים מיט געזונטע פאַרבן, ווי דערהיצט פון אַ „לחיים" — אַ חסיד אַ הוליאַקע. אַז ער האָט נישט געוואָלט הערן פון נעמען דודן פאַר אַן איידעם — איז מרים אַוועק פון דער היים... דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ! אַ מיידל, די עלטסטע טאָכטער פון אַ חסידיש הויז פאַרשווינדט און מען ווייסט נישט ווו זי איז אַהינגעקומען! כאַשע, מרימס מאַמע, אַ מער היינטוועלטיקע, וואָס האָט אין אירע מיידלשע יאָרן שוין אויך

געהאַט חלומות און פֿאַנטאַזיעס... האָט געבראָכן די הענט, געקנייפּט זיך ס'פּנים:

— געוואַלד, איטשע מאיר, וואָס שווייגסטו?! לאָז וויסן „די פּאָליציע“, געוואַלד געשריגן, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן, פֿאַרטריבן מיר ס'קינד פֿון הויז, די עלטסטע טאָכטער, דאָס שיינדל, דאָס נחת!... ווער ווייסט ווו זי איז איצט! נו, טראָגט ער אַ קאַפּעלוש... ער איז דאָך אָבער אַן איידעלער בחור און אויך אַ מאַמעס אַ קינד. אין היינטיקע צייטן האָבן קינדער אויך אַ דעה. איצט, וואָס וועלן מענטשן זאָגן? כ'וועל דאָך נישט קאָנען דעם קאָפּ אויפֿהייבן און קוקן עמעצן אין די אויגן אַריין!

אַז ס'איז אַוועק אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, האָט זיך שוין איטשע מאיר אַרומגעדרייט מיט האַסטיקע, נערוועזע טריט, געקייט אַ שפּיץ באָרד און עפּעס געברומט, געברומט...

ווען מען האָט אויסגעפֿונען, אַז מרים געפֿינט זיך ביי אַ „סקלעפּאָוועע“ (פֿאַרקויפֿערין) פֿון זייער שניט-קראָם, האָט מרים נישט געוואָלט הערן פֿון אַהיימקומען ביז מען האָט איינגעוויליקט אויפֿן שידוך. די צייט איז געפֿלויגן. ס'איז שוין געווען עטלעכע וואָכן פֿאַר דער חתונה... דוד איז געווען פֿאַרבעטן צו אַ מיטאָג ביי די מחותנים. איטשע מאיר האָט גערעדט פֿון מסחר, וועקסלען, באַנקראָטן... נאָכן עסן האָט ער געבענטשט. דוד האָט אונטערגעהאַלטן, מאַכנדיק מיט די ליפּן... דורכן פֿענצטער האָט אַריינגעבאַקן די זון. פֿליגן האָבן געוויעט. דוד האָט מער געשוויצט ווי אַלע. אויפֿן מחותן, איטשע מאיר, איז געווען צו זען, אַז ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן, למאי ער איז געצוווּנגען געווען איינצוגיין אויפֿן שידוך. סוחריש, איז דאָס געווען אַ שלעכטער מסחר, נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אַז דער צווייטער צד איז געשטאַנען אַזוי פֿעסט?

— מילא, נו, דוד זאָל זיין מיט מזל — האָט ער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן — באַלד, באַלד, וועט זיין די חתונה אין אַ גוטער שעה. איצט וועסטו דאַרפֿן אַרויסוואַרפֿן די ייִנגלשע נאַרישקייטן פֿון קאָפּ. וועסט דאַרפֿן בעטן גאָט פֿאַר פּרנסה. ביז צו דער חופּה איז מען אַ פֿרייער פֿויגל. אַזוי גיך ווי מען שטעלט די חופּה, ווערט מען אַן אַנדערער מענטש, מען ווערט אַ גאַנצער ייד... מען שפּאַנט זיך איין אין יאָך. איז ווידער די אייגענע מעשה, קאַ סוחר ביסטע נישט, אפילו א משרת בא א סוחר ביסטע נישט — אַ שנאַדער, אַן אָרעמער בחור. און קאַ באַפּראַטער פֿון פּריזיוו ביסטו נישט און קאַ פֿעלער האָסטו נישט... נאָר ווידער אַמאָל די

אייגענע מעשה, אַז מיין טאָכטער שפּאַרט זיך איין, ווען זי מיט צען פערד נישט רירן פון אָרט! אז זי נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אריין, אי׳ז כאָטש האַק און בראָק זי... און צוריקגערעדט, אפשר איז דאָס באַשערט אַזוי פון אויבן?

דוד האָט געשוויגט. געוואָלט אָפּענטפערן ווי ער קען... נאָר ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן... בעת איטשע מאיר האָט אים „געזעגט" האָט כאָטשע געוונקען צום מאַן ער זאָל נישט מוטשען דעם בחור. נאָר ס'האָט נישט געהאָלפן. ר' איטשע מאיר האָט זיך כאָטש אַ ביסל געמוזט קילן ס'האַרץ. מרימס שמייכל האָט אָבער געזאָגט צו דודן: „זאָל ער רעדן. מיר האָבן אויסגעפירט".

און אַ חתונה האָט מען געפּראַוועט ווי ס'פּאַסט פאַר אַ ייד אַ סוחר, וואָס שפּילט נאָך די ראָלע פון אַ נגיד. אין דער העל־באַלויכטענער „סאַ־לע" פאַרן אייזערנעם טויער זענען געווען איבער הונדערט מענטשן. דוד איז געזעסן אַ געראַזירטער מיט אַ האַרטן קאַפּעלוש, צווישן שטריימע־לעך, סאַמעטענע היטלען און אַטלעסענע קאַפּאָטעס. די קלעזמער האָבן אין צווייטן, גרויסן זאַל געשפּילט, פאַרלעך האָבן געטאַנצט און גאָטס־פאַרכטיקע יידן האָבן געזיפצט ווען מען האָט געפירט דעם חתן באַדעקן די כלה... די טישן האָבן זיך געבראָכן פון מאכלים. קלעזמער האָבן גע־שפּילט אַ פריילעכס, און „לייבעלע טענצער", דער וואַרשעווער שטאָט־משוגענער, אַ דאַרער, פינצטערער און אָפּגעריסענער, אַז מען האָט אויף אים ס'קויטיקע לייב אַרויסגעזען, האָט ווי אויף אַלע וואַרשעווער, יידישע חתונות צוגעשפּילט מיט צוויי העלצער. דודס עלטערן, די סאָציאַליסטן, האָבן זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען.

מען האָט געפּראַוועט אַ גאַנצע וואָך שבעה ברכות. ס'הויז ביי מרימס עלטערן איז געווען פול מיט חסידים. מען האָט געגעסן און געהאַלטן אין איין טרינקען לחיים... אַ פעטער, ברייטער חסיד האָט געוויזן מיטן פינגער אויפן האַלדז, אַז ס'איז אים דאָרט נאָך אַלץ טרוקן... שרייענדיק: „אַ טיוטוי" (ווי קינדער רעדן דאָס ווייך אַרוים ווען זיי זענען דורשטיק...)

דוד און מרים האָבן פריי אָפּגעאָטעמט ווען די וואָך איז אַריבער.

# אַ גאַסט אויף אַ ווייל

באַלד נאָך דער חתונה האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פריש פּראָבלעם: אַ נײַ לעבן האָט זיך געריסן „פּריציייטיק" אויף דער וועלט... אַזאַ שאַנדע... אַ חסידישע טאָכטער!... זיי מוזן זיך ערגעץ באַהאַלטן, פֿאַרשווינדן. מענטשן וועלן אויפרייסן די אויגן, מעט נעמען ציילן די חדשים... מרים האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט. באַשלאָסן זיי צו פֿאָרן קיין פּאַריז. אויב שוין יאָ זיך באַהאַלטן, זאָל כאָטש זײַן אין אַן אינטערעסאַנט אָרט... פּאַריז האָט געלאָקט, פּאַריז האָט געצונדן די פֿאַנטאַזיע. אַז מרים עלטערן האָבן דערהערט, זענען זיי געוואָרן פֿאַרציטערט: פּאַריז! אַ טריפֿהנע שטאָט! דאָרט וועלן זיי אינגאַנצן אָפּגעשמדט ווערן! און די עלטערן וועלן אפילו נישט האָבן דאָס נחת צו זען ס'ערשטע אייניקל... נאָר אַז מרים נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַרײַן, איז כאָטש האַק זי און בראָק זי. און דוד האָט אוודאי געהאַלטן מיט איר...

די באַן האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פֿון וואַרשע. דודן איז ווידער געוואָרן הויל אין האַרץ... דער היימישער טומל און רויש פֿון „זײַן" שטאָט לעשט זיך, די וואַרשעווער לופֿט, וואָס ער האָט אײַנגעאָטעמט מיט זײַן מוטערס מילך — פֿאַרשווינדט.

די באַן יאָגט אַוועק פֿון זיך אַ שטיק יידישע וועלט: יידישע דראַמקרייזן, יידיש טעאַטער, יידישע צײַטונגען, זשורנאַלן, יידישע שרייבער — פֿרײַ! ער האָט צוריקגעקוקט מיט פֿייכטע אויגן אויף די זונבאַלויכטענע הײַזער, אויפֿן זומערדיקן וואַרשעווער הימל.

— וואָס מיינסטו, דוד, פּאַריז וועט בלײַבן אונדזער היים? — האָט מרים געזאָגט, אַרויסקוקנדיק דורכן פֿענצטער פֿון דער באַן.

— פֿאַרוואָס נישט? פּאַריז, וואָס האָט אַזאַ וועלט־נאָמען, אַ צענטער פֿון קולטור? זע איך נישט איין פֿאַרוואָס מיר זאָלן דאָרט נישט קאָנען מאַכן אונדזער היים.

— אחוץ קולטור דאַרף מען עסן אויך און דערציִען אַ קינד... — האָט איִם מרים דערמאָנט.

— זענען מיר דאָך ביידע מענטשן מיט אַ פּאָר אין די הענט. האָף איך, אַז מיר וועלן נישט פאַרלוירן ווערן און נישט פאַרהונגערן אונדזער קינד. משעקאַווע, צי ס'וועט זיין אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל?

— דו ווילסט אוודאי אַ ייִנגל — האָט זי געשמייכלט — מענער, האָב איך געהערט, ווילן, אַז כאָטש דאָס ערשטע זאָל זיין אַ ייִנגל.

— מיך וואָלט נישט געאַרט, עס זאָל זיין אַ מיידעלע. וואָס פאַר אַ נאָמען וועט מען עס געבן?

— דאָס איז דיין גרעסטע זאָרג?

— זאָרגן, מרים, לאָז איך איבער פאַר דיר — האָט ער געלאַכט.

— זאָרגן מיינט פּלאַנירן, זיין פּראַקטיש.

— ביסטו דאָך אָבער נישט געווען פּראַקטיש...

— דאָס איז עפּעס אַנדערש... ליבע ווייסט נישט פון קיין חשבון... זע נאָר, דוד, ווי שנעל מיר זענען אַריין אין וועלדער און פעלדער, ווי ס'וואָלט שוין גאָר קיין וואַרשע אויף דער וועלט נישט געווען.

— וואַרשע פאָרט מיט אונדז מיט, וועסט זיך מיט וואַרשע נישט שיידן.

— דו, דוד, מיט דיינע פאַנטאַזיעס.

— אָן פאַנטאַזיעס וואָלט דאָס לעבן געווען טויט...

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע, איז אַריינגעקו־מען אַ מאַן פון אַ יאָר עטלעכע פערציק און זיך געזעצט לעבן זיי. לויטן אויסזען האָט מען איִם געקאָנט נעמען פאַר אַ סוחר: אַ זאַט, אויסגערוט, צופרידן פּנים. טראָגט אַ שוואַרצן, האַרטן קאַפּעלוש, בלאָנדע וואָנצעס, פאַרדרייט ביי די עקן. האַרטע, קאַלטע אויגן, אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער איז אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַן אַלטער בחור. זיי האָבן זיך באַקענט. דוד האָט פאַרגעשטעלט מרימען אַלס זיין פרוי.

— אָנגענעם אייך צו קענען — האָט דער דאָקטער זיך אַ לייכטן נייג געטאָן, ווי פאַר אַ רייכן פּאַציענט. וויזט אויס, אַז איינגעוווינטער, מעכאַנישער מאַניער שוין ביי איִם אַזאַ. צוזאַמענגערעדט זיך, האָט ער געפרעגט דאָס פּאָרל:

— וווהין פאָרט איר?

— קיין פּאַריז — האָט דוד געענטפערט.

— קיין פּאַריז פֿאָרט איר מיט אַן אייגענער פֿרוי?! — האָט דער דאָקטער געזאָגט שפּאַסנדיק, מיט אַ באַהאַלטענעם ערנסט אין טאָן... און צוריקגערעדט, זענט איר אפשר גערעכט. פּאַריז איז אַ גליטשיקע שטאָט פֿאַר אַ מאַן אַליין... איר קוקט אויס, ווי איר וואָלט געפֿאָרן אויף אייער האָניק=חודש.

— מיר פּלאַנירן זיך אויך דאָרט צו באַזעצן.

— איר זעט אויס ווי אַן אַקטיאָר — האָט דער דאָקטער געזאָגט.

— ניין, איך בין נישט קיין אַקטיאָר. איך בין אַ שניידער — און ער האָט באַמערקט ווי זיינע אַקציעס זענען באַלד געפֿאַלן ביים דאָקטער אין די אויגן. זיין טאָן האָט באַלד אָנגעהויבן צו קלינגען פֿון אויבן אַראָפּ. נאָר אויף מרימען האָט ער געקוקט ווי אַ הונגעריקער קאָטער, זיך פֿאַרטראַכט, אַ דריי געטאָן אַ וואָנצע...

— און וואָס איז דער צוועק, אויב איך מעג פֿרעגן פֿון אייער פֿאָרן קיין פּאַריז? אוודאי צו אַ מעדיצינישער קאָנפֿערענץ — האָט דוד געפּרוּווט טרעפֿן

— ניין, איך פֿאָר אַלע זומער קיין פּאַריז אויף וואַקאַציע.

מען האָט גערופֿן צום מיטאָג אין באַן=רעסטאָראַן. דער דאָקטער איז געגאַנגען עסן. מרים האָט געעפֿנט אַ פּעקל שפּייז און זיי האָבן זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ. דערנאָך אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער, באַוווּנדערט און געשלונגען שטיקער פֿאַרכאַפּנדיקע נאַטור=בילדער, ביז זיי זענען מיד געוואָרן און איינגעדרימלט, אָבער גלייך אַריינגעפֿאַלן אין אַ יונגן, טיפֿן שלאָף. ווען זיי האָבן געעפֿנט די אויגן איז דער הימל געווען צעפּלאַקערט אין פֿאַרשידענע אויסטערלישע, אָטעם=פֿאַרכאַפּנדיקע קאָלירן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון, אַ ים פֿון פֿאַרבן. די בערג האָבן געברענט און זיך געלאָשן פֿון שאָטנס, וואָס האָבן זיי אָנגעהויבן איינהילן. ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. פֿאַרטאָג האָט זיי פּאַריז אויפֿגעוועקט. ווען זיי זענען אַרויס פֿון דער באַן איז שוין געווען ליכטיק. אויפֿן וואָקזאַל האָט געקאָכט און גערוישט. מרים און דוד זענען געבליבן שטיין אַ ווײַלע געפּלעפֿט פֿון די מאַסן מענטשן, וואָס האָבן געשטראָמט אין אַלע זייטן, פֿרעמדע מענטשן, אַ פֿרעמדע וועלט, וואָס האָט געשראָקן און געלאָקט. דוד האָט פֿאַרשריבן אין טאָגבוך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין קאָפּ: „זומער 1912, אַריינגעקומען קיין פּאַריז“. זיי זענען געשטאַנען מיט די פּעקלעך אין די הענט און געטראַכט: אין וועלכער ריכטונג פֿאַרנעמט מען זיך? קיין וואָרט פֿראַנצויזיש קען מען נישט, קיין אַדרעס צו עמעצן האָט מען נישט, וואָס

מען האָט יאָ, איז יוגנטלעכע געוואַגטקייט. זיי זענען אַרויס פון וואָקזאַל. ס'איז געווען אַרום זיבן אַ זייגער אינדערפרי אין אַ וואַרעמען יולי=טאָג. הונדערטער וועלאָסיפּעדן האָבן זיך געפלאָנטערט צווישן קליינע, הויקערדיקע אויטאָמאָבילן און הויך=אָנגעלייגטע וועגענער מיט פליישן און גרינסן, וואָס מען האָט געפירט אוודאי צו די שפּייז=קראָמען. אַ פייפעריי, אַ קלינגעריי, אַ געהירזש פון פערד, אויסגעשרייען פון צייטונגס=פאַרקויפער: „לאַ פּרעס!“ פאַרמישט מיט מיידלשע געלעכטערס און בהורישע אַרויסרופן. אַ טומל, אַ ליאַרעם, ווי מען וואָלט צוזאַמענגעפּאַקט אינאייַנעם אַ הונדערט וואַרשעס. דוד האָט אויפגעהויבן אַ האַנט צו יעדן אויטאָמאָביל, וואָס איז פאַרבייגעפאָרן, ביז איינער האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער טרייבער האָט געעפנט די טיר און עפּעס געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ פראַגע.

— האָטעל! — האָט דוד געזאָגט, און דער טרייבער האָט אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן. דער אויטאָמאָביל האָט זיך געגליטשט אויף אַ גלאַט=אַספאַלטירטן בולוואַר מיט רייכע געשעפטן.

— ווי געפעלט דיר פאַריז? — האָט זי דוד געפרעגט.

— וואַרט, וואָס קאָן איך שוין וויסן. דערווייל פאָרן מיר אין אַ שיינער גאַס. דער טרייבער זאָל אונדז נאָר נישט פירן אין אַ רייכן האָטעל, וואָס איז נישט פאַר אונדזער קעשענע.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך די טעקסי אָנגעהויבן טרייסלען און אונטערשפּרינגען. די גאַסן זענען געוואָרן שמעלער, די הייזער קלענער, נידעריקער. אָרעם געקליידטע פאַרבייגייער, ווייזט אויס אויך אַרבעטער, נאָר אָן וועליסאַפּעדן, איילן זיך צו אַ טראַמוויי, צו אַן אונטערערד=באַן, וואָס זאָל זיי פירן צו דער אַרבעט.

דער אויטאָמאָביל וואַרפט זיך ווי אין אַ קדחת, אָדער ווי ס'וואָלט געווען אַן ערדציטערניש —האָט מרים פּראָטעסטירט.

— מיר פאָרן דאָך איצט אויף שטיינער. קוק אַרויס, ועסטו זען. מיר זענען אין אַן אַרבעטער=געגנט, וו די גאַסן זענען געפלאַסטערט מיט שטיינער.

די טעקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ צוויי=שטאָקיק הויז, וואָס איז געווען אזוי אָפּגעריבן, קאָלירלאָז, ווי ארכעאָלאָגן וואָלטן דאָס נאָר=וואָס אויסגעגראָבן פון דער ערד ווי אַן אַלטן, היסטאָרישן אַנטיק.

דער איינגטימער פון האָטעל, אַ פעטער, שמייכלענדיקער פראַנצויז מיט אַ רויט=ווייניק פּנים, זעענדיק, אַז זיי פאַרשטייען נישט קיין פראַנ=

צוויזיש, האָט אָנגעהויבן רעדן מיט די הענט, מיט די ברייט־רירעוודיקע אַקסלען. דוד און מרים האָבן אים אויך געענטפֿערט אויף שטום־לשון. ער האָט זיי אַרײַנגעפֿירט אין אַ צימער מיט אַן אײַזערן בעטל, אַ טיש, אַ שטול און עפּעס אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד פֿון כמעט אַ נאַקעט מיידל אויף דער וואַנט. זיי זענען געשטאַנען אַ ווײַלע און זיך אָנגעקוקט. ביז דוד איז געפֿאַלן אויפֿן געדאַנק און געזאָגט: „רוס!“ געוויזן מיט די הענט, אַז זיי ווילן אַ רוס. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער האָטעל־אײגנטימער אַרײַנגעקומען מיט אַ רוסישן יונגן מאַן. דודס צונג איז אַ ביסל אויפֿגעבונדן געוואָרן. זיי האָבן זיך פֿון אים דערוווּסט, אַז די גאַס, אויף וועלכער זיי געפֿינען זיך, הייסט די הערהאסיא און אַז דאָ אַרום זענען פֿאַראַן אַ סך ייִדן, אַנטלאָפֿענע פֿון צאַרישע פּאָגראָמען, אַנטלאָפֿענע רעוואָלוציאָנערן פֿון סיביר און סתם ייִדן פֿון אַלע עקן וועלט. ס'איז דודן און מרימען געוואָרן וואַרעם און היימלעך... אָפּגערוט זיך אַ ביסל, אַרומגעוואַשן זיך, זענען זיי געגאַנגען עפּעס עסן, זען היימישע, ייִדישע מענטשן.

אויפֿן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפֿן ייִדישע פֿנימער און דערזען אַ ייִדישן רעסטאָראַן מיט אַ געפֿלאָכטענעם קוילעטש און געפֿילטע פֿיש אין פֿענצטער. נאָענט צום אַרײַנגאַנג זענען געשטאַנען עטלעכע אויסגעבלייכטע יונגע פּרויען מיט הויכע בייכער. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך אַ היימיש־וואַרשעווער ייִדיש.

— זעסט, דוד, מיר האָבן שוין געטראָפֿן אייגענע מענטשן!

אַרײַנקומענדיק אין רעסטאָראַן האָט זיי אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַרײַן אַ באַקאַנטער, היימישער ריח. פֿון דער קיך, וואָס איז געווען אונטער אַ ווענטל, איז אַרויס אַ פּאַרע, וואָס האָט פֿאַרשטאַרקט די היץ אין קלעפּיק־הייסן, סוף־יולי־טאָג.

מרים האָט דערזען אַ באַקאַנטן מאַן בײַ אַ טישל. ער איז געווען באַוואַקסן מיט אַ רויטער באָרד, ווי ער וואָלט זיך שוין עטלעכע וואָכן נישט געגאָלט און לאַנגזאַם געזופּט עפּעס פֿון אַ גלאָז. זײַנע סלוניקע, הונגעריקע אויגן האָבן געקוקט, ווי אַנדערע האָבן געגעסן. די קינבאַקן האָבן אַרויסגעשטאַרצט פֿון זײַן מאָגער פּנים.

מרים איז צוגעגאַנגען נעענטער און אויסגערופֿן — יאַנקל?! דאָס זענען זי טאַקע, יאַנקל פֿון וואַרשע?

— יאָ, זי מאַכן נישט קיין טעות, דאָס בין איך טאַקע יאַנקל, וואָס איז געווען אַ משרת בײַ אײַנס טאַטן, ר' איטשע מאיר, אין דער שניט־

קראַם — האָט ער האַלב פאַרשעמט און מיט אַ ביסל פאַרלוירנקייט געזאָגט.

— זי זענען שוין לאַנג דאָ?

— ס'צווייטע יאָר.

— ווי גייט עס?

— ס'וואָלט געמעגט גיין בעסער. איך קאָן נישט קריגן קיין אַרבעט. ס'איז זייער אַן אָנגעלאָפּענע שטאָט. ס'קומען דאָ אַריין אַלע טאָג טויזנטער מענטשן און פאַרכאַפּן אַלע שטעלעס...

— זי דאַרפן האָבן געדולד. זעט נאָר, כ'האָב גאָר פאַרגעסן, זייט באַקאַנט: דאָס איז מיין מאַן דוד, און דאָס איז יאַנקל, ער האָט אַמאָל געאַרבעט ביי מיין טאַטן אין געשעפט.

יאַנקל האָט אים אַריינגערוקט אַ רויטע, ביינערדיקע האַנט, ווי זי וואָלט ערשט פון פייער אַרויס.

— שלום עליכם, איטשע מאירס איידעם! איך גלייב נישט מיינע אויגן, אַז איטשע מאירס טאָכטער, וואָס מען האָט זי געוואָלט חתונה מאַכן מיט אַ רביגס אַ זון איז אין פּאַריז! און אינם טאַטע האָט אין געלאָזט פאָרן?

— ער האָט טאַקע נישט געלאָזט, נאָר איך האָב אים נישט געהערט.

— און איטשע מאיר, האָט געוואָלט נעמען אַ גוי, אַ קאַפּעלוש, פאַר אַן איידעם?!

— ער האָט טאַקע נישט געוואָלט, נאָר ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט.

זעענדיק, אַז יאַנקלס האַנט ציטערט מיט דער גלאָז וואַסער, פון וואַנען ער זופּט מיט פאַרטריקנטע ליפּן, האָט דוד באַשטעלט מיטאָג פאַר דריי.

יאַנקל האָט פיבערדיק און מיט אַ ווילדן אַפּעטיט געכאַפּט, געשלונגען דעם גרינעם סאַלאַט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן פאַר אַ פאָרשפּייז. די אויגן זענען אים געוואָרן גרעסער און לויטערער.

דאָס ערשטע האָט זיי יאַנקל געפירט ווייזן דעם „אייפעל־טורעם", וואָס איז דער העכסטער אין דער וועלט. אַלע דריי האָבן אַרויפגעקוקט מיט פאַריסענע קעפּ.

— פּאַריז, האַ?! — האָט ער מיט שטאָלץ געזאָגט, ווי ער וואָלט געהאַט אַ חלק אין דעם — אַ „קאַמעניציעלע", אַ געבויידעלע מיטן דאַך אין הימל!

זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון שפּיץ טורעם, וואָס האָט זיך, דאַכט זיך געוויגט, און אפשר האָט זיך דאָס זיי אַזוי אויסגעוויזן, ווייל ס'האָט זיי אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן.

— זי געדענקען נאָך דעם „דראָנג“ אין וואַרשע? — האָט יאַנקל געזאָגט צו מרימען — ער איז געווען אָנגעשמירט מיט זייף... און אַז עמעצער האָט זיך געקאָנט אַרויפכאַפּן אויף אים, איז אויבן געלעגן אַ מענערשער אָנצוג און אַ זילבערנער זייגער. נאָר דער „דראָנג“ איז געווען אַ סך, אַ סך נידעריקער פונעם „אייפל-טורעם“ און פאַרגעסן זי נישט, אַז דער „דראָנג“ איז געווען אַ קיילעכדיק שטיק האָלץ און מער גאָרנישט, און דאָ אינעווייניק אין טורעם, זענען דאָ מאַשינען, וואָס פירן מענטשן אַרויף און אַראָפּ. מען זאָגט, אַז אינעווייניק זענען דאָ רעסטאָראַנען מיט טעאַטערס — אַ גאַנצע שטאָט...

איין טאָג האָט זיי יאַנקל געפירט אין באַרימטן „לוווּר“. דוד און מרים האָבן דערזען אַ וווּנדער-וועלט דורך די אויגן פון געניאַלע מאָלער און סקולפּטאָרן. זיי זענען געוואָרן שיכור פון פאַרבן, נישט געקאָנט אָפּרייסן זיך פון דער „מאָנאַ ליזאַ“ מיט איר צויבער-שמייכל, וואָס איז געבליבן אַ רעטעניש פאַר דער וועלט... אַרומגעגאַנגען פאַרכישופטע פון איין בילד צום צווייטן, פון איין סקולפּטור צו דער צווייטער, פון איין צימער אין אַנדערן, אַ לאַבירינט, אַ וועלט מיט צימערן, אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט צעצונדענע אויגן ביז די פיס האָבן זיי מער נישט געטראָגן.

אין די שטיקנדיקע, הייסע פאַרנאַכטן איז די אָרעמשאַפט אין פּאַריז אַנטלאָפן פון די אָנגעגליטע לעבער-ווינונגען און פאַרפלייצט די גאַסן. פּאַריז לעבט אַ סך אינדרויסן. רעסטאָראַנען אויף די טראָטואַרן. מען קושט זיך און מען ליבט זיך אָפן, פאַר אַלעמען אין די אויגן.

יאַנקל האָט זיי גענומען אין דער אונטערערד-באַן. זי האָט זיך געשניטן אין אַ פינצטערן טונעל, וואָס ווערט זיך, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט ענדיקן, און דורך איז פּלוצעם איינגעפאַלן: אַז דער דאַך פון טונעל, אויף וועלכן עס שטייען הייזער, ס'פאָרן אויטאָמאָבילן, קאָן איינפאַלן און זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט. זייערע פאַנטאַזיעס... און ער האָט זיך פאַרבענקט נאָכן פרייעלעכן, וואַרשעווער טראַמוויי אונטערן אָפענעם, זוניקן הימל.

אַ צווייט מאָל האָט זיי יאַנקל געפירט אין אַ גאָס מיט אַ סך יום-טובדיקע שפּאַצירער. דאָרט זענען געווען אָנגעשטעלט לאַנגע רייען בייד-

לעד, ווו מען האָט פֿאַרקויפֿט געטראַנקען, נאַשוואַרג און פֿאַרשידענע צאַצקעס. פֿון טיילביידלעך זענען אַרויס פּאָרלעך מיט הויכע געלעכטערס. יאַנקל האָט געזאָגט:

— די פּראָווינצן זענען גרויסע קינדער. זיי האָבן זיך ליב צו שפּילן...

אין איין ביידל איז געזעסן אַ יונגע, שיינע ציגיינערין און געלייגט קאָרטן, געטראָפֿן די צוקונפֿט. ווען דער יונגערמאַן, פֿון וועמענס האַנט זי האָט אַרויסגעלייענט, וואָס מיט אים וועט געשען, האָט זיך גלוסטיק פֿאַרקוקט אויף איר, האָבן אירע טיפֿע, שוואַרצע אויגן אַ בליאַסק געטאָן, און זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פֿוירהאַנג, וואָס האָט פֿאַרשטעלט די טיר פֿון ביידל... דוד און מרים האָבן זיך איבערגעקוקט און יאַנקל האָט געזאָגט:

— פּאַריז איז נישט ערגער פֿון וואַרשע, נאָר דאָ פֿאַרשטעלט מען זיך ווייניקער...

איינמאָל האָט זיי יאַנקל גענומען הערן מוזיק, ווו ס'האָבן געשפּילט אין אָרקעסטער בלויז יונגע, שיינע פֿרויען.

נאָכן אָפּזיין אַ צוויי וואָכן אין פּאַריז האָט זיך דוד גענומען נאָכפֿרעגן וועגן אַרבעט אין זיין שניידער־פֿאַך. יאַנקל איז אַוועק מיט אים אין אַ שניידער־פֿאַבריקל. שאָקלדיקע שטיגן האָבן געפֿירט אַרויף צו אַ בוידעם. עטלעכע אַרבעטער, באַגאָסן מיט שווייס, האָבן גענייט אויף מאַשינען. איינער האָט געפּרעסט מיט אַ טשאַדענדיק קוילן־אייזן און פֿון געוואַנט איז אַרויס אַ פּאַרע, אַז מען האָט קוים זיין פּנים אַרויסגעזען. אין אַ זייטיק צימער האָט געוווינט מיט זיין ווייב און קינדער דער מייסטער, אַ ייד, וואָס האָט גערעדט צו דודן האַלב יידיש האַלב פֿראַנצויזיש. דוד האָט קוים אַרויסגעדרונגען פֿון זיינע רייד, אַז די צייט איז שלעכט, ער האָט קוים גענוג פֿאַר די אייגענע אַרבעטער.

— דאָ איז נאָך ערגער ווי אין וואַרשע — האָט דוד געזאָגט צו מרימען, נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעמאָלט די פֿאַבריק פֿאַר איר.

— ווי געפֿעלט דיר אַזאַ פֿאַבריק? און דאָס איז פּאַריז?! — האָט דוד געטענהט.

מרים האָט געשוויגן. וואָס האָט זי געקאָנט ענטפֿערן אויף דעם? אים הייבט שוין אָן נישט געפֿעלן פּאַריז. כאָטש נעם און פֿאָר צוריק, נאָך דעם, ווי זיי האָבן געמוזט אַוועק פֿון דער היים. און די רייזע האָט אָפּגעקאָסט אַ שיין ביסל געלט. אַז מרים האָט גאָרנישט געענטפֿערט אויף זיינע טענות, האָט ער זי געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס שווייגסטו?

— וואָס קאָן איך דיר זאָגן? עס זענען אוודאי פֿאַראַן גרעסערע, מער סאַניטאַרע פֿאַבריקן. מען דאַרף האָבן געדולד.

אַ צווייט מאָל איז דוד אַרויס קעגן די שווידערלעכע וווינונגען אין די פּאַריזער אָרעמע קוואַרטאַלן.

— און די וואַרשעווער אָרעמע וווינונגען זענען בעסער — האָט אים מרים געפּרווט דערמאָנען — דעם אָרעמאַן איז שלעכט אומעטום.

דוד האָט נישט געקאָנט געפֿינען קיין אַרבעט. אַרומגעדרייט זיך אַ שטומער, ווי מען וואָלט אים פּלוצעם די צונג אַרויסגעשניטן. אַלע רעדן פֿראַנצויזיש. אפֿילו יידן רעדן אַ מין יידישן פֿראַנצויזיש...

ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן רעדן פֿון צוריקפֿאָרן.

מרים, אַ פֿאַרליבטע, האָט געטענהט צו אים, ווי צו אַ קאַפּריזנע קינד:

— צו וואָס ווילסטו צוריקפֿאָרן, מיר זענען דאָך נאָר וואָס אַנט־לאָפֿן פֿון דאָרט? — האָט מען נישט באַדאַרפֿט אַנטלויפֿן? מיר זענען אין קיין שום הינזיכט נישט געווען כשר אין זייערע אויגן. און ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז אין פּאַריז איז דאָ אַזאַ אָרעמקייט, אַזאַ שמוץ. אָבער אין וואַרשע פֿעלט אָרעמקייט און שמוץ?

— איז עס דאָך וואַרשע...

— אומעטום איז גוט, וווּ מיר זענען נישטאָ — האָט מרים געזאָגט.

נאָר אין דודן האָט זיך אַזוי צעשפּילט די בענקשאַפֿט צו זיין גע־בוירנשטאָט, אַז ער האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן:

— די שטיינער דאַרף מען קושן אין וואַרשע.

און זיי זענען צוריקגעפֿאָרן... מיט יאָרן שפּעטער האָט דוד צייטנ־ווייז באַדויערט, וואָס ער איז נישט געבליבן אין פּאַריז... וואָס ער האָט אפֿילו נישט באַוויזן צו זען פּאַריז, פֿאַרוואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבן דער ספּאָנטאַנער בענקשאַפֿט און געלאָפֿן צוריק.

---

דוד איז געזעסן אין דער באַן, וואָס האָט געפֿירט קיין שווידער, נאָ־ענט צו אָטוואָצק, הינטער וואַרשע, וווהין עס זענען געפֿאָרן שווינדזוכטי־ליידנדיקע היילן די אָנגעגריפֿענע לונגען. דאָרט, צווישן געדיכטע סאָסנע־

ביימער און מילדער פרישער לופט האָבן זיי געהאָפט געזונט צו ווערן. ס'איז געווען אַ הייסער פרייטיק פאַרנאַכט. סוחרים, קליינהענדלער, מעקלערס, וואָס האָבן געפּאָכעט אַ גאַנצע וואָך מיט דער נשמה אין דער אָנגעהיצטער, שטויביקער שטאָט, ראַנגלענדיק זיך מיט קאָנקורענטן, און זיך רייסנדיק דעם ביסן פרנסה פון מויל, צאַפּלענדיק זיך צווישן וועקסלען און באַנקראָטן — ווען ס'איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט — האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך און מען איז אַרויסגעפאָרן צום ווייב, וואָס זיצט אויף דאַטשע אָפּרוען דאָרט. דער איינער טאָג האָט געדאַרפט פאַרגיטיקן פאַר דער גאַנצער שווערער, ביטערער וואָך.

ווען דוד און מרים זענען צוריקגעקומען פון פּאַריז, האָבן זיי געדונגען אַ צימער אין שווידער. ביז זי וועט אויפגעבונדן ווערן... נישט געוואָלט אָנטאָן אירע עלטערן קיין שאַנדע. ס'האָט געהייסן: ר' איטשע מאירס טאָכטער זיצט אויף דאַטשע.

די באַן איז געווען אַ קליינע. מען האָט זי גערופן: „קאָלייקע". זי האָט בלויז געפירט פּאַסאַזשירן פון וואַרשע צו די נאָענטע דאַטשעס. מיט אַ צייט צוריק, ווען זי האָט נאָר אָנגעהויבן פאָרן אָן פערד און פייפן, האָבן וואַרשעווער יידן פאַרפאַסט אַ ליד וועגן איר. דוד געדענקט נאָך איין פערז:

„אוי איז דאָס אַ פייפער מיט אַן אייזערנעם כוח,<br>פון הינטן זעצט אַ פאַרע — פון אויבן גייט אַ רויך"

די באַן איז געווען אָנגעפּאַקט מיט יידן, וואָס האָבן גערעדט וועגן מסחר, דערציילט מעשיות, געזאָגט וויצן. דוד איז געזעסן ביי אַן אָפן פענצטער, אַ הייס ווינטל האָט געבלאָזן אויף זיין פּנים. וואָס ווייטער אַרויס פון שטאָט איז דאָס ווינטל געוואָרן קילער, דער שטויב ווייניקער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע קליינע הייזלעך, ביימער, וואָס זענען געוואָרן אָנגעצונדן און געפלאַמט אין דער פאַרגייענדיקער זון. דאָ און דאָרט האָט זיך באַוויזן אַ קו, אַ פערד, אַ פּאָרל אין גראָז. און איידער וואָס ווען — שווידער. די „קאָלייקע" שטעלט זיך אָפּ, סאָפּעט און קרעכצט און ציטערט. אויסגעפּוצטע פרויען לכבוד שבת, מיט אויסגערוטע, אָפּגעפרישטע פּנימער, אַ ביסל צוגעברענטע פון דער זון, וואַרטן אָפּ זייערע מענער. אָט איז מרים, אין אַ לויז קלייד, אַ בלום אין די האָר. דער ווינט פלירטעוועט מיט אירע לאַנגע, געדיכטע צעפּ.

דאָס פּיצל — רוימט מרים דודן איין אין אויער — רוט נישט... אַרבעט מעשים, מאַכט גימנאַסטיק. וועט אוודאי זיין אַ יינגל. אַז ס'איז

אַזוי אַגרעסיוו... —ביידע לאַכן. זייער שטיבל איז געווען אויפגעראַמט. אַ געשמאַקע וועטשערע אויף דער קיך האָט געשאַרפט דעם אַפּעטיט. נאָכן עסן האָבן זיי שפּאַצירט צווישן די ביימער, וואָס האָבן בייגאַכט אויסגעזען שוואַרץ און הויך. דער הימל טונקל־בלוי, אָנגעפּאַקט מיט אַזעלכע גרויסע, העלע שטערן, וואָס מען זעט קיינמאָל נישט אין וואַרשע. אַזוי איז דוד יעדן אָוונט געקומען קיין שווידער פון דער אַרבעט. איין אָוונט האָט ער געטראָפן מרימען מיט „ווייען".

דריי טעג און דריי נעכט איז מרים געגאַנגען צו קינד. אירע געשרייען האָבן זיך געהערט ווייט אַרום. דאַטשניקעס פון די אַרומיקע הייזער זענען געשטאַנען אין מיטפילנדיק און קופּקעלעך, פאַרזאָרגט גערעדט וועגן איר שווערן האָבן. די געווינערין און דאָס קינד זענען איינגעשטעלט מיטן לעבן.

יעדער קרעכץ, יעדער אויסגעשריי פון מרימען האָט דודן ווי אַ מעסער געשניטן דאָס האַרץ. ווען די מוטער פלעגט גיין צו קינד איז ער אַנטלאָפן פון הויז. איצט פילט ער, דאַרף ער שטיין דערביי... ער פילט אָבער, אַז אָט פאַלט ער אַוועק און חלשט. מיט ציטערדיקע טריט גייט ער אַרויס פון הויז. די פרישע לופט מונטערט אים אויף און שטאַרקט, ער איז געקומען צו זיך. קומענדיק צוריק צום הויז, האָט ער זיך דערשראָקן. זי שרייט שוין נישט... ער איז שנעל אַרויף אויף די טרעפּ. אַריין אין צימער. דער דאָקטער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, פאַרבלוטיקטע הענט, האַלט אַ קליין, רויט נפשל ביי די פיסלעך, און פּאַטשט עס אין הינטערל אַריין, אַזוי ווי מען שפּילט זיך מיט אַ ליאַלקע. דאָס פּיצלס שווייגט. מרים שווייגט. דער דאָקטער לייגט אַריין דאָס קינד אין אַ שיסל הייס וואַסער, טרייסלט עס, פּאַטשט עס — דאָס שווייגט. דער דאָקטער שוויצט. דאָס העמד איז נאַס אויף אים. ער בלאָזט אַריין לופט אין קינדס מײַלעכל, ביז עס דערהערט זיך אַ פּישטש, ווי פון אַ פאַרוווּנדיקט פייגעלע. דעם דאָקטערס אויגן טוען אַ טריומפירנדיקן לויכט. עס הייבט זיך אָן אַרויסרייסן אַ פאַרשטיקט געשריי פון קינדס קעל, דאָס געשריי ווערט העכער און היסטעריש, ביז עס הייבט אָן מאַכן אַזעלכע געוואַלדן, ווי מען וואָלט עס כ'ווייס אַליין נישט וואָס אָפּגעטאָן. אַזוי האָט דאָך פייגל די „הייוון" דערציילט איז ער אויך געקומען אויף דער וועלט מיט אַ ביטערער טענה...

דער דאָקטער האָט געזאָגט צו אים:

— ס'איז אַ יינגל, אַ יונגאַטש!

# לאָנדאָן

אין עטלעכע חדשים שפּעטער איז דוד געפאָרן קיין לאָנדאָן... מרים מיטן קינד זענען דערווייל געבליבן אין וואַרשע ביז ער וועט זיך דאָרט איינאָרדענען. עס זענען געקומען צו דער באַן זיך געזעגענען מיט אים מרים און זיינע עלטערן. שרה האָט אים אַרומגענומען מיט ציטערדיקע הענט און געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— דודל, ס'האַרץ איז מיר באַשווערט. ווער ווייסט צי איך וועל דיך נאָך אַמאָל זען, עפּעס זאָגט מיר אַ געפיל, אַז דו פאָרסט שוין איצט דאָס לעצטע מאָל אַוועק!

— מאַמעשי, דו זאָלסט אַזוי רעדן, דו אַ סאָציאַליסטקע זאָלסט גלייבן אין עפּעס אַ געפיל! ביסט דאָך נאָך אַ יונגע פרוי. הייבסט ערשט אָן צו לעבן. די מיטעלע יאָרן זענען די בעסטע.

— איך פיל זיך אָבער לעצטנס נישט גוט. די פּאַפּיראָסן־פאַבריק ליגט מיר אין די ביינער, גראָבט זיך צו מיינע לונגען. דער דאָקטער זאָגט, איך דאַרף האָבן „פלעגע", פרישע לופט און גוטע נאַרונג. און דער טאַטעשי האָפט: אַז דיר וועט גיין גוט אין לאָנדאָן, וועסטו אונדז אַהינגעמען.

— דו קאָנסט זיין זיכער אין דעם, מאַמעשי, און זיי געזונט. מיר וועלן זיך נאָך זען און פרייען צוזאַמען.

זי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון איר עלטסטן זון, וואָס אָדער ער איז פאַרשפּאַרט אין טורמע, אָדער מען פאַרשיקט אים, אָדער ער פאָרט קיין אויסלאַנד. דער פאָטער האָט אים שטאַרק געדריקט די האַנט: ווו דו וועסט נישט זיין, בלייב געטריי דיין סאָציאַליסטישן אידעאַל — צום סוף האָט ער זיך געזעגנט מיט מרימען.

די באַן רירט זיך. וואַרשע הייבט זיך אָן צו דערווייטערן. ס'ווערט אים ווידער הויל אין האַרץ, ווי עפּעס וואָלט זיך פון דאָרט אָפּגעריסן. איצט איז ער זיכער, אַז ער קוקט דאָס לעצטע מאָל אויף „זיין" שטאָט.



יעקב ווײס      בײלע ווײס

דאָס זענען די עלטערן פון יוסף ווײס

אין וואַגאָן איז טונקל. די פּאַסאַזשירן צעשטעלן זייערע טשעמאָדאַנעס, צעלייגן די פּעקלעך. ער זיצט ביים פענצטער און קוקט אַלץ אין דער ריכטונג, פון וואַנען די באַן רייסט זיך אַוועק און דערווייטערט זיך. מרים גייט איצט אַהיים אַליין צום קינד אין זייער צימער. ער פילט אַ פרעסנדיקע עלנטקייט ווען ער בלייבט אַליין. ער איז אַלעמאָל געווען מיט די עלטערן, אין טורמע איז ער ווידער געווען מיט מענטשן, מיט חברים. דערנאָך האָט ער חתונה געהאַט — קיינמאָל נישט אַליין. ער האָט אפשר דערפאַר אַלע זיינע יאָרן מורא געהאַט צו זיין אַליין אין אַ הויז... איצט דאַרף ער מיט נאָך עטלעכע אומבאַקאַנטע פּאַסאַזשירן גנבענען די גרענעץ. ראָזנבערג דער „שוואַרצער" איז זייער פירער, ער האָט אונטערגעקויפט ווו מען דאַרף און וועט זיי אַריבערשוואַרצן קיין אויסלאַנד. ער זיצט אין וואַגאָן ווי אַ פרעמדער. זיי קענען אים נישט... פאַר זיין אַרבעט קריגט ער פיין באַצאָלט. איז אַ ייד אַ נגיד. ווער קען נישט אין וואַרשע ראָזנבערגן דעם „שוואַרצער". אַ הויכער ייד, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ רויט פּנים, אין וועלכן ס'שפּילט אוודאי דער ווייַן, וואָס ער פאַרטרינקט נאָך די גוטע מאָלצייטן. דאַכט זיך, אַז ער דרימלט. אין שוואַרצן דרויסן פליען פייער-פונקען, דערמאָנען אים אין דער שריפה פון זייער הויז ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל, ער דערמאָנט זיך אין אַ סך זאַכן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין וואַרשע. עס שטעלן זיך אים פאַר די אויגן פאַרשידענע בילדער, עס דרייען זיך אים אין קאָפּ פאַרשידענע געדאַנקען, נאָר דאָס ריטמישע קלאַפּן פון די רעדער שלעפערט אים איין.

פאַרטאָג טאָרעט מען אים אין דער פּלייצע. ער כאַפּט זיך אויף. מען ווינקט צו אים, ער זאָל נאָכגיין ראָזנבערגן מיט די אַנדערע עטלעכע פּאַסאַזשירן. מען הייסט זיי וואַרטן אין אַ צימער פון אַ קליין, גרוי הויז. עס נעמט נישט לאַנג און מען זעצט זיי אַריין אין אַ פורל. אַ פויער אויף דער קעלניע, דאָס פערד שטעלט שטילע, גנבישע טריטלעך, ווי עס וואָלט שוין געוווּסט פון דערפאַרונג, אַז דאָס גנבעט מען די גרענעץ, פילט מיטן פערדישן אינסטינקט, אַז דאָס איז אַ געפערלעכער וועג. אַמאָל שיסט מען דאָ נאָך, טוט עס קיין הירזשע נישט, שליסט זיך אָן אין אָנגעשטרענגטן שווייגן פון די פּאַסאַזשירן. דער וועג ציט זיך לאַנג און שווער. יעדער שאָרך, יעדער שאָטן רופט אַרויס פאַרדאַכט און שרעק. פּלוצעם, רייסט ראָזנבערג אויף די שטילקייט.

— קינדער, מיר זענען שוין אַריבער די גרענעץ!

מען אָטעמט אָפּ פרײַ, מען צעשמייכלט זיך, ס'ווערט פריילעך, לעבעדיק. עמעצער ציט אַרויס פון בוזים־קעשענע אַ פלעשל משקה. מען טרינקט לחיים, מען ווינטשט זיך צו. דאָס פערד שטעלט שוין דרייסטע, מונטערע טריט און צעהירזשעט זיך מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. אַלנפאַלס, דאַכט זיך דודן אַזוי אויס. אפילו די זון, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין דער טונקעלער פרימאָרגן־גרויקייט, שיינט איצט אויף און צעהעלט דעם וועג אין נייע, פרייע וועלטן אַריין...

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז דוד געפאָרן אויף אַ שיף. ס'איז געווען אַ העלער האַרבסטיקער נאָכמיטאָג. זילבערנע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך געשפּילט מיט די גרינע ים־כוואַליעס, וואָס האָבן זיך לאַנגזאַם און שפּילעוודיק אָנגעשטויסן איינע אין דער אַנדערער און געגלעט און געקושט די ווענט פון דער שיף... דוד איז אַרומגעגאַנגען אויף דער דעק און באַטראַכט די פאַרשידענע פּנימער פון די פּאַסאַזשירן, וואָס טייל פון זיי וועלן מאָרגן צוזאַמען מיט אים אָנקומען קיין לאָנדאָן. אַנדערע וועלן אַוועקפאָרן ווייטער אין אַזעלכע לענדער, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל אפילו נישט געהערט פון זיי. ס'איז אַזאַ גרויסע, שיינע וועלט און אים וואָלט זיך געוואָלט זיין אומעטום. טויבן זענען נאָכגעפלויגן דער שיף און געוואָרקעט איבער זיין קאָפּ. ער איז געוואָרן הונגעריק און אַריין אין שפּייז־זאַל. געגעסן אַ גרויסן מאָלצייט מיט אַ שאַרפן אַפּעטיט און שוין פאַרטרונקען מיט לאָנדאָנער „טי" (טיי). דערנאָך איז ער אַריין אין דער קאַיוטע און זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל. אַז ער האָט געהאַלטן ביים איינשלאָפן האָט עמעצער אָנגעהויבן שאָקלען זיין בעט... ער האָט זיך אויפגעזעצט און געפילט, אַז ער ווערט פאַרנודיעט פון דער שאָקלעניש. די קאַיוטע האָט זיך אָנגעהויבן וויגן מיט אים. דורכן קיילעכדיקן פענצטערל האָט אַריינגעקוקט אַ פאַרענדערטער, בייזער, פאַרנאַכטיקער הימל אָנגעפּאַקט מיט פאַרדעכטיקע וואָלקנס, וואָס האָבן קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. דער ים איז געווען צעוויגט, ווי ס'וואָלט אונטער אים פאָרגעקומען אַן ערדציטערניש. פאָנטאַנען פון הויכע, גרינע ים־ווענט האָבן מיט זייערע שפּיצן געקלאַפּט און געריסן זיך אין קיילעכדיקן פענצטערל אַריין, אַז אָט ווערט עס צעבראָכן און דער ים וועט זיי פאַרפלייצן. די שיף האָט זיך געוויגט, געוואָרפן. דוד האָט זיך געוואַקלט ווי אַ שיכור. געוואָרן בלאַס. זיך דערפילט שלעכט און קוים זיך דערשלעפּט אַרויף צו דער דעק כאַפּן פרישע לופט. דאָ זענען געזעסן און געלעגן בלאַסע, פאַרנודיעטע פּאַסאַזשירן. דער ווינט האָט אים שיעור נישט אומגעוואָרפן. ער

האָט קוים באַוויזן אָנכאַפּן זיך אין פּאָרענטש און אָפּגעגעבן אין ים אַריין אַלץ, וואָס ער האָט געגעסן מיט טעג צוריק ער האָט זיך דערשלעפּט צוריק צו דער קאַיוטע און אַוועקגעפאַלן אויפן בעטל. אינדרויסן האָבן טויזנטער שדים געפייפט, געגרילצט, געליאַרעמט, געהודזשעט. ס'האָט אָנגעהויבן פּלייצן אַ מבול־רעגן. די שיף האָט זיך אָנגעבויגן אויף איין זייט, אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן פון בעטל. נאָך אַ בייג און זי קערט זיך איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַ שווערע נאַכט געווען. דוד האָט נישט איינמאָל געזען ווי ער טרינקט זיך שוין. פאַרטאָג האָט זיך דער ווינט איינגעשטילט. פון באַרואיקטן ים האָט אָנגעהויבן אַרויסקומען אַ פייערדיק־רויטע קנויל, וואָס איז געוואָרן גרעסער פון מינוט צו מינוט און פאַררויטלט די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך שוין רואיק געוויגט און שפּילעוודיק געשטויסן איינע די אַנדערע. דוד האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם באַוואונדערט, ווי די זון האָט צעפלאַקערט דעם הימל אין ווילדע, פאַנטאַסטישע קאָלירן, אַזאַ מין סימפאָניע פון פאַרבן, וואָס קיין מאָלער קען זיכער נישט קאָפּירן.

אין אַ שעה אַרום האָט זיך די שיף אָפּגעשטעלט אין האַפן. פון דאָרט האָט ער גענומען אַ באַן קיין לאָנדאָן.

מיט אַן אַדרעס צו מענטשן, וואָס ער קען נישט, האָט זיך דוד אַרומגעדרייט אין טונקל־פאַרנעפּלטע גאַסן, צווישן אַ געדיכטן פלאָנטער פון מענטשן, לאַסט־וועגענער, אויטאָבוסן און אַזעלכע קליינע, קיילעכדיקע קאָטשן און קאָטשלעך. הויך אויף דער קעלניע — דער קוטשער. אין איין האַנט די לייצעס, אין דער צווייטער אַ בייטש איבערן פערד, וואָס האָט זיך בלינד געפלאָנטערט אין דער פינצטערניש. דאָס ליכט פון די לאַמטערנס און פון די געשעפטן האָט זיך בלאַס אַרויסגעזען פון טומאַן, ווי קליינע, בלייכע פינטעלעך. אָט דאָס איז לאָנדאָן?! האָט דוד געטראַכט אַ ביסל געפּלעפט. און וועמען פרעגט מען ווו די מענטשן פון דעם אַדרעס, וואָס מען האָט אים מיטגעגעבן, וווינען? און ווי אַזוי פרעגט מען, אַז ער קען קיין וואָרט ענגליש נישט? צווישן די געדיכטע, שאָטנדיקע פאַרבייגייער געפינען זיך זיכער יידן. נאָר גיי דערקען זיי. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין עפּעס, גייענדיק מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ, וועלנדיק זען די הייזער, כאָטש אַ שטיקל הימל. דער „עפּעס“ האָט געהאַט אַ שמייכלדיק פּנים פון אַן עלעגאַנטער, ענגלישער דאַמע. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַנטשולדיקט אויף פּויליש. דאָס ווייסע, אַ ביסל געפאַרבטע פּנים, האָט אים פאַרגיבן מיט אַ פיינעם שמייכל.

א הויכער שאָטן, מיט א היטל, ווי אַן אויפגעבלאָזענער באַלאָן, שטייט אין מיטן דער גאַס און מאַכט מיט די הענט, ווי אַ דיריגענט, וואָס פירט אָן מיט אַן אָרקעסטער. דאָס איז אוודאי אַ פּאָליציאַנט, טראַכט דוד, און ווייזט אים דעם אַדרעס... דער פּאָליציאַנט באַגריסט אים פריינדלעך, עפּעס גאָרנישט ווי אַ וואַרשעווער „סטויקאָווע" אָדער אַ „רעווירָאָווע", לאָזט איבער דעם „אָרקעסטער" און פירט אים צו עטלעכע טריט צו אַן אויטאָבוס. ווייזט דעם טרייבער דעם אַדרעס און זאָגט אים עפּעס אָן. אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום שטעלט זיך אָפּ דער אויטאָבוס און דער טרייבער ווייזט אים אויף אַ הויז. דוד זוכט אַ טויער אַריינצוגיין — נישטאָ. זוכט אַ גלאָק אָנצוקלינגען — נישטאָ. זעט אויף דער טיר פון הויז עפּעס אַזעלכעס ווי אַן אייזערנע האַנט, קלאַפּט ער אָן מיט איר. ס'נעמט נישט לאַנג און אַ הויכער, שיינער מאַן, מיט אַ פריינדלעך־שמייכלדיק פּנים קומט אַרויס.

— אָ, דאָס זענט איר אוודאי פון וואַרשע. מען האָט אונדז געשריבן וועגן אייך. קומט אַריין.

די וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַ קיכל. אַ טונקעלע, מאָגערע פרוי רוימט דאָס הויז. אַ ייִנגערע פרוי, ענלעך צו איר, ווייזט אויס אַ שוועסטער, ליגט אין די קליידער אויף אַן אייזערן בעט און לייענט אַ ביכל.

— מיין נאָמען איז אייזיק — זאָגט דער מאַן, וואָס האָט אים גע־עפנט די טיר — דאָס איז מיין פרוי אסתר, און דאָס איז איר שוועס־טער צירל. אַלץ וואַרשעווער, איר זענט דאָך דוד?

— יאָ.

— טוט אייך אויס דעם מאַנטל. מאַכט זיך היימיש.

— וואָס הערט זיך אין וואַרשע? — פרעגט אים אסתר.

— אין וואַרשע איז אומרואיק, מען אַרעסטירט מענטשן אין די גאַסן. די טורמעס זענען איבערגעפּאַקט.

— מיין שוועסטער איז ערשט אַ פּאָר חדשים פון וואַרשע. איר האָט זיך דאָרט קיינמאָל נישט געטראָפן?

— ווייזט אויס, אַז נישט — שמייכלט דוד.

— עפּעס אַ באַשערטע זאַך — לאַכט זי — צוויי וואַרשעווער דאַרפן פאָרן קיין לאָנדאָן זיך צו טרעפן...

דוד האָט באַמערקט, אַז אסתר האָט שיינע, שטיפעריִשע אויגן, וואָס קויפן אויס אירע אַנדערע דעפעקטן. אַז זי לאַכט מאַכן זיך חן־

גריבעלעך און זי ווערט ייִנגער און שענער. אירע שטיפּערישע, קלוגע אויגן באַהאַלטן אין זיך עפּעס אַזאַ מין פרויען־סוד, וואָס קאָן יעדן מאַן פאַרדרייען דעם קאָפּ. איצט איז אים קלאָר, וואָס דער הויכער שיינער אייזיק האָט זיך פאַרליבט אין איר. צירל איז געווען אַ ייִנגערע אסתר, נאָר אירע אויגן האָבן נישט געהאַט דער שוועסטערס כישוף.

עטלעכע קליינע אסתרלעך און אייזיקלעך האָבן זיך געשפּילט אין הויז. זיי זענען געקומען זיך באַקלאָגן איינס אויפן אַנדערן פאַרן פאָטער, וואָס האָט מיט אַ גלעט און אַ קוש געפּרוווט מאַכן שלום.

— צו וועלכער פּאַרטיי האָבן זי באַלאַנגט אין וואַרשע — האָט אים צירל פּלוצעם געפרעגט.

— צום בונד.

— מיר דאַכט זיך, אַז כ'האָב אין אַמאָל געזען אויף דער בונדי־שער בערזע.

— קאָן זיין. זי האָבן אויך באַלאַנגט צום בונד?

— יאָ.

— נו, גוט. לאָמיר דאָ אָנהייבן אַ באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלער אוי־טאָנאָמיע — האָט ער געלאַכט.

— דאָ דאַרף מען עס נישט — האָט אייזיק פאַרזיכערט — ייִדן אין ענגלאַנד זענען פריי און קאָנען זיך פירן ווי זיי ווילן. מיר האָבן דאָ אַ פיין ייִדיש טעאַטער, אַ ייִדישע צייטונג און אַ הויפּט־ראַבינער איבער אַלע ייִדן אין ענגלאַנד...

— שוין באַלד אַ שטיקל ייִדישע מלוכה — האָט דוד געזאָגט האַלב אין שפּאַס.

— נאָך די צאַרישע פּאָגראָמען פילן זיך דאָ ייִדן ווי אין דער היים.

— ווענען האָבן זי אין וואַרשע? — האָט אסתר אַ פרעג געטאָן.

— אַ פרוי מיט אַ קינד און אַ גרויסע משפּחה פון ביידע צדדים.

— אַזוי, האָבן זי שוין אַ קינד... אומרוען, רעוואָלוציעס און דאָס לעבן גייט אָן.

— דאָס קאָן קיינער נישט אָפּשטעלן — האָט איר אייזיק פאַרזי־כערט — און ער האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ ליבן, עפּעס קינדערשן שמייכל, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ דערוואַקסענעם מאַנסביל.

— נו, מאַכן זי זיך באַקוועם — האָט אסתר געזאָגט — כאָטש קיין סך צו אָפּפערן האָבן מיר נישט, נאָר פאַר אַ גאַסט קאָנען מיר

אַלעמאָל שפּאָרן אַן אָרט. זי זענען אוודאי הונגעריק. אָט וועל איך באַלד גרייטן צום טיש. זי מוזן פאַרזוכן אונדזערע לאַנדאָנער פיש.

— אָ, באַמיען זי זיך נישט.

— איך באַמי זיך נישט פאַר אין אַליין. מיר דאַרפן אויך עסן.

אין הויז האָט געברענט גאַז־ליכט. דורכן פענצטער האָט אַריינגע־קוקט אַ געדיכטער, שוואַרצער נעפּל. נאָך דעם, ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן אַ מאָלצייט פון לאָנדאָנער „געפּרייעטע" (געבראָטענע) פיש, האָט זיך געשטעלט די פראַגע, וועגן אַן אָרט צו שלאָפן פאַר דודן.

— מען דאַרף זיך טאַקע נאָכפרעגן וועגן אַ „לאָדזשינג" פאַר אים — האָט אסתר געזאָגט אַראָפּנעמענדיק פון טיש.

— נאָכפרעגן זיך, און עפּעס אויסגעפינען וועט נעמען צייט. וווּ וועט ער אָבער היינט ביינאַכט שלאָפן? — האָט אייזיק געזאָגט.

— היינט ביינאַכט? אין אַזאַ פינצטערניש, ווו קאָן ער גיין? — האָט אסתר געטראַכט און פאָרגעשלאָגן:

— פאַר נויט קאָן ער איבערשלאָפן אויף דער סאָפקע אין קיך.

און דוד איז געווען צופרידן, ווייל ווו וועט ער גיין זוכן אַ האָטעל אין אַזאַ פינצטערניש, אין אַ פרעמדער שטאָט מיט אַ שטומער צונג.

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער געקראָגן אַ צימער ביי אַ פאַ־מיליע מיט נאָך אַ בחור אין איין בעט. ביז ער האָט אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט, אַרבעטנדיק אין אַ שניידער־פאַבריק, און אַראָפּגענומען מרימען מיטן קינד. ווען מרים איז געקומען, האָט זיך דער בחור אַרויסגעקליבן, און זיי האָבן פאַרנומען דאָס צימער פאַר זיך. מען האָט אַריינגעשטעלט אַ גאַפּט־מאַשינקע. און ס'איז געוואָרן אַ צימער מיט אַ קיך. נאָר מען איז געווען יונג און פריילעך, האָט מען געזונגען לידער און געבענקט נאָך די ערשטע יונגע יאָרן אין וואַרשע און געחלומט פון שיינע, נייע צייטן. דוד האָט צייטנווייז געפּרוווט אַראָפּשרייבן זיינע איבערלעבונגען אויף פּאַפּיר, נאָר ווייזן דאָס עמעצן האָט ער זיך געשעמט און נישט געוואַגט.

דוד האָט דערזען אין אַ פענצטער אַ מעלדונג: „אַ צימער מיט אַ קיך צו פאַרדינגען". ס'איז געווען אין אַ פיינער געגנט, נישט ווייט פון פּלאַץ, ווו ער האָט געאַרבעט. ער האָט איבערגערעדט מיט מרימען. זי איז גע־ווען מסכים זיי זאָלן זיך איבערציען. דוד האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן דעם פאַר אַן אַרבעטער אין דער פאַבריק, האָט אים יענער געזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט אָנגעבן פאַר אַ ייד...

— פאַרוואָס? — האָט זיך דוד געוווּנדערט.

— ווייל עס זענען באַקאַנט פאַלן, ווען מען האָט מיט אַן איידעלן אויסרייד זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרדינגען אין דער געגנט וווינונגען צו יידן.

דוד האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַ גרויליכע פרוי מיט אַ ליב, מוּטערליך פּנים איז אַרויסגעקומען.

— איר האָט אַ וווינונג צו פאַרדינגען? (ער האָט שוין גערעדט אַ ביסל ענגליש).

— יאָ, קומט אַריין. איר זעט אויס צו זיין אַ פרעמדער. פון וואַנען קומט איר?

— פון דייטשלאַנד...

— איר זענט אַ דייטש?

— אוודאי.

— כ'האָב דאָס באַלד דערקענט אין אייער אַקצענט! אָ, די דייטשן זענען אַ ציוויליזירט פאָלק, האָבן אַרויסגעגעבן גרויסע געלערנטע, פילאָזאָפן! — איר האָט אַ פאַמיליע דאָ?

— יאָ, אַ פרוי מיט אַ קינד.

זי האָט אים געוויזן די דירה, אַ גרויס פראָנט-צימער און אַ פיינע קיך. דוד האָט איינגעצאָלט פאַר אַ חודש.

— איך האָב אַלע מאָל געהאַט אַ הויכע מיינונג וועגן די דייטשן. זיי זענען זייער זויבער. לויט דער סטאַטיסטיק באַנוצן זיי מער זייף ווי אַלע אַנדערע פעלקער. איך בין אַמאָל מיט מיין מאַן דורכגעפאָרן דורך דייטשלאַנד.

דוד האָט זיך געפרייט, וואָס זיי וועלן זיך שוין נישט דאַרפן שטיקן אין דעם איינעם, ענגן צימערל מיט דער גאַפּט-מאַשינקע. און זיי האָבן זיך אַהין אַריינגעקליבן.

די באַלעבאָסטע פון הויז, מיסיס נעלסאָן, איז געווען אַן אלמנה און געהאַט זעקס זין. פון צוויי פאַרהייראַטע האָט זי שוין געהאַט אייניקלעך. איבער די אַנדערע זין, וואָס האָבן געהאָלפן אויפהאַלטן ס'הויז, האָט זי געציטערט, די מיידלעך זאָלן זיי נישט אויסכאַפּן, ווייל די לאָנדאָנער מיידלעך, האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר מרימען, האָבן אַזאַ כוח אין זיך, אַז קיין בחור קאָן זיך נישט אַרויסדרייען פון זייערע הענט... און אירע פיר זין זענען אַזוי שיין און קלוג, אַז קיינע פון די פּוסטע מיידלעך איז זיי נישט ווערט. אחוץ אַלעמען האָבן זיי נאָך צייט חתונה צו האָבן.

די שניידער־פֿאַבריק ווו דוד האָט געאַרבעט איז געווען אין אַ טיפֿן קעלער. הויך איבערן קאָפּ, ביים טראָטואַר, איז געווען אַריינגעפּאַסט אַ גראָב גלאָז, וואָס האָט געדינט פֿאַרן פֿענצטער פֿון קעלער. אין זוניקע טעג פֿלעגט אַריינשיינען אַ ביסל בלאַסע, פֿאַרגלייזטע ליכט. אַז מען האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף, האָט מען געזען פֿאַרבייִשפּאַנען פֿיס, פֿיס אין פֿאַרשידענע שיך, פֿיס פֿון הינט און פֿיס פֿון קעץ, וואָס פֿלעגן אַמאָל טאָן זייערע נאַטירלעכע באַדערפֿענישן. דווקא איבער דעם איינעם שטיקל „פֿענצטער" אין קעלער האָט שטענדיק געברענט גאַז־ליכט. דער מייס־טער, פֿיליפּ, אַ מיטלוווקסיקער, געפּאַקטער, מיט אַרויסגעשטאַרצטע אויגן און פֿאַרדרייטע וואָנצעס איז מיט עטלעכע אַרבעטער געזעסן אויפֿן טיש, די פֿיס הינטער זיך ווי טערקן און גענייט. פֿון פֿרי ביז אַכט, נײַן ביי־נאַכט האָט מען געאַרבעט. דער איינציקער אָפּרו פֿאַר דער גאַנצער וואָך איז געווען שבת, ווען מען האָט נאָר געאַרבעט דעם ערשטן האַלבן טאָג ביז צוויי—דריי נאָכמיטאָג... מיט יאָרן שפּעטער האָט עס פֿאַר דודן אויסגעזען פֿאַנטאַסטיש, אוממעגלעך.

אַז אומגליק און אַ גליק איז געווען, ווען ס'האָט אויסגעפֿעלט אַר־בעט. דעמלט איז דוד אַרוים אין דער אָפֿענער וועלט, געהאַט אַ ים מיט פֿרייער צייט, געלייענט, שפּאַצירט, באַקענט זיך מיט מענטשן און אין מאָמענטן, ווען ס'האָט אין אים עפּעס אויפֿגעזונגען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט שרייבן, באַשרייבן די פֿאַבריק אין קעלער, דעם מייסטער, די אַרבעטער, די שטענדיקע גאַז־ליכט, ווי אין קוילן־שאַכט — אָנגעשריבן און אַוועקגעלייגט.

ער האָט זיך אָנגעהויבן באַקענען מיט דעם יידישן לאָנדאָן. אין ווייטשעפּל, קעגנאיבער דעם יידישן פּאַוויליאָן־טעאַטער איז געווען אַ רעסטאָראַן, ווו ס'פֿלעגן אַריינקומען אַקטיאָרן, שרייבער, מאָלער. זיין ערשטע באַקאַנט־שאַפֿט האָט ער דאָרט געשלאָסן מיט בער סאַרקינען, אַ בלאָנדער, עט־לעכע און צוואַנציק־יאָריקער בחור. אַ בלוי־אויגיקער מיט אַ קאָפּ העלע, געלאָקטע האָר, און אַ קוליע אונטערן לינקן אָרעם. אויפֿן אָרט פֿון פֿוס איז נאָכגעהאָנגען אַ שטיקל הויז, וואָס האָט זיך געוויגט בעת ער איז געגאַנגען. ער איז געווען דער רעפּאָרטער פֿון דער „צייט". אַמאָל פֿלעגט זיך אויך דרוקן זיינס אַ בילדל, אַ מעשה. ס'איז שוין איינמאָל געווען מיט אים אַ שטיקל סקאַנדאַל: מען האָט אים באַשולדיקט אין פּלאַגיאַט, אין קאָפּירן ביי עמעצן וואָרט ביי וואָרט...

דוד זיצט אין פראָנט־צימער און שרייבט עפּעס. מרים איז אין קיך און האַלט צוריק שמואליקן, וואָס רייסט זיך צום פאָטער מיט אַ פול מויל רייד... זי ווייזט אים מיט אַ פינגער אויף די ליפּן, ער זאָל זיין שטיל, דער פּאַ שרייבט, מען טאָר אים נישט שטערן...

אונטער דער טיר הערט זיך דאָס קלאַפּן פון אַ קוליע, אַן אָנזאָג, אַז בערל סאַרקין קומט.

— אָ, אַ גאַסט! — לייגט דוד אַוועק די פּען — וואָס מאַכט איר?

— אַט, אַזוי ווי איך, שלעפּ זיך אַרום. געטראַכט, כ'וועל זיך אַריינכאַפּן צו אייך.

— זייער פיין. איר זענט אַן אָנגעלייגטער גאַסט. זיצט. מאַכט אייך באַקוועם.

שמואליק דערזעט די קוליע, לאָזט ער זיך צו איר מיט נייגעריקייט. מרים שלעפּט אים צוריק... בערל סאַרקין באַמערקט דאָס באַשריבענע בלעטל לעבן דודן — וואָס שרייבט איר?

— אַט, וואָס עס פאַלט מיר אַמאָל איין.

— לאָמיר הערן וואָס אייך פאַלט אַמאָל איין.

— כ'האָב מורא ס'נישטאָ וואָס צו הערן.

— ער שרייבט פיינע זאַכן — מישט זיך אַריין מרים — איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, ער זאָל דאָס אַמאָל פאָרלייענען פאַר עמעצן — הערט ער מיך נישט.

— איך דענק, אַז מרים איז גערעכט. אַ מענטש שרייבט, אפשר איז עפּעס פאַראַן אין דעם, פאַרוואָס זיך באַהאַלטן, ס'איז דען אַ גנבה?...

דוד האָט געלאָזט סאַרקינען איבערלייענען דאָס געשריבענע. ס'האָרץ האָט אים אַ ביסל געקלאַפּט... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיצנדיק אין ציטאַדעל, האָט זיך אים איינמאָל איינגעגעבן אַרויסצושמוגלען אַ טורמע־בילד, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבן. ווען ער איז אַרויסגעקומען האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אַ טייל פון דעם איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ פּראָקלאַמאַציע... איצט האָט ער געוואַרט אויפן אורטייל פון אַ שרייבער, וואָס זיינע זאַכן דרוקן זיך. ער האָט געקוקט אויף זיין פּנים, זיינע אויגן...

— הערט זיך איין — מרים איז דאָך טאַקע גערעכט! אַ מענטש נעמט און באַהאַלט זיך! פאַראַן פיינע שורות, פאַראַן בילד, ס'איז דאָ דער מייסטער, די אַרבעטער. נאָר פאַרוואָס שרייבט איר אויףביידע זייטן פּאַפּיר, אויסגעמישט, כאַפּנדיק, אָן פּונקטאַציע? נישט שלעכט, נאָר מען

דאַרף עס ערשט אויסאַרבעטן... ס'איז רוי. מען דאַרף עס איבערקאָכן... איר דאַרפט פאַרשאַרצן די אַרבל און אַ שוויץ טאָן. מען ווערט נישט אַזוי לייכט אַ שרייבער. נאָר איר האָט עפּעס. איר טאָרט עס נישט פאַר־נאַכלעסיקן.

מרימס אויגן האָבן טריומפירנדיק געלויכטן. דאָס, וואָס בערל סאַר־קין האָט געזאָגט, האָט אַ צונד געטאָן דודס פאַנטאַזיע. שמואליק האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו דער קוליע און די מאַמע האָט אים ווידער צו־ריקגעשלעפּט.

— דענקט איר, אַז ס'איז דאָ עפּעס אין דעם? — פרעגט אים דוד.

— אוודאי איז דאָ, נאָר איר דאַרפט דאָס באַאַרבעטן, אַרויסברענ־גען שאַרפער, קלאָרער, אפילו דאָס פאַרהוילענע דאַרף זיין קלאָר... און אויף איין זייט פּאַפּיר. מעגלעך, אַז דאָס וועט געדרוקט ווערן. מרים איז געוועקט — וואָס הייסט באַהאַלטן זיך?! אויב איר האָט טאַלאַנט, גע־הערט דאָך דאָס אַלעמען.

דודס האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן — מאַכט ער נישט אַמאָל קיין טעות, דער סאַרקין, האָט ער דען דעם טאַלאַנט פון אַ קריטיקער אָפּצושאַצן? אַליין שרייבט ער רעפּאָרטאַזשן, און ס'איז געווען אַ רייד וועגן פּלאַגיאַט...

מרים האָט שוין אַ יומטובדיקע אַרומגעטאַנצט איבערן הויז, וויגנ־דיק מיט די לאַנגע, געדיכטע צעפּ. געשטעלט צום טיש טיי מיט אירע אייגן־געבאַקענע קיכלעך. אַ ביסל פּרוכט.

— אַלעמאָל, ווען ער לייענט עפּעס פאַר פאַר מיר און ס'געפעלט מיר, זאָג איך אים, שיק עס אין אַ רעדאַקציע. איז ער דאָך אַן עקשן און הערט מיך נישט — פאַרקלאָגט אים מרים.

— צופיל באַשיידנקייט איז אויך נישט קיין מעלה. און אויף וואָס פאַר אַ גרונט האָט איר שוין אַ רעכט צו זיין באַשיידן?... — זאָגט בערל סאַרקין, טרינקענדיק די טיי, שוויצנדיק, און לויבנדיק מרימס קיכלעך.

---

די רעדאַקציע פון „אַרבעטער" איז געווען ערגעץ אין ווייטשעפּל און פאַרנומען אַ צוויי גרויע צימערלעך. דער סעקרעטאַר פון דער רע־דאַקציע גענאָסע לינדבערג, אַ באַברילטער, מיטלוועקסיקער, איידעלער יונגערמאַן, מיט אַ צאַרט, כמעט מיידלש פּנים, האָט אים פריינדלעך באַגריסט.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס?

— איך האָב געבראַכט אַ דערציילונג.

— נו, גוט. מירן זען — האָט לינדבערג געזאָגט, ווענדיק דעם מאַנוסקריפּט אין האַנט—איך וועל עס געבן ראַדנערן, דעם רעדאַקטאָר. איר האָט זיך שוין אַמאָל געדרוקט?

— ניין. ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך ברענג אַ זאַך אין אַ רעדאַקציע.

— ס'איז אַלעמאָל דאָ אַן ערשט מאָל. איר זענט שוין לאַנג אין לאָנדאָן?

— אַריבער אַ יאָר.

— פון וואַנען קומט איר?

— פון וואַרשע.

— אָ, וואַרשע! אַ וווּנדער, איר זענט נישט געגאַנגען צו פּרצן. ער האָט דאָך אויסגעוואַרעמט אונטער זיינע פליגל יונגע שרייבער.

— אין וואַרשע האָב איך גאָר געחלומט צו זיין אַן אַקטיאָר, באַלאַנגט צו אַ דראַם־קרייז. אַ פאַרלאַנג צו שרייבן האָב איך ערשט דערפילט לעצטנס. און מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען כ'בין געזעסן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, האָב איך אָנגעשריבן אַ טורמע־איינדרוק, וואָס אַ טייל איז שפּעטער געדרוקט געוואָרן אין אַ פּראָקלאַמאַציע...

— מיט וואָס באַשעפטיקט איר אייך דאָ?

— איך בין אַ שניידער.

— ווי געפעלט אייך לאָנדאָן, און ווי ווירקן אויף אייך די נעפּלען?

— די נעפּלען שאַפן מיר אַ שטימונג, רופן אַרויס אַ בענקשאַפט. און מיט לאָנדאָן האָב איך זיך נאָך רעכט נישט באַקענט. מען אַרבעט לאַנגע שעהן, מען זעט נישט אָן די ליכטיקע שיין. בלויז איין האַלבן טאָג אין דער וואָך רוט מען. שבת נאָך מיטאָג...

— טאַקע זייער טרויעריק — באַדויערט לינדבערג — און פאַרריכט זיך די ברילן אויף דער צאַרטער, שיין־פאָרמירטער נאָז — אין „אַרבעטער" רופן מיר און וועקן די שקלאַפן זאָלן דערוואַכן. דערווייל איז נישטאָ קיין גרויסער אָפּרוף... — לינדבערג האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אויפן נעפּל, וואָס האָט איינגעהילט די שטאָט. אַ פינצטערניש ווי ביינאַכט.

— איר וועט כאַטש זען צו נעמען דעם אויטאָבוס אַהיימצו־
פאָרן? — האָט ער געזאָגט באַזאָרגט.

— אָ, איך וועל טרעפן אַהיים. איך בין אָבער באַזאָרגט וועגן מיין
פרוי, די געפלען וואַרפן אָן אויף איר אַ שרעק. זי פאַרהענגט די פענצ־
טער און גייט גישט אַרויס פון הויז.

— וועט זיך צוגעוווינען. מיליאָנען מענטשן וווינען אין לאָנדאָן. אַז
די זון שיינט דאָ אויך, פאַרגעסט מען די געפלען.

דוד איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ גוטן איינדרוק וועגן לינדבערגן.

אין אַ וואָך אַרום טרעפט ער לינדבערגן אין רעסטאָראַן, וואָס קעגנ־
איבער דעם פּאַוויליאָן־טעאַטער.

— אייער דערציילונג וועט געדרוקט ווערן אין קומענדיקן נומער —
זאָגט אים אָן לינדבערג. דודן האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם: זיין דער־
ציילונג געפעלט ראַדנערן! דעם געבילדעטן רעדאַקטאָר. און זי וועט גע־
דרוקט ווערן זייט ביי זייט מיט באַרימטע שרייבער, דיכטער, פּובליציסטן!

יענעם טאָג, ווען דער „אַרבעטער" איז אַרויס מיט זיין דערציילונג
איז דוד נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט און געקויפט עטלעכע נומערן.
אין הויז איז געווען יום־טוב. עס זענען געקומען פריינד, מען האָט גע־
פּראַוועט אַ ליאַמע און מען האָט אים צוגעווונטשן, ער זאָל ווערן אַ יידי־
שער שרייבער און האַלטן ערלעך זיין פען...

און ער האָט זיך צעשריבן... מיטן עסן איז געקומען דער אַפּעטיט.
ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער „צייט", רעדאַגירט פון מערסאָ־
גען און אויך געשריבן הומאָרעסקעס אין דער „אָוונט־נייעס". געוואָרן
אַ „פּראָפעסיאָנעלער שרייבער" און געלעבט אויף אַ געהאַלט פון צוועלף
שילינג אַ וואָך... באַפריינדעט זיך מיט די אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער
און מיט אַנדערע יידישע שרייבער. איינמאָל, דוד עפנט אויף די „צייט"
און ווערט איבערראַשט! אין „עדיטאָריעל" איז געדרוקט שוואַרץ אויף
ווייס: „אין חושך פון דער לאָנדאָנער איסט סייד איז אַנטדעקט געוואָרן
אַ נייער טאַלאַנט! דער שרייבער דוד לינדפעלד, זיינע דערציילונגען, הו־
מאָרעסקעס — — —" דודס האַנט ציטערט, די אויגן פייכטן זיך אים —
מרים!... — רופט ער זי פון צווייטן צימער — זע־נאָר דאָס! — זי לייי־
ענט שנעל — נו, דו עקשן דו!..

דוד האָט שפּאַצירט צווישן אַ יומטובדיקן געדיכטן עולם. די שטאָט האָט זיך געבאָדן אין זון, וואָס אַז זי שײַנט שוין אויף אין לאָנדאָן, גיט זי אָפּ פּאַר אַלע נעפּלען. קינדער האָבן מיט פּאַרריסענע קעפּ געוואָלט מיטפֿליען מיט די קאָלירטע באַלאָנען, וואָס האָבן זיך פֿון זייערע הענט געצויגן צום הימל. יונגע פּאָרלעך זענען געגאַנגען מיט אונטערטאַנצנדיקע טריט. פֿנימער זענען געווען צעשמייכלט, צעלויכטן פֿון דער זון, וואָס האָט געשטראַלט איבער אַלעמענס קעפּ. פּלוצעם האָבן צײַטונגס־פֿאַרקויפֿער אָנגעהויבן שרײַען מיט באַנומענע קולות: „ענגלאַנד דערקלערט מלחמה!“

די שמייכלען פֿון פֿנימער זענען אָפּגעווישט געוואָרן. די טריט פֿון די שפּאַצירנדיקע זענען געוואָרן לאַנגזאַמער. מען האָט געקוקט מיט שרעק אויף די גרויסע „קעפּ“ פֿון די צײַטונגען, וואָס האָבן זיך ווי רויבפֿייגל אַרײַנגעריסן אין דער זונצעהעלטער שטאָט און קראָקען: מלחמה, מלחמה! ס'האָט נישט גענומען לאַנג און מען האָט אָנגעהויבן מושטרירן אין פֿאַרשידענע טיילן פֿון לאָנדאָן יונגע רעקרוטן. מען האָט זיי פֿיבערדיק, שנעל געשטאָפּט אין קאָפּ אַרײַן די מלחמה־תּורה: שיסן, שטעכן, וואַרגן! די זון האָט זיך באַהאַלטן. אויף איר אָרט האָבן פֿינצטערע נעפּלען אײַנגעהילט די שטאָט אין טרויער. לאַנגע רייען סאָלדאַטן האָבן זיך געצויגן צום פֿראָנט. מאַמעס, כּלות האָבן ברעכנדיק די הענט זיי נאָכגעקוקט מיט פֿאַרטרערטע אויגן. דער מלאך־המוות האָט אַ פּאָך געטאָן מיט די שוואַרצע פֿליגל.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

ס'האָט זיך אָנגערוקט אַ שווערע צײַט. אַרבעט איז געווען ווייניק וועמען איז אין זינען געלעגן עפּעס צו קויפֿן זיך, אָדער צו מאַכן זיך.

איינמאָל, דוד קומט אַרײַן אין רעסטאָראַן און ווערט איבעראַשט! בײַם טיש זיצט אברהם רייזען בײַ אַ טעפּל קאַווע. ער האָט אים באַלדדערקענט, אין וואַרשע האָט ער אים געהערט לייענען זײַנע לידער אויף ליטעראַרישע אָוונטן. מיט אים זיצט משה בעקערמאַן און שטעטין, דודס פֿרײַנד. שטעטין איז אַן אַנאַרכיסט, אַן אַלטער בחור. בעקערמאַן שנײַדט זיך אויף אַ שרײַבער. ער איז אַ מיטלוווקסיקער, אַ דאַרער, מיט איראָניש שמייכלענדיקע, אָפּלאַכנדיקע אויגן.

— דאָס איז דוד לינדפֿעלד, אַ יונגער שרײַבער — שטעלט אים פֿאָר שטעטין פֿאַר רייזענען

— אָ, לינדפעלד! יאָ, געלייענט. שרייבט פיינע דערציילונגען, גאָר פיינע. אַ טאַלאַנט, אַ טאַלאַנט!...

דוד ווערט רויט...

רייזען טרינקט קאַווע. אַ העלפט פון דער שפּייז, וואָס ער האָט באַשטעלט ליגט אין טעלער.

— איר האָט, ווייזט אויס, אַ שוואַכן אַפּעטיט — זאָגט שטעטין צו אים.

— געהאַט אַמאָל אַ שאַרפן אַפּעטיט — פאַרענטפערט זיך רייזען — איז נישט געווען וואָס צו עסן. איז דער מאָגן איינגעדאַרט געוואָרן, איינגעוווינט זיך צו הונגערן, ביז דער אַפּעטיט איז מיר איבערגעגאַנגען... איצט בין איך אַ שוואַכער עסער. איז זאָגט־זשע מיר, דוד לינדפעלד, וויאַזוי לעבט זיך אייך אין לאָנדאָן?

— ווען נישט די מלחמה, וואָלט מען זיך דורכגעשלאָגן.

— איר דאַרפט האָבן מזל צו מיידלעך... ווערט רייזען אויפגעלייגט — אַ בחור מיט אַזאַ פּנים!

— וואָס פאַר אַ מיידלעך. איך בין פאַרהייראַט, האָב אַ פרוי מיט אַ קינד.

— זאָל אייך זיין מיט מזל... און פון וואַנען קומט איר?

— פון וואַרשע.

— וואַרשע? וואָס האָט מען אייך קיינמאָל נישט געזען ביי פּרצן?

— אין וואַרשע האָב איך געחלומט צו זיין אַן אַקטיאָר. ערשט לעצטנס האָב איך דערפילט אַ חשק צו שרייבן.

— גוט. שרייבט. געלייענט אייערס אַ זאַך. פיין, גאָר פיין...

אַרום דעם טיש זענען שוין געזעסן און געשטאַנען רייזענס חסידים. דוד איז אַוועק אַהיים דערציילן מרימען, וואָס רייזען האָט געזאָגט וועגן אים... פון ווייטן זעט ער ביים הויז אַ געזעמל מענטשן. אין נעפּל האָבן זיי אויסגעקוקט ווי געדיכטע, אומרואיקע שאָטנס. ס'האַרץ האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן! ווער ווייסט וואָס האָט געטראָפן, מיט מרימען, מיטן קינד! קומענדיק נעענטער, דערזעט ער באַקאַנטע שכנים, נאָר זייערע צעצונדענע אויגן קוקן אויף אים מיט האַס. מרים האַלט שמואליקן אויף דער האַנט. זי איז בלאַס. מיסיס נעלסאָן שרייט עפּעס אויף איר. זינט אירע צוויי זין זענען געפאַלן אין דער מלחמה איז זי געוואָרן אינגאַנצן גרוי. די באַקן איינגעפאַלן, די ווינקלען פון מויל פאַרטיפט. מיט ווילדע

אויגן און ציטערדיקע הענט סטראַשעט זי מרימען און שרייט מיט פינע אויפן מויל:

— פאַרפלוכטע דייטשן, אַרויס פון מיין הויז! איר האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון מיינע שיינע, טייערע צוויי זין. אייער געביין זאָל זיך דאָ נישט געפינען!

— מיר זענען נישט קיין דייטשן — פאַרענטפערט זיך מרים מיט שרעק.

— איצט, ווען עס לוינט זיך נישט, זענט איר שוין נישט קיין דייטשן, איר מעגט אייך טאַקע שעמען צו זיין דייטשן!

— מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שעמען, מיר זענען יידן!

— ניין, איר האָט אונדז אַליין געזאָגט, אַז איר זענט דייטשן און דייטשן זענען ערגער פון יידן. איר האָט דערהרגעט מיינע צוויי טייערע זין. זייער אומשולדיק בלוט זאָל פאַלן אויף אייערע קעפּ. איר זאָלט קיינמאָל קיין רו נישט האָבן. און אויף יענער וועלט זאָלט איר אייביק ברענען אין גיהנום — אַרויס פון מיין הויז, פאַרשאָלטענע דייטשן!

דוד איז געשטאַנען אַ בלאַסער לעבן מרימען. געפּרווט באַרואיקן שמואליקן, וואָס האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און מיט שרעק געזוכט שוץ ביי מרימען.

— שוין אַרויס פון מיין הויז! — האָט די מיסעס נעלסאָן געשיפּעט.

— איר זענט דאָך אָבער נישט קיין דייטשן, נאָר ציוויליזירטע ענגלענדער — האָט דוד געפּרווט אַפּעלירן צו איר. — גיט אונדז אַ געלעגנהייט צו זוכן אַ דירה. איר קאָנט נישט נעמען און וואַרפן מענטשן אין גאַס.

— דייטשן זענען נישט קיין מענטשן! האָט זי געשריגן.

דוד איז געלאָפן צו זיינע פריינד דערקלערן, וואָס פאַר אַן אומגליק כ'האָט אים געטראָפן. אין זעלבן טאָג איז געוואָרן אַ צימער און זיי זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן פון די אויפגעבראַכטע ענגלענדער, וואָס פון זייערע אויגן האָט מען אויסגעלייענט, אַז זיי זענען גרייט אויף אַלץ...

די נייע „דירה“ איז באַשטאַנען פון איין צימער אין ווייטשעפל, נישט ווייט פון רעסטאָראַן, וואָס קעגנאיבער דעם יידישן פאַוויליאָן=טעאַטער. די גאַפּט=מאַשינקע איז געווען די קיך. שמואליקן האָט מען געבאָדן אין אַ שעפל. פון די צוועלף שילינג אַ וואָך, וואָס דוד האָט באַקומען פאַר שרייבן אין דער „צייט“ און אין דער „אָוונט=נייעס“ האָט מען

מיט נסים צוזאַמענגעהאַלטן די נשמה מיטן גוף. ער האָט איינגעזען, אַז ער מוז לויפן זוכן אַרבעט אין זיין שניידער־פאַך צו פאַרדינען עפּעס ביי דער זייט...

מערסאָן האָט געהייסן די שרייבער „דעקן" די מלחמה... אין ליד, דערציילונג, פעליעטאָן. ד"ר מאַרגאָלין (אברעמל) אַ הומאָריסט און סאַטיריקער האָט געשריבן אין אַ ליד:

„מען שלאָגט דעם רוס, דעם פראַנצויז,

מען שלאָגט דאָס פאָלק, וואָס זאָגט נישט אויס..."

אברהם וועוויורקע, מיט דער שוואַרצער מיסטישער באָרד און רויט־לעכע אויגן, האָט געשריבן מלחמה־נאָוועלן אין פאָרזעצונגען. שלום־עליכם, וואָס איז צוליב דער מלחמה געבליבן שטעקן מיט זיין הויזגעזינד אויפן וועג קיין אַמעריקע, האָט געשיקט בריוו צו דער „צייט", אין וועל־כע ער האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין מאַטעריעלער לאַגע... און אַזוי ווי ער איז געבליבן דאָרט פאַרקלעמט, די וועלט איז פאַר אים פאַרמאַכט, זאָל כאָטש „די צייט" געניסן די פרוכט פון זיין פען...

מרים איז געווען אויף דער צייט... אַז זי האָט דערפילט, עס קומט אָן, האָט זי דוד געפירט אין שפּיטאָל אַריין. מען האָט זי אַריינגענומען אין אַ באַזונדער צימער. אַ ביסל שפּעטער האָט מען אים געלאָזט זי זען. איר קאָפּ איז געווען פאַרוויקלט עפּעס ווי אין אַ ווייסן, אינדישן טור־באַן, אפּנים, אַז זי איז נאַר־וואָס אַרויס פון אַ באָד. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון יסורים, דאָס פּנים צעקרומט פון ווייטיק, אירע צוויי לאַנ־גע, געדיכטע צעפּ זענען געווען אויסגעפלאָכטן ווי שטענדיק. נאָר זיי האָבן זיך קוים, קוים באַוועגט. דוד האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי וויל נישט ער זאָל זי איצט זען... האָבן זיי זיך שנעל געזעגנט.

צומאָרגנס איז ער שוין געווען אַ טאַטע פון צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. פּערעלע, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן, דאָס איז געווען אַ ברונעט ליאַלקעלע, וואָס פלעגט נישט אַרויסלאָזן ס'פינגערל פון מויל. מען האָט דאָס זעלטן געהערט וויינען, ווי אַ שטיל פייגעלע, נאָר ווי דודן האָט זיך אויסגעוויזן, האָט דאָס שוין געמאַכט קאָקעטישע חנדלעך...

דוד איז אַהיימגעגאַנגען פון אַ פאַרזאַמלונג אין „קולטור־פאַריין", וואָס ער האָט געהאָלפן גרינדן און געוואָרן דער פאָרזיצער. די מיטגלי־דער: בחורים און מיידלעך און צוויי שוין פאַרהייראַטע פּאָרלעך. ס'איז געווען אַ געדיכטער, פינצטערער נעפּל. שווער געווען צו זען די אייגענע

האַנט. ער האָט געטאַפּט דעם וועג. געקומען אין הויז אַריין, איז שוין מרים מיט די קינדער געשלאָפן. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַן אַליאַרמסירענע, וואָס האָט מאָמענטאַל אָנגעוואָרפן אַ פּאַניק אויף לאָנדאָן, וועלכע איז געווען איינגעהילט אין פינצטערניש, ווייל דעם מינדסטן טראָפּן ליכט האָט מען באַהאַלטן אונטער געדיכטע פאָרהאַנגען, לויט דער פאַראָרדענונג פון דער פּאָליציי, כדי נישט צו ווערן אַ ציל־ברעט פאַרן שונא, וואָס האָט זיך געגרייט, ווי מען האָט גערעדט, וואַרפן באָמבעס פון אַעראָפּלאַנען. ס'האָבן זיך דערהערט פאַרטויבנדיקע אויפרייסן. דער הימל איז געוואָרן רויט פון פייערן. ווענט האָבן געקראַכט. מענטשן האָבן געשריגן. פייער־וועגענער האָבן געליאַרעמט — און דאָס איז בלויז געווען אַן אָנהייב.

אין יענע טעג איז ווי פון הימל אַראָפּ געקומען אַ בריוו פון מרימס שוועסטער פייגעלע, וואָס האָט זיך אין וואַרשע אויך פאַרליבט אין אַ בחור און אַזוי ווי די עלטערן האָבן נישט דערלאָזט צום שידוך, איז זי אַנטלאָפן מיט אים קיין אַמעריקע און זיי וווינען אין שיקאַגאָ.

„טייערע שוועסטער און שוואָגער", האָט זי געשריבן, אין יוראָפּ האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה און ס'איז דאָ אַ געפאַר, אַז די דייטשן זאָלן וואַרפן באָמבעס פון הימל אויף לאָנדאָן. שטעלט זיך פאָר ווי איך לעב דאָס איבער. האָב איך איבערגערעדט מיט מיין מאַן, אַז מיר זאָלן געמען שיפסקאַרטן אויף אויסצאָלן און אייך מיט די קינדער אַהער נעמען קיין אַמעריקע. די גליקן, וואָס איר מאַכט אין לאָנדאָן, וועט איר דאָ אויך מאַכן... און כאָטש זיין זיכער מיטן לעבן. איך האָב געקראָגן אַ בריוו פון טאַטעשי מיט דער מאַמעשי. גיבן זיי אָן אָנצוהערעניש, אַז זיי וואָלטן אפשר אויך געפאָרן קיין אַמעריקע. נאָר איך גלייב נישט, אַז מען זאָל זיי אַריינלאָזן, זיי זענען אַלט און קראַנק. און אונדזערע שוועסטער זענען שוין דאָרט איינגעפונדעוועט און האָבן שיין פּרנסה. אַלזאָ, טראַכט אייך איבער און לאָזט אונדז באַלד וויסן, ווייל מיר זענען זייער באַאומרואיקט. פון מיר אייער שוועסטער און שוואָגער, וואָס האָפט אייך צו זען געזונט און גליקלעך, פייגעל און דזשאָ".

— דוד, מיר זענען געראַטעוועט! — האָט אויסגערופן מרים — שרייב שוין אַוועק אַ בריוו און לאָז זיי וויסן, אַז מיר האָבן באַשטימט צו פאָרן. דענקסט נישט אַזוי?

— אוודאי — איז דוד מסכים — איין קלייניקייט! טויזנטער מענטשן חלומען דאָך וועגן דעם. אַמעריקע איז אַ לאַנד מיט גרויסע מעג־

לעבקייטן... איך שרייב זיי שוין אַוועק אַ בריוו. מרים, מיר פֿאָרן אין גאָלדענעם לאַנד! ווען אונדזער שיף וועט זיך דערנעענטערן צום ברעג, וועט אונדז די סטאַטוע, די געטין פֿון פֿרייהייט, באַגריסן מיט אַ פֿאַקל אין דער האַנט...

דוד האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען מיט לאָנדאָן, מיט פֿריינד, שרייבער, רעדאַקטאָרן. ער איז זיך געגאַנגען געזעגענען מיט ראַדנערן, וואָס האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשטע דערציילונג. ער האָט מיט דרך ארץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. פֿרוי ראַדנער מיטן שוואַרץ־חנעוודיקן, יידישן פּנים, האָט געעפֿנט. אין די צוויי טונקעלע צימערן האָט געברענט גאַז־ליכט.

— מיר האָבן אַ גאַסט — האָט פֿרוי ראַדנער געזאָגט.

— ביטע, ביטע! — האָט זיך ראַדנער געווישט די הענט און פֿריינדלעך באַגריסט דודן — האָבן זי געבראַכט אַ דערציילונג? ביטע, זיצט.

— ניין. איך בין זיך געקומען געזעגענען. איך פֿאָר קיין אַמעריקע.

— אָך, זאָ?! אַמעריקע! דאָס איסט קאָלאָסאַל! האָבן זי עמעצן דאָרט?

— יאָ. מיין פֿרוים שוועסטער. זי שיקט אונדז אַרוים שיפֿסקאַרטן.

— נו, יאָ, אַמעריקע... — האָט ראַדנער, זעצנדיק זיך, געזאָגט פֿאַרטראַכט. אויף וויפֿל דוד געדענקט, האָט ער גערעדט יידיש מיט אַ דייטשישן אַקצענט, און טייל יידישע ווערטער פֿאַרדייטשט. ער איז דעמלט געווען אין זיינע בליענדיקע מיטעלע יאָרן. אַ מאַסיווער מיט אַ געזונט, רויטלעך פּנים, עכט בלויע דייטשישע אויגן און אַ צוגעלאָזענעם, פֿריינדלעכן שמייכל.

— אַמעריקע איז אַ פּראָבירשטיין... ווער עס האַלט אויס, און ווער עס פֿאַלט... פֿאַראַן דאָרט אַ קאָלאָסאַלע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג, דער אַלעקסאַנדער בערקמאַן, וויסן זי, די עמאַ גאָלדמאַן און אַנדערע טיכטיקע, איבערגעגעבענע געגאָסן. די „פֿרייע אַרבייטער־שטימע“. אַ גרויס לאַנד אַמעריקע, מיט גראַנדיעזע מעגלעכקייטן. נאָר דער געלט־גאָט, וויסן זי, הערשט מיט אַ מעכטיקן אָרעם... אינגס נאָמען איז דאָך? יאָ, לינדפֿעלד!...

פֿרוי ראַדנער האָט געשטעלט טיי מיט קיכלעך צום טיש. דוד האָט זיך מערסטנס צוגעהערט וואָס ראַדנער האָט גערעדט... געפֿילט זיך געהויבן, וואָס ער האָט אים אַזוי פֿריינדלעך אויפֿגענומען, נאָר ער איז געווען אַ ביסל נערוועז און געשוויצט ביי דער טיי. דערמאָנט זיך, אַז ראַד־

נער איז אַ פֿאַרנומענער מענטש, האָט ער זיך געזעגנט מיט אים און מיט דער פֿרוי.

— גריסן זי דאָרט די געגאָסן — האָט אים ר[illegible] געז[illegible], באַ־גלייטנדיק אים צו דער טיר — און האַלטן זי ריין אי[illegible] פֿעס...

אַז דוד איז זיך געגאַנגען געזעגענען מיט מערסאָגנען, דעם רעדאַק־טאָר פֿון דער „צייט“ האָט מרים געזאָגט: — דו ווייסט, דוד, אַז מיר זענען שוין שולדיק פֿאַר צוויי הדשים דירה־געלט? און ווי אַזוי לאָזט מען זיך אין אַזאַ וועג אַריין אינגאַנצן אָן געלט?

— מיר האָבן שיפֿסקאַרטן.

— אָבער ביז מיר קומען צו דער שיף, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל אויף אַ וועג מיט צוויי קליינע קינדער?

— קענן וואָס זאָגסטו מיר דאָס אַלץ?

— דו גייסט זיך געזעגענען מיט מערסאָגנען, זאָג אים, אַז דו וועסט אים שיקן קאָרעספּאָנדענציעס פֿון וועג, פֿון דער ים־רייזע און שפּעטער, איינדרוקן פֿון אַמעריקע. און — — —

— וואָס נאָך?

— בעט אים, ער זאָל דיר געבן עפּעס פֿאָרויס פֿאַר די אַרטיקלען.

— ער קאָן מיינען, אַז איך געטרוי אים נישט?!

— ניין, ס'מיינט, אַז מיר האָבן נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה!

— ס'איז מיר שווער צו בעטן ביי מערסאָגנען געלט פֿאַר אַרטיקלען, וואָס איך וועל ערשט שרייבן שפּעטער.

— דוד, שווער, צי לייכט, זיי נישט קיין שוואַכלינג, אַ סך זאַכן אין לעבן זענען שווער און מען מוז זיי טאָן.

— מערסאָן איז נישט קיין רייכער מאַן. איך האָב געהערט, אַז די צייטונג גייט אַרוים מיט אַ סך מאַטעריעלע שוועריקייטן.

— ער איז געווים רייכער פֿון אונדז. און צו דיר האָט ער אַ גוטע באַציונג, ער האָט דאָך געשריבן אַן אַרטיקל וועגן דיר און דיך זייער געלויבט.

— און אַז ער וועט מיר אָפּזאָגן, וואָס פֿאַר אַ פּנים וועט דאָס האָבן?

— פּרוּוו, ער וועט דיר נישט אָפּזאָגן, און אַז יאָ, וואָס וועסטו אָנווערן?

מרים אַז זי שפּאַרט זיך איין, וועט זי נישט אָפּשטיין, וועט נישט אָפּטרעטן. דאָס מיינט אַ לאַנגע, פֿאַרבימערטע מחלוקה...

מערסאַן האָט געטאָן די אַרבעט פאַר עטלעכע שרייבער אין דער צייטונג. פלעגט זיצן ביז שפעט אין דער נאַכט אין דער רעדאַקציע. גע־האַט רויטלעכע, קרענקלעכע אויגן. דוד האָט אים געטראָפן לייענען אַ מאַנוסקריפּט.

— אָ, דוד לינדפעלד, וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס?

— איך בין זיך געקומען געזעגענען.

— איר פאָרט שוין?

— אין עטלעכע טעג אַרום. איר האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן אַ זשורנאַליסטן־קאַרטע, אַז איך פאָר אַלס קאָרעספּאָנדענט פאַר דער „צייט".

— יאָ, געוויס. די קאַרטע איז גרייט — נעמט ער זי אַרויס פון שופלאָד און דערלאַנגט זי אים — שרייבט איינדרוקן פון דער רייזע. קורץ און בילדלעך. און לאָזט וויסן, ווי די פּאַסאַזשירן פילן זיך אויף דער שיף, וועגן די דייטשישע מינעס אין ים. און שיקט צו עפּעס גוטס פון אַמעריקע. פאַרגעסט נישט.

— איך וועל נישט פאַרגעסן. כ'האָב אייך געוואָלט עפּעס בעטן — האָט דוד געשטאַמלט...

— יאָ?

— כ'בין איצט אין אַ געדריקטער לאַגע... אַזוי ווי כ'וועל אייך צו־שיקן בילדער, איינדרוקן פון וועג און אייך שרייבן פון אַמעריקע, איז אפשר מעגלעך, אויב איר קאָנט, ווייל גראָד איצט נייטיקן מיר זיך זיי־ער שטאַרק...

— איך פאַרשטיי... — האָט ער געקוקט מיטפילנדיק אויף דודן, וואָס איז געווען רויט און פאַרשוויצט, — וואַרט אַ מינוט. ער איז אַריין אין צווייטן צימער און באַלד צוריק אַרויסגעקומען, דערלאַנגענדיק דודן אַ גאָלדשטיק — און פאָרט געזונט!

— אַ דאַנק! — האָט אים דוד וואַרעם געדריקט די האַנט.

— נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט?! — האָט מרים טריאומפירט.

אַ גרופּע פריינד האָבן געפּאַקעט מיט די טיכלעך, ווען די באַן האָט זיך אָנגעהויבן רירן. די בלייכע פּייערלעך, וואָס זענען געווען איינגע־הילט אין לאָנדאָנער טומאַן האָבן זיך אָנגעהויבן דערווייטערן. די פּאָ־כענדיקע טיכלעך פון די פריינד האָבן שוין אויסגעקוקט ווי גרויע פינטע־לעך. דוד האָט געפילט, ווי אַ טייל פון זיין יוגנט רייסט זיך ווידער אָפּ פון אים און בלייבט דאָרטן אין דער לאָנדאָנער מיסטיש־פאַרנעפּלטער

לופט, פון אַלץ ווערט לופט, לופט... די באַן שניידט זיך בלינד מיט פאַרהאָנגענע פענצטער אין דער ווייטער נאַכט אַריין. דאָס קאַרגע ליכט אין וואַגאָן איז פאַרשאָטנט. דער קלענסטער טראָפן שיין קאָן ווערן אַ ציל־ברעט פאַר די דייטשישע אַעראָפלאַנען. מלחמה איז שונא פון ליכט. די דרימלענדיקע קינדער טוליען זיך צווישן דודן און מרימען. די פאַסאַזשירן, פילנדיק די געפאַר באָמבאַרדירט צו ווערן, שווייגן, שעפטשען שטיל, האַלטן, דאַכט זיך, איין דעם אָטעם. אפילו די רעדער, דאַכט זיך דודן, קלאַפן שטילער. די סטאַנציעס, וווּ די באַן שטעלט זיך אָפ, זענען אויך פאַרהילט אין פינצטערניש. אויף דער מינדסטער שיין פון ליכט רעגנט מיט טויט — נאָר מיט יעדער מינוט דערגענטערט מען זיך צום גרויסן פרידלעכן, פרייען לאַנד אַמעריקע, טראַכט דוד. און וואָס איז דאָרט אָנגעגרייט פאַר אים מיט זיין פרוי און קינדער?

אויף דער שיף אין ליווערפול איז געווען אַ שטאַרקע קאָנטראָל. ווען ניט די זשורנאַליסטן־קאַרטע, וואָלט ער געהאַט שוועריקייטן צוליב זיין מיליטערישן עלטער. און אַ מאָדנער צופאַל: אויף דער זשורנאַליסטן־קאַרטע איז דאָס מעכטיקע, בישופדיקע וואָרט „לאָנדאָן טיימס“ אַרויסגעקומען קלאָר און שאַרף. דאָס וואָרט „דזשואיש“ האָט די שרייב־מאַשינקע אָפגעדרוקט אַזוי בלאַס, אַז מען האָט עס כמעט ניט אָנגעזען...

די קיילעכדיקע פענצטערלעך פון דער שיף זענען געווען פאַרהאָנגען. קיין שפאַרע האָט ניט געטאָרט איבערגעלאָזט ווערן. אין די וואַסערן האָבן געלויערט מינעס. די כוואַליעס האָבן זיך דערווייל שטיל געוויגט, געגלעט די ווענט פון דער שיף און אויף וואַסער־לשון געוואָרנט, אויסגעפלאַפלט עפעס וועגן די סודות פון ים... דוד, די פרוי מיט די קינדער, האָבן געהאַט אַ קליינע קאַיוטע פאַר זיך מיט פיר בעטלעך. די באַלייכטונג איז געווען אַזאַ שוואַכע, אַז די קינדער האָבן זיך געשראָקן פאַר דער פינצטערניש און פאַרלאַנגט מען זאָל מאַכן ליכטיק.

— געפעלט דיר אַ חושך?! — האָט זיך מרים אויך באַקלאָגט.

— דער חושך איז אונדזער שוץ. די ציוויליזירטע דייטשן זענען שונאים פון ליכט. ליגנדיק אויפן בעטל, וואָס האָט זיך נאָך דערווייל ניט געוויגט, האָט דוד „געזען“ ווי אַ מינע טרעפט אין דער שיף אַריין: פאַרשלאָפענע, אויף טויט־דערשראָקענע פאַסאַזשירן פליען פון די בעטן מיט היסטערישע געשרייען. די שיף שפאַלט זיך, ביידע העלפטן טיילן זיך אָפ. די טייל, אויף וועלכער ער איז געבליבן ברענט. פאַסאַזשירן

שפּרינגען אין וואַסער אַריין. ער האָט זיך געריבן דעם שטערן צו פאַרטרייבן ס'קאָשמאַרע בילד, וואָס וויל גאָרנישט אָפּטרעטן פון אים.

דעם דריטן טאָג איז דער ים געוואָרן ווילד, די שיף האָט זיך געצאַפּלט צווישן הויכע, צעיושעטע, סלונעדיקע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך ווי משאַטעס וועלף געוואָרפן אויף איר. איין נאַכט האָט זיך די שיף אַזוי אויסגעבויגן אויף אַ זייט, נאָר איבערצוקערן זיך. מען איז אַרויסגעפאַלן פון די בעטן. קינדער האָבן געוויינט זיך פאַרקייכט... פרומע קריסטן האָבן אויף די קני געבעטן גאָט. אַ ייד האָט הויך מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט תהילים.

אינדערפרי האָט די זון געשיינט. דער ים איז געווען רואיק. ווי דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען ביינאַכט, וואָלט געווען אַ בייזער חלום. זילבערנע כוואַליעס האָבן זיך געלאַשטשעט צו דער שיף. פייגל זענען נאָכגעפלויגן, ברייט צעשפּרייטנדיק די פליגל. פיש זענען אַרויסגעשפּרונגען פון ים, געמאַכט קונצן צו אַמוזירן די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אויסגעבלייכטע, פאַרנודיעטע אַרויס פון די פינצטערע, פאַרשטיקטע קאַיוטעס. מיט האָפענונגען אין די אויגן געשמייכלט איינער צום אַנדערן, שפּאַצירט אויף דער דעק און געקוויקט זיך מיט דער פרישער ים-לופט.

— נו, אַ נאַכט געווען! — האָט אַ בלייכער ייד געזאָגט צו דודן.

— יאָ, אַ שווערע נאַכט — האָט דוד באַשטעטיקט.

— גאָטעניו, האָב איך געטענהט צום אויבערשטן, איז איין שיף-ברוך ווייניק פאַר מיר?

— איר זענט שוין געווען אין אַ שיף-ברוך? — האָט זיך דוד געוווּנדערט.

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק, אויפן זעלבן וועג. אונדזער שיף איז געטראָפן געוואָרן פון אַ דייטשישער מינע. מענטשן זענען געפלויגן אין דער לופט!

— ווי אַזוי זענט איר געבליבן לעבן?

— מיט נסים. איך האָב שוין געהאַט געטרונקען אַ היפש ביסל וואַסער און אָנגעהויבן גאָרגלען מיטן האַלדז. ס'האָט מיך שוין געשלעפּט אַראָפּ. די נאַכט איז געווען אַ גערדיכט-פינצטערע. פלוצעם האָט מיך אַ האַנט אָנגעכאַפּט און אַריינגעשלעפּט אין רעטונגס-שיפל. איצט בעט איך נאָר ביי גאָט איין זאַך: איך זאָל וואָס גיכער זיין ביי מיין ברודער אין סעינט לואיס.

— איר וועט זיין, איר וועט זיין — האָט אים דוד צוגעזאָגט.

פאַרנאַכט, איידער ס'האָט נאָך אָנגעהויבן ווערן פינצטער האָט מען פאַרהאָנגען די קײַלעכדיקע פענצטערלעך. די פּאַסאַזשירן האָבן דעם לעצטן קוק געטאָן אין ים אַריין און געטראַכט מיט שרעק, אָט קאָן טאָן אַ שטעק אַרויס דעם שלאַנגיקן קאָפּ אַ דײַטשישע מינע און וואַרפן אַלעמען אין דער טיף. מען האָט זיך איבערגעגעבן צו גאָט אין די הענט אַריין און דערוואַרט יעדע מינוט דעם טויט. דוד האָט דאָס אַרויסגעלייענט פון די אויגן בײַ יעדן פּאַסאַזשיר. בײַטאָג איז געווען די שרעק שוואַכער, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די קײַלעכדיקע פענצטערלעך, ווי גרויסע, אויפגעריסענע אויגן העלפן היטן, צי ס'באַווייזט זיך ניט צווישן די כוואַליעס דאָס שוואַרצע קעפּל פון אַ מינע. די שלאָפּלאָזע נעכט אויף דער שיף, האָבן זיך לאַנג געצויגן. בײַ דער קאַרגער שײַן פון אַ לעמפּעלע האָט דוד געלייענט, געפּרוווט איבערגעבן, ווי די פּאַסאַזשירן לעבן איבער די שרעק פאַר די מינעס אין ים. אויב די דײַטשן וועלן בלינד ווערן און ניט זען זייער שיף, וועט ער דאָס פון אַמעריקע שיקן צו דער לאָנדאָנער „צײַט“.

---

אַרײַנקומענדיק אין די וואַסערן פון קאַנאַדע, האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קאַלטע ווינטן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אין דער לופט האָט זיך געפילט שניי. די פייגל, וואָס האָבן באַגלייט די שיף, זענען פאַרשוונדן. אפּנים, זיי האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין די וואַרעמע לענדער. בײַטאָג האָט זעלטן געשײַנט די זון. דער הימל איז געווען אייזיק־גרוי. דעמלט האָט שמואליק אויסגעקליבן קראַנק צו ווערן אויף מאָזלען. אַ רויטער אויסשיט איז אַרויס אויף זײַן לײַב. ס'קינד האָט זיך געוואָרפן אין היץ. דער שיף־דאָקטער האָט אים באַטראַכט, געגעבן עפּעס אײַנצונעמען און ווען מען איז אַרײַנגעקומען אין קוויבעק, איז צוגעשוווּמען אַ קליין שיפל, וואָס האָט אַרײַנגענומען שמואליקן, די עלטערן און זײַן קליין שוועסטערל. אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום האָט זיך דאָס שיפל אָפּגעשטעלט. אַן אויטאָמאָביל האָט זיי געפירט צו אַ שפּיטאָל. מרימען מיטן קראַנקן קינד האָט מען אָפּגעשיידט פון דודן מיט פערעלען, זיי האָבן געקראָגן אַ באַזונדער צימער. מען האָט דודן געפרעגט אויף דאָקומענטן. ער האָט געוויזן זײַן זשורנאַליסטן־קאַרטע, ווו ס'איז שוואַרץ אויף ווײַס געווען געדרוקט: אַז ער פאָרט אַלס

קאָרעספּאָנדענט פון דער „לאָנדאָן טיימס“. דאָס וואָרט „דזשואיש“ האָט מען דאָ אויך נישט געקאָנט איבערלייענען — נו, נו, האָט מען דאָס געטאַנצט אַרום אים. אויפגענומען ווי אַ פּרינץ! ער איז געווען צעטומלט. אין אָנהייב נישט באַנומען וואָס דאָ איז געשען, פאַרוואָס טיילט מען צו אַזאַ כבוד אַ לאָנדאָנער יידישן שרייבער פון אַן אָרעמער יידישער צייטונג. דער פאָרשטייער פון שפּיטאָל האָט אים אינטערוויואירט, געפרעגט מיינונגען וועגן דער מלחמה. אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער „לאָנדאָן טיימס“ ווייסט דאָך יאָ. דוד האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען און דיפּלאָמאַטיש געשוויגן. געענטפערט מיט געציילטע ווערטער אונטער דער נאָז. דער פאָרשטייער פון שפּיטאָל איז אויך געווען צעטומלט... און מיט רעספּעקט געשמייכלט... באַהאַנדלט האָט מען זיי ווי אַ פּרינצלעכע פאַמיליע, דריי מאָל אין טאָג אַריינגעבראַכט אויף טאַצן טייערע מאָלצייטן. געקוקט אין די אויגן אַריין, גרייט צו דינען.

דאָס שפּיטאָל איז געווען פאַרזונקען אין ווייסן פּוך. די לופט איז געווען טרוקן, פּראָסטיק. ווי ווייט דאָס אויג האָט געזען — הימל און שניי, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אויפן נאָרד-פּאָל. עס האָבן נאָר געפעלט ווייסע בערן. אַ וואָך צייט האָבן זיי געהאַט אַן אָפּרו, ווי אין אַ רייכן האָטעל. שמואליק איז געזונט געוואָרן און זיי זענען מיט דער באַן געפאָרן קיין שיקאַגאָ.

# אין נייעם לאַנד

די רעדער האָבן געקריצט אויף די פּאַרשנייטע רעלסן און אויסגעקלאַפּט עפּעס אַ ריטם פון אַ ליד, וואָס מען זינגט אין אַ מאַרש. אינדרויסן איז געווען אַ פראָסט. נאָר אין דער באַן איז שוין געווען צו וואַרעם, אַז מ'האָט געשוויצט. שמואליק האָט ווי שטענדיק געפּלאַפּלט, געשפּילט זיך מיט דער צונג, געהאַט ניין מאָס רייד. באַלד געוואָרן אויסגעקאָכט, „פּאַניע בראַט" מיט די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן באַוווּנדערט זיין שיינקייט, זיין „חכמה" און זיך אַמוזירט מיט אים. פּערעלע, זיין שוועסטערל, דאָס שטילע, גוטע קינד, וואָס מען האָט זי זעלטן געהערט, האָט אָדער געזוויגן פון פלעשעלע, אָדער געהאַלטן דאָס פינגערל אין מויל, וואָס זי האָט גערופן „ניום". דוד האָט דערווייל געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, ווי עס זעט אויס אַמעריקע, שיקאַגאָ, וויאַזוי די באַגעגעניש מיט דער שוועגערין און שוואָגער וועט זיין. וואָס פאַר אַ טיפּ מענטשן זיי זענען, אין וואָס פאַר אַ הויז זיי וווינען און ווי ער מיט זיין פרוי און קינדער וועלן זיך דאָרט איינלעבן ביז ער וועט קריגן אַרבעט, זיך שטעלן אויף די פיס און מאַכן אַ „לעבן", ווי מען זאָגט אין אַמעריקע.

— נו, דוד, ווי האָסטו זיך עפּעס געפילט אין דער ראָל פון אַן ענגלישן קאָרעספּאָנדענט?

— געשמייכלט און פּאַרדראָסיק... איין יידיש וואָרט אויסגעמעקט — און ווי מען האָט זיך דאָס צעטאַנצט אַרום אונדז...

— וואָס ווייסטו, די דינער, די קראַנקנשוועסטער, אפילו דער דאָקטער, האָבן גערעדט מיט אַזאַ ווילדן רעספּעקט וועגן דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער „לאָנדאָן טיימס". נישט איינמאָל האָב איך געוואָלט עפּעס זאָגן, און געטראַכט: בעסער שווייגן, מיר וועלן דאָ זיין אַ קורצע צייט, לאָמיר אויך אַמאָל וויסן פון אַ לעבן...

— יאָ, ס'איז ווי אַ מעשה פון אַ קעניג אויף איין טאָג — האָט דוד געשמייכלט.

— כ'וואָלט שוין געוואָלט זען מיין שוועסטער מיטן שוואָגער, אי־ר „ראָמעאָ“ אין וועמען זי האָט זיך פאַרליבט.

ס'וועט שוין נישט נעמען לאַנג. מיר דערנענטערן זיך צו שיקאַגאָ. געדענקסט אייפּטאָן סינקלערס „דזשאַנגל“? ווי ער מאָלט די „סטאָק יאַרדס“, ווו מען קוילעט טויזנטער אָקסן אַ טאָג, דער ריח פון בלוט, וואָס מען פילט אין הייסע טעג מיילן אַרום, דאָס לעבן פון די אָרעמע און רייַ־כע — אַ גרויס ווערק? — האָט זיך דוד דערמאָנט.

— איך האָב דאָס בוך געלייענט, געשלונגען, ביי אַ ליכטל ווען אַלע זענען געשלאָפן, דער טאַטעשי זאָל עס נישט דערזען און צערייסן. ער האָט מיך נישט געלאָזט לייענען קיין ביכער. מורא געהאַט, אַז זיי זענען פאַרבאָטן, און אַז אָט באַפאַלט די פּאָליציי און פאַרשיקט מיך קיין סיביר — האָט מרים געלאַכט — און זע־נאָר ווי אונדזער שמואליק איז געוואָרן „היימיש“, „פאַניע בראַפּ“ מיט אַלעמען אין וואַגאָן!

שמואליקס בעקלעך זענען געווען פאַרפלאַמט און זיינע אויגן האָבן שטיפעריש געגלאַנצט.

און ווי ער טענהט זיך שוין אוים, מאַכט מיט די הענט. איך זאָג דיר, דוד, אָדער ער וועט זיין אַ גרויסער אָראַטאָר, אָדער אַן אַקטיאָר.

— עפּעס וועט ער זיכער זיין. וועגן דעם איז קיין צווייפל נישט — האָט דוד באַשטעטיקט — און ווי דער גרויער, אַלטער מאַן פרייט זיך מיט אים, ווי ער וואָלט געווען זיין אייניקל.

דוד האָט זיך ווידער געפּרווט פאָרשטעלן ס'הויז פון זיין שווע־גערין און שוואָגער, ווו ער מיט זיין פרוי און קינדער וועלן זיין די ערשטע צייט ביז ער וועט זיך „אויסגרינען“, קאָנען זיך שטעלן אַליין אויף די פיס און דינגען פאַר זיך אַן אייגענע וווינונג. דעם שוואָגער האָט ער קיינמאָל נישט געזען און פון דער שטאָט שיקאַגאָ האָט ער געהערט און געלייענט אין דער נאָוועל „דזשאַנגל“ — וואָס דערוואַרט אים אין דעם נייעם לאַנד? ער איז איצט 22 יאָר אַלט, הייבט ערשט אָן זיין רייף לעבן. וואָס פאַר אַ לעבן וועט עס זיין? וואָס און וועמען וועט ער אָנטרעפן אויף זיין וועג? וועלכע גליקן אָדער אומגליקן וואַרטן אויף אים מיט זיין פרוי און קינדער?

פון גאַנץ ווייט האָט זיך אָנגעזען אַ פאַררויכערט שטיקל הימל. וואָס מער מען האָט זיך דערנענטערט, אַלץ פאַררויכערטער איז עס געוואָרן און פאַרטונקלט די פאַרשנייטע שטאָט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויס־זען סילועטן פון הייזער. פון מינוט צו מינוט זענען זיי געוואָרן אָנזע־עוודיקער, גרעסער, העכער. טייל האָבן געשטאַרצט הויך אין הימל אַריין.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אָנזען אַ מאַסע פֿאַבריק־קוימענס, וואָס האָבן געשפּריצט מיט שוואַרצע פֿאָנטאַנעס רויך. ס'האָט זיך אָנגעטראָגן אַ גערויש, אַ בראַזגעריי, אַ ליאַרעם. די באַן האָט אָנגעהויבן פֿאָרן לאַנגזאַמער, ווי די כּוחות וואָלטן איר אויסגעגאַנגען. פּלוצעם האָט זי זיך געטאָן אַזאַ אומגעריכטן טרייסל, אַז די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געשטאַנען גרייט אַרויסצוגיין מיט זייערע וואַליזעס אין די הענט, האָבן זיך אָנגעכאַפּט איינער אין צווייטן. דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופֿן — שיקאַגאָ!

אינדרויסן איז זיי אַנטקעגנגעלאָפֿן פֿייגעלע, מרימס שוועסטער. דער שוואָגער, אַ מיטלוווקסיקער, אַ געפּאַקטער מיט אַ ברייט, פֿליישיק פּנים און גרויע אויגן האָט געטראָגן אַ העלן קאַפּעליוש, געריכערט אַ גראָבן ציגאַר, און זיך קאַלטלעך באַגריסט, דערלאַנגענדיק אַ שווערע, פֿעטע האַנט. פֿייגעלע, אַ רויטלעך־בלאָנדע, אַ מיטלוווקסיקע, גאָר אַ זשוואַווע, אַ זיס־שמייכלדיקע, האָט אַרומגעכאַפּט די שוועסטער — אוי, מרים, דו קאָנסט זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, ווי גליקלעך איך בין, וואָס איך זע אייך שוין דאָ. איך האָב דאָך קיין נעכט נישט געקאָנט שלאָפֿן, וויסנדיק, אַז איר זענט דאָרט געבליבן שטעקן אין דער מלחמה. און ווי פֿילסטו זיך, דוד? איר האָט אייך ביידע גאָרנישט געביטן, אַזוי ווי איך האָב אייך געזען אין וואַרשע. און זעט נאָר, וואָס פֿאַר אַ שיין פּאָרל איר האָט! האָסט מיר, דאַכט זיך, געשריבן ווי זיי הייסן, נאָר כ'האָב שוין באַלד פֿאַרגעסן.

און זי האָט זיי געכאַפּט קושן.

— דאָס איז שמואליק און דאָס איז פּערעלע — האָט זיי מרים פֿאָרגעשטעלט.

— איינס איז דאָך שענער פֿון אַנדערן! און זע־נאָר ווי זי וויל נישט אַרויסנעמען ס'פֿינגערל פֿון מויל. און שמואליק וויל, דאַכט זיך, עפּעס זאָגן. יאָ, וואָס ווילסטו זאָגן, שמואליקל? שעם זיך נישט, איך בין דאָך דיין „ענטי“ (מומע).

— שמואליק איז אַ באַרעדעוודיקער און שוין גאָרנישט קיין שעמעוודיקער — האָט איר דוד געלאָזט וויסן.

דער וועג אויף דער גאַס איז געווען גליטשיק פֿון אָנגעפֿאַלענעם שניי, וואָס טויזנטער איילנדיקע פֿיס האָבן פֿאַרקנאָטן אין אַ גרויער בלאָטע. ס'האָט געבלאָזן אַ שניידנדיקער ווינט.

— דזשעק — האָט פייגעלע געזאָגט צום מאַן — לאָמיר וואָס שנעלער אַריין אין אַ „סטריט קאַר“. מיינע טייערע געסט ווערן דער־פרוירן.

אינעווייניק אין דער קאַר איז נישט געווען וואַרעמער. זיי זענען געזעסן צוזאַמענגעדריקט, איינגעטוליעט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט מען זאָל זיי ווידער נישט צעשיידן.

זאָלסט וויסן, מיין טייערע שוועסטער, אַז אַלץ איז פּאַר די „בעסט“ (צום גוטן). ווען ס'וואָלט נישט געווען קיין מלחמה, וואָלט איר פאַר־בליבן אין דעם פאַרנעפּלטן, פינצטערן לאַנדאָן, און אפילו נישט גע־טראַכט צו קומען אַהער. און דאָ אין אַמעריקע קאָנען זיך יונגע מענטשן אַרויפאַרבעטן. ווער שמועסט נאָך, אַז גאָט העלפט עמעצן מיט אַ שטי־קעלע ביזנעס און ס'גייט אַוועק גוט, קאָן מען שוין גאָר לאָזן אַ פייגעלע אין וואַלד זאָרגן... עטלעכע פון אונדזערע לאַנדסלייט זענען דאָ רייך געוואָרן, פאָרן אַרום אין טייערע אויטאָמאָבילן, האַלטן דינסטן — מאַגנ־דאַטן, זאָג איך דיר! און וואָס הערט זיך אין דער היים, וואָס מאַכט דער טאַטעשי מיט דער מאַמעשי?

— אַזוי ווי עלטערע מענטשן. דער טאַטעשי איז געברעכט. דאַרף האָבן אַן אָפּעראַציע. און די מאַמעשי ליידט אויף די פיס. זיי האָבן זיך גאָרנישט געביטן. שטעקן אין דער אַלטער וועלט.

— און וואָס מאַכן אונדזערע שוועסטער?

— וואַקסן שיין. זענען שוין באַלד כלה־מיידלעך. און ווי גייט עס דיר דאָ?

— אוי, שוועסטער, כ'האָב דיר אַ סך צו דערציילן. אַז אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שופר נישט בלאָזן... נאָר דו ביסט איצט מיד פון וועג און זעסט אויס אַ ביסל אויסגעבלייכט.

— איך האָב געליטן פון דער ים־קראַנקהייט. געמיינט, אַז איך ברעך די גאַל אַרויס פון זיך. און שמואליק איז קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען. כ'האָב דאָך דיר געשריבן, אַז מיר זענען געווען אַ וואָך אין שפּיטאָל אין קוויבעק.

— יאָ, כ'האָב דערהאַלטן דיין בריוו פון דאָרט. שמואליקל, האָסט נישט געקאָנט אויסקלייבן קיין אַנדערע צייט ווען צו מאָזלען, נאָר ווען דו ביסט געפאָרן קיין אַמעריקע? אַזוי, זאָגסטו, אַז דער טאַטעשי איז נעבעך געברעכט און דאַרף אַן אָפּעראַציע! און איר האָט געהאַט אַזאַ שווערע רייזע!

— ווערליג מלחמה־צייט, האָבן מיר נאָך גוט אָפּגעשניטן. דער ים איז פאַרזייעט מיט דייטשישע מינעס, וואָס רייסן אויף ענגלישע שיפן. מיר זענען געפאָרן מיט פאַרהאָגענע פענצטער און געזען יעדע מינוט דעם טויט פאַר די אויגן. נו, אַבי מיר זענען שוין דאָ.

— דאָס האַרץ זאָגט מיר, שוועסטער, אַז פון איצט אָן וועט שוין אַלץ זיין גוט. און גלייב מיר, אַז איך דערמאָן זיך, אַז מיר האָבן אייך אַרויסגעריסן פון מלאך המות הענט, ווילט זיך מיר גיין אַ טאַנץ. און איר וועט דאָ מיט גאָטס הילף אַלץ דערגרייכן.

צווישן די שוואָגערס זענען די רייד געווען שיטער און קאַלטלעך. דזשעק, איז, ווייזט אויס, געווען אַ שווייגער. אַז ער האָט זיך פאַרטאָסטן עפּעס צו זאָגן, האָט ער אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און ס'האָבן ביי אים אַ בליץ געטאָן עטלעכע גאָלדענע ציין ווי אַן אָנזאָג, אַ סימבאָל פון לאַנד.

אַריינקומענדיק אין הויז, האָט זיי אַרומגענומען אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט פון רויט־צעגליטן אויוון אין קיך. די וווינונג איז באַשטאַנען פון עטלעכע טונקעלע צימערן.

האַרט אויף די פענצטער האָבן אַריינגעגלאָצט רויטע, ציגלנע ווענט פון אַנדערע הייזער. פייגעלע האָט געגרייט אַ פעטע, אַמעריקאַנער וועטשערע, וואָס אין לאַנדאָן, דערהויפּט אין מלחמה־צייט, האָט מען נישט געקאָנט חלומען דערפון. מען האָט געגעסן און געגעסן... דוד האָט באַמערקט ווי דזשאָ, דער שוואָגער, שוויצט, אָטעמט שווער און מאַכט לויז דעם פּאַסעק פון די הויזן. מען האָט גערעדט און גערעדט ביז שפּעט אין דער נאַכט, אויסגעפרעגט זיך אויף משפחה, פריינד, באַקאַנטע, ביז מען איז געוואָרן מיד און שלעפעריק. אַז דאָס פייער אין אויוון איז אויסגעגאַנגען, האָבן די פענצטער אָנגעהויבן פאַרפרוירן ווערן, אַ געדיכטער שניי האָט פאַרדעקט די שויבן, וואָס האָבן זיך שאַרף, זילבערדיק צעגלאַנצט, ווען מען האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. דאָס גאַנצע פענצטער איז שוין געווען באַדעקט מיט שניי, וואָס האָט אַ ביסל פאַרבלייכט די פינצטערניש אין הויז.

נאָך עטלעכע טעג אָפּרוען זיך, האָט דודן אָנגעהויבן בויערן אין קאָפּ דער געדאַנק צו „מאַכן אַ לעבן“. דזשעק, דער שוואָגער, האָט געאַרבעט אין אַ זייגער־פאַבריק. נישט צופיל פאַרדינט און באַדאַרפט דערוייל אויסהאַלטן צוויי פאַמיליעס און צאָלן די שיפסקאַרטן פאַר זיי. עטלעכע וואָכן זענען אַוועק און דוד האָט קיין אַרבעט נישט געקאָנט קריגן. מען האָט זיך געפּרוווט טרייסטן דערמיט, וואָס עס איז איינער פון די

פּעריאָדישע קריזיסן... יעדע נאַכט האָט דוד געקויפט אַ צייטונג מיט אַנאָנסן וועגן אַרבעט. ער איז אויפגעשטאַנען אין מיטן דער נאַכט, ווען ס'איז געווען פינצטער און אַלע זענען נאָך געשמאַק געשלאָפן. אַרויסגעריסן זיך מיט געוואַלט פון וואַרעמען בעט אין דער רויער, שניידנדיקער קעלט אַריין און אויף די שפּיץ פינגער, נישט אויפצוּוועקן קיינעם, אַרויס אין גאַס. טאַפּטשענדיק אין שניי, וואָס האָט פאַרבלענדט די אויגן, איז ער געלאָפן קעגן פּראָסטיקן ווינט, וואָס האָט אים ווי אַ שאַרפער שנאַפּס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, צו אַ טראַם, וואָס זאָל אים פירן צו די אַדרעסן, וואָס ער האָט פאַרצייכנט. נאָר ווו ער איז געקומען זענען שוין געשטאַנען רייען פאַר אים, טופּענדיק מיט די פיס אין שניי, אונטערגעטאַנצט זיי צו דערוואַרעמען, און געוואַרט, אַז דער פאָרמאַן פון דער פאַבריק זאָל אַרויסקומען און אויסקלייבן וויפל און וועמען ער וויל. די איבעריקע האָבן געהאַט אויסגעגעבן „קאַרפעיר" אומזיסט. דוד איז אַ דערפרוירענער, אַן אומעטיקער און אַ הונגעריקער אַהיימגעקומען יעדן טאָג מיט גאָרנישט. עס זענען אַזוי פון וואָכן געוואָרן חדשים... דער שוואָגער האָט געשוויגן און פאַרטראַכט געדרייט דעם ציגאַר אין מויל. דודן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער שווייגט צו הויך... דאָס דאָזיקע שווייגן האָט אים געלעכערט די אויערן, דערגאַנגען צום האַרץ. די שוועגערין פלעגט אים אַמאָל טרייסטן — האָב געדולד, דוד, די וועלט גייט נאָך נישט אונטער — און זי האָט פאַרשריבן וויפל ס'גייט אַוועק ביידע פאַמיליעס אויף לעבן, צעטיילט אויף צוויי העלפטן און דער חוב איז געוואַקסן. דאָך איז ער און מרים צופרידן געווען, וואָס פייגעלע פאַרשרייבט יעדן סענט, יעדן דאָלאַר. זאָל עס נישט הייסן, אַז זיי זיצן אויף קעסט. עטלעכע חדשים צייט האָט דוד נישט באַוויזן צו פאַרדינען אַ דאָלאַר. פאַרלאָזט דאָס הויז אין מיטן דער נאַכט און אַהיימגעקומען, ווען ס'איז שוין באַלד געווען אין מיטן טאָג, אַ מידער, אַ דערשלאָגענער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַפילו די גוטהאַרציקע פייגעלע האָט פאַרלוירן דאָס געדולד, אויפגעהערט זיס שמייכלען און אָנגעהויבן שווער שוויגן... דזשעק האָט זעלטן עפּעס אַ ברום געטאָן. דער ווינטער איז געווען אַ שווערער און אַ לאַנגער. עלטע שיקאַגער איינוווינער האָבן געזאָגט, אַז זיי געדענקען נישט אַזעלכע פרעסט ווי דאָס יאָר. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דוד האָט זיך געוואָלט פאַרדינגען צו רייניקן דעם שניי אין די גאַסן, וואָס איז אָנגעפאַלן גאַנצע בערג אויף דער שטאָט. נאָר אַפילו אין דעם האָבן אים אַנדערע איבערגעכיטרעוועט, פאַרלאָפן דעם וועג, געקומען פריער און ווי

היישעריקן באַפאַלן דעם שניי. זיי זענען געווען אַלטע, איינגעזעסענע איינ־וווינער, באַקאַנט מיט דער שטאָט און געוווסט, ווי פריער אָנצוקומען צום פּלאַץ. און דוד איז ווידער געקומען אַהיים מיט גאָרנישט, צו עסן נישט פאַרדינט ברויט און וואַרעמען זיך ביי אַ פרעמד פייער. צייטנווייז האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלע האָבן זיך פאַרנומען אומצוברענגען אים מיט זיין פרוי און קינדער. אַז ער האָט זיך אַ הונגעריקער געזעצט צום טיש עסן, האָט זיך דער ביסן אים געשטעלט אין פאַרקלעממטן האַלדז און געוואָרגן. דער שטענדיק טונקעלער, אייזיקער הימל, דער צעטראָ־טענער קוימיקער שניי, האָט געפּרעסט זיין האַרץ. ער האָט פיינט גע־קראָגן שיקאַגאָ און געבענקט נאָך לאָנדאָן, נאָך יענעם מילדן קלימאַט, נאָך די פאַרכישופטע נעפּלען, נאָך פריינד, וואָס ער האָט דאָרט איבער־געלאָזט. אין לאָנדאָן איז ער געווען אַ שרייבער און דאָ קאָן ער זיך אפילו נישט דערשלאָגן צו רייניקן דעם שניי אין די גאַסן.

— זוכן אַרבעט אין אַמעריקע דאַרף מען אויך קענען, מען דאַרף זיך צו דעם אויך אויסטויגן... — האָט זיך איינמאָל דער שוואָגער אַרויס־גערעדט. אויף דעם האָט אים דוד געענטפערט — ווייסטו וואָס, דזשעק? האָסט דאָך מיר געטאָן אַ טובה, אַרויסגעראַטעוועט פון דער מלחמה. טו מיר נאָך אַ טובה.

— וואָס פאַר אַ טובה?

— העלף מיר זוכן אַרבעט. לאָמיר ביידע גיין אויף די אָנגעוויזענע אַדרעסן און דו וועסט רעדן פאַר מיר צו די פאָרמאַנעס. דו ביסט אַמע־ריקאַניזירט און ווייסט בעסער פון מיר וויאַזוי. לאָמיר פּרווון עטלעכע טעג. ווי לאַנג איז דער שיעור איך זאָל זיך פאַרבאָרגן אין חובות...

דזשעק איז אַ ביסל רויט געוואָרן... אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל, אַ בליץ געטאָן מיט די גאָלדענע ציין און ענדלעך אַ בורטשע גע־טאָן מיט צושטימונג.

ער איז איינמאָל אויפגעשטאַנען אין מיטן דער נאַכט און זיך גע־לאָזט מיט דודן צו די פּלעצער, וווּ מען פאַרלאַנגט אַרבעטער. אומעטום זענען געשטאַנען לאַנגע רייען. און אַז ער האָט זיך שוין דערשלאָגן צו אַ פאָרמאַן, וואָס איז אַרויסגעקומען קלייבן „הענט“ און אַרויסגערעדט די גאַל פון זיך, האָבן אַנדערע בעסער און העכער גערעדט. געווען אַזעל־כע, וואָס זייערע אויגן האָבן מער „געלעקט“, מער צוגעזאָגט אויף דער „שפּראַד“, וואָס איז אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר אַ פאָרמאַן, וואָס וויל אין זיין פאַבריק האָבן „אייגענע“ מענטשן. און אפילו צווישן אַרבעטער, דערהויפּט אין אַ ביטערער צייט, זענען דאָ אַזעלכע, וואָס זענען גרייט

צו פֿאַרקויפֿן די נשמה פֿאַרן ביסן. און מען האָט אַזעלכע אויסגעקליבן. דזשעק, אַ דערהיצטער, רויט פֿון כעס, און דוד אַ „זיגרייכער“ האָבן זיך אומגעקערט אַהיים מיט גאָרנישט.

ענדלעך האָט דוד דורך אַ טובה פֿון אַ באַקאַנטן פּרעסער געקראָגן אַרבעט אין אַ פֿאַבריק פֿון פֿרויען־מאַנטלען. ס'איז געוואָרן אַ פֿרייד. פּנימער האָבן אויפֿגעשיינט! פֿאַרטאָג, ס'איז נאָך געווען גוט פֿינצטער, איז דוד מיטן באַקאַנטן פּרעסער געלאָפֿן דורך שמאָלע אונטערגעסלעך („עלעים“) צו דער פֿאַבריק. געלאָפֿן, ווייל דער פּרעסער האָט געזאָגט, אַז ס'איז שוין שפּעט, און ס'איז שוין טאַקע נישט געווען פֿרי, ווען ער איז געקומען נאָך אים. דער ווינטערדיקער הימל אין שיקאַגאָ מאַכט שפּעט טאָג. זיי האָבן האַסטיק, יאָגנדיק זיך, געטראָטן אין הויכן שניי, וואָס האָט אין דער פֿינצטער פֿאַרבלענדט די אויגן. זיי זענען אונטערגעלאָפֿן סאָפּענדיק, מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, מיט פּאַרע פֿון מויל. אין שאָפּ זענען שוין געווען אַ צאָל אַרבעטער, פֿרישע אימיגראַנטן פֿון אייראָפּע, יונגע בחורים און מיידלעך מיט חלום און האָפֿענונג אין די אויגן. דער שטאָלענער אָרקעסטער פֿון די מאַשינען האָט אויפֿגעשפּילט, העכער, נידעריקער, לאַנגזאַמער, האַסטיקער. אייניקע מאַשינען האָבן געדונערט אויף דער העכסטער „אָקטאַווע“, אָן אָפּשטעל. דאָס זענען געווען די „אָפּערעיטאָרס“, וואָס מען האָט גערופֿן „שיסערס“, גרויסע פֿאַרדינער, וואָס האָבן אַלעמען איבערגעיאָגט. און אַלע זענען זיי מיט שוים אויפֿן מויל נאָכגעלאָפֿן. דודן האָט מען געגעבן אַ מאָנאָטאָנע אַרבעט, צו וואָס מען דאַרף גאָר דעם קאָפּ נישט באַנוצן, נאָר שנעל, שנעל וואַרפֿן מיט דער האַנט, סטריגעווען מיט ווייסן פֿאָדעם. ער איז אָפּגעזעסן אויף אַ בענקל צען שעה אַ טאָג ביז אַלץ אין אים איז צוזאַמענגעוואַקסן געוואָרן, ביז דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן פֿאַרגליווערט ווערן אין זיינע אָדערן און ס'האָט אים אָנגעהויבן שטעכן אין אַלע אברים. אין לאָנדאָן האָט ער געמאַכט אַליין דעם גאַנצן מאַנטל: געניייט און געפּרעסט, געשטאַנען און געזעסן. דאָ איז ער איינגעמויערט געוואָרן לאַנגע שעהן אויף איין אָרט. נאָר ס'איז געווען אַ פֿרייד אַהיימצוקומען און עסן אַ פֿאַרדינטע וועטשערע, זען שיינענדיקע פּנימער אַרום זיך. פֿירן אַ געמיטלעכן שמועס מיטן שוואָגער... וואָס האָט נישט געדרייט נערוועז דעם ציגאַר אין מויל.

— נו, ווי גייט עס דיר דוד?

— ס'גייט „אָלרייט“...

— געפעלט דיר ווי אַזוי מען אַרבעט אין אַמעריקע?! איידער מען מאַכט אין „יוראָפּ“ איין מאַנטל קאָן איך וועמען מאַכט מען דאָ צען.

— און דו וואָלסט דעם ווען געוואונען — האָט דוד געזאָגט — מען אַרבעט דאָ טאַקע ווי די רוחות. ס׳איז מיטן אויג נישט צו דערזען.

— דאָס איז אַמעריקע, „בויעלע“! (יינגל) — האָט דזשעק געזאָגט מיט שטאָלץ — און וווּ אין דער וועלט, ווייז מיר, האָט מען נאָך אַזאַ געלעגנהייט זיך אַרויפצואַרבעטן ווי דאָ? קאָנסט אָנהייבן מיט פּאַרקויפן „פּעפּערס“ אין „סטריט“ און ווערן אַ מיליאָנער! — איך קען „לייטע“ (לייט), וואָס זענען געקומען פון יוראָפּ נאַקעט און בלויז און געוואָרן דאָ שטיין רייך.

— וואָס דאַרפסטו גיין ווייט — האָט זיך אָנגערופן פייגעלע — אונדזערס אַ לאַנדסמאַן, אַ בעקער, וואָס איז אַנטלאָפן פון די פּאָגראָמען אין צאַרישן פּוילן, איז דאָ אין אַמעריקע אויפגעריכט געוואָרן, באַהאָנגען דאָס ווייב מיט בריליאַנטן, האַלט דינסטן, פאָרט אַרום אין אַ טייערן אויטאָמאָביל. ער איז טאַקע דער פּרעזידענט פון אונדזער „סאָסייעטע“. — איז נישט געזאָרגט דוד, דיין מזל וועט נאָך אויך שיינען.

— פאַרלאָזן זיך אויפן מזל אַליין איז נישט גענוג — האָט איר דזשעק אויסגעבעסערט — דאָ אין אַמעריקע דאַרף מען צולייגן אַ פלייצע. לאָמיר זיך נאָר נישט נאַרן. מען דאַרף אַ גוטן שוויץ טאָן איידער מען אַרבעט זיך אַרויף.

דערווייל האָט דוד פאַרדינט 8 דאָלאַר אַ וואָך. איידער וואָס־ווען האָט זיך דער סעזאָן געענדיקט. נישט געווען מער קיין אַרבעט. די פאַבריק האָט זיך פאַרמאַכט פאַר דער „סלעק“ (שלעכטע צייט).

ער האָט ווידער געזוכט אַרבעט, ווידער געשטאַנען אין די רייען, ווידער האָט מען אויסגעקליבן אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט שאַרפערע עלנבויגנס פון אים, זענען אים פאַרלאָפן דעם וועג, האָבן „בעסער“, הניפהדיקער געערדט צו די אַרבעטסגעבער.

פייגעלע איז געווען אין די הויכע חדשים מיטן צווייטן קינד. און מרימען האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי איז ווידער „אַריינגעפאַלן“... זי האָט גענומען אָפּטרייב־מיטלען, הייסע בעדער, געשפּרונגען פון טיש...

אין אַ נאָכמיטאָג, ווען דוד איז אַ דערשלאָגענער אַהיימגעקומען פון זוכן אַרבעט, האָט ער געטראָפן פייגעלען קרעכצן, איר צייט איז געקומען. די ווייען האָבן זיך שנעל פאַרשטאַרקט. דזשעק איז געווען ביי דער אַרבעט. מרים איז געבליבן מיט די קינדער אין הויז און ער האָט פייגעלען גענומען אין אַ טראַמוויי צום שפּיטאָל. אין אַ וואָך אַרום איז זי

אַהיימגעקומען מיט אַ מיידעלע, אַ ברעקל, רויט גפשל, וואָס האָט זיך שוין געקרימט קעגן עפּעס, געמאַכט פּיסקעס, היסטעריש געוויינט, ווי מען וואָלט עס כ'וויים אַליין נישט וואָס פאַר אַן עוולה געטאָן... און דזשעק, דער שווייגער, איז געווען אָנגעכמורעט, נישט צופרידן, וואָס פייגעלע האָט געהאַט אַ מיידל. ער האָט געוואָלט אַ יינגל. טיף אין אים איז, ווייזט אויס, געבליבן עפּעס פון זיינע זיידעס, וואָס האָבן אַלע אינדערפרי געדאַנקט גאָט, וואָס זיי זענען נישט געבוירן געוואָרן קיין פרויען. פייגעלע האָט זים געשמייכלט ווי זי וואָלט זיך פאַר עפּעס אַנטשולדיקט... אין הויז איז געוואָרן טומלדיקער, פריילעכער...

דער קריזיס האָט זיך פאַרשאַרפט, די אַרבעטלאָזיקייט איז געוואַקסן און זיך פאַרטיפט. ברויט-רייען האָבן זיך געמערט. די פרעסט און זאַווערוכעס האָבן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער ווינטער וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

צוריקגייענדיק פון זוכן אַרבעט, ווידער מיט גאָרנישט, האָט זיך דוד אַרומגעדרייט אין גאַס. ס'איז אים שווער געווען אַריינצוגיין אין הויז. ער האָט געטאָפּטשעט אין שניי מיט צעריסענע שיך, געגאַנגען הין און צוריק, פון איין ראָג צום צווייטן. געשפּאַנט אַזוי לאַנג, ביז ס'איז אַרויס אַ שוויים אויף זיין פּנים, וו די הויט איז ערטערווייז געווען געפּלאַצט פון די שניידנדיקע, שיקאַגער ווינטן. נאָר ווי לאַנג קאָן ער זיך אַזוי אַרומדרייען? ער וועט דאָך מוזן אַריינגיין אין הויז. נאָך וואָס זיך אומזיסט פּייניקן? ניין, ער וועט נאָך אַרומשפּאַנען און טאַקע האַסטיקער, מיט טופּענדיקע טריט, צו דערוואַרעמען די פיס. זייטיקע מענטשן האָבן געקאָנט מיינען, אַז דאָס לויפט אַ שטאַרק-באַשעפטיקטער מענטש. ער האָט נאָך האַסטיקער געשפּאַנט, אַז אפילו אין פראָסט האָט ער אָנגעהויבן שוויצן און אָט באַלד וועט דער שוויים פאַרפרירן אין אַ דין אייזיק הייטל אויף זיין פּנים. ער האָט געטראַכט מיט אַ באַהאַלטענער האָפענונג, אַז איצט קאָן ער זיך פאַרקילן און באַפרייט ווערן פון אַלע צרות... אָפּטראָגן זיך, אַנטלויפן הייסט עס, און איבערלאָזן מרימען מיט די צוויי קינדער. איז דאָס רעכט? האָט ער זיך געמוסרט, און איצט ווען אַ גייַ לעבן רייסט זיך שוין ווידער פון איר אויף דער גליקלעכער וועלט אַרויס? ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס זי האָט עס געבראָטן און געברענט. ס'איז משאַרקער פון איר, שטאַרקער פון די אַלע מיטלען, וואָס זי האָט אָנגענומען צו פאַרשפּאַרן עס דעם וועג. עס קומט אָן, און ווי אַלע נייַ-געבוירענע קינדער וועט עס אַרויסלאָזן אַ היסטעריש געשריי, אַ ליאַרעמ-

דיקן פּראָטעסט! אמת, ווען זיי וואָלטן געהאַט 25 דאָלאַר, דעם פּרייז, וואָס אַ דאָקטער האָט פֿאַרלאַנגט קאַליע צו מאַכן די פֿאַרבינדונג, פֿאַרצוימען דעם וועג צו דער אָפּעגער וועלט פֿון דעם נישט געבעטענעם גאַסט, וואָלט עס קיינמאָל די ליכטיקע שיין נישט דערזען, נאָר אַזוי ווי זיי האָבן דעם סכום נישט געהאַט, וועט דאָס פּיצל טריומפֿירן... קעגן דער אייגענער מאַמען, וואָס האָט עס געוואָלט אומברענגען, ווען ס'איז נאָך געווען אַזוי קליין, אַזוי הילפֿלאָז... און ער האָט קיין פֿאַרענטפֿער נישט, ווייל ווי האָט ער געוואָגט אין אַזאַ ביטערער צייט?... זיין טענה, אַז ס'איז געווען אַן „עקסידענט“, אַז דער שטענדיק אויסגעפּרוווטער מיטל האָט דאָס מאָל נישט געווירקט, מאַכט אים נאָך אַלץ נישט אומשולדיק. און אפשר וואָלט געווען גענוג געשפּאַנט? מענטשן קוקן דאָך אים שוין נאָך? — אַריין אין הויז! באַפֿעלט ער זיך. נאָר ער וועט נאָך פֿריער צולויפֿן קויפֿן אַ יידישע צייטונג, דעם „טאָג“, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין ניו־יאָרק מיט דער מיטאַרבעטערשאַפֿט פֿון די בעסטע יידישע שרייבער אין אַמעריקע, ווי ד״ר זשיטלאָווסקי, אברהם רייזען, אָפּאַטאָשו, משה נאַדיר און אַנדערע. אַ „ליטעראַרישע“ צייטונג מיט אַ מיסיע, צו פֿאַרשפּרייטן ליכט... מיט דער צייטונג אין האַנט איז ער האַסטיק אַריין אין הויז...

— דוד! ווו ביסטו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן? כ'האָב שוין נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. קומסט קיינמאָל נישט אַהיים אַזוי שפּעט. כ'האָב געמיינט ס'האָט חלילה עפּעס געטראָפֿן. און וואָס ביסטו עפּעס אַזוי פֿאַרזויערט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט דיר אונטערגעגאַנגען?!

— פֿאַ, האָסט מיר עפּעס געבראַכט — האָט שמואליק אים געצויגן ביים רעקל.

— כ'וועל ברענגען, ברענגען. גיי שפּיל זיך מיט פֿערעלען.

— טו אויס די פֿאַרשנייטע שיך און וואַרעם אָן ביים אויוון די פֿיס. גאָר דאָס פֿעלט מיר, זאָלסט זיך פֿאַרקילן. דו ביסט אוודאי הונגעריק. איך גרייט שוין צום טיש — האָט מרים געזאָגט. נאָר זיין האַלדז איז געווען פֿאַרמאַכט, פֿאַרקלעמט. פּלוצעם האָט ער אויסגעשריגן — מרים! זע, מיין דערציילונג „אַן אייגן ווינקל“ איז אָפּגעדרוקט אין „טאָג“!

אירע אויגן האָבן אַ לויכט־געטאָן — זעסטו אַבי דו ביסט געווען פֿאַרצווייפֿלט — און זי האָט זיך צעקושט מיט אים — וועסט זען, דוד, אַז ס'וועט אונדז נאָך אויך זיין גוט...

— און זע, אין אַ יומטוב־נומער האָט מען דאָס אָפּגעדרוקט, זײַט ביי זייט מיט משה נאַדיר, אָפּאַטאָשו און אַנדערע באַרימטע שרייבער. איך האָב געמיינט, אַז נאָר אין לאָנדאָן קאָן מען דרוקן מיינע זאַכן, ווייל דאָרט אין ווייטשעפּל איז די יידישע קולטור אויף אַ שוואַכערער מדרגה. צום סוף בין איך דאָ אויך אַ שרייבער.

— דו ביסט, דו ביסט — האָט זי אים פאַרזיכערט — האָסט נאָר אַ טבע אַראָפּצופאַלן ביי זיך. צייטנווייז שרעק איך מיך פאַר דיר... וועסט זען דוד, אז אונדזער זון וועט נאָך אויך שיינען!

— אַלץ איז פאַר די „בעסט" — האָט פייגעלע געזאָגט און זיך אויך געפרייט, וואָס מען האָט אָפּגעדרוקט זיין „אַרטיקל" אין אַן אַמע־ריקאַנער צייטונג, און אין ניו־יאָרק! — זאָלסט וויסן זיין, מיין ליבער שוואָגער, אַז עס ווערט נישט פריער ליכטיק, ביז עס ווערט נישט גוט פינצטער.. אַז דו וועסט ווערן אַ שרייבער אין אַמעריקע, וועסטו קאָנען לאָזן אַ פייגעלע אין וואַלד זאָרגן... צייטונגען זענען דאָ אַ גאָלדענע ביז־נעס... די גרעסטע מיליאָנערן האָבן אָנגעהויבן מיט פאַרקויפן צייטונגען. און אויף דיר געזאָגט געוואָרן... וועסט זען, דוד, אַז דיין קומען קיין אַמעריקע איז געווען פאַר „די בעסט".

דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט האָט דוד געגעסן וועטשע־רע מיט אַפּעטיט. פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, געבלאָזן ווילעריש דעם רויך צו דער סטעליע, געלאָזט שמואליקן טאַנצן אויף זיינע קני און גע־לערנט פערעלען גיין, געפירט זי ביי אַ האַנט. זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים און מיט שרעק איבערגעחזרט: „מאַיאַ, אַפּאַ" (איך האָב מורא, כ'וועל פאַלן)

אין זעלבן נומער „טאָג" האָט דוד געלייענט אַ מעלדונג: „ב. גרינ־פעלד, וועט פרייטיק אָוונט האַלטן אַ לעקציע אויף דער טעמע: „היס־טאָרישע עטאַפּן ביי יידן". דוד איז אים געגאַנגען הערן און זיך פערזענ־לעך באַקענט מיט אים.

— אָ, דוד לינדפעלד — האָט אים גרינפעלד געדריקט די האַנט — איך האָב געלייענט אייער דערציילונג אין „טאָג". פיין. האָט איר אייך, הייסט עס, באַזעצט אין שיקאַגאָ. זייער גוט. מיר האָבן דאָ אַ יידישן שרייבער־פאַריין. קומענדיקן שבת וועט זיין אַ פאַרזאַמלונג ביי מיר אין הויז. נאָט אייך דעם אַדרעס און קומט טאַקע צו. און אחוץ שרייבעריי פון וואָס מאַכט איר אַ לעבן?

— פון פאַך בין איך א שניידער און קיין לעבן מאַך איך נישט.

— איר זענט פֿאַרהייראַט?

— יאָ. איך האָב אַ פֿרוי מיט צוויי קינדער. דאָס דריטע איז אין וועג... — האָט זיך ביי אים גישט ווילנדיק אַראָפּגעגליטשט פֿון דער צונג און ער איז רויט געוואָרן...

— וווּ וווינט איר?

— מיר וווינען דערווייל ביי מיין פֿרוים שוועסטער.

— איר זענט געקומען קיין שיקאַגאָ אין אַ שלעכטער צייט. ס'איז איצט איינער פֿון די פּעריאָדישע קריזיסן אין אַמעריקע — האָט ער באַדויערט. געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, גאָר איז איבערגעשלאָגן געוואָרן פֿון פּאָרזיצער, וואָס האָט אים פֿאָרגעשטעלט.

גרינפֿעלד האָט געהאַט אַ טבע, ווען ער האָט גערעדט, אויפֿצוהייבן די אויגן צו דער סטעליע, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס אין דער הויך. ער האָט גערעדט מיט אַ „סין", האָט געדענקט אַ מאַסע היסטאָרישע דאַטעס, צענדליקער נעמען פֿון לענדער, שטעט, נעמען פֿון נביאים, וואָס האָבן געצאָרנט קעגן אומגערעכטיקייט, נעמען פֿון פֿאַרשידענע היסטאָרישע העלדן, אויפֿגעמישט בלעטער פֿון בלוטיקע מלחמות, פֿון זיגן און מפּלות, באַלעבט פּאַסירונגען פֿון הונדערטער און טויזנטער יאָר צוריק. מען האָט געשטוינט, ווי אַ מענטש קאָן אַזויפֿיל געדענקען פֿון אויסנווייניק. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ יונגן פּראָפֿעסאָר, וואָס האַלט אַ לעקציע פֿאַר סטודענטן אין אַן אוניווערסיטעט. דער עולם איז געווען אַ יונגער, אַ פֿרישער פֿון אייראָפּע, האָט פֿרום און טיף פֿאַראינטערעסירט זיך צוגעהערט. צום סוף — אַ האָגל פֿון פֿראַגן. און ער האָט געדולדיק, מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכעלע אַלעמען געענטפֿערט.

דעם קומענדיקן שבת זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע יידישע שרייבער ביי גרינפֿעלדן אין הויז. זיין פֿרוי פֿראַדל, אַ חנעוודיקע יידישע ברונעטקע, מיט פֿרומע, טונקעלע אויגן האָט געשטעלט כיבוד.

— דאָס איז דער שרייבער דוד לינדפֿעלד, וואָס איז ערשט געקומען פֿון לאָנדאָן — האָט אים גרינפֿעלד פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די אַנדערע שרייבער. דער הויפּט־פּונקט, וואָס מען האָט באַהאַנדלט, איז געווען דאָס אַרויסגעבן אַ צייטשריפֿט. צום סוף האָט מען זיך געאייניקט אויף דעם נאָמען: „קונסט־פֿריינד". גרינפֿעלד האָט אָנגעזאָגט די שרייבער זיי זאָלן זיך נעמען פֿאַר דער פֿען, מען האָט געטרונקען טיי, פֿאַרביסן מיט דער באַלעבאָסטעס איינגן־געבאַקענע קיכלעך און גערעדט פֿון ליטעראַטור. גרינ־

פעלד האָט אויפגעקלערט, באַלויכטן. אפילו אין פּריוואַטע שמועסן, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, ווען ער האָט פאַרמירט אַ געדאַנק.

דוד איז אַוועק פון דאָרט אַ יומטובדיקער. ווער מיר קריזיס, וואָס מיר קריזיס, ער האָט געשוועבט אין אַ העכערער וועלט. דאָס באַקענען זיך מיט גרינפעלדן, מיטן שרייבער־פּאַריין, האָט אים געגעבן נייע כוחות אויסצושטיין די שווערע צייט.

עפּענענדיק איינמאָל דעם „קוריער", אַ טעגלעכע, יידישע צייטונג אין שיקאַגאָ, האָט ער דערזען זיינס אַ דערציילונג אונטער זיין נאָמען. ער האָט זיך דערפרייט, אַוועק אין רעדאַקציע, באַקענט זיך מיטן רע־דאַקטאָר זאָלאָטקאָף.

— איר האָט געדרוקט מיינע אַ דערציילונג אין אייער צייטונג.

— איבערגעדרוקט — האָט אים זאָלאָטקאָף אויסגעבעסערט. ער איז געווען אַן עלטערער מענטש מיט אַ טונקל, ווי פאַררויכערט פּנים, טונקעלע, פאַרנעפּלטע אויגן. נאָך אַ סך קווענקלעניש האָט דוד געזאָגט — מיר קומט האָנאָראַר...

— מיר צאָלן נישט פאַר איבערגעדרוקטע זאַכן.

— איך האָב אפילו אין לאָנדאָן געקראָגן באַצאָלט. דער „טאָג" באַצאָלט מיר.

— דער „טאָג" האָט אַ רייכן אַרויסגעבער און פאַר איבערגעדרוק־טע זאַכן צאָלט דער „טאָג" אויך נישט.

— לויטן געזעץ — האָט דוד אָנגעהויבן אַ ביסל אויפגערעגט.

— דאָס געזעץ איז מיר באַקאַנט. איך ווייס ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום דעם. אחוץ אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג בין איך פון פּראָפעסיע אַן אַדוואָקאַט.

דוד איז אַוועק אַן אויפגערעגטער און אויסגערעדט זיין האַרץ פאַר מרימען.

דער „קוריער" איז אָנגעפּאַקט מיט אַנאָנסן. דאָס איז אַ גאָלד־גרוב... גאָר ווען ס'קומט צו באַצאָלן עטלעכע דאָלאַר אַ יידישן שרייבער, איז נישטאָ — האָט זי געביטערט.

דער לאַנגער, שווערער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן ענדיקן. די זון איז אַרויסגעקומען און געשמאָלצן דעם שניי. די לופט איז געוואָרן מיל־דער מיט אַן אָנזאָג אויף פרילינג, אויף זומער. אַזוי שנעל ווי ס'איז גע־וואָרן וואַרעמער, האָט זיך אָנגעהויבן פילן דער ריח פון די באַרימטע „סטאָק יאַרדס" (דאָס גרעסטע שלאַכט־הויז אין אַמעריקע), וו מען קוי־

לעט טויזנטער אָקסן אַ טאָג. וואָס וואַרעמער ס'איז געוואָרן, אַלץ שאַרפער האָט זיך געפילט דער בלוטיק־פאַרדעמפטער גערוך, וואָס דער ווינט האָט פאַרשפרייט איבער דער שטאָט. אין הייסע, דעמפיקע טעג, ווען דער טויטלעכער ריח האָט דודן אָנגעהויבן שטיקן, האָט ער „געזען" ווי אָקסן דערנענטערן זיך אויף אַ „קאַנוועער" מיט מוראדיקע געשרייען, מיט טויט־שרעק אין די גרויסע אויפגעריסענע אויגן, וואָס קוקן מיט אַ רחמנותדיק געבעט צום ריז מיטן אייזערנעם גרויסן האַמער אין האַנט. און ער — אַ זעץ איבערן צאַפלדיקן קאָפ פון אָקס און פאַרגליווערט דאָס געשריי.

דער פרילינג איז געקומען און אַוועק כמעט אומבאַמערקט. דאָס געזאַנג פון פייגל אין די פאַרקן איז פאַרטרונקען, פאַרזונקען געוואָרן אין בראַזגעריי פון שטאָל און אייזן אין גרעסטן אינדוסטריעלן צענטער אין אַמעריקע, נאָך ניו־יאָרק. ווען דער זומער האָט זיך געשטעלט, און די שטויביקע, רויכיקע שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן אָנגליען, איז מען אַנטלאָפן פון די אָנגעהיצטע הייזער. געפרווווט זיך אָפקילן אין „לעיק מישיגען" (אַ גרויסער טייך), אָבער דאָס וואַסער אין הייסע טעג איז געווען וואַרעם. אין די גאָר גרויסע היצן איז אַרויס אַ פאַרע פון דער ערד און דער אַספאַלט איז געוואָרן ווייך ווי קאַשע. ביינאַכט האָט מען זיך געהילט אין קאַלטע, נאַסע ליילעכער. אין די הייזער איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, פליגן און מאָסקיטן האָבן בייז געזומט און געביסן, געזויגן ס'בלוט פון צעקאָכטן מענטשן־פלייש. ערשט פאַרטאָג פלעגט ווערן אַ ביסל לייכטער צו אָטעמען. די צייטונגען האָבן געמאָלדן: „פיר הונדערט מענטשן זענען געשטאָרבן אין איין חודש פון דער היץ".

דוד איז ווידער געווען אַרבעטלאָז. אַרומגעלאָפן אין די פייערדיקע, שטויביקע טעג זוכן אַ דאָלאַר צו פאַרדינען. אומעטום האָט מען געענטפערט, מען דאַרף נישט, מען דאַרף אים נישט. ער איז איבעריק. אין זיין פאַרביטערטער פאַרצווייפלונג האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, ווי די ווערטער ווערן אַרויסגעגרעפצט פון אַ קראַנקן צעפוילטן אָרגאַניזם... ער פלעגט שוין סתם קלאַפן אין טירן. ווו אַ קליידער־פאַבריק, אַ פאַבריקל, האָט ער אָנגעקלאַפט, אפילו ווו ס'איז נישט געווען קיין מעלדונג, אַז מען דאַרף „הענט", ווייל אַ סך באַלעבאַטים האָבן נישט אַנאָנסירט אין די צייטונגען. זיי האָבן געוווסט, אַז יעדן טאָג ווערן זיי באַפאַלן פון אַרבעט־זוכער. האָבן זיי זיך איינגעבראַכט געלט. אַהיימקומענדיק פאַרנאַכט אַ מידער, אויסגעווייקט אין שוויס, האָט ער זיך ווידער לאַנג

אַרומגעדרייט אין גאַס און זיך אָנגענומען מיט קוראַזש אַריינצוגיין אין הויז...

שפּעט ביינאַכט, ווען דער שוואָגער און די שוועגערין זענען שוין געשלאָפן אין זייער צימער, האָט מרים געזאָגט צו דודן — דזשעק קלייבט זיך פאָרן קיין קאַליפאָרניע.

— פון וואַנען ווייסטו? — האָט זיך דוד דערשראָקן...

— פייגעלע האָט מיר געזאָגט.

— ער מיינט עס טאַקע ערנסט?

— יאָ, זי זאָגט, ער שרייבט זיך דורך מיט פריינד, וואָס ווינען דאָרט.

— הייסט עס, מיר בלייבן ווי אויפן וואַסער. כאָטש אין דער אמת קאָן מען גישט האָבן קיין טענה צו דזשעקן, מיר זענען געוואָרן אַ לאַסט פאַר אים, ווי לאַנג איז דער שיעור ער זאָל שלעפּן צוויי פאַמיליעס אויף זיך?

— איך גלייב נישט, אַז דאָס איז די איינציקע סיבה, זיי טראַכטן שוין לאַנג פון פאָרן קיין קאַליפאָרניע — האָט מרים געזאָגט.ביידע האָבן פאַרזאָרגט געשוויגן, געפילט, אַז די שטרוי, אין וועלכער זיי האַלטן זיך אָן, גליטשט זיך אַרויס פון זייערע הענט. בלייבנדיק מיט צוויי קינדער אָן געלט, וועט זיי אויסקומען ווינען אויף דער גאַס. פאַר זיי האָבן זיך אין דער פינצטער געמאָלט שרעק־בילדער. ביידע האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי שלאָפן, נאָר זיי זענען אויפגעלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געטראַכט, ביטער און פאַרצווייפלט געטראַכט.

אין איינעם פון יענע טעג האָט מרים געקראָגן ווייען... דוד האָט זי גענומען אין שפּיטאָל אַריין. ס'איז געווען סוף זומער. קילע ווינטע־לעך האָבן אָנגעהויבן בלאָזן, אויספייפנדיק שטילע, אומעטיקע ניגונים וועגן געבורט, לעבן און טויט... צומאָרגנס פאַרטאָג איז ער אַוועק אין שפּיטאָל און זיך דערוווסט, אַז ער איז מיט מזל געוואָרן אַ טאַטע פון אַ דריט קינד, אַ ייִנגל. די פאַמיליע האָט זיך פאַרגרעסערט. ס'איז גע־וואָרן ענגער, טומלדיקער. דוד האָט אומגעריכט געקראָגן אַרבעט! ווען ער וואָלט געווען אַ פרומער ייִד, וואָלט ער געגלויבט, אַז דאָס איז אים אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון הימל. די לופט אין הויז איז געוואָרן מיל־דער, די פּנימער לויטערער, נאָר דאָס ניי־געבוירענע ייִנגל איז געווען אַ שרייער... געוואָרפן מיט די פויסטלעך. אָפט און היסטעריש געוויינט. ווייזט אויס, אַז עפּעס האָט אים ווי געטאָן, נאָר צוליב דעם, וואָס ער

ווייגט, וועט מען דאָך נישט גיין מיט אים צו אַ דאָקטער. און ווער האָט געהאַט דעם האָנאָראַר פאַר אַ דאָקטער. אַז ער פּלעגט נעמען מאַכן געוואַלדן און וואַרפן, סטראַשען מיט די פויסטן, האָט דוד געזאָגט — ער וואַקסט אַ בונטאַר, אַ רעוואָלוציאָנער, ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט די רייכע, וואָס פאַרהונגערן און פאַרשקלאַפן דאָס פאָלק.

אַז ער פּלעגט זיך שטאַרק צעוויינען, אַרויף אויף הויכע, היסטערישע טענער, פּלעגט אים מרים פּרווון איינגנעמען — שאַ, שאַ, דו קליינער רעבעל מיינער, רעוואָלוציאָנערלע מיינס! מען קאָן נישט מיט איינמאָל איבערמאַכן די וועלט. אַ ביסעלע רואיקער, לאַנגזאַמער... אוודאי, אוודאי, וועסטו זיי נישט שווייגן די קאַפּיטאַליסטן, די בלוט־זויגערס, נאָר דערווייל ביסטו נאָך אַ קליין ייִנגעלע און דו דאַרפסט טרינקען אַ סך מילך, וועסטו אויסוואַקסן שטאַרק און גרויס און דעמלט זיך נעמען פאַר די, וואָס באַרויבן דאָס פאָלק.

דוד האָט איינמאָל דערהערט אַ פאַרשטיקט פּישטשען פון שלאָף־צימער. ער איז אַריין און דערזען ווי שלומל, דער שרייער, ליגט איינגעגראָבן, אַריינגעוויקלט אין דער היימישער פּערינע. ווען ער האָט אים קוים אַרויסגעפּלאָנטערט, איז דאָס קינד געווען בלוי, אויסגעווייקט אין שוויים און לאַנג נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. דוד האָט אים אַריינגעבלאָזן לופט אין מויל אַריין. איין מינוט שפּעטער וואָלט דאָס קינד דערשטיקט געוואָרן.

אָנגעקליבן די ערשטע עטלעכע דאָלאַר אויפן נייעם „דזשאָב“, האָבן זיי זיך איבערגעקליבן אין אַן אייגענער וווינונג, געגאַנגען לעבן פאַר זיך, נישט צו בלייבן אין גאַס, ווען דזשעק מיט פּייגעלען וועלן פאָרן קיין קאַליפאָרניע.

נאָר דאָס גליק, וואָס דוד האָט געטראָפן, האָט זיך אויסגעלאָזט, אין שאָפּ איז מער קיין אַרבעט נישט געווען, און ער איז ווידער געלאָפן קלאַפּן אין טירן און אומעטום — דער זעלבער ענטפער — מען דאַרף נישט. פריינד האָבן גערעדט, אַז אין ניו־יאָרק איז בעסער, דאָרט איז דער קריזיס נישט אַזוי שאַרף, ווי אין שיקאַגאָ. אחוץ דעם האָט ניו־יאָרק דודן געלאָקט, ס'איז דער צענטער פון דער יידישער קולטור אין אַמעריקע: טעאַטערס, קאָנצערטן, לעקציעס. ס'האָט אים שוין פון לאַנג געצויגן אַהין. ער האָט אָנגעהויבן רעדן מיט מרימען וועגן מאַכן דעם בייט און זי האָט איינגעשטימט. קיין געלט פאַר אַ באַן־בילעט האָט ער נישט געהאַט. איז ער געפאָרן אין אַ פראַכט־וואַגאָן ווו מען פירט אָקסן.

פּאָר אַ קלייניקייט האָט אים דער אויפזעער געשמוגלט. דאָס איז געווען זיינס אַ זייטיק פאַרדינסטל. דוד איז געזעסן האַרט ביי די בהמות, אין אַ שטיבל פאַרן אויפפּאַסער. ער האָט געפּרוווט לייענען אַ בוך. נאָר ווי האָט ער געקאָנט, דאָס צעשראָקענע ברומען פון די אָקסן, וואָס האָבן אוודאי געפילט, אַז מען פירט זיי צו דער שחיטה, האָט אים געריסן ביים האַרץ. ער האָט געזען טויט־שרעק אין זייערע גרויסע, ווי פאַר־טרערטע אויגן און זיך פאָרגעשטעלט, וואָס אין זייער האַרץ, אין זייער נשמה קומט פאָר... אַ שווייסיקער, דעמפּיקער ריח האָט זיך געטראָגן פון אָרט, וווּ זיי זענען געשטאַנען צוזאַמענגעפּאַקט אין שמוץ. ער האָט זיך מיט אַ טיכל פאַרשטעלט די נאָז. און די באַן האָט זיך געשלעפּט, גע־קראָכן, געוועקסלט זיך, געפאָרן הין און צוריק. אָפּגעשטעלט זיך לאַנג אויף יעדער סטאַציע אויסצולאָדן און אַריינלאָדן פאַרשידענע סחורות. אַרויסגעפאָרן איז מען אינדערפרי און ס'האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. טשעקאַווע, נאָכן אָפּשלעפּן זיך אַ טאָג, אין וועלכער שטאָט אָדער שטעטל מען געפינט זיך? די בלאַסע, האַרבסטיקע זון האָט אָנ־געהויבן אַריינזינקען אין טונקל־גרויע וואָלקנס. די באַן האָט זיך געפּלאָנ־טערט אין אַ נעץ פון געדרייטע, זיגזאַגישע רעלסן.

— ווו זענען מיר שוין? — האָט דוד געפרעגט דאָס צווייטע מאָל דעם אויפזעער, ווייל ס'ערשטע מאָל האָט ער אים נישט געענטפערט. יענער האָט זיך איצט אויך נישט געאיילט צו ענטפערן. געדוויכערט און גע־שפּיגן און גאַנץ אָפּט געטאָן אַ זופּ פון פלעשל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בוזים־קעשענע.

אַז דוד איז ווידער צוגעשטאַנען מיט זיין פראַגע, האָט ער געטאָן אַ מאַך מיט דער האַנט ווי מען טרייבט אָפּ אַ בייזע פליג. און כדי זיך אָפּצושעפּען פון אים, אַ בורטשע געטאָן — אין דער אומגעגנט פון שיקאַגאָ.

— נאָך אַלץ שיקאַגאָ! — האָט דוד פאַרצווייפלט געזאָגט.

— דאָס איז נישט קיין ערשטקלאַסיקער שנעלצוג — האָט ער בייז אַ וואָרטשע געטאָן.

די באַן האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע. ס'איז אַריינ־געקומען אַ הויכער,ברייטפּלייציקער ריז. געגעבן דעם אויפזעער עפּעס אין האַנט אַריין. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אויף שטום־לשון. דער אַריינ־געקומענער האָט געהאַט אַ רוי פּנים מיט אַ רויטלעכער בראָנפן־נאָז, אַ צעפּלאַטשטע. געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געוועזענעם „פּרייז פיי־

מער״ (קולאַקן־העלד), וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער מדרגה. ער האָט זיך געזעצט לעבן דודן. אַרייַנגעקוקט אין בוך, וואָס ער לייענט און זיך געריבן דעם שטערן...

— וואָס, צום טייוול, פֿאַר אַ לשון איז דאָס?!

— דוד האָט שטיל געזאָגט — יידיש.

— יעזוס, געקרייציקטער!!... געזען אַ שריפֿט? ווי קענען דאָס מענטשן דאָס לייענען? און וועמען דאַרף דאָס טרעפֿן? מיך, אַן איריש־מאַן! און דו — זעצט ער אויס אַ פּאָר צאָרנדיקע אויגן אויפֿן אויפֿזעער, וואָס פֿאַרטשאַדעט דאָס ענגע שטיקל אָרט אין וואַגאָן מיטן רויך פֿון זיינע ביליקע ציגאַרן —

— דו האָסט געוואַגט צוזאַמענצופּאָרן אַן איירישמאַן מיט אַ ייד!!

דער אויפֿזעער האָט אַ שפּיי געטאָן... און עפּעס געבורטשעט אונ־טער דער נאָז.

— און אפשר ביסטו נישט שולדיק — האָט זיך דער איירישער באַרעכנט — דאָס האָט מיר דער טייוול אָפּגעטאָן אַ שפּיצל... — און די רציחה האָט געזאָטן אין אים, און ער האָט נישט געקאָנט רואיק איינ־האַלטן זיינע שווערע, מוסקולעזע הענט, וואָס האָבן זיך געוויגט, ווי אַמאָל אין „רינג״, ווען זיי האָבן זיך פֿאַרמאָסטן צו דערלאַנגען האַמער־דיקע קלעפּ.

דוד האָט נישט אַרויסגענומען די אויגן פֿון בוך. און אויך נישט גע־לייענט. נאָר איינגעהערט זיך צום לאַנגזאַמען, מאָנאָטאָנעם קלאַפּן פֿון די רעדער אויף די רעלסן, און צום טרויעריקן, צעשראָקענעם ברומען פֿון די בהמות.

דער איירישער האָט אָנגעהויבן באַנעצן די ליפּן מיט דער צונג, ווי ס'וואָלט אים געווען טרוקן אין מויל.

אַז די באַן האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע, האָט ער געזאָגט צו דודן — קום!

— וווהין? — האָט זיך דוד אָנגעגורט קעגן ריז.

— מען דאַרף באַנעצן דעם האַלדז. מיר וועלן איינקויפֿן עפּעס צו טרינקען אויפֿן וועג, ווען סטו מיר העלפֿן טראָגן. ביז ניו־יאָרק איז נאָך וויַיט, קום. וואָס צום טייוול איז דער אונטערשיד? ייד — קריסט. איך האָב געהערט, אַז דער געקרייציקטער אַליין איז געווען אַ ייד... טאָ וואָס צום טייוול? קום. אין דעם פֿאַרשטונקענעם לאָך וועלן מיר זיך שלעפּן אַ וואָך צייט. דאַרף מען האָבן, מיט וואָס דאָס האַרץ צו דערכאַפּן, נישט

דערלאָזן די נשמה זאָל פאַרלאָשן ווערן. דאָ אויף דער סטאַציע איז פאַ־ ראַן אַ שענק, ווו מען פאַרקויפט ביליק געטראַנקען. דו גייסט, צי מען דאַרף דיך טראָגן?! — און זיינע שווערע הענט האָבן זיך געוויגט און ער האָט זיך איבערגעבויגן פון איין זייט אויף דער צווייטער... און דוד איז געגאַנגען. דער איירישער האָט אָנגעקויפט פלעשער שנאַפּס און ביר. ביידע האָבן מיט פולע הענט געלאָזט זיך צו דער באַן, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן רירן. דודס שכן האָט געעפנט אַ פלאַש און האַסטיק, זשעדנע אַ טיפּן, לאַנגן צי־געטאָן. אַז ער האָט זיך עטלעכע מאָל צע־ קושט מיטן פלעשל, זענען זיינע אויגן געוואָרן ווייכער, מילדער, דאָס פּנים אויסגעגלייטערט. ענדלעך האָט ער ברייטהאַרציק, גוטברודעריש צו־ גערוקט די פלאַש צו דודן. ער האָט איצט ליבלעך געשמייכלט, ווי ער וואָלט עפּעס באַוווּנדערט אין זיין יונגן מיטפאָרער. ער האָט זיך צוגע־ רוקט צו אים נעענטער, אַרויסגעליגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל, וואָס האָט אַ ביסל דודן אַראָפּגעבויגן, געקוקט אים פאַרליבט אין די אויגן אַריין, אַז אָט צעקושט ער זיך מיט אים... דוד האָט מיט שרעק געקוקט זייטיק אויפן פלעשל.

— פאַרוואָס טרינקסטו נישט?! — האָט זיך פּלוצעם דעם איי־ רישנס פּנים פאַרהאַרטעוועט.

— איך טאָר נישט טרינקען, דער דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט... האָט דוד שטיל געענטפערט און געטראַכט, וואָס טוט מען? ער פלעגט אַמאָל צו יום־טוב נעמען אַ ביסל, אָבער זשלאָקען פון אַ פלאַש?! און ער וועט דאָך נישט אָפּקומען בלויז מיט באַנעצן די ליפּן, יענער וועט דאָך אים היטן און פילן זיך באַליידיקט, אויב ער וועט בלויז אַ שמעק־ טאָן צום פלעשל. ער וועט דאָך מוזן טאָן אַ טיפן זופּ, און ווער ווייסט וויפל מיקראָבן, פון וועלכער ווענערישער קרענק אַזאַ פאַרשוין האָט דאָרט איבערגעלאָזט. דער איירישער האָט מיט צאָרנדיקע אויגן זיך אָנ־ געגומען מיט געדולד און געוואַרט... אין וואַגאָן איז געווען קלעפּיק הייס. דוד האָט שטאַרק געשוויצט, געפילט ווי די שוויס־טראָפּנס גליטשן זיך אויף זיין לייב.

— פאַרוואָס טרינקסטו נישט?! — האָט דער איירישער שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

— דער דאָקטער — — —

— צום טייוול מיט דיין... דאָקטער! דיר שטייט נישט אָן מיט מיר צו טרינקען! מיך האָט נאָך קיינער, קיינמאָל אַזוי נישט באַליידיקט! דו

זעסט כאָטש, דעם ייד דיינעם שטייט נישט אָן מיט מיר צו טרינקען! — איז ער אַרויף אויפן אויפזועער.

— ער איז נישט מיין ייד — האָט דער אויפזועער אַ שפּיי געטאָן.

— ער איז דעם טייוולס ייד! — האָט אים דער איירישער פאַרריכט.

— טאָ קום דו אַהער. לאָמיר ביידע טרינקען. אַ קריסט מיט אַ קריסט.

און זיי האָבן טאַקע געטרונקען ווי מען דאַרף. גוטברודעריש גע־קלאַפּט זיך אין דער פּלייצע, אַרומגענומען זיך, שיעור זיך נישט צע־קושט. און די באַן האָט זיך געשלעפּט, געשלעפּט.

אינדרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער. פייערדיקע פונקען פון לאָקאָמאָטיוו זענען פאַרבייגעפלויגן די שוואַרצע שויבן ווי גאָלדענע פליגן. דער ריח פון די בהמות האָט זיך אויסגעמישט מיטן בראָנפן, וואָס האָט געזעצט פון די ביידע טרינקערס. זיי האָבן שוין שווער ווי מיט געליימטע צינגער גערעדט האַלבע רייד אָן אַ זין. דער איירישער האָט מיט אַ פאַר־וואָרפענעם קאָפּ געפּרוּווט זינגען: „ווען איירישע אויגן שמייכלען, לויכט דער הימל“... דוד האָט געפילט, ווי די שלייפן האַקן אים, די באַן בייגט זיך אויף איין זייט, אָט חלשט ער אַוועק. נאָך אַ גליק, וואָס מען האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע און ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט ווי פון פייער. די פרישע לופט האָט אים אָפּגעמינטערט. ער האָט זי טיף אַריינגעאָטעמט, און זיך דערפילט ווי אַ פאַרחלשטער פון היץ, וואָס שפּרינגט אַריין אין קאַלטן טייך. נאָר ער איז געשטאַנען אין אַ פּלאָנטער רעלסן. די גרויסע פראָנט־ליכט פון די באַנען, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן אויף אים, האָבן אין דער פינצטער ווי גאָלדענע זוגען פאַרבלענדט זיינע אויגן. מיט ניסים האָט ער זיך אַרויסגעקראָגן פון דאָרט און מיט פרייד דערזען, אַז ער געפינט זיך אויף אַ גאַס מיט קליינע הייזער און זיך דערוווּסט פון אַ דורכגייער, אַז ער איז אין אַ שטעטל נאָענט צו שיקאַגאָ.

שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיך דערשלעפּט אַהיים.

— דוד!! — האָט זיך מרים אַ דערשראָקענע געריבן די אויגן — פאַרוואָס ביסטו שוין געקומען צוריק?!

ער האָט איר דערציילט פאַרוואָס ער איז געקומען צוריק.

קיין ניו־יאָרק איז ער געפאָרן חדשים שפּעטער, אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג, נאָך דעם ווי אים האָט אָפּגעגליקט צו קריגן אַרבעט און אָפּשפּאָרן אויף אַ בילעט. געקומען קיין ניו־יאָרק איז ער מיט אַן אַדרעס צו פריינד,

וואָס האָבן געוווינט ערגעץ אין דער „איסט=סייד“. ער האָט אויך געוווּסט, אַז זיין חבר אליה=חיים פון דער דזשעלגע 79, וווינט אין ניו=יאָרק און איז אַ מיטאַרבעטער אין „טאַגעבלאַט“. ס'איז געווען אַ פרייטיק פאַרנאַכט. אַ פאַרבייגייער האָט אים אָנגעוויזן ווו ס'איז איסט בראָדוועי. ער האָט זיך נישט געפילט מיד פון וועג. אַריינקומענדיק צווישן געדיכטשפּאַצירנדיקע יידישע מענטשן, האָט ער זיך די ערשטע זאַך נאָכגעפרעגט אויף דער „פאָרווערטס“=געביידע, ווו עס גייט אַרויס די גרעסטע יידישע צייטונג אין אַמעריקע מיט דער מיטאַרבעטערשאַפט פון אַזויפיל באַוווּסטע יידישער שרייבער. די „פאָרווערטס“=געביידע איז טאַקע געווען הויך און ליכטיק, אויסגעזען אין זיינע „גריגע“ אויגן ווי אַ „לויכט=טורעם“... ער האָט אָבער זיינע דערציילונגען, וואָס ער האָט געשריבן אין שיקאַגאָ, בעסער געשיקט צום „טאָג“, ווייל מען האָט שוין דעמלט גערעדט, אַז דער „פאָרווערטס“ ווערט פאַרגעלט. זייענדיק אָנגעזאַפּט פון דער היים מיט די סאָציאַליסטישע אידעאַלן, האָט ער געפילט, ווי אַ וואַנט וואַקסט אויס צווישן אים און דער הויכער, רייכער געביידע, וואָס ער האָט איצט באַטראַכט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ. די רעדאַקציע פון „טאָג“ איז געווען מיט עטלעכע הייזער ווייטער אין אַ דריי=שטאָקיקער מויער. דוד האָט זיך לאַנג פאַרמאָסטן אַריינצוגיין, און ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט אים דאָס האַרץ אַ ביסל געקלאַפּט. כאָטש ער האָט אַמאָל געשפּילט טעאַטער מיט אַמאַטאָרן און צייטנווייז געווען דער רעזשיסער, איז ער אין פריוואַטן לעבן געווען אַ שעמעוודיקער, געהאַט אַ טבע רויט צו ווערן, אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט רויט ווערן... וויליאַם עדלין, וואָס איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „טאָג“ איז נאָר וואָס געהאַט אַוועקגעגאַנגען. דוד האָט באַשטימט צו קומען אַ צווייט מאָל. ווידער אַרויס אין גאַס, ס'האָבן אַ רויש געטאָן אין זיינע אויערן די טויזנטער שטימען פון יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן גערעדט אויף אַ זאַפטיק=היימישן יידיש, אויך אויף רוסיש און העברעיש. מאָמענטנווייז האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז אין איינער פון די יידיש=רוישנדיקע גאַסן אין וואַרשע. נישט ווייט איז געווען די רעדאַקציע פון „טאַגעבלאַט“. אַן ענלעך הויז, ווי דער „טאָג“. דאָרט איז שוין קיינער נישט געווען. די מיטאַרבעטער, זעט אויס, זענען אַוועק מקבל שבת זיין, ווערליג אַ פרומער צייטונג... ער האָט זיך ווידער אַרומגעדרייט צווישן געדיכטן, יונגן, פריילעכן עולם, באַטראַכט די יידישע אויפשריפטן אויף שילדן. לויטן קאַלענדאַר האָט שוין באַדאַרפט זיין

האַרבסט. נאָר די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע, שמיקנדיקע — אוודאי אַ פאַרשפּעטיקטע היץ־כוואַליע, וואָס קאַלטע ווינטן וועלן באַלד פאַר־טרייבן. פון אַן אָפן פענצטער, איבער וועלכן ס'איז געהאָנגען אַ שילדל, אַז דאָס איז דער קלוב פון „בונד", האָט עמעצער געזונגען: „אַ מלאך ווײנט"...

ער איז עטלעכע טעג געווען ביי דעם פריינד, צו וועלכן ער האָט געהאַט דעם אַדרעס. נאָר ס'האָט זיך דאָרט געשטיקט אַ פאַמיליע מיט קינדער אין אַן ענגער, פינצטערער וווינונג. האָט ער זיך געדונגען אַ צי־מער אין אַ ביליקן האָטעל, וווּ עס ווינען זייער אָרעמע, איינזאַמע מענטשן. ס'איז געשטאַנען דאָרט אַ פלאַך, האַרט, אייזערן בעטל, אַ טישל און אַ הינקענדיקע שטול. די טונקל־בלאַסע, קרישלדיקע ווענט האָבן דערמאָנט דאָס פּנים פון אַ מת. אין פראָנט פון פענצטער איז געהאָנגען וועש. אַ העמד האָט פאַרצווייפלט געמאַכט מיט די נאַסע אַרבל און זיך געוויגט, ווי דער קאָפּ פון מענטש, וואָס טראָגט דאָס העמד וואָלט געווען פאַרקלעמט אין אַ פעטליע... און דאָס, האָט דוד געטראַכט, איז אויך ניו־יאָרק. און אפשר נאָר אַ שטיק ניו־יאָרק. איבערגעשלאָפן די נאַכט, איז ער געגאַנגען זוכן אַרבעט, און ווידער אַמאָל די אַלטע מעשה: ווו מען האָט פאַרלאַנגט איין אַרבעטער זענען געקומען צען. אַז דאָס לעצ־טע ביסל קליינגעלט האָט אים אָנגעהויבן אויסגיין איז ער געוואָרן פאַר־זאָרגט, וואָס טוט מען? ווי אַ טרינקענדיקער, וואָס כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, איז ער אַוועק אין „טאָגעבלאַט", זען זיין חבר אליה־חיים פון דער דזשעלנע 79 אין וואַרשע. ער האָט געטראָפן דאָרט (ווי ער האָט זיך שפּעטער דערוווסט) דעם רעדאַקטאָר ג. בובליק, אַ מיטליאָריקן ייִד מיט אַ בלאָנד בערדל און אַ בלאַס למדניש פּנים.

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— קאָן איך זען דעם שרייבער אליה חיים?

— ער איז היינט נישט געקומען אין רעדאַקציע — האָט אים בוב־ליק געענטפערט, און נישט געקוקט אויף אים, ווי ער וואָלט געווען אַן אשה...

פון דאָרט איז דוד, אַ ביסל אַ געפּלעפטער אַוועק אין „טאָג". דער רעדאַקטאָר וויליאַם עדלין, אַ שלאַנקער ברונעטער מאַן מיט אַ געפּוצט קויל־שוואַרץ בערדל, וואָס האָט געהאַט די פאָרם פון אַ האַלבן מגן־דוד, מיטן שפּיץ אַראָפּ, האָט אים דווקא פריינדלעך אויפגענומען — אָ, יאָ, דוד לינדפעלד.

— איר געדענקט מיך?

—זיכער. מיר האָבן דאָך שוין אָפּגעדרוקט אַ צאָל דערציילונגען אייערע אין „טאָג“. איבערגעקוקט האָט זיי אונדזער ליטעראַרישער רע־דאַקטאָר. יאָ, אייערס אַ דערציילונג גייט אַריין אין קומענדיקן יום־טוב־נומער. אַזוי, גייט איר אייך באַזעצן אין ניו־יאָרק. זייער פיין. און אחוץ שרייבן פון וואָס מאַכט איר אַ לעבן?

— איך בין אַ דאַמען־שניידער און קיין לעבן מאַך איך נישט.

— אַז איר זענט אַ „קלאָוקמאַכער“ וועט איר שוין אין ניו־יאָרק נישט פאַרפאַלן ווערן — האָט אים עדלין פאַרזיכערט...

— ס׳איז אָבער שווער צו קריגן אַרבעט — האָט זיך דוד באַקלאָגט, און געטראַכט: זאָל ער אים דערציילן אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך, אַז עס איז אים אויסגעגאַנגען דער „פאָדעם“... און אַזוי ווי זיינס אַ דערציילונג גייט באַלד אַריין אין דרוק, אפשר... נאָר ער באַמערקט ווי עדלין מישט שוין פּאַפּירן, אַ באַווייז, אַז ער איז אַ פאַרנומענער מענטש... און ער, דוד, ווערט שוין רויט, שוויצט. האָט ער געזאָגט אַ גוטן טאָג, און עדלין האָט אים פריינדלעך אָנגעזאָגט: שרייבט, שרייבט, און אַרבעט איבער זיך, אונדזער ליטעראַטור דאַרף פרישע, נייע כוחות...

אין עטלעכע טעג אַרום, אַז די דערציילונג האָט זיך אָפּגעדרוקט, איז דוד אַוועק אין רעדאַקציע נאָך האָנאָראַר. באַקומען גאַנצע דריי דאָלאַר, און ס׳איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן... אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער געקראָגן אַרבעט אין אַ קלאָוק־שאָפּ און אָנגעשריבן אַן אָפּטימיסטישן בריוו צו מרימען: ער האָפט עס וועט נישט נעמען לאַנג און ער וועט זי מיט די קינדער אַראָפּנעמען קיין ניו־יאָרק.

אין דער רעדאַקציע פון „טאַגעבלאַט“ זענען ביי עטלעכע טישן גע־זעסן שרייבער, געררויכערט, געטראַכט, געקוקט מיט פאַרריסענע קעפּ צו דער סטעליע אין רויך אַריין, ווי זיי וואָלטן פון דאָרט אַרויסגעצויגן די געדאַנקען, און געשריבן. ביי איינעם פון די טישן איז געזעסן אליה חיים, מיט דער געדיכטער, טונקל־גלאַנציקער טשופּרינע און שוואַרצע, מיסטי־שע אויגן. אַ שיינער יונג געווען, אָפּגעטאָן מיידלעך כישוף...

— דוד! — האָט ער זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים. בובליק האָט מיר געזאָגט, אַז עמעצער האָט זיך געפרעגט אויף מיר און איז באַלד פאַר־שוונדן. וואָס מאַכסטו, וואָס מאַכט דיין פרוי, די קינדער?

— זיי זענען פיין.

— מרים איז אויך דאָ?

— ניין, זי איז דערווייל געבליבן אין שיקאַגאָ.

— ווייסטו וואָס, דוד, איך פֿאַרענדיק איצט אַן אַרטיקל. זעץ דיך אַוועק און וואַרט אונטער אַ ביסל, וועלן מיר גיין צוזאַמען עסן „לאַנטש" — כ'האָב געזען דיין דערציילונג אין „טאָג" — האָט ער געזאָגט, שוין אַריינגעקוקנדיק אין דעם געשריבענעם, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט פֿאַרטיק מאַכן צום דרוק.

אין רעסטאָראַן־קיביצאַרניע, וווּ אליה־חיים האָט אים גענומען, איז געווען ענג, הייס, רוישיק. די „הענט" פֿון טעגלעכע צייטונגען, וואָס קריגן אַ פֿייגעם, וועכנטלעכן געהאַלט, האָבן געקיימט אויף ביידע באַקן, טייל זענען געווען פֿאַררויטלט און אונטערגעשוויצט. די „שעפֿערישע" שרייבער, בעלעטריסטן, דיכטער — אָן אַ וועכנטלעכן געהאַלט, האָבן מיט סלונעדיקע מיילער געקוקט ווי די אַנדערע עסן, פֿרעסן אַריין. זיי האָבן געטרונקען וואַסער, געקייט הילצערנע ציין־שטעכער און געראַוויכערט.

— האָסט שוין געזען עדלינען? — האָט אים אליה חיים געפֿרעגט.

— יאָ.

— וואָס האָט ער עפּעס געזאָגט?

— גישט קיין סך. נאָר ער האָט זיך זייער פֿריינדלעך באַצויגן.

— איין קלייניקייט, עדלין — האָט זיך אליה חיים געראַנגלט מיט אַ גרויסן טעלער גריגעם סאַלאַט (געווען אַ וועגעטאַריאַנער) — ער איז אָנגעשטאָפּט מיט קולטור. שרייבט אפֿילו וועגן מוזיק, און וואָס נישט? געזען ווי שלאַנק ער איז? וואָס פֿאַר אַ טאַליע ער האָט?... מען זאָגט ער טראָגט אַ גאָרסעט...

— וואָס מען זאָגט אַלץ דאָ ביי אייך אין דער קיביצאַרניע... זאָג מיר בעסער, אין וואַרשע ביסטו געווען דער סעקרעטאַר אין דער רעדאַקציע. וואָס איז דיין טועכץ אין „טאַגעבלאַט"?

— איך שרייב פֿעליעטאָנען, אַרטיקלען, געגראַמטע נייעס און פֿיר די בריוו־אָפּטיילונג.

— פֿאַרדינסט זיך שוין, זע איך, כּשר דיין ברויט. אייער בריוו־אָפּטיילונג, פֿאַרשטיי איך, איז במקום דעם „בינטל בריוו" אין „פֿאָרווערטס".

— ס'איז אַנדערש, נישט אָנגעפּיקעוועט מיט „שלאָפּצימער", אונדזער צייטונג איז אַ באַלעבאַטישע, מ'קאָן זאָגן אַ פֿרומע.

— און דו האַנדלסט זיך איין די וועלט און יענע וועלט.

— אחוץ אַ פּאָעט, בין איך אַ זשורנאַליסט. זשורנאַליזם איז אַ פאַך. מענטשן מאַכן אַ לעבן דערפון...

אליה חיים און דוד האָבן נאָכן עסן שפּאַצירט אַ ביסל אין איסט בראָדוועי, גערעדט פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד דעם 17 אָקטאָבער. אליה חיים איז געווען פאַר לענינען, קעגן קערענסקין... דוד איז נישט געווען אָריענטירט אין די געשעענישן. אין עפּעס זענען זיי נישט געווען איינשטימיק, און דוד האָט אויפגעהויבן זיין קול, וואָס האָט פאַרשריגן אליה חיימס, ווייל ער האָט אַלע יאָרן גערעדט הייזעריקלעך. אין דער רוישיקער גאַס איז געווען דער איינדרוק, אַז ער שעפּטשעט. אָפּגעהיצט זיך, אָפּגעקילט, האָט אים אליה חיים געגעבן זיין אַדרעס.

— איך וווין אין ברוקלין, נישט ווייט פון דער וויליאַמסבורגער בריק. כאַפּ זיך אַריין צו מיר.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט דוד אַראָפּגענומען מרימען מיט די קינדער קיין ניו־יאָרק. לויט זיינע פּאַרדינסטן פון „ביזי" און „סלעק" האָט ער נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו דינגען אַן אייגענע וווינונג און אָנגענומען דעם ברייט־האַרציקן אָנבאָט פון אַ באַקאַנטער העברעישער לערערין מיט איר מאַן, אַ קינדערלאָזן פּאָרפאָלק, אַז דערווייל, ביז ער וועט זיך שטעלן אויף די פיס, זאָל ער זיך אַריינציען צו זיי מיט מרימען און די דריי קינדער. און ער האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט. אין שיקאַגאָ, האָט מען אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג אַרויסגעוואָרפן מרימען מיט די קינדער אין גאַס. דער הויזווירט האָט דורכגעפירט זיין סטראַשונעק. די לערערין, וואָס האָט קיין קינדער נישט געקענט האָבן, האָט זיך געקוויקט מיט שמואליקן, מיט פּערעלען. צוגעכאַפּט זיך צו זיי ווי אַ דורשטיקער צו אַ פרישן קוואַל וואַסער, כאָטש זיי זענען געווען קאַפּריזנע קינדער און צייטנווייז געטאָן "שלעכטע זאַכן". די גאַסטפריינדלעכע ווירטין האָט אין אָנהייב פרייגעלאָזט איר אָנגעזאַמלטע ליבשאַפט און צערטלעכקייט צו קינדער. נאָר אין הויז איז געווען ענג, ס'איז געוואָרן פאַר איר שווער, זייענדיק געוווינט צו אַ רואיק באַקוועם לעבן. האָט דוד אין איר צייטנווייז באַמערקט אַ מידקייט, אַן אָפּגעקילטן ענטוזיאַזם. ווי שנעל ער האָט אָנגעזאַמלט עטלעכע דאָלאַר, האָט ער געדונגען אַ צימער מיט אַ קיך און זיך אַריינגעקליבן אין אַן אייגן ווינקל.

נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אין שאַפּ פלעגט ער אַהיימקומען אַזוי מיד, אַז ער האָט געהאַט איין פאַרלאַנג, רוען, רוען. נאָך אַ גליק, וואָס

די סעזאָנען פֿון אַרבעט זענען געווען קירצער ווי די „סלעקס“, איז גע־וועז פֿרייע צייט, נאָר קיין פּרנסה איז נישט געווען. און דאָך האָט מען שפּאַצירט, געלייענט, געגאַנגען צו לעקציעס און געשריבן. די עטלעכע דאָלאַר פֿאַר אַ דערציילונג האָט די פֿאַמיליע דערהאַלטן ביים לעבן...

מרים האָט געקאָנט, ווי מען זאָגט, אויסציען אַ דאָלאַר אַ מייל לאַנג, גע־קויפֿט אַלטע ברויטן, געקאָכט גרויסע טעפּ זופּ. עס זענען געקומען געסט, „שעפֿערישע“ שרייבער, וואָס האָבן זיך נישט דערשלאָגן צו ווערן „העגט“ אין אַ צייטונג, און מען האָט געפּראַוועט ליאַמעס, דיסקוטירט איבער ליטעראַטור, מוזיק, פֿילאָזאָפֿיע און געזונגען לידער וועגן ליבע און וועלט־שמערץ.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער זומער מיט די גרויסע היצן. האַרט אין פֿענצטער האָבן אַרייַנגעשטאַרצט הויכע, גרויע ווענט פֿון די אַרו־מיקע הייזער. ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. איז מען אַמאָל אַרויסגעפֿאָרן אין קוני־אײַלאַנד. דער סאַבוועי איז געווען איבערגעפּאַקט. נישט געווען גאָך די עלעקטרישע פֿעכערס, וואָס זאָלן אַ ביסל אָפּקילן די אָנגעגליטע לופֿט. דער סאַבוועי האָט זיך געוויגט און געבויגן ווי אַ שיף. שמואליקן מיט פֿערעלען האָבן זיך פֿאַרדרייט די קעפּלעך, זענען געוואָרן בלאַס און אַרייַנגעבראָכן אין דודס קאָפּעליוש. אַ גרויסער, שטאַרקער מאַן איז פֿאַרחלשט געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און נישט גע־קאָנט פֿאַלן, ווייל ער איז געווען אייַנגעמויערט אין דער ענגשאַפֿט. דער־פֿאַר אָבער, אַז מען איז אָנגעקומען אין קוני־אײַלאַנד און דערפֿילט די פֿרישע ים־לופֿט, האָט מען אָפּגעאָטעמט און אויפֿגעלעבט. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז מען האָט געמוזט צוריק אַהיימפֿאָרן אין זעלבן גע־פּאַקטן, הייסן סאַבוועי, און צוריק אַרייַן אין אָנגעגליטן הויז. די הייסע זומער־חדשים האָבן זיך געצויגן, ווי אַ היץ־קרענק. ביז מען האָט דער־לעבט אָקטאָבער, דעם אינדיאַנער זומער, די שענסטע צייט פֿון יאָר, ווען מען האָט גישט געליטן פֿון קיין קעלט און נישט פֿון קיין היץ. דער־נאָך האָט זיך געשטעלט דער ווינטער מיט די פֿרעסט. די פֿענצטער זענען פֿאַרקאָוועט געוואָרן מיט אייז. דוד האָט אָפּטמאָל געהאַט דעם אייַנדרוק, אַז ער געפֿינט זיך אויפֿן נאָרד־פּאָל. אין הויז איז געווען גרוי און קאַלט און גאַנץ אָפֿט איז נישט געווען מיט וואָס צו קויפֿן קיין קוילן.

אַזוי שנעל, ווי די קינדער האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן און אַרייַן אין „פּאַבליק סקול“, איז מרים אַוועק אַרבעטן אין אַ שאָפּ, און ס'איז

געוואָרן אַ ביסל לייכטער. מען האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ בעסערער דירה.

אַ סטרייק, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין דעם שאָפּ, וווּ דוד האָט געאַרבעט, האָט זיך פֿאַרצויגן. ס'איז געווען אַ גרויסער שאָפּ, וואָס האָט באַשעפֿטיקט אַ הונדערט אַרבעטער. דוד איז געשטאַנען אויף דער קליי־נער בינע פֿון אַ זאַל און גערעדט צו די סטרייקערס. גערעדט מיט פֿייער, געפּאָדערט אויסדויער. פּלוצעם האָבן זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע גענגס־טערס און מיט שטיקער אײַזן אָנגעהויבן שלאָגן די פֿאַרהונגערטע סטריי־קערס איבער די קעפּ און וווּ זיי האָבן געטראָפֿן. זיי האָבן געהאַט רויטע, אָנגעפּרעסטע פּנימער און טעמפּע אויגן. פֿאַר דעם בלוטיקן שטיקל אַר־בעט האָט דער באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק זיי גוט באַצאָלט. די אַרבע־טער זענען צעטומלט און דערשראָקן געוואָרן פֿון דעם בליץ־אָנפֿאַל. טייל האָבן געפּרוווּט אויפֿהייבן די שטולן און מיט זיי צוריקשלאָגן. ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק, אַ פֿאַרצווייפֿלט געשריי פֿון מענער און פֿרויען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע מינוט. אַזוי שנעל ווי די גענגסטערס האָבן זיך באַוויזן, אַזוי שנעל זענען זיי פֿאַרשוווּנדן, איבערלאָזנדיק צעבלוטיקטע אַרבעטער. אַ פֿרוי האָט געחלשט און מען האָט זי קוים אָפּגעמינטערט. אַן עלטערער מאַן האָט געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַק. דוד איז אַהיימגעקומען אַ צעביילטער, אַן אויפֿגעטרייסלטער מיט אַ בלוטיקער ליפּ. מרים האָט אים צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן און געצאָרנט קעגן די ווילדע בולי־גאַנעס. די קינדער, שמואליק און פּערעלע האָבן אים געגלעט, אויסגע־דריקט זייער מיטגעפֿיל און זיך דערוווּסט וואָס עס מיינט סטרייק, באָס און גענגסטערס. די קלעפּ האָבן פֿאַרהאַרטעוועט די אַרבעטער. וואָכן נאָך דעם האָט מען מאַרשירט אין דער „פּיקעט ליין" פֿאַר דער פֿאַבריק. די גענגסטערס האָבן זיך מער ניט באַוויזן. ס'האָט זיך אָבער דער פֿירמע איינגעגעבן צו קריגן „סקעפּס" און דער סטרייק איז געבראָכן געוואָרן.
דוד און עטלעכע אַנדערע זענען געווען אויף דער „שוואַרצער ליס־טע" ביי די באַלעבאַטים.

אין איינעם פֿון יענע ווינטערדיקע פֿרימאָרגנס איז דוד געגאַנגען אַרבעטן אין אַ נייעם שאָפּ. געווען אַ ביסל נערוועז פֿאַרן „באַלייגן עקזאַ־מען". אַ נייער אָפּערייטאָר קריגט אַ „סאַמפּל" (מאָדעל) צוגעשניטן און פֿאַרוויקלט אין אַ „באַנדל" (פּעקל). די אַרבעט איז קאָמפּליצירט, גע־דרייטע, איבערגעהאַקטע ליניעס, פֿון צענדליקער טיילן, וואָס מען דאַרף צוריק צוזאַמענשטעלן, לויט פֿאַרשידענע איינפֿאַלן פֿון דעזיינער. דער

פאַרמאַן האָט אַן אויג אויף אַ נייעם בעל־מלאכה, שטייט אָפּט אונטער דער פּלייצע און דער אָפּערעיטאָר פילט דאָס. צענעמענדיק די פאַרשידענע טיילן, ציטערן אַמאָל אַ ביסל די הענט, ווייל אויף יעדער מאַשין וואַרטן עטלעכע אָפּערעיטאָרס. און דער „גאַרמענט" מוז אַרויס פון דער מאַשין שנעל און גוט. גוט אַליין טויג נישט. אַזעלכער, וואָס מאַכט נאָר גוט, איז אַ קריכער. יעדער פאַרמאַן זוכט אַ שנעלן, אַ „שיסער". פאַר צוויי וואָכן האָט די פירמע אַ רעכט יעדן נייעם אַרבעטער אַוועקצושיקן. און דוד איז נאָך ניי און נישט אַזוי געניט אין פאַך. איצט אין דעם נייעם שאָפּ איז ער געווען זייער פאַרזיכטיק. אין קאָן זענען געשטאַנען ברויט, קוילן, קליידונג פאַר די קינדער, אַ דאַך איבערן קאָפּ. צוזאַמענגעשטעלט די ערשטע טיילן ביי דער מאַשין, איז ער געגאַנגען זיי געבן אויסצו־פּרעסן. און ס'האָט אים אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן: שימעלע גנב, פון וואַרשע, איז געשטאַנען און געפּרעסט „קלאָוקס" (פּרויען־מאַנטלען). זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. שימעלע האָט אַוועקגעשטעלט דאָס אייזן.

— זענט איר נישט אַמאָל יצחק דעם שמוקלערס זון פון דזשעלנע 79?

— יאָ, און איך דערקען אייך אויך... און ס'פרייט מיך אייך צו טרעפן!

— איר טרעפט איצט אַן אַנדערן, כאָטש דער זעלבער... אַ סך וואַ־סערן זענען שוין פון דעמלט אָפּגעלאָפן. אַז כ'האָב אייך דערזען, האָט מיר עפּעס געטאָן אַ קלאַפּ אין האַרץ... — האָט שימעלע געזאָגט — נו, לייגט אַוועק די שטיקלעך, וועל איך זיי אויספּרעסן און מאַכט אייך היי־מיש. מיר זענען אייגענע מענטשן, פּראָלעטאַריער, יוניאָן־ברידער — האָט ער געערדט מיט וואַרעמקייט. די שוואַרצע וואָנצעלעך זענען געווען רא־זירט. ער איז געווען העכער, פולער, אַן אַנטוויקלטער מאַן, נאָר ער האָט געהאַט די זעלבע גלאַנציקע אומרואיקע אויגן, ווי דעמלט ווען ער האָט זיך צוגעפּוצט צו צירלען, דאָס דינסטמיידל, ווען זי האָט אויסגעקלאַפּט דעם דיוואַן אויף אַ שטריק. פאַר דודס אויגן איז אויפגעשוואומען ס'בילד, ווען מען האָט „שימעלע גנב" אַריינגעטראָגן אַ פאַרבלוטיקטן אין צערקל.

— מיין צירל האָט מיר דערציילט פון אייערע עלטערן. ווער האָט נישט געקענט אויף דער דזשעלנע 79 אייער פאָטער, דעם אפּיקורס, דעם סאָציאַליסט, דעם קעמפער קעגן צאַר. ער פלעגט שטיין אין הויף, אַ רעדל אַרום אים — און אַגיטירט. איך בין געווען אַן אַריינגייער אין יענעם

הויף... און מיין צירל האָט גוט געקענט אייער מוטער. זי פֿלעגט אפילו אַריינקומען צו אייערע עלטערן אין הויז. זיי האָבן זי אויפגענומען ווי אַן אייגן קינד, ביכלעך איר געגעבן צו לייענען...

— אייער... צירל איז דאָ אין אַמעריקע?

— צירל איז דאָך איצט מיין פרוי. מיר האָבן שוין דריי קינדער. צי זי איז אין אַמעריקע? זי איז דאָך אַ האַנט־נייערין און אַרבעט דאָ אין שאָפּ. קוקט אַהין צו יענעם טיש. איר זעט דאָרט די שענסטע פרוי, די מיטן שענסטן שמייכל — דאָס איז צירל.

— מיסטער סיימאָן, לאָזט דעם נייעם מאַן מאַכן אַ לעבן — האָט געזאָגט אַ מיטליאָריקער, דיקלעכער מאַן און פאַרצויגן אַ געמאַכטן שמייכל. דאָס איז געווען דער פאָרמאַן, וואָס איז געשטאַנען פריער אונ־טער דודס פּלייצעס.

— זאָלן אַזוי אייערע באַלעבאַטים אים לאָזן מאַכן אַ לעבן, ווי איך וועל אים לאָזן. שוין, ער וואַרפט שוין אַריין זיינע צוויי סענט... וואָס איז דאָ? אַ צאַרישע טורמע, מ׳טאָר נישט אויסרעדן צו אַ מענטש אַ וואָרט?! אַ מענטש, וואָס מען האָט אים שוין יאָרן נישט געזען? און די פּאָר מי־נוט, וואָס ער פאַרלירט איז דאָך אויף זיין אייגענער צייט, ער אַרבעט דאָך אויפן שטיק.

— ווער קאָן זיך מיט אייך אויסטענהן, מיסטער סיימאָן — האָט דער פאָרמאַן ווידער פאַרקוועטשט אַ שמייכל און אַוועקגעגאַנגען אַ ביסל אַן אָפּגעשמיסענער.

דוד האָט זיך צווישן זייביידע געפילט אין אַ פארלעגנהייט — איך בין דאָך אַ נייער מאַן — האָט ער געזאָגט צו שימעלע־סיימאָנען — איך מאַך „פּראָבע“, ער קאָן מיך אַוועקשיקן.

— מ׳שיקט אים אַוועק אויף יענער וועלט!... — האָט זיך אין סיי־מאָנען אַ קאָך־געטאָן דער אַמאָליקער שימעלע... — ס׳הייסט ער וועט אַוועקשיקן?! יצחק דעם שמוקלערס זון, אַ קעמפער קעגן צאַר, וואָס האָט געשמאַכט אין די טורמעס, וועט ער אַוועקשיקן?!

— ער קאָן זאָגן, אַז מיין אַרבעט טויג נישט. און איך נייטיק מיך זייער אין דעם „דזשאָב“. איך האָב אויך אַ ווייב מיט קינדער.

— זאָלן זיי אייך זיין געזונט און שטאַרק. אייער אַרבעט וועט שוין טויגן.

ער האָט אַרויפגענומען דאָ אין שאָפּ גענוג זיינע אייגענע קאַליקעס, לעקערס, סקעפּישע נשמות!

דוד האָט געגעסן „לאַנטש" אין רעסטאָראַן מיט סיימאָנען און זיין פרוי צירל, וואָס אַרבעט אין זעלבן שאַפּ מיטן מאַן, וואָס איז דאָרט „טשערמאַן".

אירע בלאָנדע צעפּ פאַרוויקלט ווי אַ בייגל אויפן קאָפּ. אַ מיטליאָ־ריקע, פיין־אַנטוויקלטע פרוי.

— איך געדענק גוט אייערע עלטערן, די סאָציאַליסטן און אייערע שוועסטער. איינע האָט געקענט זייער שיין זינגען. פראַדל, דאַכט זיך, האָט זי געהייסן. אייער מוטער האָט מיר געגעבן ביכלעך צו לייענען... זי איז געווען אַ טייערע פרוי. זי שטייט מיר איצט פאַר די אויגן. ווען איך בין אַוועק פון הויף, פלעג איך זי דערנאָך קומען זען. זיי האָבן זיך באַנומען צו מיר, ווי איך וואָלט געווען זייער אייגענע טאָכטער. איז וואָס הערט איר פון זיי?

— איך הער גאָרנישט. די וועלט איז איצט פאַרמאַכט: מלחמה. ס'גייט נישט קיין פּאָסט. יאָ, מיינע עלטערן... — האָט דוד ערגעץ ווייט געקוקט — און ווי גייט עס אייך דאָ?

— אַזוי ווי אַרבעטער — האָט זי געזאָגט. גערעדט אַ גאַנץ פיינעם יידיש, ווי אַ לייענערין פון גוטער יידישער ליטעראַטור — און איר ווייסט? מיין מאַן, וואָס איז דער „טשערמאַן" אין שאָפּ, „לויפט" דאָך פאַר „ביזנעס אַגענט" אין דער יוניאָן — האָט זי מיט שטאָלץ גע־לאָזט וויסן.

קייענדיק זיין „סענדוויטש", האָט סיימאָן אַ ביסל פאַרבויגן דעם קאָפּ און פאַרליבט געקוקט אויף איר. דאַכט זיך, אָט דרייט ער זיך אַ וואָנצעלע, ווי אַמאָל אין וואַרשע. דוד איז געבליבן אַרבעטן אין דער פאַבריק. נאָך דער סעזאָן איז געווען זייער אַ קורצער און דער ווינטער אַ לאַנגער, אַ שווערער.

דוד האָט נישט געקאָנט אויפשטיין פון בעט. געדרייט זיך אונטער דער פעריגע מיט שאַרפע מאָגן־קראַמפּן. די קינדער האָבן אַרומגעטאַנצט מיט געפרווירעגע נעזלעך און געמאָנט עסן. ער האָט אַלץ געפרוווט אַרויס־גיין פון בעט, אַרויסגעשטעקט אַ האַנט און, דערפילנדיק די שניידנדיקע קעלט, זי צוריק אַריינגעכאַפּט. ס'איז שוין איבער אַ שעה, ווי מרים איז אַוועק קריגן קוילן ערגעץ און מען זעט זי נישט צוריק. דוד האָט שוין איבערגעטראַכט, פאַר זיינע אויגן האָבן זיך געמאָלן שרעק־בילדער, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרטרייבן פון זיך. און מרים איז געשטאַנען אונטער אַ לאַנגער ריי מענטשן, וואָס האָבן געטופּעט מיט די פיס אין

שנײ זײ צו דערוואַרעמען. דער אײזיקער װינט האָט געשניטן ס'פּנים, די הענט, אַז די הויט האָט געפּלאַצט. מרים, אַ צעפּלאַמטע פון פראָסט, איז געשטאַנען װי אויף הײסע קוילן, געװוסט, אַז זי האָט איבערגעלאָזט אַ קראַנקן מאַן אין בעט און הונגעריקע קינדער, און די לאַנגע רײ פאַר איר האָט זיך געצויגן מיטן אויג נישט צו דערזען. אַ פאַרצװײפלטע, האָט זי זיך געװענדט צו אַ פּאָליסמאַן:

— „אָפיסער"... איך האָב געלאָזט אַ קראַנקן מאַן אין הויז און קלײנע קינדער. איך זע, אַז כ'װעל זיך נישט דערװאַרטן אויף מײן „נעקסט". איך װעל פריער אומפאַלן. מײן מאַן איז קראַנק. איך דאַרף רופן אַ דאָקטער, נאָר פריער מוז איך מאַכן װאַרעם אין הויז, די קינ־דער זאָלן זיך נישט פאַרקילן. האָט אײנזעעניש, ס'איז אַן אויסנאַם־פאַל. איר זענט אפשר אויך אַ טאַטע פון קינדער. — די פאַרצװײפלונג האָט פון איר אַרויסגערעדט. און ס'איז געשען, אַז דער פּאָליסמאַן האָט גע־האַט אַ האַרץ, צוגעפירט זי צו אַ זײטיקן װעג און זי האָט געקראָגן אַ ביסל קוילן. אין הויז איז געװאָרן אַ פרײד. זי האָט נאָך געטראָגן אין אַ בײטל פריש, װאַרעם געבעקס מיט אַ הערינג, װאָס האָט געסלונעט ז'מויל. בלאָזנדיק די װאַרעמע פאַרע פון מויל אין די פאַרפרוירענע הענט אַרײן, האָט זי אָנגעהויבן אײנהײצן דעם אויװן, אַז דאָס פײער האָט זיך דערברענט, האָט עס װי אַ הײס מויל געקושט אירע פינגער. אַ טרערנדיקער שמײכל האָט געלויכטן אין אירע אויגן, אין װעלכע די פלאַמען האָבן געצונדן גאָלדענע פונקען. זי האָט מיט ציטערדיקע הענט, װי דאָס װאָלטן טאַקע געװען „שװאַרצע דימענטן" דערלײגט קוילן אין אויװן אַרײן.

— װי פילסטו זיך, דוד?

— די װײטיקן לאָזן נישט אָפּ.

— כ'װעל דיר באַלד געבן הײס װאַסער מיט לימענע־זאַפט צו טרינקען.

— אוי, װען דו װײסט װי מיר איז אָנגעקומען דאָס ביסל קוילן צו קריגן, אַז איך שעם זיך גאָר דיר צו דערצײלן... איך האָב אָבער געפילט, איך פאַל אַװעק. און דו ליגסט קראַנק אין בעט און — קינדער, קינדער, צערײסט מיך נישט. לאָזט מיך אָפּכאַפּן דעם אָטעם. איר װעט באַלד קריגן פרישע זעמעלעך מיט הערינג און הײסע מילך. אָט באַלד, באַלד.

ס'איז ביסלעכװײז געװאָרן װאַרעם אין הויז. דער שנײ אויף די שויבן האָט זיך אָנגעהויבן שמעלצן, װײנען מיט זילבערנע טרערן. אין

הויז איז געוואָרן פרײלעך. דוד האָט געטרונקען אַ סך חיים וואַסער, ביז ער האָט אָנגעהויבן שוויצן און די ווײטיקן זענען געוואָרן מילדער.

— נישט געזאָרגט, מרים, די וועלט גײט נאָך נישט אונטער. ס'וועט נאָך זײן גוט!

הלוואי, ווי דערלעבט מען דאָס שוין — האָט מרים געזאָגט.

אין אַזעלכע צײטן פלעגט ווי פון הימל אַראָפּפאַלן אַן אָפּגעדרוקטע דערצײלונג אין „טאָג". פאַר די פינף דאָלער האָנאָראַר האָט מען געלעבט אַ וואָך, ווײל מרים האָט געקענט, ווי מיט כּישוף אויסציען אַ דאָלער. רק געקויפט אַלטע ברויטן, ווײל פרישע זענען נישט געזונט... געקאָכט געשמאַקע, פאַרענדיקע זופּן, מכבד געווען „שעפערישע" שרײבער, וואָס פלעגן אַמאָל קומען צוגאַסט און מען האָט ווידער היים און מיט נשמה־פלאַטער דיסקוטירט איבער ליטעראַטור, וועלט־פּראָבלעמען און געזונגען לידער. אליה חיים איז אויך אַמאָל געקומען. דוד האָט געפּרוווט אַרײנקוקן טיף אין זײנע אויגן אַרײן, דערגרונטעווען זיך צו זײן נשמה... ווײל אַרויסקומענדיק אײנמאָל איז זען ווען עפּעס אין דער רעדאַקציע פון „טאָגעבלאַט", איז ער געווען אַן עדות פון אַן אומאָנגענעמער סצענע. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי אליה חיים האָט שפּאַצירנדיק מיט דודן אויף איסט בראָדוועי, זיך אויסגעדריקט, אַז לענין און די באָלשעוויקעס זענען געדרעכט, זײ מײנען די טובה פון פאָלק. דוד איז דעמלט נישט מסכים געווען מיט אים. זײ האָבן הויך דיסקוטירט, אַז מענטשן אין גאַס האָבן געקוקט אויף זײ. דאָס האָט דוד גוט געדענקט. קומט אַרײן ג. בובליק, דער רעדאַקטאָר, פון זײן באַזונדער צימער, און זאָגט צו אליה חיימען — שרײבט אָן אַ פעליעטאָן, „מענשעוויקעס און באָלשע־וויקעס" און דערלאַנגט לעבינען מיט זײן באַנדע. דוד באַמערקט, אַז אליה חיים קאָן נישט פאַרטראָגן זײן בליק אויף אים. ער ווערט רויט... און... זעצט זיך אַוועק שרײבן דעם פעליעטאָן... צומאָרגנס האָט דוד געלײענט און געשטוינט. אליה חיים האָט געמאַכט אַ באַרג אַש פון די באָלשעוויקעס... און באַזונגען קערענסקין מיט זײנע לײט — אַלץ פאַר דער ביטערער פרנסה... אַ שטיקל צײט האָט אים אליה חיים אויסגע־מיטן. און אַז דוד פלעגט אים אַמאָל טרעפן, האָט ער אים טיף אַרײנ־געקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט דאָרט געוואָלט פאָרשן זײן נשמה...

---

די קעלטן האָבן נאָכגעלאָזט, ס'האָט זיך געשטעלט דער פרילינג. דער שניי האָט זיך געשמאָלצן און זיך פאַרוואַנדלט אין בלאָטע. ס'האָבן אָנגעהויבן ווייען מילדע ווינטלעך. אין סאפאלק סטריט, וווּ דוד האָט געוווינט, האָבן זיך געגומען פילן ריחות פון מיסט־פעסער. אין דער יאַטקע, נישט ווייט פון זיין הויז, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פליגן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן געדיכטער, רוישיקער, געריוועט אַרום פלייש און זיך קאָנצענטרירט אויפן „בוטשער" מיטן פאַרבלוטיקטן פאַרטעך. פון די אָנגעזאַמלטע בערגלעך פערד־מיסט אין מיטן דער גאַס, איז אַרויס אַ פּאַרע. ס'האָבן זיך געעפנט פענצטער. מענטשן האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. „פייער־עס־קעיפּס" זענען באַצירט געוואָרן מיט אַלטע קליידער צו לופטערן, און וועש צו טריקענען. די גאַס האָט געגרווישט, געליאַרעמט, געהילכט. ס'האָבן זיך אַרויסגעלאָזט קינדער, באַגלייט פון הינט און קעץ און אויף פאַר־שידענע אופנים, מיט פריידיקע געשרייען, באַגריסט דעם פרילינג!

מרים אַ בלייכע, אַ פאַרזאָרגטע, האָט זיך שטיל אונטערגעזונגען אַ פאַרבענקט פאָלקס־לידל, פלעכטנדיק די צוויי לאַנגע, געדיכטע צעפּ, וואָס האָבן נישט געלאָזט פאַרווישן די שפּורן פון מיידלשאַפט אויף איר (און אַזוי ביז אין די שפּעטע יאָרן אַריין). אירע אויגן צעצונדן פון אַ זון־שטראַל, וואָס האָט זיך דורך געדיכטע הויכע הייזער אַריינגעגנבעט, ווי ספּעציעל פאַר איר, האָבן געקוקט מיט פאַרוואורף אויף דודן... און אים ווידער פאַרטרויט אַ סוד...

— גיין! — האָט ער זיך דערשראָקן — וויאַזוי האָט עס געקאָנט געשען? מען האָט זיך דאָך געהיט.

— ס'איז געשען, ווייל מען האָט זיך אַזוי געראָטן געהיט, ביז מען איז אַריינגעפאַלן. „דאָס" דאַרפסטו וויסן איז אַ גנב...

זי האָט אָנגעהויבן באַנוצן מיטלען: געשפּרונגען פון טיש, זיך גע־ברענט אין הייסע וואַנעס, גענומען לאַנגע „וואקס", האַלב געלאָפן — האַלב געגאַנגען. מענטשן האָבן זי פאַרוווּנדערט נאָכגעקוקט. וואָכן אַזוי.

איין מאָל האָט דוד באַמערקט, ווי זי האַלט אַ פּיל ביים מויל מיט אַ גלאָז וואַסער צו פאַרטרינקען.

— וואַרט נאָר אַ מינוט — האָט דוד געזאָגט — וואָס איז דאָס פאַר אַ פּיל?

— אַ באַקאַנטע פרוי האָט עס מיר „נאַראַיעט" (געגעבן). זי זאָגט, אַז ס'האָט איר געהאָלפן. וואָס איז דען?

— עפּעס אַזאַ גרויסע פּיל — האָט זיך דוד געוווּנדערט — איי־דער דו נעמסט זי, לאָמיך אויסגעפינען, וואָס דאָס איז.

— ס'איז פאַר דעם צוועק — האָט אים מרים פאַרזיכערט.

— איך וויל אַרונטערגיין אין „דראָג־סטאָר“ (אַפּטייק) און מאַכן זיכער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּיל? — האָט ער געפרעגט דעם באַ־קאַנטן אַפּטייקער.

— ס'איז אַריינצוליייגן אין אַ וואַנע היים וואַסער, ווען מען וויל אָפּטרייבן אַ פאַרבינדונג.

— מיין פרוי האָט עס געוואָלט אַראָפּשלינגען.

— אַראָפּשלינגען?! — האָט ער זיך דערשראָקן — זי וואָלט אין עטלעכע מינוט געווען טויט!

דוד האָט עס מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ דערציילט מרימען. זי איז געוואָרן בלאַס, נאָכגעטראַכט און זיך צעוויינט... נאָך דעם קאַמף מיטן פּיצל נפש האָט זי נישט אויפגעגעבן (אַז זי שפּאַרט זיך עפּעס איין...). ס'איז געווען אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. דאָס ברעקעלע, מיט אַ שטאַרקן חשק צו לעבן, האָט זיך געווערט, געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, געקעמפּט ביז דער לעצטער מינוט און זי, די מאַמע, האָט עס אַזוי לאַנג געברענט און געבראָטן, ביז זי איז עס בייגעקומען. — בעסער פאַר דעם — האָט זי געזאָגט — וואָס עס איז נישט געקומען אין אַזאַ גליקלעכער וועלט אַריין...

דוד האָט שפּאַצירט מיט מרימען און די קינדער אויף דער ווי־ליאַמסבורגער בריק. פערעלע, שמואליק און משהלע, זענען געלאָפן פאָרויס, אָדער געבליבן הינטערשטעליק, אַז מרים האָט זיך אַלע ווײַלע געכאַפּט — ווו זענען זיי שוין ווידער פאַרפאַלן געוואָרן? מען טאָר זיי אויף קיין מינוט פון אויג נישט אָפּלאָזן! אָט, זעסט, אונטער אַ באַנק האָבן זיי זיך באַהאַלטן, שפּילן מיט מיר אין באַהעלטעניש און מיר פאַלט דערווייל אַרויס די נשמה. איך האָב אייך טויזנט מאָל אָנ־געזאָגט צו גיין לעבן אונדז! — האָט זי צו זיי געטענהט — און איך הערט מיך ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי!

— ס'איז קינדער, קאָנסט צוימען דעם ווינט? — האָט דוד געזאָגט.

— קאָנסט זיי אָבער נישט לאָזן אויף הפקר. מען טאָר נישט אַראָפּנעמען די אויגן פון זיי. און דאָס משהלע, מיט די בלאָנדע לאָקן און פּנים פון פון אַ מלאך איז ערגער פון זייביידן. וואָס ווייסטו? גייסט אַוועק אינדערפרי און קומסט אהיים ביינאַכט. איך בין מיט זיי אַ גאַנצן טאָג. איך מוז אָבער צוגעבן, אַז פערעלע איז אַ גוט קינד, שטיל ווי אַ טייבעלע, נאָר זי וויל נאָך אַלץ האַלטן א פינגערל אין מויל, און איך לאָז נישט. שמואליק? גיב אים א פּאַפּיר מיט אַ בלייער, שמירט ער מענטשעלעך. נאָר דאָס משהלע, ער גיט מיר שוין צו לעקן האָניק! אַז ער צעוויינט זיך, הייבט ער אויף דעם „בלאָק" (א טייל פון א גאַס).

— ער וועט דערפון אויסוואַקסן. מען וועט אָבער דאַרפן גיין מיט אים צו אַ דאָקטער. עפּעס מוז אים ווי טאָן — האָט דוד געזאָגט.

— ער עסט קיין עין הרע ווי אַ גרויסער... דאָס קינד האָט אַ קישקע אָן אַ דנאָ. גיין מיט אים צו אַ דאָקטער. וואָס איז? ער וויינט, אַ סך קינדער וויינען. ער וועט זיך אויסוויינען. דו דאַרפסט זען, ווי ער מאַכט נאָך דעם קאָנדוקטאָר, וואָס רופט אוים: „לעסט סטאַפּ קוני איילאַנד" (לעצטער אָפּשטעל — קוני איילאַנד) — האָט מרים געזאָגט מיט א שמייכל.

אין הימל האָבן אָנגעהויבן פינטלען די ערשטע בלאַסע שטערן. נאָכן הייסן טאָג איז מיטן צופאַלן פון דער נאַכט געוואָרן נאָך וואַרע־מער, שטיקנדיקער, דורך דער אָנגעהיצטער, שטאָלענער בריק, האָבן אַדורכגעדונערט אָנגעפּאַקטע סאַבוועיס מיט מענטשן. אין וואַסער אונטער דער בריק זענען געפאָרן קליינע פּאַסאַזשיר־שיפן. די עלעק־טרישע לעמפּלעך האָבן ווי גאָלדענע אויגן געמיניעט אין דער פינצטער. דוד האָט זיך פאַרקוקט אויף די שטערן אין הימל און ס'האָט אים אַרומגעכאַפּט א בענקשאפט צו ווייטע, אומבאַקאַנטע וועלטן, וואָס זע־נען אויבן מעגלעך פאַראַן... און ער קאָן זיך זיי אויסמאָלן ווי ער וויל... עפּעס האָט טיף אין אים אויפגעזונגען און געפייכט זיינע אויגן און ס'איז אים באַפאַלן אַ פאַרלאַנג צו שרייבן. ער האָט שוין לאַנג נישט גע־שריבן. נאָר ער איז געווען אַזוי מיד נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט איי דער הייסער, שטויביקער שאַפּ, אַז זיינע אברים זענען געווען אָנגעגאָסן ווי מיט בליי, און ער האָט נישט געקאָנט אָפּן האַלטן די אויגן. און כאָטש ס'האָט זיך אים זייער נישט געגלוסט אַרויפגיין אין די אָנגע־היצטע צימערלעך, האָט ער אָבער שוין געוואָלט ליגן אין בעט און רוען,

רוען. מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין צו דער אַרבעט. אַרויפגעשלעפּט זיך מיט די קינדער אויפן פּערטן שטאָק, איז איידער וואָס־ווען געוואָרן שפּעט. מען האָט זיך געלייגט אין די בעטן אַריין, און די מאָסקיטן האָבן זיך צעהוליעט, געפּראַוועט אַ סעודה אויפן צעהיצטן, שווייסיקן פלייש, געזשומעט, בייז, טריאומפירנדיק אין די אויערן אריין ביז פאַר־טאָג. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן ווערן אַביסל קילער איז מען אריינגעפאַלן אין א טיפן שלאָף, וואָס דער וועקזייגער האָט רוי און גרילצנדיק אי־בערגעריסן, געוועקט אויפצושטיין צו דער אַרבעט.

די ערשטע וועלט־מלחמה איז דערווייל אָנגעגאַנגען און אין יידישן טעאַטער האָט מען געזונגען: „ווען די „באָיעס" וועלן קומען צוריק, וועט די וועלט זיין יומטובדיק..." און די פּאָסט איז נישט געגאַנגען קיין איירעפּע, און קיין בריוו צו די עלטערן, אָדער די מינדעסטע שטיצע האָט דוד זיי נישט געקאָנט שיקן.

ער האָט זיך אָנגעהויבן באַקאָנען מיט די געשעענישן אין רוסלאַנד, מיט דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געקומען אויף פאַרזאַמלונגען און א גיי ליכט איז פאַר אים אויפגעגאַנגען... און ווען דער ערשטער נומער „פריייהייט" איז דערשינען איז ער געוואָרן א שטענדיקער ליי־ענער פון דער נייער צייטונג, וואָס האָט געעפנט א נייַ, פריש קאַפּיטל אין דער יידישער פרעסע פון אַמעריקע און אין זיין און מרימס פּריוואַט־לעבן...

גייענדיק אין אַ מילדער ערב־פרילינגדיקער נאַכט איבער איסט בראָדוועי, קומט דודן אנטקעגן יואל ענטין, דער שרייבער, קולטור־טוער און אָנפירער פון די יידישע קינדער־שולן פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. דוד, וואָס האָט געשיקט זיינע קינדער אין איינער פון יענע שולן, איז געווען א טעטיקער מיטגליד פון עלטערן־פאַריין אין דער שול פון זיין געגנט און זיך געקענט מיט ענטינען.

זיי האָבן זיך באַגריסט ווי א רבי מיט א תלמיד....

אויסטיישנדיק עטלעכע ווערטער, רופט זיך אָן דוד: — איר ווייסט, חבר ענטין, ס׳האָט דאָך אָנגעהויבן דערשיינען אַ נייע, יידישע, טעג־לעכע צייטונג, „די פרייהייט".

— אַוודאי ווייס איך... דערווייל האַלט זי אוים בלויז עטלעכע וואָכן. מירן זען ווייטער...

פאַרבייגייענדיק דעם „פאָרווערטס", האָבן זיי געזען, ווי מען פאַרבט איבער די ווענט, וואָס זענען שוין געוואָרן קויטיק...

— דאָס איז אַ טעמע פֿאַר די קיביצערס... — האָט ענטין געזאָגט און זיך אַ קראַץ געטאָן מיט דער לינקער האַנט דעם רעכטן אויער (זיינס אַ מאַניער). דוד האָט געפּרוּווט מאַכן אַ שמועס וועגן דער ביי־ער ציימונג. ס'איז אים געווען משיקאַווע צו הערן, וואָס ענטין האָט צו זאָגן וועגן איר, נאָר ער האָט קיין קלאָרן ענטפֿער נישט באַקומען. ענטין האָט יאָ געטאָן אַ זאָג.

— ס'איז אַ פֿראַגע, פֿון וואָכן, חדשים...

דוד האָט יאָרן שפּעטער נישט געקאָנט פֿאַרגעסן דעם זאָג פֿון דעם חשובן יואל ענטינען און די נייע פֿאַרב, מיט וועלכער מען האָט אויפֿגעפֿרישט די ווענט פֿון „פֿאָרווערטס"...

לייענענדיק „די פֿרייהייט", האָבן אים זיינע פֿיס עפּעס נישט גע־טראָגן אין „טאָג". נאָך אַ לענגערער צייט נישט דרוקן זיך, האָט ער אָנגעשריבן אַ דערציילונג. און אַ נישט דרייסטער, אַ שעמעוודיקער, זי געבראַכט אין דער „פֿרייהייט". מען האָט זי אים געהייסן איבערלאָזן. עס זענען אַוועק וואָכן, חדשים און די דערציילונג איז נישט געדרוקט געוואָרן. מרים איז געווען אויפֿגעבראַכט אויף אים, פֿאַרוואָס ער גייט נישט אויסגעפֿינען, וואָס איז געוואָרן מיטן מאַנוסקריפּט... און ער האָט אויסגעפֿונען, אַז די דערציילונג איז פֿאַרלוירן געוואָרן... מען האָט זי אין זיין קעגנוואַרט געזוכט צווישן בערג מאַטעריאַלן — נישטאָ. פֿון אַלע יאָרן אַ נישט גלויביקער אין זיך, האָט ער אָפּט דאָס אָנגעשרי־בענע צעריסן, ווייל ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס טויג נישט, און אפֿשר זענען צווישן די צעריסענע זאַכן געווען אַזעלכע, וואָס האָבן יאָ געקאָנט „אויסגעאַרבעט" ווערן — אפֿשר? נאָר דערווייל האָט ער אַראָפּ־געלאָזט די הענט... אַריינגעוואָרפֿן זיך אין דער אַרבעט פֿון די יידישע קינדער־שולן, און אַזוי ווי אין אים האָט נאָך געטליעט אַ טעאַטער־פּונקט פֿון זיין פֿריער יוגנט, האָט ער געהאָלפֿן אָרגאַניזירן יידישע און ענגלישע דראַם־קרייזן, וואָס אין אייניקע פֿון זיי איז ער געווען דער רעזשיסער. די איבעריקע צייט האָט די שאָפּ איינגעשלונגען.

# שלום

זיצנדיק ביי דער מאַשין, האָט דוד דערהערט אַ טומל, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון גאַס אין שאָפּ אַריין, ס'האָבן זיך געהערט פרייידיקע אויסגעשרייען, געזאַנג, מוזיק. דוד האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, די גאַס איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. מען טאַנצט, מען קושט זיך, אַ פייפעריי, אַ קלינגעריי, — די ערשטע וועלט=מלחמה האָט זיך געענדיקט! סאָלדאַטן און מאַטראָסן ווערן אַפּלאָדירט, מען טראָגט זיי אויף די הענט, מיידלעך נעמען זיי אַרום. די פינפטע עוועני, וואָס מען זעט אַרויס דורך די שאָפּ=פענצטער, ברויזט און יובלט. דוד, דער „משערמאַן", שטעלט אָפּ די „פּאַור" (עלעקטרישע קראַפט, וואָס טרייבט די מאַשינען), די רעדער הערן זיך אויף דרייען — יום=טוב! ער מיט נאָך צוויי אַרבעטער גייען אַראָפּ אין גאַס. די איבעריקע זעצן זיך שפּילן אין קאָרטן... שעהן האָט אָנגעהאַלטן דער אויסברוך פון פרייד, וואָס האָט געצונדן די האָפענונג פאַר נייע גליקלעכע צייטן.

ווי לאַנג די מלחמה האָט אָנגעהאַלטן, האָט דוד נישט געהערט פון זיינע עלטערן און ער האָט זיי מיט גאָרנישט געקאָנט העלפן. אַז די וועלט האָט זיך געעפנט, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן בריוו קיין וואַרשע און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַן ענטפער. און ס'איז געקומען אַן ענטפער: די עלטערן לעבן שוין נישט. שרה, זיין מוטער האָט אויפן טויטן בעט דיקטירט אַ בריוו צו אים... אַרבעטנדיק יאָרן אין אַ פּאַפּיראָס=פאַבריק, האָט זיך דער טאַבאַק=שטויב ביסלעכווייז דערקליבן צו אירע לונגען. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער הונגער אין מלחמה=צייט אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע און זי איז ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען. דער פאָטער יצחק, האָט זיך געלאָזט צופוס אין זיין געבורטשטאָט ראַדאָם, זוכן הילף ביי קרובים און איז אויפן וועג אומגעקומען.

צווישן ביזי און „סלעק", שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס זענען דערווייל די קינדער אונטערגעוואָקסן. שמואל האָט געענדיקט די יידישע

אָנפאַנג־שול און אַריין אין מיטלשול. אָנגעהויבן אַרומגיין מיט מיידלעך, דערהויפּט מיט איינער, עמיליע, אַ בלאָנד גאָלדיקער מיט זוניקע אויגן. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט רעציטאַציעס אויף קאָנצערטן. שמואל האָט פון קינדווייז אָן ליב געהאַט צו צייכענען, מאַכן מענטשעלעך. האָט ער אָנגעהויבן לערנען אין א מאָלער־שול און איבערגעריסן... ווי טויזנטער אַנדערע יונגע לייט, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שטורעמדיקער צייט, אין גרויסן קריזיס האָבן טויזנטער מאַרשירט מיט פּראָטעסטן און פאָדערונגען אין די גאַסן און געלאָזט זיך אויף וואַ־שינגטאָן, צום ווייסן הויז פאָדערן פון פרעזידענט ברויט און אַרבעט... די לופט איז געווען אָנגעהיצט ווי פאַר גרויסע וועלט־געשעענישן. די יוגנט האָט זיך געזען ווי העלדן אויף באַריקאַדן... — וואָס טויג ביל־דונג — האָבן זיי געטענהט —אַז אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן, זענען אַר־בעטסלאָז, הונגערן. סטודענטן קערן די דילן אין פאַבריקן פאַר צוועלף דאָלאַר א וואָך, אויב זיי האָבן שוין דאָס גליק צו קריגן דעם „דזשאָב“. שמואל האָט אויך נישט געהאַט קיין חשק צו גיין אין „קאָלעדזש“. פערעלע אויך אַזוי. משה דער ייִנגסטער האָט געהאַט אַן אָפּעראַציע אויף „מאַנדלען“ אין האַלדז און געקומען פון שפּיטאָל מיט א קראַנק האַרץ. דאָקטוירים האָבן דאָרט אַנטדעקט אַ קליין לעכל... ער איז געווען א פייערדיקער „פּיאָנער“ מיט שטאָלץ געטראָגן ס'רויטע טיכל אויפן האַלדז, געגאַנגען אויף דעמאָנסטראַציעס און געהאַלטן רעדעס. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט זענען זיי אַרויס פון די קינדער־שיכלעך און געוואָרן א טייל פון די מיליאָנען ארבעטסלאָזע. די איינציקע, וואָס האָבן מער ווייניקער געאַרבעט, זענען געווען די עלטערן, און דאָס פאַר צוועלף־פערצן דאָלער א וואָך. אַז דוד און מרים האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג — אָדער איר שטודירט, אָדער איר גייט זוכן אַרבעט! האָבן זיי „באַוויזן“, אַז ס'איז דאָ צופיל אַרבעטסלאָזע, וואָס פאַרלויפן דעם וועג.

— איך זוך אַרבעט — האָט שמואל פאַרזיכערט — קלאַפּ אין מירן. אומעטום איין ענטפער — מען דאַרף נישט.

— ס'ווענדט זיך וויאַזוי מען זוכט. מען קאָן זוכן און בעטן גאָט נישט צו געפינען...

— מיינסטו צו זאָגן, פּאַ, אַז די אַלע מיליאָנען אַרבעטסלאָזע, וואָס שטאַרבן פון הונגער בעטן גאָט נישט צו געפינען קיין ארבעט? דו

ווייסט גאַנץ גוט, און אַזוי האָסטו אונדז געלערנט, אַז אין דעם אַלעם זענען נישט שולדיק די אַרבעטער, נאָר די אָרדענונג.

— אין יעדער אָרדענונג, מיין זון, וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס מען וועט דאַרפן אויפוועקן פון שלאָף... ס'איז גרינג אַלץ אַרויפצוואַרפן אויף דער אָרדענונג.

ס'האָבן זיך פאַרמירט אין הויז צוויי „קלאַסן" — דוד און מרים, און די דריי קינדער, וואָס האָבן געמאַכט צווישן זיך אַ „פּאַראַי־ניקטן פראָנט"... צו משהן, דעם ייִנגסטן, האָט מען קיין טענות נישט געקאָנט האָבן, ער איז געווען נישט קיין געזונטער, אָפט געלעגן אין בעט, נאָר אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיך דערפילט בעסער, איז ער געלאָפן אויף פאַרזאַמלונגען פון די „פּיאָנערן", געוואָרן דאָרט אַן אָנפירער. גע־האַלטן רעדעס פאַר די ייִנגלעך מיט די מיידלעך, מיט די רויטע טיכלעך, דראָענדיק מיט די פויסטלעך אין דער לופט... אַז מען האָט דאָס דודן דערציילט, האָט ער זיך דערמאָנט, ווען ער האָט געהאַלטן אַ רעדע אין נאָמען פון „קליינעם בונד" אויף ברוך שולמאַנס קבר.

## „די שטאָט פון מלאכים"

ס'איז געקומען אַ בריוו פון מרימס ייִנגערער שוועסטער פייגעלע, וואָס וווינט מיט איר מאַן אין לאָס אַנדזשעלעס, אַז זיי האָבן דאָרט א צירונג־געשעפט אין דער ייִדישער געגנט. זי איז אויך אַנטלאָפן פון דער היים מיט אַ בחור, ווייל די עלטערן זענען געווען קעגן דעם שידוך. זי שרייבט, אַז פאָרנדיק אויף אַ באַזוך קיין וואַרשע, צו זען דעם טאַטע־מעשי מיט דער מאַמעשי און די שוועסטער, וועט זי זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע טעג אין ניו־יאָרק.

דוד און מרים זענען זי געקומען באַגעגענען. ס'איז געווען אַ גדולה, אַ פרייד! אַרויפקלעטערנדיק די פיר שטאָק צעמענטענע שטיגן, איז זי אַריינגעפאַלן אין ענגן, טונקעלן הויז, אַ פאַרשוויצטע, אַ פאַרסאָפּעטע:

— איר שפּאַרט דאָך שוין באַלד אָן ביי גאָט! — האָט זי געווישט דעם שווייס פון פּנים. זי איז שוין נישט געווען דאָס רויט־בלאָנדע, פלינקע מיידל, וואָס פלעגט שנעל נאָכלויפן און צוריק אריינשלעפּן א קונה אין שניט־געשעפט פון אירע עלטערן אין די וואַרשעווער „האַלעס" (אַ גרויסער באַזאַר מיט אַ גלעזערנעם דאַך). דער קונה פלעגט עטלעכע מאָל אַרויסגיין און פייגעלע האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם און מיט זיסע רייד, צוריק אַריינגעפירט. איצט איז פייגעלע א דיקלעכע, מיטלוווקסיקע פרוי, טראָגט א ברילי־אַנטענעם רינג אויפן פינגער און בריליאַנטענע אויערינגלעך. די רויטע פארב אויף אירע זיס־שמייכלדיקע ליפּן איז צעשמאָלצן, צעשמירט פון דער היץ.

— אוי, ניו־יאָרק! — האָט זי געפּאָכעט אויף זיך מיט אַ טיכל און געקוקט צו די פענצטער, ווי זי וואָלט געזוכט מיט וואָס צו אָטעמען, געזוכט אַביסל ליכט, וואָס דאָס נאָענטע קעגנאיבערדיקע הויז האָט ווי אַ שווערער לאָדן פארשטעלט. זי האָט געכאַפּט א בליק דורכן פענצטער אין דער הויך אַרויף, וו די שפּיצן פון די הייזער זענען זיך צונויפגעקומען און פארשטעלט דעם הימל.

— די ווינונגען דאָ אין ניו־יאָרק, זענען עפּעס ווי אין אַ קוילן־שאַכט, אַז מען זעט נישט קיין הימל. זאָגט מיר, איך בעט אייך, זענען אַלע ווינונגען אין ניו־יאָרק אַזוי?

— גיי שוין, גיי — האָט מרים געלאַכט — פאַראַן געגוג רייכע, ליכטיקע ווינונגען, פּאַלאַצן.

— אַפילו אין די רייכע גאַסן ווו איך בין פריער אַדורכגעפאָרן, האָט מען באַדאַרפט אַרויפקוקן מיט שפּאַקטיוו צו זען אַ פּיצל הימל. און זאָג מיר, מיין טייערע שוועסטער, פאַרוואָס ביסטו אַזוי אויסגע־בלייכט און אַזוי מאָגער? מען קאָן דאָך ביי דיר שוין באַלד יעדעם ביינדעלע ציילן!

— האָסט זי פּונקט געטראָפן גאָך אַ קרענק... — האָט דוד גע־זאָגט.

— וואָס איז דיר געווען? — האָט פייגעלע געפרעגט.

מרים האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, און געזאָגט עפּעס. מיט די אויגן אויף „פּרוויען־לשון" ...פייגעלע האָט פאַרבראָכן די הענט... — און ווי פילסטו זיך איצט?

— איצט פיל איך זיך גוט.

— נו, מילא, אַבי דו ביסט דאָס איבערגעקומען. איז וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? יאָ, דעם גאַנצן וועג פון לאָס אַנדזשעלעס ביז אַהער, האָב איך געקוקט אויפן זייגער, אונטערגעטריבן די צייט, גע־וואָלט וואָס שנעלער זען אייך מיט די קינדער, און זיין אין וואַרשע ביים טאַטעשי מיט דער מאַמעשי. נו, דאַנקען גאָט אַבי מיר זעען זיך. גלייב מיר, אַז ווען די מלחמה האָט אייך פאַרכאַפּט אין לאָנדאָן, האָב איך קיין נעכט נישט געקאָנט שלאָפן. איך האָב געזאָגט צו מיין מאַן: דזשעק, איך מוז ראַטעווען מיין שוועסטער. איז ווי עס זאָל איצט נישט זיין ——גוט, שלעכט — אַבי מען לעבט און מען דערציילט דאָס אַלץ אין פריידן...

— און ווי לעבט זיך אייך — האָט מרים געפרעגט פייגעלען.

— אוי, שוועסטער, כ'האָב דיר אַ סך צו דערציילן! איך בין געגוג דורכגעגאַנגען די לעצטע יאָרן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען קיין שופר נישט בלאָזן... עס האָבן זיך אָנגערוקט פאַרשידענע אומגעריכטע צרות. נאָר איין זאַך, מיר מאַכן, דאַנקען גאָט, א לעבן. מיר האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אויף פיינע ביזנעס. און איצט, אַז מען וואָלט שוין געקאָנט, ווי מען זאָגט, לאָזן א פייגעלע אין

וואַלד זאָרגן, איז מיין מאַן פון ווילטאַג משוגע געוואָרן. וואָס, פרעגסטו, איז אים? ס'איז אים צו גוט... נאָר איך וויל איצט פון דעם נישט רעדן, איצט מאַך איך אַ לוסט-רייזע און וועל באַלד זיין אין וואַרשע און זען דעם טאַטעשי מיט דער מאַמעשי, און אונדזערע שוועסטער. איז נישט געזאָרגט! נאָר אַז איך קוק אויף דיר, טוט מיר ווי דאָס האַרץ. פאַר-וואָס מוזט איר דווקא וווינען אין ניו-יאָרק און זיך שטיקן אין אַזאַ ענ-גער, פינצטערער דירה? איר קאָנט דאָך וווינען אין קאַליפאָרניע. וואָסי, די גרויסע גליקן, וואָס איר מאַכט דאָ?... דאָרט וועט איר כאָטש האָבן אַ הימל איבערן קאָפּ און לופט צו אָטעמען. נאָר מיר וועלן איצט נישט רעדן דערפון. זע נאָר ווי איך האָב מיך פאַררעדט. פאַרגעסן פרעגן ווו זענען אייערע קינדער? ס'האַרץ גייט דאָך מיר אויס זיי צו זען.

— די קינדער וועלן אוודאי באַלד זיין דאָ. קינדער רופסטו זיי, יענע האַלטן זיך שוין פאַר גאַנצע מענטשן, גייען איבערקערן די וועלט... און וואָס מאַכן דיינע קינדער און דזשעק וואָס מאַכט? — פרעגט מרים.

— וואָלסט דזשעקן נישט דערקאָנט, ס'איז שוין נישט יענער דאַ-רער בחור, וואָס דער טאַטעשי פלעגט פאַטשן, ווייל ער איז אים נישט אָנגעשטאַנען פאַר אַן איידעם. ער קוקט אויס ווי אַן עכטער אַמעריקאַנער, אַ דזשענטלמען! מיט אַ בויך, מיט אַ קאַרק — אַ גראַף... נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז די פרויען פאַרדרייען אים דעם קאָפּ... שוועסטער, וואָס זאָל איך דיר זאָגן — —

די טיר האָט זיך געעפנט און פּערעלע מיט משהלען זענען אריינ-געקומען. פייגעלע האָט זיי געכאַפּט קושן — זע נאָר, ווי שיין זיי זע-נען אויסגעוואָקסן! קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן! פּערעלע איז דאָך שוין באַלד אַ כלה-מיידל, און פאַרוואָס טראָגט משהלע אַ רויט פאַטשיילקעלע אויפן האַלדז אין אַזאַ היץ?

— דאָס איז דער צייכן פון די „פיאָנערן" — האָט דוד געזאָגט.

— דער צייכן פון וואָס? — האָט זי נישט פאַרשטאַנען.

— „פיאָנערן" איז אַ קינדער-אָרגאַניזאַציע — האָט איר דוד דערקלערט.

— אַ „סאָסייעטי" הייסט עס — האָט זי מיט באַוווּנדערונג גע-ווינקט דעם קאָפּ — גיי ווייס, אַז קינדער האָבן אויך „סאָסייעטיס".

מיר אין לאָס־אַנזשעלעס באַלאַנגען צו דער וואַרשעווער „סאָסייעטי“. דזשעק איז טאַקע דאָרט פּרעזידענט. נאָר די ווייבער... — האָט זי זיך פאַרהוסט...

— נעם אַ טרונק וואַסער, באַנעץ דעם האַלדז — האָט מרים גענאָגט און געטראַכט, אַז דורך די אַלע יאָרן האָט זיך פייגעלע גאָרנישט געביטן, געבליבן שטעקן אין די „האַלעס“. זי איז געבוירן געוואָרן צו האַנדל־וואַנדל. נאָך אַלס קינד פּלעגט זי שוין צוהעלפן די עלטערן, ווען זיי האָבן געהאַט אַ שפּייז־קראָם. נאָך געווען אַ קליינס, פּלעגט זי שוין העלפן וועגן און מעסטן און סאָרטירן די סחורה, זי איז אַ געבוירענע סוחרטע. מרים האָט אויף שגעל „פּאַרדרייט“ אַ קאַלט מאָלצייט.

מען האָט געגעסן און געטריבן די פליגן, וועלכע האָבן אַריינגערויעט דורך די אָפענע פענצטער. און מען האָט גערעדט און גערעדט, דערמאָנט זיך געשעעניש פון אַמאָליקע צייטן און פון דעם, וואָס מען האָט איבערגעלעבט די לעצטע יאָרן. פייגעלע האָט מער, געדיכטער און העכער גערעדט פון אַלע, ביז זי איז געוואָרן מיד און הייזעריק און אַז זי האָט זיך אָפּגערוט פון דעם רעדן, איז זי געוואָרן שטאַרק שלעפעריק, די אויגן האָבן זיך איר געקלעפּט. זי האָט זיך צוגעקאַטשעט צו דער סאָפע, אַוועקגעפאַלן, און באַלד איינגעשלאָפן, צושנאָרכנדיק מיט אַ צופייף. אַז די וואַגט פון נאָענטן הויז, וואָס ווי א לאָדן פאַרשטעלט דאָס פענצטער, איז געוואָרן טונקעלער, איז געווען א סימן, אַז ס'פאַלט צו די נאַכט. אין הויז איז געוואָרן הייסער, שטיקנדיקער, צו די פליגן זענען נאָך צוגעקומען מאָסקידן און אָנגעהויבן זשומען, צישען. פייגעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ צעביסענע, אַ פאַרשוויצטע — אוי, מאַמע! ס'איז דאָך דאָ הייס ווי אין א באַק־אויוון. און די פליגן מיט די מאָסקידן דערגייען די יאָרן — האָט זי זיך באַקלאָגט — אין אַלגעמיין, מיין טייערע שוועסטער, געפעלט מיר נישט ניו־יאָרק. גייסט אין גאַס שטופּט מען זיך, מען שטורכעט דיך, מען לויפט, אַז מען וואַרפט שיעור נישט אום איינער דעם אַנדערן, ווי ס'וואָלט אויסגעבראָכן אַ שרפה און יעדער וויל זיך ראַטעווען שפּרינגענדיק איבער יענעמס קעפּ. ווען איר פאָלגט מיך, פּאַקט איר אייך איין און קומט קיין קאַליפאָרניע. אַזויפיל מענטשן מאַכן א לעבן אין לאָס־אַנזשעלעס וועט איר אויך נישט פאַרפאַלן ווערן. ווער שמועסט נאָך, אַז גאָט העלפט עמעצן מיט אַ שטיקעלע ביזנעס קאָן מען דאָך שוין גאָר לעבן און לאַכן... פּפיו, איז דאָ

הייס! און וואָס טוט איר צו די כמאַרעס פליגן?, זײ עסן דאָך די אויגן אויס.

— אין די היצן זיצן מיר נישט פאַרנאַכט אין הויז — האָט דוד געזאָגט — מיר גייען אַרויס כאַפּן לופט. מיר האָבן דאָ נישט ווייט א טײַך מיט שיפן, מיט אַ בריק. קום, לאָמיר גיין אויף א שפּאַציר.

און זײ האָבן מכבד געווען פייגעלען מיט דער „וויליאַמסבורגער בריק".

— אוודאי איז דאָ אַ סך בעסער — האָט זי אָפּגעאָטעמט און זיך דערפרייט מיטן שטיק אָפענעם הימל. פּערעלע, מיט איר יונגערן ברודער משה, וואָס זענען מיטגעגאַנגען האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער, געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויף דער קאַליפאָרניער מומע, וואָס קומט פון גאָר אַ פרעמדער וועלט, וואָס איז פול מיט „ביזנעס". רעדט מיט אַ צוקערדיקן שמייכל, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס פאַרקויפן, איינ־רעדנדיק דעם קונה, אַז ס'איז אַ מציאה. זי טראָגט אַ בריליאַנטענעם רינג אויפן פינגער, בריליאַנטענע אויערינגלעך — אַ קאַפּיטאַליסטקע.

— די מומע זאָל מיר אנטשולדיקן, איך מוז אַוועקגיין — האָט פּערעלע געזאָגט. זי איז געשטאַנען פאַר פייגעלען, אַ פּופּצניאָריקע, א זונקל־הנעוודיקע, א בויגיקע, ווי אַ טענצערין.

— ווו גייסטו, פּערעלע?

— צו אַ פאַרזאַמלונג.

— וואָס פאַר אַ פאַרזאַמלונג? — האָט זיך פייגעלע געוווּנדערט.

— „יאַנג וואָרקערס ליג".

— וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

— אַן אָרגאַניזאַציע פון יוגנטלעכע — האָט איר דוד דערקלערט.

— אַהאַ, אַזאַ מין „סאָסייעטי" — האָט זיך פייגעלע געכאַפּט, און אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען — אַמעריקע... נו, גייט געזונטערהייט. איך וועל אייך שפּעטער זען.

משה איז מיטגעגאַנגען מיט דער שוועסטער.

— וווּהין לויפט ער? — האָט פייגעלע געפרעגט.

— אויך צו אַ פאַרזאַמלונג — האָט מרים געזאָגט. ער איז דאָך שוין אַ גאַנצער מאַכער ביי די „פּיאָנערן".

— נו, ווי געפעלט דיר אַזעלכע „מאַכערס"? משהלע און פּערעלע גייען איבערמאַכן די וועלט... מילא, זאָלן זײ זיין געזונט און מיט אַ גוטער פרנסה.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פֿייגעלע אַוועקגעפֿאָרן, איבערלאָזנדיק ביי דודן און מרימען דעם געדאַנק וועגן פֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע.

די היצן אין ניו=יאָרק האָבן זיך אָנגעהויבן אויסברענען, עס האָט זיך געשטעלט דער „אינדיאַנער זומער“, וועלכער איז נאָך פֿריליגג די שענסטע צייט פֿון יאָר. געל=רויטע בלעטער זענען געפֿאַלן פֿון די ביימער אין די פּאַרקן. געזאַמלט זיך אויף דער ערד און געשורשעט אונטער די טריט מיט אַזאַ מין בלעטער=ניגון פֿון פֿאַרגיין, פֿון לעבן און טויט. קילע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן און אָפּגעפֿרישט, אָפּגעמינטערט די אָנגעגליטע, פֿאַרחלשטע שטאָט. אין סאַפֿאָלק סטריט האָט מען דעם אינדיאַנער זומער נישט אָנגעזען, קיין געלע בלעטער זענען דאָרט פֿון די ביימער נישט געפֿאַלן. ס'איז אָבער דאָרט אויך לייכטער געוואָרן צו אָטעמען. קילע ווינטלעך האָבן אָנגעזאָגט, אַז דער ווינטער איז אויפֿן וועג, מען דאַרף אָנגרייטן קוילן, וואַרעמע קליידער צו באַשיצן זיך פֿון די פֿרעסט. די שטיקלעך הימל, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען צווישן די שפּיצן פֿון די הויכע הייזער זענען געוואָרן גרוי. דוד און מרים פֿלעגן נעמען די קינדער, אַוועקפֿאָרן אין אַ פּאַרק, וווּ דער הימל איז נישט פֿאַרשטעלט, און באַוווּנדערן, ווי די ביימער **ברענען** מיט אויסטערליש שיינע קאָלירן פֿון זונפֿאַרגאַנג, וועלכער צינדט אונטער די פּיס די געל=רויטע בלעטער, וואָס האָבן נאָר וואָס געלעבט, באַשיצט און באַצירט יונגע פֿאָרלעך, געווען אַ נעסט און אַ באַהעלטעניש פֿאַר בייזע אויגן — געווען און שוין נישטאָ. די צווייגן וועלן איצט ציטערן נאַקעטע ביז דער ערשטער שניי וועט זיי באַדעקן — דער טראַגיש=שיינער אינדיאַנער זומער, וואָס וועקט געדאַנקען, געדאַנקען...

ראַזירנדיק זיך האָט דוד דערזען אין שפּיגל די ערשטע גרויע האָר. ס'איז אים באַפֿאַלן אַן אומעט, געמישט מיט שרעק, שוין, ס'הייבט זיך שוין אָן? ער איז נאָך אַזוי יונג און שוין אַ גרויע האָר! און ער האָט זיך שטיל אונטערגעזונגען מאָריס ראָזענפֿעלדס ליד:

גרויע האָר, בית=עולם=בלומען,<br>
איך קוק אויף אייך און גיי אויס פֿון קעלט.<br>
צו פֿרי זענט איר צו מיר געקומען —<br>
שליחים פֿון אַ נייער וועלט.

דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן איינפֿונדערווען. אין הויז איז אָפֿט געווען קאַלט. די ווענט זענען געווען פֿייכט. דעם ווינטער איז דוד

קראַנק געוואָרן, געלעגן אין בעט מיט אַזעלכע ווייטיקן, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן נישט צו שרייען. דער דאָקטער האָט עס גערופן „נוראַלידזשי". ווי מיט מעסערס איז זיין לייב געשניטן געוואָרן. מרים האָט געטונקען האַנטוכער אין קאַכעדיקע טעפּ וואַסער, געברענט זיך די הענט און צוגעלייגט אים הייסע קאָמפּרעסן. ער האָט באַדאַרפט וואַרעמקייט און אין הויז האָט מען געפרירט.

נאָכן אָפּקרענקען עטלעכע חדשים, איז ער אַרויס אַ בלייכער, אַן אָפּגעצערטער, און ווען ער איז נאָר געקומען צו זיך, איז ער אַוועק צוריק אין שאָפּ אַריין אַרבעטן. די קרענק האָט זיי פאַרבאָרגן אין חובות.

עס איז געקומען אַ בריוו פון פייגעלען, וואָס איז שוין געווען צוריק אין קאַליפאָרניע, נאָכן באַזוכן די עלטערן אין וואַרשע.

„מיין ליבע שוועסטער און שוואָגער און ליבע קינדער: ערשטנס שרייב איך אייך פון אונדזער געזונט, דאָס זעלבע פון אייך צו הערן. איך קאָן אייך ברענגען אַ גרוס פון דעם טאַטעשי מיט דער מאַמעשי און אונדזער שוועסטער. זיי גייען אין גימנאַזיע און וואַקסן שיין ווי די בלומען. נאָר דער טאַטעשי איז געברעכט און דאַרף האָבן אַן אָפּעראַציע און די מאַמעשי האָט געשוואָלענע פיס. זיי לאָזן אייך האַרצלעך גריסן. זייער גרעסטע האָפענונג אין לעבן, איז נאָך אייך צו זען. דער טאַטעשי איז שוין נישט דאָס, וואָס געווען, ער איז שוין אַ סך ווייכער און נאָכ־גיביקער... ער האָט אַפילו מיטגעשיקט אַ פריינדלעכן גרוס צו מיין מאַן דזשעק... און האָפט אים נאָך אויך אַמאָל צו זען... איך האָב געלייענט אין דעם „פּייפּער", אַז אין ניו־יאָרק זענען איצט גרויסע פרעסט, ווען דאָ אין לאָס־אַנדזשעלעס איז זומער און מענטשן באָדן זיך אין ים. די ביימער זענען גרין און פייגעלעך זינגען. ליבע שוועסטער און שוואָגער, מיר טוט ווי דאָס האַרץ, ווייסנדיק, אַז איר פרירט נעבעך אין די גרויסע פרעסט מיט די קינדער אין דער קאַלטער דירה, אין דעם ווילדן ניו־יאָרק. איך האָב איבערגערעדט מיט מיין מאַן, אַז אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, איר זאָלט קומען קיין קאַליפאָרניע. און איר זאָלט אויך וויסן פון אַ לעבן. די גליקן, וואָס איר מאַכט דאָרט אין דער פאַבריק קאָנט איר דאָ אויך מאַכן. און ווער שמועסט נאָך, אַז גאָט העלפט דאָ עמעצן מיט אַ שטיקעלע ביזנעס און עס גייט אַוועק גוט, קאָן מען שוין גאָר לאָזן אַ פייגעלע אין וואַלד זאָרגן. אַלזאָ, ליבע שוועס־טער און שוואָגער, קלערט אייך איבער און טוט ווי איר פאַרשטייט.

אייער שוועסטער און שוועגערין, וואָס האָפט פון אייך צו הערן, מיט האַרצלעכע גרוסן פון מיר, מיין מאַן און מיינע קינדער. פייגעלע.״

דורן האָט אַרומגעכאַפּט אַ בענקשאַפט צום ווייטן, זוניקן לאָס־אַנזשעלעס. די קאָנפליקטן צווישן די עלטערן מיט די קינדער אין הויז האָבן נישט אויפגעהערט. די עלטערן האָבן אויסגעזעצט למאַי די קינדער שטודירן נישט, אַרבעטן נישט, טוען גאָרנישט, שלאָפן אין טאָג אַריין, אַחוץ וואָס זיי גייען אויף די פאַרזאַמלונגען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס און פירן די ערשטע יוגנט־ראָמאַנסן. זיי האַלטן צווישן זיך אַ שטאַרקן „פאַראייניקטן פראָנט״ און טענהן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעט. ס׳האָט אויך קיין צוועק נישט צו שטודירן. מיט „קאָלעדזש״ דיפּלאָמען, אַז מען האָט שוין מזל, אַרבעט מען פאַר צוועלף דאָלער אַ וואָך. אינזשיניערן, קוואַליפיצירטע מעכאַניקער דרייען זיך אַרום פוסט און פּאַס און הונגערן. זיי טוען נוצלעכע אַרבעט פאַר דער באַוועגונג, גייען אויף פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס, העלפן „פּיקעטן״ קעגן שטרייק־ברעכער, שטעלן אונטער זייערע קעפּ... דאָס לאַנד האַלט ביי אַן איבערברוך, ס׳איז ערב באַריקאַדן...

— פּאַ — האָט שמואל געזאָגט — ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס מען האָט געלאָזט די יוגנט אויף הפקר? וואָס פאַר אַ צוקונפט האָט מען דאָ צוגעגרייט פאַר זיי? דו ווילסט מיר זאָלן שטודירן אויף וועמענס חשבון? אויף דיינע 14 דאָלער אַ וואָך, וואָס דו פאַרדינסט, און די מאַ פאַרדינט אַ סך ווייניקער, אַז איר קאָנט קוים, קוים זיך אַדורכלעבן. און אַז איך האָב אַגומלט געקראָגן אַ „דזשאָב״, האָט מען דאָך מיט מיר געאַרבעט ווי מיט אַ פערד, שמוציקע שווערע אַרבעט איז דאָס געווען און פאַר אַזוי ווייניק באַצאָלט, אַז ווען איך וואָלט געלעבט פאַר זיך אַליין, וואָלט איך אַרבעטנדיק געהונגערט, און באַצויגן האָט מען זיך צו מיר ווי איך וואָלט געווען שטויב, מיסט — נישט אַלע קאָנען דאָס פאַרטראָגן, נישט אַלע ווילן דאָס פאַרטראָגן!

— דאַרפן אַזעלכע ווי דו, און פּערעלע, וואָס זענען אַזוי סענסעטיוו, שטודירן, ווערן פּראָפעסיאָנאַלן, געלערנטע. בילדונג איז מאַכט. פון אַרומדרייען זיך פוסט און פּאַס וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

— מיר דרייען זיך נישט אַרום פוסט און פּאַס... דו ווייסט דאָס גאַנץ גוט. מיר גייען אין דיינע וועגן...

עס זענען אַרויסגעקומען אין הויז קאָנפליקטן אויך צוליב קליינקייטן, וואָס זענען קרענקלעך אויפגעבלאָזן געוואָרן אין „שטורעמס״.

פֿאַרטאָג זענען דוד און מרים אַרויס פֿון הויז, ווען דער „פֿאַראייניקטער פּראָנט“ איז נאָך געשמאַק געשלאָפֿן. אַהיימקומענדיק פֿאַרנאַכט נאָך א טאָג שווערער ארבעט אין א געפּאַקטן אָנגעגליטן סאבוויי, פֿלעגן די קינדער נישט זיין אין הויז. דאָס הויז איז געווען נישט אויפגערוימט, דאָס געפֿעס אין „סינק“ — קוימיק, דער „פֿרידזשידער“ (אייז־קאַסטן) ליידיק... ווו זענען אהינגעקומען די שפּייזן, וואָס מרים האָט אַ נאַכט פֿריער אָפּגעקאָכט עס זאָל זיין גרייט ווען זיי וועלן קומען פֿון דער אַרבעט, ווו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען? ס'איז דאָך געווען גענוג פֿאַרן גאַנצן הויזגעזינט? האָט זיך אַרויסגעוויזן: הונגעריקע יונגטלעכע, זייערע חברים, וואָס זיי האָבן פֿאַרבעטן, זענען ווי הייסעריקן באַפֿאַלן דאָס הויז... פֿלעגט ווערן דעם ווערן בייז בלוט. די געמיטער זענען געווען פֿאַרצאָרנט, די נערוון צעטרייסלט. און ס'האָבן אויסגעבראָכן שטורמישע קריגערייען צווישן עלטערן מיט קינדער. אין רואיקע מאָמענטן פֿלעגט דוד טראַכטן: ווער זאָגט דען, אַז עלטערן קענען און ווייסן וויאַזוי צו דערציען קינדער? פֿאַר דעם פֿאָדערן זיך לערער, פּעדאַגאָגן, מענטשן, וואָס האָבן שטודירט קינדער־פּסיכאָלאָגיע, נישט אַזעלכע, וואָס ווייסן גאָרנישט וועגן דעם, אַליין קראַנקע, נערוועזע, לאָזן אויס צו די קינדער, וואָס האָט זיך אין זייער פֿאַרביטערט האַרץ אָנגעזאַמלט.

א מידער פֿון די אַלע קאָנפֿליקטן, האָט ער געטראַכט וועגן דער ווייטער, זוניקער קאַליפֿאָרניע. און ער האָט שוין יאָרן די פֿעס נישט גענומען אין דער האַנט אריין. וויאַזוי איז דאָס געשען? מען האָט דאָך אַמאָל געלויבט זיינע אָפּגעדרוקטע זאַכן. אַ רעדאַקטאָר האָט דאָך געשריבן אין אַן אַרטיקל, אַז ער האָט טאַלאַנט. ווער ווייסט? אפשר איז פֿאַראַן אַזאַ פֿייערל, וואָס טוט א לויכט און פֿאַרלעשט זיך באַלד. געווען אַנדערע, וואָס האָבן אָנגעהויבן שרייבן און אויפגעהערט — פֿאַרלאָשן געוואָרן איידער ס'פֿייער האָט זיך צעברענט. און אפשר איז אַ קינסטלער ווי אַ פֿלאַנץ, וואָס אָן לופֿט, אָן זון וויאַנעט זי? פֿון די אָפּטע קאָנפֿליקטן אין הויז, פֿון דער שווערער ארבעט פֿאַר אַ הונגערלוין, אין זיין געזונט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ער פֿלעגט שוין גיין אַביסל געבויגן. צו פֿערציק יאָר — אַן אַלטער מאַן?! ער טאָר נישט בלייבן ווייטער אין ניו־יאָרק! און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צווישן אים און מרימן, אַז ער פֿאָרט דער ערשטער קיין קאַליפֿאָרניע, קיין לאָס־אַנדזשעלעס. זי בלייבט דערווייל מיט די קינדער. ס'איז ווידער געקומען די צייט צו מאַכן אַן ענדערונג.

די באַן פון ניו-יאָרק קיין לאָס-אַנדזשעלאָס איז געפאָרן צווישן בערג שניי, ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי פאָרט נישט אויף קיין רעלסן, נאָר זי גליטשט זיך. און וואָס ווייטער ווערן די שניי-בערג העכער, דראָענדיקער, רוקן זיך צונויף און וועלן, דאַכט זיך, איינקלאַמערן, איינפּרירן צווישן זיך די באַן מיט די פּאַסאַזשירן, וואָס קוקט אויס אין פאַרגלייך מיט זייער ריזיקער ברייט און הייך, ווי עפּעס אַ קינדעריש שפּילצייג. אין וואַגאָן איז וואַרעם. פּאַסאַזשירן באַקאַנען זיך, שליסן פריינדשאַפט, עסן, טרינקען, רויכערן. דוד דרימלט איין, און עס חלומט זיך אים, אַז ער גייט אויף אַ „פּיקעט-ליין" ביז די קני אין שניי. עס ברעכט אויס אַ געשלעג מיט שטרייק-ברעכער און ער כאַפּט זיך אויף. שלאָפט ווידער איין און ס'חלומען זיך אים פאַרשידענע חלומות. די צייט, דערווייל צעגייט ווי אייז. מען פאָרט שוין דעם צווייטן טאָג און דער שניי הערט נישט אויף צו שיטן. עס פליען פאַרביי ווייסע וועלדער און פעלדער, פאַרשנייטע פּויערישע הייזלעך. ס'פליט פאַרביי אַ פאַרשגייטער מענטש, אַ פאַרשנייט פערד, פאַרשנייטע פייגל פליען אין דער גרוי-זילבערדיקער לופט. איין פרימאָרגן — ער עפנט אויף די אויגן — די זון שיינט! דער שניי שמעלצט זיך, ווייגט מיט זילבערנע טרערן. שפּעטער הייבן זיך אָן אַרויסזען שוואַרצע שטיקלעך ערד. ס'פליען אָן אייניציקע גרינע געוויקסן. ס'ווערט וואַרעמער און צומאָרגנס — ער איז נאָך פאַרשלאָפן, רייבט זיך די אויגן, וואָס איז דאָס? יאָ, עס שוועבן פאַרביי דעם פענצטער לאַנגע רייען קורצעביימער מיט גאָלדענע קאַליפאָרניער מאַראַנצן, „אויסגעקושטע" פון דער מילדער, לאַכנדיקער זון. אין אַ שעה אַרום, דער קאָנדוקטאָר רופט אויס — לאָס-אַנדזשעלאָס!

דוד שפּאַנט מיט זיין וואַליזע אין אַ זומערדיקער וועלט. טויבן פליען איבער זיין קאָפּ. ווו זיין בליק פאַלט — פּאַלמען-ביימער און בלומען. ער קומט אַריין אין הויז פון מרימס שוועסטער פייגעלע, זי איז נישטאָ אין דער היים. אַן עלטערע פרוי מיט קלוגע, פריינדלעכע אויגן, דעם שוואָגערס מוטער, באַגריסט אים: — איך פאַרשטיי, אַז איר זענט מרימס מאַן, ר' דוד... מאַכט אייך היימיש. מיין זון און פייגעלע זענען איצט ביי די ביזנעס. ווי דערשוויצט איר זענט! אפשר ווילט איר קאַלטע מאַראַנצן-זאַפט? — און זי טראָגט אים צו אַ קריגל גאָלדענעם מאַראַנצן-ווייַן מיט אַ גלאָז — אָט רוף איך שוין אָפּ די קינדער אין דער „סטאָר" — איר ווילט רעדן צו זיי?

— אוודאי — און ער הערט פייגעלעס קול — העלאָ, דוד! וואָס מאַכסטו, ווען ביסטו געקומען, וואָס מאַכט מרים און די קינדער?

— זיי זענען אַלרייט.

— דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז דו וועסט היינט קומען. אַ גאַנצע נאַכט האָט איר זיך מיר געחלומט. נו, פון איצט אָן האָף איך וועט שוין אַלץ זיין גוט. אַבי דו האָסט זיך אַרויסגעריסן פון דעם ניו־יאָרק. איך האָף, אַז אין לאָס־אַנדזשעלאָס וועסטו מאַכן אַ לעבן און קאָנען שנעל אראָפּנעמען מיין שוועסטער מיט די קינדער. קינדער זאָג איך, יענע האַלטן זיך שוין פאַר גאַנצע מענטשן, גייען איבערמאַכן די וועלט.. אייער משהלע דאַרף שוין אויך זיין א יאָר פופצן. מיין מאַן וויל אויך רעדן צו דיר, נאָר ער איז איצט ביזי מיט אַ „קאסטאמער“ נו, מאַך זיך היימיש און רו זיך אוים פון דער רייזע. מיר וועלן היינט אהיים־קומען פרי. די „מאַ“ (מיינט די שוויגער) וועט דיך שוין צוזען. דוד, איך האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן, נאָר דווקא איצט איז געוואָרן ביזי אין „סטאר“. „גוד ביי“ ביז שפּעטער. פיל זיך היימיש, רו זיך אוים.

פייגעלע איז טאַקע געווען גאסט־פריינדלעך, נאָר ער האָט זיך נישט געפילט גוט: אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיי פייגעלע געשיקט שיפס־קאַרטן אויף אויסצוצאָלן... טאַקע אים אַרויסגעראטע־וועט מיט זיין פרוי און קינדער פון לאָנדאָן, וואָס די דייטשן האָבן אָנ־געהויבן באָמבאַרדירן פון אַעראָפּלאַנען. איצט, איז ער ווידער דאָ... ער וואָלט בעסער געוואָלט איינשטיין ביי פריינד, צו וועמען ער האָט אן אַד־רעס. וועט זיך אָבער פייגעלע באַליידיקן, דער שוואָגער איז געקומען פון ניו־יאָרק און שטייט איין ביי פרעמדע. וואָס וועלן לאַנדסלייט זאָגן? און ווידער צוריקגערעדט, קומט ער דאָך איצט נישט מיט קיין פרוי און קינדער, נאָר ער אַליין.

אין גרויסן פראָנטצימער האָט דורך די אָפענע פענצטער העל אריינגעשיינט די זון. א טיר האָט געפירט צו דער ווערענדע. ער איז אַרוים און באַטראַכט די שטילע ברייטע גאַס מיט פּאַלמען־ביימער און בלומען־גערטנדלעך פאַר יעדן הויז. אין פראָנט פון זייער הויז איז אויך געווען א גערטנדל מיט בלומען, וואָס די „מא“, ווי ער האָט שפּע־טער געזען, נעמט „קער“ אויף דעם, אַרבעט אַרום דעם. באַזילבערטע פלאטערלעך פון דער זון האָבן פארבייגעשוועבט אין דער שמעקנדיקער לופט. גרינגאלדיקע בינען האָבן זיך גראציעז געוויגט אויף די בלומען און אַרויסגעקושט זייער זאַפט. אַראָפּ פון איין בלום, אַ טאַנץ, א שוועב

אויף אַ צווייטער און ווידער געזויגן... אויף דער וועראַנדע איז געשטאַנען אַ וויגשטול. זייענדיק מיד פון וועג, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין איר און זיך אָנגעהויבן אַביסל וויגן, טראַכטנדיק, אַז דערוואַקסענע מענטשן בענקען טיף אין זיך נאָך דער צייט, ווען זיי זענען געווען קינדער און די מאַמעס האָבן זיי מיט א קוש און אַ ליד איינגעוויגט צום שלאָפן. דערפאַר ציט זיי צו וויגשטולן. אַ לינד ווינטל האָט געגלעט זיינע צעהיצטע שלייפן. די שטילקייט איז צייטנווייז איבערגעריסן געוואָרן פון א פויגל, וואָס זינגט צו זיין געליבטער און זי ענטפערט אים. זיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט. און ער איז איינגעשלאָפן. חלומט זיך אים ווידער, אַז ער איז אין ניו־יאָרק. טרעט אין טיפן שניי ערגעץ אין אַ גאַס, איילט זיך שטאַרק עפּעס גיכער צו פאַרשפּעטיקן. אַ שאַרפער ווינט פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם. ס׳איז פאַרנאַכט. דער גרוי־אייזיקער הימל איז שוין פינצטער. עס צינדן זיך אָן די גאַס־לאָמפּן. יאָ, דאָס איילט ער זיך אַהיים. מרים וואַרט אויף אים. פון איילעניש טוט ער זיך א גליטש אין שניי, פאַלט, און כאַפּט זיך אויף. די פאַרגייענדיקער זון אין קאַליפאָרניער הימל לאָזט זיך שוין אראָפּ אויף דער גאָרטן־שטאָט.

געכאַפּט א דרימל? — שמייכלט צו אים די „מאַ“ — און פאַרבעט אים צום טיש — פאַרזוכט עפּעס פון אונדזער קאַליפאָרניער פרוכט. די קינדער וועלן אוודאי באַלד אריינקומען. דוד האָט געלויבט די קאַליפאָרניער פרות, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס ער האָט קיינמאָל אין ניו־יאָרק נישט געזען. געשמועסט מיט דער „מא“, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ טיף איינגעבוירענע אינטעליגענץ.

אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים הויז. די שוועסטער מיטן שוואָגער זענען אַריינגעקומען. פייגעלע האָט זיך געכאַפּט קושן דזשעק, דער שוואָגער האָט דערלאַנגט א פעטלעכע האַנט. טאַקע געהאַט אַ קאַרק מיט אַ בויך. גערעדט אַ פאריידישט ענגליש. די „מאַ“ האָט פלינקער ווי אַ פרוי לויט אירע יאָרן דערלאַנגט צום טיש. מען האָט געגעסן און גערעדט. אַזוי שנעל ווי מען איז פערטיק געוואָרן מיטן מאָלצייט, האָט זיך דזשעק אויפגעהויבן און געזאָגט, אז ער מוז אַוועקגיין פאַר ביזנעס. געטאָן אַ מעכאַנישן שמייכל צום גאַסט, אַריינגעזעצט זיך אין אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אין פראָנט פון הויז, און אַוועקגעפאָרן. פייגעלע און די „מאַ“ האָבן זיך איבערגעקוקט...

אויפן טיש האָבן דערברענט די ליכט, וואָס די „מא“ צינדט אַלע פרייטיק־צונאַכט. זי איז איצט געזעסן אַן אויסגעוואַשענע, אַן איבער־

געטאָנענע אין אירע שבתדיקע קליידער. א גאַנצע וואָך האָט זי געקאָכט, געבאַקן, גערוימט, אכטונג געגעבן אויפן הויז. פרייטיק ביינאַכט נאָך ליכט צינדן איז זי געוואָרן א מלכה, און פייגעלע האָט איבערגענומען די הויז־אַרבעט ביז שבת ביינאַכט. איצט איז די שוויגער מיט דער שנור געזעסן פאַרשעמט פון דזשעקס פּלוצימדיקן אַוועקגיין. כדי צו פאַרווישן דעם איינדרוק, האָט פייגעלע מיט אביסל אַ פאַרקלעמטן האַלדז געפרעגט דודן — גו, ווי געפעלט דיר עפּעס קאַליפאָרניע?

— וואָס קאָן איך שוין וויסן?

— מען זאָגט דאָך, אַז א גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל. איז ווי געפעלט דיר דאָ?

— ס'געפעלט מיר שוין גאָר. איך האָב פאַרלאָזט ניו־יאָרק אין אַ שניי־זאַווערוכע און געקומען אין אַ זומערדיקער וועלט אַריין.

— וואַרט, וואַרט, האָסט נאָך טאַקע גאָרנישט געזען. אַז דו וועסט דאָ אָפּזיין א שטיקל צייט, וועסטו מער נישט וועלן הערן פון ניו־יאָרק — האָט אים פייגעלע פאַרזיכערט, אַראָפּנעמענדיק פון טיש.

— מען קאָן אָבער ניו־יאָרק אויך נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט...

— האָט דוד געשמייכלט — ניו־יאָרק איז — — — —

— אַ גיהנום! — האָט אים פייגעלע פאַרזיכערט — איך בין דאָרט שיר נישט טויב געוואָרן פון דעם ליאַרעם — אָט זענען מיינע קינדער! — האָט פייגעלע אָפּגעלאָזט ניו־יאָרק, דערזעענדיק איר זון מיט דער טאָכ־טער און אַרוים מיט אַ טענה צו זיי.

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט?! —

— מיר האָבן געטראָפן פריינד — האָט געזאָגט דזשאָ, א יונג בחורל מיט בלאָנדן פּוך אויף דער אויבערשטער ליפּ, און אָנזאָג פון וואָג־צעלעך. לילי, די טאָכטער פון אַ יאָר פופצן, האָט זיס געשמייכלט ווי פייגעלע.

— דאָס איז אייער אָנקל דוד — האָט אים פייגעלע פאָרגעשטעלט. זיי האָבן ביידע געזאָגט — העלאָו, אָנקל!

פייגעלע איז אַרויסגעגאַנגען מיט דודן אויף א שפּאַציר און גע־האַט מיט אים אַ לאַנגן שמועס, אַראָפּגערעדט זיך פון האַרץ וועגן זאַכן, וואָס, האָבן זי געדריקט. און דערהויפּט האָט זי מיט א פאַרשטיקטן האַלדז גערעדט וועגן איר מאַן, וואָס איז דאָ אין קאַליפאָרניע געוואָרן אַן אַנדערער. די ווייבער פאַרדרייען אים דעם קאָפּ...

דוד האָט זיך איינגעהערט, נאָכגעטראַכט וועגן דעם אייביקן רעטעניש. מאַן און פרוי... די לופט איז געווען מילד און געשמעקט מיט גראָז און בלומען, און די לבנה האָט אַ בלאַסע, אויך אַ פאַרטראַכטע, געשוועבט אין טונקל־בלויען הימל, וואָס איז געווען באַזעצט מיט מיליאָנען ליכטנדיקע שטערן, אפשר מיליאָנען וועלטן, און מיליאָנען סודות.

דוד האָט אין ניו־יאָרק געקראָגן אַ רעקאָמענדאַציע פון אַ חבר צו יענעמס אַ יוגנט־פריינד, וואָס איז אַ פאָרמאַן אין אַ פאַבריק פון פרויענקליידער אין לאָס־אַנדזשעלאָס. דעם צווייטן טאָג איז ער אין אָוונט אַוועק צו אים. דער פאָרמאַן, מיסטער קאָן, אַ דיקלעכער, מיטליאָריקער, אויפן אויסזען, אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט געזאָגט מיט אַ קרעכץ — איך וועל זען וואָס איך קאָן טאָן פאַר אייך. ס'איז אַ שלעכטע צייט. פאַראַן ווייניק אַרבעט און אַ סך אַרבעטסלאָזע. איך וועל אייך אָבער פרוּוון אַריינשפּאַרן...

דודן האָט דאָס פּנים געפלאַמט, ער האָט פיינט געהאַט צו בעטן טובות, נאָר ער איז געקומען קיין לאָס־אַנדזשעלאָס אָן געלט און מרים מיט די קינדער זענען ווי אויפן וואַסער אין ניו־יאָרק. ער איז אָבער אַרויס פון פאָרמאַנס הויז אַן אויפגעהייטערטער, מיטן געדאַנק, אַז ער וועט נישט דאַרפן זיצן אויף קעסט... צווישן די מיליאָנען אַרבעטסלאָזע אין לאַנד וועט ער זיין אַ גליקלעכער, וואָס האָט אַ „דזשאָב“ און ער וועט קאָנען אַוועקשיקן עטלעכע דאָלאַר קיין ניו־יאָרק.

דער פאָרמאַן מיסטער קאָן איז אַ שטילער מענטש מיט אַן איידעלער באַנעמונג. וויאַזוי גראָמט זיך דאָס?... הייבט קיינמאָל נישט אויף הויך דאָס קול אין שאַפּ. ווען ביי עמעצן געלינגט אַמאָל נישט עפּעס, מאַכט קאַליע אַ געוויסן טייל, ברענגט ער עס צוריק, דערקלערט שטיל, ווי ער וואָלט דעם בעל מלאכה איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז מען דאַרף דאָס איבערמאַכן. און ווייל דער פאָרמאַן האָט זיך אַזוי איידל באַצויגן, האָט מען זיך שוין זייער געפליסט אַרויסצוברענגען די אַרבעט בעסער, ווי לויטן פּרייז, וואָס מען קריגט באַצאָלט, כאָטש די פאַרדינסטן זענען פון דעם געוואָרן נאָך מאָגערער. די פיינקייט פון דעם איידעלן מיסטער קאָן האָט אַריינגעבראַכט מער פּראָפיט פאַר די באַלעבאַטים (אויך איידעלע צוויי יונגע לייט), ווי אויף זיין אָרט וואָלט געשטאַנען אַ פאָרמאַן וואָס שרייט, היקעט און זידלט...

די יידישע געגנט אין ברוקלין איז שוין געווען באַשפּרענקלט מיט
מעקסיקאַנער און באַפּעפּערט מיט נעגערס. אין קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָ־
ראַן האָט דוד אָפּגעגעסן אַ זאַטן מאָלצייט פאַר צוואַנציק־פינפאונ־
צוואַנציק סענט און זיך געטראָפן מיט פאַרשידענע מענטשן, שרייבער,
אַקטיאָרן, לערער, אַרבעטער־טוער. די באַלעבאָסטע, אַ רויט־האָריקע און
אַ רויטהאָריקע טאָכטער האָבן אויסגעקוקט ווי שוועסטער און זיך באַ־
צויגן היימיש און משפּחהדיק. נישט ווייט פון רעסטאָראַן — א יידישע
קינדער־שול. דוד קומט אַריין — מען לערנט זיך אין די אָוונטן שפּילן
טעאַטער, מען מאַכט פּראָבע, מען פירט אויף שפּילן, וואָס שפּיגלען אָפּ
די צייט. דער עלטערער, טאַלאַנטפולער אַקטיאָר זשעלאַזאָ, פון אמאָליקן
„קאַמינסקי־טעאַטער“ אין וואַרשע, רעזשיסירט. אויסגעוואַקסן אין אַלטן
טעאַטער, שפּעטער דערגרייכט אַ הויכע שטופע אין גאָרדינס רעפּערטואַר,
האָט ער געפּרווט אויף די עלטערע יאָרן ווערן א פאַרמער אין קאַלי־
פאָרניע... פאַרלוירן זיין ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט, באַזעצט ער זיך אין לאָס־
אַנדזשעלאָס און ווערט דער רעזשיסער פון דער אַמאַטאָרישער גרופּע,
וואָס רופט זיך „קאָלעקטיוו“. דוד פלעגט ביייווינען די רעפּעטיציעס.
איינמאָל, זשעלאַזאָ קומט נישט. מען דערוויסט זיך, אַז ער פילט זיך
נישט גוט. דער „קאָלעקטיוו“ האָט באַדינט מיט קליינקונסט די פּראָגרע־
סיווע באַוועגונג. דאָס איז נישט סתם זיך אַ שפּילן אין טעאַטער. אַזוי
ווי דוד איז אַמאָל געווען אַ מיטגליד פון אַ דראַמאַטישן קרייז, גע־
חלומט צו ווערן אַן אַקטיאָר, פּרווט ער מאַכן אַ סצענע, אָדער צוויי און
ווערט דער רעזשיסער אויף זשעלאַזאָס אָרט... די „באַוועגונג“ איז
צופרידן, אַן איינענער מענטש, מיט האַרץ און נשמה אַריינגעוועבט
אין דער נייער צייט. און אויפצופירן אַן „אַגיטפּראָג“־שפּיל דאַרף מען
קיין סטאַניסלאַווסקי נישט זיין... די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט טאַקע
אויפגעפירט, איז געווען אַ מאַסן־רעציטאַציע, „סקאָטסבאָרא“. נאָך אַ
שווערן טאָג אַרבעט, געשטאַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט און געקנעלט
דיקציע, באַטאָנונג, געשליפן די שפּראַך. דאָס גרויסע שול־צימער גע־
פּאַקט מיט א פּופציק אָנטיילנעמער, דוד, אַן אויפברויזטער, אַ צעצונדע־
נער, האָט געוואָרפן מיט די הענט ווי אַ דיריגענט, אַריינגעלייגט האַרץ,
נשמה, שוויים, איבערגעגאַנגען דאָס זעלבע איינמאָל, צוויי מאָל, צען
מאָל... אַזוי טעג און וואָכן ביז ס'איז פאָרגעקומען דער אָוונט אין א
זאַל פאַר אַן עולם. און מען האָט וואַרעם אַפּלאָדירט און אַרויסגערופן
דעם רעזשיסער...

א צווייט מאָל האָט דער „קאָלעקטיוו“ אויפגעפירט דודס אַן איינאַקטער, „פּראַטערנאַליע“ פון זיינעם א נישט געדרוקטן מאַנוסקריפּט. און דאָס איז אויך גוט אויפגענומען געוואָרן.

זשעלאַזאָ איז געקומען צו פּראָבע פון אַזאַ שפּיל. א געעלטערטער, א קראַנקער נאָר מיט שאַרפע, אויסדרוקפולע, נשמהדיקע אויגן, האָט ער נישט באַנומען אַזאַ מין טעאַטער... ער האָט זיך אָבער אויפמערקזאַם צוגעהערט און געפּרווט כאַפּן דעם נייעם וועג... אַ מאָגערער, אַ מיטלוווקסיקער, איז ער געזעסן פאַרטראַכט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, מיט טיפע קנייטשן אין שטערן. אַלע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אויף דודן מיט דער צעשויבערטער טשופּרינע, מערסטנס די אויגן פון פרויען... און ער האָט זיך עפּעס ווי געפילט שולדיק קעגן דעם אַלטן טאַלאַנטפולן אַקטיאָר, וואָס איז געזעסן אין א ווינקל ווי אַ שאָטן, אַ פאַרגעסענער, אַן אַרויסגעפאַלענער פון לעבן. אין וואַרשע פלעגט אים דוד נאָכקוקן אין גאַס מיט פאַרערונג, וויאַזוי דער יונגער זשעלאַזאָ האָט פלינק געשפּרייזט, אַזאַ צאַפּלדיקער, נישט בלויז זיינע אויגן, זיין פּנים, נאָר אַלע אבֿרים האָבן ביי אים געשפּילט טעאַטער. א באַוווסטער קריטיקער האָט דעמלט וועגן אים געשריבן, אז ער איז אַ געפונענער בריליאַנט.

שפּעט ביינאַכט איז דוד געלעגן אויפן אויפשטעל=בעט אין פראָנט צימער ביים שוואָגער. אַ מידער פון אַ טאָג אַרבעט און נאָך אַ רעפּעטיציע מיטן „קאָלעקטיוו“, האָבן זיך אים די אויגן געקלעפּט, נאָר די הויכע, אויפרעגנדיקע שטימען פון קיך, ווו דזשעק מיטן זון האָבן געשפּילט אין קאָרטן, האָבן אים אַרויסגענומען פון שלאָף. די שפּיל האָט זיך צעוואַרעמט און ער האָט געהערט ווי פייגעלע מוסרט זיי, לּמאי זיי לאָזן אים נישט שלאָפן. דזשעק און דער זון האָבן זי איגנאָרירט. ביז אין קיך איז פּלוצים פינצטער געוואָרן, און באַלד צוריק ליכטיק, און ווידער פינצטער. מען האָט זיך דאָרט געראַנגלט, געשאַרט מיט די פיס, גערוקט שטולן. אויפגערעגטע שטימען האָבן זיך צוזאַמענגעמישט. דוד איז געלעגן א פאַרזאָרגטער, און געטראַכט, אַז ער וועט ווידער קומען א מידער צו דער אַרבעט. דער קאָפּ וועט זיך אים וויגן ביי דער מאַשין. גענוג געוווינט ביים שוואָגער. ס'איז געקומען די צייט אַרויסצוקלייבן זיך. ער מוז האָבן אַ צימער פאַר זיך. איבערצושלאָפן אַ נאַכט, לייענען א בוך — און אפשר ווידער אַמאָל שרייבן...

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געקומען קיין לאָס=אַנדזשעלאָס מיטן

„באָס“ מרים מיט זייער יינגסטן זון משה. שוין אַ זעכצניאָריקער בחור. דוד האָט זיי אָפּגעוואַרט.

— ווי פילט איר זיך, ווי איז אייך צוגעגאַנגען די רייזע?

— אַ שווערער וועג געווען — האָט מרים געזאָגט, אַ מידע, מיט אַ פריידיק, ציטערדיק קול — מיר זענען אַריין אין שניי-בערג. נישט גע-קאָנט אַרויס, שיר נישט פאַרפרוירן געוואָרן. זיי האָבן זיך ערשט אָנגע-הויבן אויפטייען, קומענדיק נאָענט צו קאַליפאָרניע. דאָ איז דאָך אַ ליבע וואַרעמקייט זע, איך שוויץ!

— דאָ איז דאָס לאַנד פון אייביקן זומער... — האָט דוד געלאַכט — און ווי פילסטו זיך משה?

— איך פיל זיך פיין, פּאַ.

— ער איז געווען בלייך, הויך פאַר זיין עלטער, און דאַר. די לאַנגע פינגער האָבן אַביסל געציטערט, האַלטנדיק די וואַליז. ער האָט גערעדט געלאַסן, ווי ער וואָלט געציילט די ווערטער. אַ מילד קאַליפאָרניער ווינטל האָט שטיפעריש צעשויבערט זיין בלאָנדע משופּרינע. די זון האָט זיך געצונדן אין זיינע אויגן. און מרים? נאָך אַזאַ שווערער רייזע, אַריבער אַ וואָך אין אַ געפּאַקטן „באָס“ דורך אַזעלכע געפערלעכע וועגן האָט גע-שיינט און געלויכטן, ווי זי וואָלט גאָר געוואָרן יינגער. און איידער זי האָט זיך נאָך רעכט אָפּגערוט, האָט זי ווי פון אונטער דער ערד אויסגעזוכט אַ „דזשאַב“ אין אַ קליידער-פאַבריק. באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין אַ לייענ-קרייז. געוואָרן אַ מיטגליד אין „געזאַנג-פאַריין“ אין „קולטור-קלוב“, געקאָכט און געבאַקן פאַר אונטערנעמונגען. מענטשן האָבן באַוווּנדערט איר ענערגיע, איר פרומען גלויבן און איבערגעגעבנקייט צו איר אידעאַל... און די צייט פליט, מיטן אויג נישט צו דערזען.

אַ שבת אינדערפרי קומט אַ פריינד מיט אַ מאַשין און שלאָגט פאָר צו נעמען דודן מיט מרימען פאַר אַן אַרויספאָר. מרים זאָגט — זי האָט אַ קאָפּווייטיק, זי קאָן נישט פאָרן און האָט אַ סך אַרבעט אין הויז. דער פריינד, ד״ר קלעפּער, אַ קנאַביקער, מיט אַ רויט געזונט פנים, אַ רעדנער, אַ טוער און אַ מיטגליד אין שפּילער-קאָלעקטיוו, וויל ווייזן דודן שיינע פּלעצער אין און אַרום לאָס-אַנדזשעלאָס. דוד פאָרט מיט אים. אָט זענען פּאַלאַצן איינגעטונקען אין בלומען און גרינס, ווו ס׳וווינען „מוווי-סטאַרס“ און סתם רייכע לייט. אַ גן-עדן אויף דער ערד.

— אַז מען האָט נישט אין דער שטאָט קיין אויטאָמאָביל, איז מען נישט נאָר ווי אָן פיס, נאָר מען איז אויך בלינד, דאָס שיינע פון קאַלי־פאָרניע איז פארמעקט — באַדויערט דוד און איז באַגייסטערט פון די צויבער־פּאַלאַצן.

— אַז איר וועט דאָ זיין אַביסל לענגער וועט איר אויך האָבן א מאַ־שין — פּאַרזיכערט אים קלעפּער, און קערעוועט פלינק און גניט דאָס רעדל פון אויטאָמאָביל מיט זיינע הענט, וואָס מאַסירן קראַנקע טיילן פון מענטשלעכע קערפּערס. ביי קיראָפּראַקטאָרס איז דער הויפּט־אינ־סטרומענט די הענט, די פינגער, מיט וואָס זיי פּרעטענדירן אויסצוהיילן אַלע קראַנקהייטן...

— איך א מאַשין? — האָט דוד געלאַכט — פון מיינע פאַרדינסטן? איך קאָן דאָך אַפילו נישט אָפּשפּאָרן צו פאַרריכטן מיינע שיך.

— אַז איר זענט אין לאָס־אַנדזשעלאָס, וועט איר האָבן אַ מאַשין. די צייט וועט זיך בעסערן און דעמלט וועט איר ערשט קאָנען זען קאַ־ליפאָרניע — פאַרזיכערט אים קלעפּער, און ער שטעלט אָפּ דעם אוי־טאָמאָביל און זיי גייען אַריין אין אַ כינעזישן גאָרטן. דוד האָט גאָרנישט געוואָלט אַרויס פון דאָרט, דערנאָך זענען זיי געווען אין אַ יאַפּאַנישן גאָרטן. און די צייט דערווייל רוקט זיך. זיי פאָרן שוין אַרויס פון שטאָט, די מאַשין פליט אַרויף אויף בערג. און אַראָפּ אין טאָלן. עס שוועבן פאַר־ביי איינזאַמע הייזלעך, ווילדע געוויקסן און אַ פאַרכישופטע שטילקייט. ס'ווערט שפּעט. אהיים פאָרט מען דורך אַ לאַנגן פאַס ים. די כוואַליעס זענען באַפאַרבט פון דער בלוטיק־רויטער זון, וואָס פאַלט אין וואַסער אַריין. אָט בלייבט פון איר בלויז אַ רויטער פלעק.

ס'איז שוין געווען נאַכט, ווען זיי זענען צוגעפאָרן צו דודס הויז און דערזען, אַז אינעווייניק איז פינצטער — וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט דוד געזאָגט א געפּלעפּטער. מרים האָט אַוודאי געמוזט אַוועקגיין ערגעץ און איך האָב נישט מיט זיך דעם שליסל צו דער טיר. און אפשר פילט זי זיך נישט גוט, האָט זיך צוגעשפּאַרט, איינגעשלאָפן און הערט נישט דאָס גלעקל. וואָס טוט מען איצט? — איז ער געשטאַנען אַ פאַר־צווייפלטער. פלוצעם טוט זיך א פראל אויף דער טיר און ס'טוט א פלייץ אין די אויגן אַ סך ליכט, און א סך מענטשן שרייען אויס צוזאַמען: „סוּרפּריז!“. איינער האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט ווי אַ דיריגענט און אַלע האָבן אָנגעהויבן זינגען א ניי ליד מיט אַן אַלטער מעלאָדיע,

וואָס איינער פון „קאָלעקטיוו“ האָט פאַרפאַסט לכבוד דעם פּערציקיאָ־
ריקן געבוירנטאָג פון דעם רעזשיסער. אויפן טיש זענען געווען אָנגע־
שטעלט שפּייזן און געטראַנקען, גאָרגישט ווי אין א שלעכטער צייט...
מען האָט געהאַלטן רעדעס, געוווּנטשן, געלויבט, אויפגעהויבן דודן אַזוי
הויך, אַז אָט פאַלט ער אַראָפּ און ברעכט האַלדז און גאָקן... דערנאָך
האָט ער אַליין געהאַלטן איינע פון זיינע פּלאָמיקע רעדעס און מרים האָט
געלויכטן. מען האָט געגעסן און געטרונקען און געזונגען לידער ביז
שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

---

דוד איז געפאָרן אין טראַם אַהיים פון שאָפּ אין מיטן טאָג, ווייל
ס'איז נישט געווען קיין אַרבעט. דער שטענדיק בלויער, קאַליפאָרניער
הימל איז געווען פאַרדעכטיק גרוי. די לופט אומבאַוועגלעך, אויסגע־
טריקנט, ווי ס'וועט באַלד נישט זיין מיט וואָס צו אָטעמען. אַריינקומענ־
דיק אין הויז פרעגט ער מרימן:

— ווו איז משה?

— ער איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען.

— ווי פילט ער זיך?

— ער פילט זיך פיין. דער מילדער קלימאַט דאָ, ווייזט אויס, איז
גוט פאַר אים. נאָר עפּעס דרייט ער זיך אַרום מיט סודות.

— וואָס פאַר אַ סודות קאָן ער האָבן?

— איך דענק, אַז פּאָליטישע סודות.

— משה און פּאָליטישע סודות! — האָט דוד געלאַכט.

— ער לאָזט נישט אַרויס טראָצקים בוך פון דער האַנט.

— משה און טראָצקי? ווי קומט דאָס צו אים?

— זעסטו דאָך — האָט מרים געזאָגט — אַנומלט האָט ער געהאַט
אַ פאַרזאַמלונג מיט אַ גרופּע יונגטלעכע אין זיין צימער. האָב איך נישט
ווילנדיק אַרויסגעהערט, ווי ער אַטאַקירט סטאַלינען...

— משה אַטאַקירט סטאַלינען!...

— יאָ, משה אַטאַקירט סטאַלינען.. און אַנדערש מאָל האָט ער זיך
געשושקעט מיט עמעצן, ווען איך בין אָנגעקומען איז ער געוואָרן שטיל.
מיר דאַכט זיך, אַז ער גייט אַרויס פון דער „יאנג וואָרקערס ליג“ און
וויל מיטנעמען אַנדערע — האָט מרים געזאָגט גרייטנדיק צום טיש. אין

מיטן עסן האָט דאָס געפּעם אָנגעהויבן ציטערן. די טעפּלעך אויף דער קיך האָבן גענומען טאַנצן.

— אַן ערדציטערניש!! — האָט מרים אויסגעשריגן מיטן ביסן אין מויל און געלאָפן צו דער טיר. דוד איז איר אַ דערשראָקענער נאָכגע־לאָפן. אינדרויסן האָט זי זיך טיף אראָפּגעבויגן צו דער ערד, ווי זי וואָלט דאָרט געזוכט עפּעס. פון אַנדערע הייזער זענען אויך אַרויסגע־לאָפן דערשראָקענע מענטשן.

— וואָס זוכסטו אין דער ערד? — האָט זי דוד צעטומלט געפרעגט.

— שפּאַלטן! קוק, זע, שפּאַלטן! זיי ווערן גרויס, עפענען „מיילער“, שלינגען איין מענטשן!...

די מערסטע איינוווינער זענען שוין אַרויס פון די הייזער, געטוליעט צו זיך און באַרואיקט וויינענדיקע קינדער, וואָס זענען אָנגעשטעקט גע־וואָרן פון דער פּאַניק. די ערד האָט וויברירט. מען האָט נישט געקאָנט גלייך איינשטיין אויף אַן אָרט. דאָס ציטערניש, וואָס האָט אפשר אָנגע־האַלטן אַ קנאַפּע מינוט, האָט ענדלעך אויפגעהערט. דאָס איז געווען אַ מינוט, וואָס האָט זיך געצויגן אומגעהויער לאַנג, פאַרבלייבט און אויסגעצויגן די פּנימער ביי די מענטשן, פאַרשאַרפט די אויגן, וואָס האָבן געקוקט דעם טויט אין פּנים אַריין. אַז מען האָט זיך אָנגעהויבן באַרואיקן, איז מען ביסלעכווייז צוריק אַריין אין די הייזער, רעדנדיק וועגן דעם, וואָס מען האָט איבערגעלעבט אין דער שווערער מינוט, ווי־אַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבן און וויאַזוי מען האָט זיך באַלד דערפילט ווי אויף אַ שיף, ווען מען ליידט פון ים־קראַנקהייט.

דוד און מרים האָבן זיך געזעצט צוריק צום טיש, פאַרענדיקן דאָס מאָלצייט.

— נו, האָבן מיר שוין געהאַט אַן ערדציטערניש אויך אין קאַלי־פאָרניע — האָט מרים אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

— דאָס לאַנד פון זון און גאָלדענע מאַראַנצן איז טיף אין זיך אומרואיק... — האָט דוד געזאָגט.

— ס'איז געשען אַזוי אומגעריכט, ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל! — האָט מרים געטענהט — איך האָב באַלד פאַרלוירן דעם באָדן אונטער זיך. די פיס האָבן מיר גענומען ציטערן!

— פונוואַנען האָסטו געוווסט צו זוכן שפּאַלטן אין דער ערד?

— נאָך אין ניו־יאָרק האָב איך געהערט איינעם דערציילן, אַז אין דער גרויסער סאַן־פראַנציסקער ערדציטערניש, האָט זיך אויף דעם אָרט, ווו זיין כלה איז געשטאַנען די ערד געעפנט און זי איינגעשלונגען...

— נו, אַבי מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק

נאָכן עסן האָט זיך דוד צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל. ווען ער איז איינגעשלאָפן האָט עס אים פּלוצעם געטאָן אַ וואָרף אַראָפּ פון דער סאָפע אויף דער ערד.

— ס'ציטערט ווידער! — האָט מרים מיט שרעק אויסגעשריגן. שטולן האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן. דער הענגלאָמפּ האָט זיך געוויגט. מען האָט געהערט ווי ס'פראַלן אויף טירן. מענטשן לויפן ווידער אַרויס אין גאַס, ווי זיי וואָלטן דאָרט געזוכט שוץ ביי דער ערד, וואָס צעעפנט זשעדנע, הונגעריקע מיילער. ס'איז צוגעלאָפן די נאַכט. פייערן האָבן אויסגעבראָכן אין פאַרשידענע טיילן שטאָט. אין דער פינצטער האָבן זיי געלויכטן ווי גאָלדענע שטורקאַצן, צוליב עפּעס אַ גרויסן יום־טוב, וואָס אַ טייוול האָט פאַרטראַכט. בלאַסע, צעשראָקענע מענטשן האָבן אַרומגעבלאָנזשעט אין די גאַסן, זיי האָבן פון צייט צו צייט זיך אָנגעהויבן וואַקלען, ווען די ערד איז ווידער געוואָרן אומרואיק און איר אינערלעכער צאָרן האָט זיך צעבושעוועט. דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן: „לאַנג ביטש" (אַ שטאָט, נישט ווייט פון לאָס־אַנדזשעלאָס) איז שווער באַשעדיקט. אַ סך הייזער זענען איינגעפאַלן און באַגראָבן מענטשן אונטער די חורבות. איצט קאָן מען נאָך נישט וויסן גענוי די צאָל אומגעקומענע, וואָס האַלט אין איין שטייגן, מענטשן זענען געשטאַנען אויף די שוועלן פון די הייזער מיט קינדער אויף די הענט גרייט צו לויפן, נישט באַטראַכטנדיק ווהין... פון צייט צו צייט האָט די ערד אַ ציטער, אַ שוידער געטאָן, און אויפגעהערט, ווי גרייטנדיק זיך פאַר אַ צווייטן אויסברוך. קופּקעלעך מענטשן האָבן שטיל מיט אַ געפאַלן קול גערעדט צווישן זיך, געפרוווט טרעפן וויפל לאַנג דאָס ציטערניש וועט אָנהאַלטן. געווען טרייסטער און שוואַרצזעער. מען האָט זיך געטוליעט צוזאַמען, יידן, קריסטן, שוואַרצע, ווייסע — איין גרויסע, פרידלעכע משפחה, וואָס אין אַנבליק פון טויט זענען אַלע גלייך... עטלעכע וואָכן האָט די ערד פון צייט צו צייט געציטערט. געהאַלטן די שטאָט אין שרעק. ביז עס האָט זיך ענדלעך איינגעשטילט און דאָס לעבן איז געוואָרן צוריק נאָרמאַל.

פּערעלע איז געקומען צו די עלטערן קיין לאָס־אַנדזשעלאָס און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ חברטע, ריטאַ. זיי האָבן פון ניו־יאָרק ביז לאָס־אַנדזשעלעס „געהיטשהייקט“ (פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן האָבן זיי צוגעפירט די דריי טויזנט מייל)...

ביידע זענען געווען פאַרברענט פון דער זון, אויפגעפרישט פון די אָפענע ווינטן. אַז זיי האָבן זיך אָפּגערוט עטלעכע וואָכן, האָט דוד אָנגעהויבן טראַכטן, אַז זיי וואָלטן באַדאַרפן עפּעס טאָן... האָט זיך אָנגעהויבן די אַלטע ניו־יאָרקער מעשה... אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקומען זייער עלטערער זון שמואל. די צייט האָט זיך פאַרערגערט. דאָס לעבן איז געוואָרן שווערער. דער שטענדיק בלויער, זוניקער הימל אין לאָס־אַנדזשעלאָס הייבט צייטנווייז אָן צו לאַנגווייליקן, דערמאָנט אין אַ שיינער בלאָנדער פרוי — אַ ליאַלקע, מיט אַן אייביק זיסן שמייכל אין די בלויע אויגן. עס בענקט זיך נאָך אַן ענדערונג, נאָך שטורעמס, נאָך דונערן און בליצן, נאָך האַרבסט, נאָך ווינטער און נאָך פרילינג, וואָס שיינט אַרויס פון בערג שניי. און מען האָט גערעדט, אַז אין סאַן־פראַנציסקאָ פאַרדינט מען בעסער, מען לעבט בעסער. און סאַן־פראַנציסקאָ איז אַן אייגנאַרטיקע שטאָט, מיט אַן אייגן פּנים. — וואָס איז דאָ צו פאַרלירן — האָט דוד געזאָגט צו מרימען, לאָמיר מאַכן אַ בייט... און זי איז נישט געווען דאַקעגן. אַז מרים דערהערט פאָרן ערגעץ, לעבט זי אויף... אין אַ פרימאָרגן האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין אַ „באָס“, וואָס פאָרט קיין סאַן־פראַנציסקאָ. די זוניקע לאָס־אַנדזשעלאָס האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן. עס האָבן זיך שוין בלויז אָנגעזען די הויכע הייזער, די שפּיצן פון די פּאַלמען־ביימער און אַ קייט בלויע בערג, ווי הויקערדיקע קעמלען. עס האָט נישט גענומען לאַנג און פון לאָס־אַנדזשעלאָס איז געבליבן אַ ווייטער זוניקער פלעק. זיי זענען געפאָרן אויסקוקן פאַר זיך און פאַר די קינדער אַ בעסער לעבן אין אַ נייער שטאָט.

# סאַן=פראַנציסקאָ

אין סאַן=פראַנציסקאָ זענען זיי אַריינגעקומען בייגאַכט אין א געדיכטן נעפל פון וועלכן ס'האָבן זיך אַרויסגעזען אלטע, גרויע הייזער, וואָס האָבן אויסגעקוקט אַנדערש, פרעמד און אומהיימלעך. זיי זענען די גאַכט איבערגעשלאָפן אין אַ ביליקן האָטעל. פאַרטאָג האָט זיי אויפגעוועקט די זון, וואָס האָט אַריינגעשיינט אין צימער. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן און אַרויס אין גאַס. שאַרפע ווינטן האָבן זיי אַרומגעכאַפט, געדרייט און געבויגן אין אַלע זייטן. אַרונטערגעריסן פון דודן די הוט, וועלכע האָט זיך געקייקלט ווי א רעדל אין מיטן גאַס צווישן די אויטאָמאָבילן, אַז ער האָט זי קוים געכאַפט. מענטשן מיט רויטע, רויע פנימער פון די פייכטע ווינטן האָבן זיך געאיילט אין אַלע זייטן, אַזעלכע רירעווודיקע, פריש=צאַפלדיקע, מיט לייכטע, לופטיקע טריט ווי זיי וואָלטן מיטגעפלויגן מיטן ווינט... נאָכן געכטיקן נעפל האָט די זון זיך העל און שאַרף צעלויכטן. די שטאָט — א באַרגיק=טאָליקע, אַ זילבערדיק=צעבליצטע מיט א געדיכטן, גרויס=שטאָטישן גאַסן=פאַרקער: אויטאָמאָבילן פאָרן באַרג אַרויף און אַראָפ, פאָרן ממש אויף „גלייכע ווענט". דער מאַניער פון די מענטשן, דער טעמפ אַ ניו=יאָרקער, די שטאָט סאַן=פראַנציסקאָ — אַ קליין ניו=יאָרק. דוד און מרים האָבן זיך געשניטן אין שאַרפן ווינט אַריין מיט אראָפגעבויגענע קעפ, זיך צוגעהאַלטן די קאַפעלושן ביז זיי האָבן זיך אַריינגעכאַפט אין אַ רעסטאָראַן.

— ביסט א מבין אויף די ווינטן דאָ? — האָט מרים געזאָגט אָפּכאַפנדיק דעם אָטעם — אין מיטן יולי אַזאַ קעלט! און דער ווינט האָט דאָך מיך שיעור נישט אומגעוואָרפן. — אירע באַקן האָבן געפלאַמט, אירע אויגן, קלאָרע, ליכטיקע, ווי די שאַרפע, פייכטע לופט וואָלט זיי אויסגעוואַשן. אין רעסטאָראַן האָט זיי אַרומגענומען אַ ליבע, טרוקענע וואַרעמקייט. אָפגעגעסן אַ געשמאַק אָנבייסן, פאַרטרונקען מיט הייסע, פאַרנדיקע קאַווע, האָבן זיי גענומען מאַכן פלענער, וואָס ווייטער צו טאָן.

דוד האָט געהאַט אַן אַדרעס צו חברים אין סאַן־פראַנציסקאָ. האָבן זיי זיך אָפּגערוט אַביסל, גוט זיך דורכגעוואַרעמט, אויפגעטייעט, ווי מרים האָט געזאָגט. און ווידער מיט אויפגעשטעלטע קעלנער פון די מאַנטלען אַרייַנגעשניטן זיך אין ווינט, צו אַ גאָענטער גאַס, וואו ס'האָט געוווינט איינער אַ חבר קאַנעט. ער האָט זיך דערפרייט מיט זיי — מיר האָבן אייך דערוואַרט. מען האָט אונדז געשריבן, אַז איר קומט. זיצט. מיר האָבן געהערט פון אייער אַרבעט אין לאָס־אַנדזשעלעסער „קאָלעקטיוו". גוט, וואָס איר באַזעצט זיך אין סאַן־פראַנציסקאָ. מיר דאַרפן אייך דאָ. שוין צייט, אַז סאַן־פראַנציסקאָ זאָל האָבן אַ דראַם־קרייז און אַן „אַרבע־טער־קלוב". אַ כאָר האָבן מיר שוין, וואָס מאַכט דערווייל פּראָבע אין אַ געדונגענעם זאַל. פּראָפעסאָר פלאַם איז דער דיריגענט... איצט וועט מען זיך צוזאַמען מיט אייך ערשט דאַרפן נעמען צו דער אַרבעט.

— ווי איך זע וועל איך שוין דאָ נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט — האָט דוד געשמייכלט. — אַבי געזונט. קיין אַרבעט וועט נישט פעלן — האָט דער חבר פאַרזיכערט — און וועגן אַ „דזשאָב", זאָרגט אייך נישט. אונדזערס אַ חבר אַרבעט דאָ אין איינער פון די בעסטע קלאוקס־שעפּער. מיר האָבן שוין גערעדט מיט אים. און ער האָט גערעדט מיטן פאָרמאַן. אַזוי שנעל ווי איר וועט אייך אַביסל אויסרוען, וועט איר דאָרט אַרויפגיין אַרבעטן.

— מיר זענען שוין אויסגערוט... — האָט מרים געזאָגט.

— נו, ציט אָפּ דעם אָטעם. די שאָפּ וועט נישט אַנטלויפן. דער „דזשאַב" איז אייערער. דער חבר גאַרעליק, וואָס נעמט אייך אַרויף, איז דאָרט „טשערמאַן".

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמקרייַז. עס האָבן זיך געפונען פעיקע מענטשן. מען האָט צוגעצויגן אַנדערע און אין צוויי חדשים שפּעטער האָט מען אויפגעפירט „סקאַמבאַרא". שפּעטער — „די הייליקע ביזנעס". אין שטאָט האָט געוווינט אַ יידישע אַקטריסע פון ניו־יאָרק. איינמאָל איז זי אַרייַנגעקומען צו אַ רעפּעטיציע. אויסגעפּוצט ווי אַ „גרענד־דאַמע" אין אַ יידישער אָפּערעטע... — איך האָב געהערט מען פּרובירט דאָ צו שפּילן טעאַטער, בין איך געקומען אַ קוק טאָן.

— אַדרבא, מיט פאַרגעניגן, איר זענט ווילקאָמען — האָט זי דוד באַגריסט.

— מיין נאָמען אין טעאַטער איז געווען פינקלבערג. איצט הייס איך דאָזען. איך האָב נישט לאַנג צוריק התונה געהאַט און רוף מיך אויף מיין מאַנס נאָמען.

— אַ, יאָ, איר זענט מאַדאַם פינקלבערג, איך האָב אייך געזען אין ניו־יאָרק שפּילן טעאַטער.

— ווער האָט מיך נישט געזען אין ניו־יאָרק שפּילן טעאַטער? איך האָב דאַנקען גאָט אַ נאָמען איבערן לאַנד אויך. איז וואָס, קינ־דער, פּרובירט איר דאָ? זי האָט גערעדט מיט אַ שאַרפער דיקציע און מיט טעאַטראַלישער באַטאָנונג...

— מיר מאַכן איצט פּראָבע פון די „הייליקע ביזנעס" — אַ סאַטירע וועגן פּרומאַקעס. אויב איר ווילט זיין אַ „ספּאָרט", אַרויסהעלפן אונדז, באַשיינען... וועלן מיר דאָס אָנערקענען. מיר שטעלן קליין־קונסט זאכן, מיט אַ געדאַנק, מיט אַ צוועק...

— פאַרוואָס זאָל איך אייך נישט אַרויסהעלפן? טעאַטער דאָס איז די לופט, מיט וואָס איך אָטעם. און דאָ אין דעם העק איז מיר לאַנגוויי־ליק. די צייט ציט זיך שווער און מאָנאָטאָן, ווי עס זאָגט דער „טייוול" אין גאָטזעליקן יאַקוב גאָרדאָנס א פּיעסע. אַביסל פאַרשפּילן זיך, אַביסל נאַריש מאַכן זיך, פאַרוואָס נישט? נאָר זאָגט מיר, וואָס מיינט איר מיט אַ צוועק?

ווייניק טראַכט מען וועגן אַ צוועק אין דער היים? אין טעאַטער קומט מען זיך אמוזירן.

— מיר האָבן גאָרנישט קעגן דעם דער עולם זאָל זיך אמוזירן, אדרבא. נאָר אין טעאַטער דאַרף מען אויך עפּעס לערנען, ווי, לאָמיר זאָגן, פון אַ גוט בוך.

— איר מיינט ליטעראַריש טעאַטער? אַ סך מאָל איז עס לאַנגוויי־ליק, אַז מ'קאָן איינשלאָפן.

דוד האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן מיט איר אין אַ טיפן שמועס, געטראַכט, אַז פאַרן ערשטן מאָל וועט זיין גענוג. געוווסט, אַז זי איז דערצויגן אויף אָפּערעטקעס און מעלאָדראַמעס. מיט איר איז מיטגעקומען זייער אַ דיקער, מיטלוווקסיקער מאַן. די שטול, אויף וועל־כער ער איז געזעסן, האָט מען אינגאַנצן נישט אַרויסגעזען. ער איז גע־ווען רייך געקליידט. אַ בריליאַנט האָט ווי אַ פייערדיק אויג געבליצט פון זיין פינגער. ער האָט נייגעריק אַלעמען באַטראַכט מיט אַרויסגעשטאַרצטע

גרינע אויגן. שווער געאָטעמט און געווישט מיט א טיכל דעם שווייס פון שטערן.

— דאָס איז מיין מאַן — האָט זי אים ווי פאַרבייגייענדיק פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך שווער אַ הייב געטאָן און טעאַטראַליש פאַרנויגט. שפּעטער, אַז מען האָט זיך באַקאַנט נעענטער, האָט מען זיך דערוווסט, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ וואָדעוויל=אַקטיאָר אויף דער ענגלישער בינע.

ווען די מאַדאַם פינקלבערג איז געווען אַרבעטסלאָז, נישט אַנגאַזשירט געוואָרן אין די ניו=יאָרקער יידישע טעאַטערס, איז זי אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן און דאָרט צוזאַמענגעשטעלט אַ טרופּע, אַריינגעלייגט איר אָפּגעשפּאָרט ביסל געלט, געוואָרן די באַלעבאָסטע און דער „סטאַר“ און ווען זי האָט איר געלט פאַרלוירן האָט זי באַשלאָסן... זיך אויפצוהענגען אין „גאַרדעראָב“=צימער. דאָס איז געווען נאָך דער לעצטער פאָרשטעלונג אין אַ האַלב ליידיק טעאַטער. ווען זי האָט שוין אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער פעטליע, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דאָס איז געווען איר איצטיקער מאַן סעם ראָזען, וואָס איז אריינגעקומען מיט בלומען אין דער האַנט אויסצודריקן זיין באַגייסטערונג פאַר איר שפּילן. און זיך באַלד פאַרליבט אין איר. זיי האָבן חתונה געהאַט און געקומען קיין סאַן=פראַנציסקאָ, וו זיי האָבן אַ גוטע ביזנעס און וווינען אין אַ רייך הויז. נאָר זי באַקלאָגט זיך, אַז ס'איז איר לאַנגווייליק... מיסטער ראָזען האָט גערעדט אַ צעבראָכענעם יידיש. צייטנווייז האָבן זיינע גרויסע, אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן אַ פינקל געטאָן מיט דעם אַלטן וואָדעוויל=פייער, און ער האָט געמאַכט קאָמישע פּאָזיציעס, פאַרדרייט די פיס, צעוויגט די הענט, פאַרקרימט דאָס פּנים, פאַרדרייט די אויגן. פלעגט די מאַדאַם פינקלבערג אַ געשריי טאָן — „דעדי!!“ (טאַטע) און מיסטער ראָזען האָט זיך אויסגעגלייכט, ווי אַ פאַרשולדיקט יינגל, כאָטש ער איז געווען אַ צען יאָר עלטער פון איר. די מאַדאַם פינקלבערג האָט געשפּילט אַ יידענע אין „די הייליקע ביזנעס“, וואָס קומט פרעגן א שאַלה דעם רב, וועלכן ס'האָט געשפּילט דוד לינדפעלד. זי האָט דאָס אָבער געמאַכט צו קאָמיש... דאָך מיט איר דיקציע און טעאַטער=דערפאַרונג האָט זי פאָרט אַרויסגעשיינט.

מען האָט געדונגען אַ לאָקאַל און אָרגאַניזירט אַן „אַרבעטער קלוב“ צוזאַמען מיטן כאָר, מאַנדאָלין=סעקציע, דראַם=קרייז ס'איז געוואָרן לעבעדיק. מען האָט דורכגעפירט לעקציעס, קליינקונסט=אָוונטן, אויפגע=

גומען געסט פון ניו=יאָרק. דודס טשופּרינע האָט ווידער געפּלאַטערט, די אויגן געלויכטן, דאָס פּנים פאַרפּלאַמט. דער קלוב איז אָפּט געווען געפּאַקט, געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון פּראָגרעסיווע יידן, איינגעשלאָסן דעם מיסטער ראָזען און די מאַדאַם פינקלבערג, וואָס זענען געוואָרן נאָענטע סימפּאַטיקער...

אויפן וואַסער=פראָנט אין סאַן=פראַנציסקאָ איז געווען אומרואיק. עס איז אָנגעגאַנגען א פאַרביטערטער שטרייק פון די „לאָנג שאָרמען", וואָס האָבן געאַרבעט ווי פערד פאַר אַ הונגער=לוין. די באַלעבאַטים האָבן רעגירט ווי אמאָליקע פּריצים. אין צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי זענען צוויי אַרבעטער דערהרגעט געוואָרן. מען האָט דורכגעפירט פאַר זיי אַ גרויסע לוויה און אין איין שיינעם, ווינטיקן טאָג, איז דערקלערט געוואָרן אַ גענעראַל=שטרייק! פאַבריקן האָבן אויפגעהערט אַרבעטן. טעאַטערס, רעסטאָראַנען, האָבן זיך פאַרמאַכט. יעדע באַוועגונג אין שטאָט האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָס ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן. די שטילקייט און פינצטערניש ביינאַכט האָט דראָענדיק געוויישט אין די אויערן... דאָס האָט דודן דערמאָנט אין מאָמענטן פון דער רעוואָלוציע קעגן צאַר אין רוסלאַנד. ס'האָט אויסגעזען ווי דער אָנהייב פון אַ גרויסער געשעעניש. אין איינעם פון יענע טעג, אַז ער איז אַריינגעקומען צו דער מאַדאַם פינקלבערג אין רייכן הויז, האָט ער צו זיין איבערראַשונג געטראָפן דאָרט איינעם פון די הויפּט=אָנפירער אין דער באַוועגונג אין לאַנד, וואָס האָט פון יענער רייכער געגנט אַרויסגעגעבן דירעקטיוון דורכן טעלעפאָן... ס'איז אָבער געווען אַ פאַלשער אַליארם... דאָס לעבן אין שטאָט איז ווידער געוואָרן „נאָרמאַל". אין איינעם א פרימאָרגן האָט מען געטראָפן דעם „אַרבעטער=קלוב", ווי נאָך אַ פּאָגראָם: די טישן און בענק צעהאַקט, דאָס געפעס אין קיך צעבראָכן אויף פיצלעך. די בילדער פון די ווענט אַראָפּגעריסן און צעטראָטן. דאָס האָבן די ווילדע „ווידזשילאַנטיס" אָפּגעטאָן אין מיטן דער נאַכט. עס האָבן נאָכגעפאָלגט ארעסטן איבער די פּאָגראָמירטע... דוד איז אַ שטיקל צייט געשלאָפן אין אַ האָטעל... ביסלעכוויז האָט זיך די וואקכאנאַליע איינגעשטילט.

אָפּזייענדיק א דריי יאָר אין סאַן=פראַנציסקאָ, האָבן די שטענדיקע רויע, קאַלטע ווינטן, אָנגעהויבן קריכן דודן אין די ביינער אַריין.

אַ צאָל חברים האָט דערעסן דאָס ליגן אין דעם שאָפּ. האָבן זיי מיטן ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט געקויפט הינער=פאַרמס אין פּעטעלומא (דאָס „קעניגרייך" פון הינער און העגער). די יידישע באַוועגונג אין סאַן=

פראַנציסקאָ איז געוואָרן איינגעשרומפּן. בלויז געציילטע וואָכן אין יאָר זענען געווען מילדע וועטערן. דערנאָך האָבן זיך אראָפּגעלאָזט שלאַקסרעגנס. עס האָט געהאַלטן אין איין פּלייצן. די לופט איז געווען קאַלט און פייכט. די שטאָט איז געווען איינגעהילט אין אַ גרויען, נאַסן נעפּל, דורך וועלכן מען האָט זעלטן אַרויסגעזען אַ בלייכן פלעק פון דער זון אין הימל. דודן האָט זיך צוריק פאַרבענקט נאָכן מילדן קלימאַט פון זוניקן לאָס־אַנדזשעלאָס, ווו די יידישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן צוזאַמען מיטן יידישן קולטור־לעבן. האָבן זיי זיך איינגעפּאַקט און צוריקגעפאָרן קיין לאָס־אַנדזשעלעס.

דאָס מאָל האָבן זיי געדונגען אַ דירה אין וועניס ביים ים, אכצן מייל פון שטאָט. ווידער זיך אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און אַז מען איז פאַרטאָן פליט די צייט. מרים האָט דערזען די ערשטע גרויע האָר אין אירע לאַנגע, שיינע צעפ, וואָס האָבן אויך אָנגעהויבן ווערן שיטערער. דער אָנזאָג פון אַ „גייער וועלט“... נאָר דאָס איז בלויז געווען אַ מאָמענטאַלע שטימונג. זי האָט ווידער געזונגען אין כאָר, געקאָכט און געבאַקן פאַר אונטערנעמונגען. דוד האָט געהאַלטן איינלייטונגען וועגן טעאַטער און ליטעראַטור. אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס אויף אונטערנעמונגען. צייטנווייז אונטערגעברומט שטיל אין זיך: „די רעדער דרייען זיך, די יאָרן גייען זיך...“ זיינע ערשטע יונגע יאָרן זענען שוין אַוועק. און ער האָט געזאָלט זיין אַ יידישער שרייבער. איז דאָס זיין אייגענע שולד, וואָס ער גלויבט נישט אין זיך. שרייבט נישט. צייטנווייז טוט זיך עפּעס אַ ציגד אין אים, און ער שרייבט, און מיינט, אַז דאָס איז עס, שלייפט, מעקט, אָבער דערזעט באַלד ס'איז פלאַך, בלאַס, און רוט שוין נישט ביז ער צערייסט עס... ער היט זיך פאַר מרימען זי זאָל נישט זען וואָס ער טוט אָפּ. ווייל איינמאָל, אין ניו־יאָרק, האָט ער אַריינגעוואָרפן אין פאַפּיר־קארב זיינס אַן אָנגעשריבענע דערציילונג, וואָס איז אים נישט געפעלן, האָט דאָס מרים אויסגעפונען... ער עפנט דעם „טאָג“ — זיין דערציילונג איז געדרוקט אין אַ יום־טוב־נומער... קאָן דאָך זיין, אַז ער איז נישט גערעכט צו זיך... ווייזן עמעצן, וואָס ער שרייבט, וויל ער נישט, גלייבט נישט אין זיך, און האָט אַ געשוואָלענעם „איך“... שרייבט ער און רייסט, רייסט פון זיך שטיקער. אַז מרים פלעגט אַמאָל זאָגן פאַר זיינע פריינד, אַז ער האָט מיט יאָרן צוריק געשריבן, פלעגט ער ווינקען צו איר זי זאָל שווייגן...

ס'איז געקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס דער פּאָעט ניידיטש. ער האָט געהאַט א שיין, צארט מיידלש פּנים, אַ גרויסן קאָפּ גרוילעכע, דינע, זיידענע האָר און בלויע, פאַרפּירערישע אויגן. געווען מיטרעדאַקטאָר פון אַ פּעריאָדיש ליטעראַרישן זשורנאַל. ער האָט אָנגעהויבן אַריינקומען צו דודן אין הויז. מרים האָט ליב געהאַט שיין אויפצונעמען געסט. מכבד געווען מיט גוטע זאַכן. מען האָט געלויבט איר באַקן און קאָכן, אַז זי איז אַ קינסטלערין אויף דעם געביט. מען האָט דיסקוטירט ליטעראַטור, געאַמפּערט זיך וועגן ריכטונגען... ניידיטש איז דעמלט געווען לינק געשטימט, מקנא געווען די שרייבער אין סאָוויעטנפאַרבאַנד, וואָס ווערן בכבוד אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג און מוזן נישט אַרבעטן בייטאָג אין א שאָפּ און שרייבן ביינאַכט. אין איינעם פון די שמועסן האָט מרים „פאַרמסרט" דודן, אַז ער האָט אַמאָל געשריבן.

— טאַקע? — האָט ניידיטש געזאָגט — טאָ פאַרוואָס האַלט איר דאָס פאַר אַ סוד?

— ס'איז נישט קיין סוד. ביי מיין פרוי זענען נישטאָ קיין סודות.

— ער באַהאַלט זיך. ער וויל נישט מען זאָל וויסן, אַז ער האָט זיך שוין געדרוקט. — האָט מרים געזאָגט מיט פאַריבל דערלאַנגענדיק כיבוד צום טיש.

— וואָס האָט איר געשריבן? — איז ניידיטש געוואָרן נייגעריק — אַ מענטש שרייבט און מיטאַמאָל — אויס.

— עס איז דערגאַנגען, אַז דוד האָט געמוזט לייענען איינע פון זיינע קורצע זאַכן, וואָס האָבן זיך אַמאָל געדרוקט אין דער לאָנדאָנער „צייט".

— מיט אַביסל רעדאַקציע וואָלט עס געווען אַ גאַנץ פיינע זאַך — האָט ניידיטש געזאָגט — פאַרוואָס האָט איר טאַקע אויפגעהערט שרייבן?

— איך פעל נישט אויס.

— דאָס איז נישט קיין פאַרענטפערונג, ווען יעדער זאָל אַזוי זאָגן, איז אויס ליטעראַטור. דער טאַלאַנט פון א שרייבער באַלאַנגט צום פאָלק. איך נעם אַרויס פון דער זאַך, וואָס איר האָט פאָרגעלייענט, אַז איר באַגייט אַן עוולה. פאַראַן אין דעם געפיל, שטימונג, בילד, טאָ פאַר־וואָס באַהאַלט איר דאָס?

— דאָס פאָלק וואַרט נישט אויף מיינע זאַכן. יידן אין אַמעריקע ליי־ענען שוין זייער ווייניק יידיש.

— אָבער מען לייענט נאָך, איא? עס זענען נאָך פֿאַראַן טויזנטער ייִדן, וואָס נייטיקן זיך נאָך אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

די אַנדערע געסט זענען אויך אַרויסגעטראָטן קעגן דודן. קאָן זיין דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן הנאה געהאַט פֿון מרימס מאכלים... און מרים האָט דאָך אוודאי איינגעשטימט מיט זיי.

איינמאָל, ווען ער איז געלעגן אין בעט מיט אַ פֿאַרקילונג, איז אַריינגעקומען ניידיטש מיטן נאָוועליסט גערטנער, אַ מיטרעדאַקטאָר פֿונעם ליטעראַרישן זשורנאַל. אַ ברונעטער, מיטלוווקסיקער, מיט שאַר־פֿע, פּייכטע אויגן און אַ סענסיטיווער אונטערשטער ליפּ, וואָס פֿלעגט אַ קוים־מערקבאַרן ציטער טאָן, ווען ער איז געוואָרן עמאָציאָנעל. דוד האָט זיך געוואונדערט, וואָס ער איז אים געקומען באַזוכן. ער האָט געלייענט זיינע נאָוועלן וועגן „העכערן" סאָרט מענטשן — שרייבער, מאָלער, סקולפּטאָרס... וואָס האָט ער צו פֿאַרדאַנקען דעם כּבֿוד פֿון דעם באַזוך? ניידיטש האָט אוודאי אַריינגעוואָרפֿן אַ גוט וואָרט וועגן אים.

— וואָס איז אייך? — האָט אים גערטנער געפֿרעגט.

— אַ פֿאַרקילונג — האָט דוד געענטפֿערט. — פּונקט ווען געהויִ־בענע געסט קומען דאַרף איך ליגן אין בעט.

— דאָס מאָל וועלן מיר אייך פֿאַרגעבן — האָט גערטנער גע־שמייכלט — אַ צווייט מאָל דאַרפֿט איר אייך אויפֿפֿירן בעסער. פֿאַ־ראַן וויכטיקערע זאַכן צו טאָן. די איבעריקע צייט איז ער געזעסן שטיל, אוודאי געטראַכט וועגן טעמעס פֿאַר נאָוועלן.

ניידיטש האָט זיס געשמייכלט מיט זיין צאַרט, בלאַס מיידלש פּנים צו מרימען. דוד האָט באַמערקט, אַז ווען ער רעדט צו איר נעמט ער שטאַרק צו הילף זיינע הענט... פֿאַרבייגט דעם קאָפּ, קוקט איר פֿאַרליבט אין די אויגן אַריין און „וואָרקעט ווי אַ טויב"... אַזוי ווי קיינער וואָלט נישט געווען אין הויז נאָר ער און זי... און נישט צו מרימען אַליין האָט ער זיך אַזוי באַצויגן... ווי אַ פֿרוי וואָלט ביי אים געווען אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט, אויף וועלכן ער שפּילט אויס אַ ניגון מיט זיינע בלאַס־סענסיטיווע פֿינגער... כאַנקע, זיין ווייבל, פֿלעגט לאַכן.

---

ענדלעך האָט דוד באַשלאָסן זיך אראָפּצורעדן פֿון האַרץ פֿאַר לאַנגע יאָרן, אָנגעשריבן אַ דערציילונג און זי אַוועקגעשיקט אין דער

„מאָרגן־פרייהייט“. אין צוויי וואָכן ארום, נאָך דעם, ווי ער האָט זי צוגעשיקט, רופט מען אים אָפּ אויפן טעלעפאָן: „איך באַגריס אייך מיט דעם אָנהייב אין דער „מאָרגן־פרייהייט“.

— וואָס פאַר אַן אָנהייב?

— אייער דערציילונג, וואָס איז געדרוקט אין דעם זונטיק־נומער. פון איצט אָן זאָלט איר שוין שרייבן. איר הערט?!...

— מען האָט דאָס שוין אָפּגעדרוקט?

— איר ווייסט נישט?

— איך האָב נאָך דעם נומער נישט דערהאַלטן.

— זייער א פיינע זאַך.

— אַ דאַנק.

נאָך לאַנגע יאָרן נישט זען זיך געדרוקט, האָט ער זיך איצט געפילט ווי ער וואָלט אויפסניי געבוירן געוואָרן, צוריק געוואָרן יונג. אַ „דאַמבע“ איז אין אים דורכגעבראָכן געוואָרן און ס'האָבן א שטראָם געטאָן געפילן, בילדער, געדאַנקען, איבערלעבונגען. ס'איז געוואקסן אַ בוך פון פארשידענע טיפּן מענטשן, קאָנפליקטן, אידעען. ווי שנעל ער האָט צוגעשיקט א זאַך, איז זי גלייך אָפּגעדרוקט געוואָרן און מען האָט געבעטן נאָך. אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער געגרייט א צווייט בוך, פאַרטראַכט און אָנגעהויבן שרייבן אַ ביאָגראַפישע נאָוועלע... און דאַכט זיך, איידער מען האָט זיך אומגעקוקט האָבן זיי שוין „רעטיי־ערט“ פון דער אַרבעט און אָנגעהייבן לעבן אויף מאָנאַטלעך געהאַלט פון דער „סאָציאַלער פאַרזיכערונג“.

פאַרטאָג. דוד כאַפּט זיך האַסטיק אויף פון שלאָף. ס'איז קאַלט און נעפּלדיק, ווי די מערסטע פרימאָרגנס אין קאַליפאָרניע. די זון שיינט ערשט אויף שפּעטער, ווען די טוריסטן שטייען אויף פון שלאָף... דוד הייבט זיך אָן שנעל און מעכאַניש אָנטאָן מיט אַ פארקרימטע, אומצו־פרידן פּנים — מרים! ס'איז צייט אויפצושטיין. לאָמיר נישט ווידער זיין שפּעט צו דער ארבעט — האָט ער זי פארשלאָפן געוועקט. מרים האָט זיך אָנגעהויבן רירן, אויסגעצויגן, אומעטיק געגענעצט און ווי שטענדיק, מיט פאַריבל אויף אים, וואָס ער רייסט זי אַזוי פרי אַרויס פון בעט. ער האָט דעם פאָרוואורף אַרויסגעהערט אַפילו פון איר גענעץ... זי האָט זיך געריבן די אויגן. אַלע יאָרן פאָרן זיי צוזאַמען צו דער אַרבעט. אַמאָל אַרבעטן זיי אין זעלבן שאָפּ און אַמאָל אין באַזונדערע שאָפּן. זי האָט אָנגעהויבן שווער אַרויסקריגן זיך פון ווארעמען בעט.

און ווי גאַנץ אָפּט לעצטנס, זיך באַקלאָגט, אַז עס לויפן איר אַרום ווייטיקן אין קערפּער. פּלוצעם האָט זיך דוד צעלאַכט, אַז זי האָט זיך דערשראָקן פאַר אים: — מרים כ'האָב דאָך גאָר פאַרגעסן! זע נאָר, ווי דאָס פערד איז געוווינט צו גיין אין שפּאַן! ליג אין בעט, ליג וויפל דיין האַרץ גלוסט. מיר האָבן דאָך שוין „רעטייערט“. מיר זענען דאָך שוין אַרויס פון שאַפּ!

— א, יאָ, אַוודאי! — האָט זי זיך דערפרייט און הנאהדיק זיך געטוליעט אונטער דער וואַרעמער אויבערדעק — אבי דו נעמסט און רייסט מיך אויף פון שלאָף! און ס'האָט זיך מיר גראָד געחלומט אַזאַ שיינער חלום, אַז מיר ביידע זענען אין וואַרשע, נאָך אין די יונגע יאָרן. מיר מאַרשירן מיט א גרויסער מאַסע מענטשן צום „פּאַוויאַק“, מען זינגט רעוואָלוציאָנערע לידער, עס פלאַטערן רויטע פאָנען, מען ברעכט אויף דאָס טויער פון דער טורמע און מען באַפרייט אַלע געפאַנגענע, אַ געזאַנג, אַ פרייד, מען קושט זיך, מען האַלדזט זיך — נעמסטו און וועקסט מיך אויף!...

— וועסט מיר מוזן מוחל זיין. איך האָב דאָס נישט געטאָן בכיוון. יאָרן צוגעוווינט אויפצושטיין אין דער זעלבער צייט צו דער אַרבעט, בין איך שוין געוואָרן מיין אייגענער וועק-זייגער. ס'קומט פאַרטאָג — טוט עס מיך אַ ריס אויף פון בעט. און דער „זייגער“ ווייסט אפנים נישט, אַז מיר האָבן שוין „רעטייערט“, אויסגעדינט. געזען עפּעס? נו, מרים, ס'איז שוין אויס שאַפּ. מיר זענען שוין פרייע מענטשן... איצט וועלן מיר ערשט וויסן פון אַ לעבן, לייענען ביכער, שרייבן, גיין אין טעאַטער, טאָן מער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אין די יאָרן פון שאַפּ זענען מיר געבליבן א סך הינטערשטעליק... ערשט איצט, מיט אַזויפיל צייט, האָבן מיר אַ געלעגנהייט אָנצויאָגן...

אין א פּאָר שעה שפּעטער זענען ביידע געווען אין אפּיס פון דער יוניאָן. די קאַליפאָרניער זון, וואָס איז אַ „פּעפּערין“ און שטייט אויף שפּעט, האָט דורך די אָפענע פענצטער אריינגעשיינט. דער באַאַמטער האָט מיט א גראַטולירנדיקן שמייכל זיי דערלאַנגט די „רעטייערמענט“ פּאַפּירן. מרים איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ כלה... קונציק יונגטלעך פאַרקעמט אירע האָר, וואָס זי האָט נישט געלאָזט גרוי ווערן... זונשפּריצלעך האָבן געשימערט אין אירע אויגן. דוד האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוי זענען זיי מיט אַ פערציק יאָר צוריק געשטאַנען צוזאַמען אונטער דער חופּה. חסידים מיט קליינע היטעלעך און גרויסע בערד אין

שטריימלעך אַרום זיי. קלעזמער האָבן געשפּילט, און מען איז געגאַנגען מיט דער כּלה א מצוה־טענצל... ס'האָט זיך אים דערמאָנט דאָס לידל, „די יאָרן ציען, די יאָרן פליען". נאָך אַ צען יאָר און זיי וועלן קאָנען פּראַווען די גאָלדענע חתונה. פּלוצעם איז אים איינגעפאַלן, אַז ער גייט איצט דורך אַ „גט" מיט דער שאָפּ. און דערפילט, ווי עפּעס רייסט זיך אָפּ פון אים... אָפּגעלעבט מיט איר אַזויפיל יאָרן, די יינגסטע, די שענסטע יאָרן. אין שאַפּ האָט מען נישט אלעמאָל „געקריצט מיט די ציין", מען האָט אויך געזונגען לידער, ליבעס. געפירט... געוועבט גאָל־דענע חלומות. מיט דעם אַלעם געזעגנט ער זיך איצט און טרעט אריין אין די עלטערע יאָרן. מרים האָט אים שוין טאַקע געקויפט צו זיין לעצטן געבורטסטאָג א נייעם שלאַפראָק מיט שטעקשיך... א מאָמענט טוט אים א קלעם דאָס האַרץ און ס'פייכטן זיך אים די אויגן... נאָר ווי בייזע פליגן טרייבט ער באַלד אַוועק די דאָזיקע געדאַנקען פון זיך, עלטער איז בלויז א פיזישער באַגריף. מענטשן, וואָס קעמפן פאַר הויכע אידעאַלן בלייבן יונג. ער און מרים זענען נישט פון די, וואָס וועלן זיך אַוועקזעצן מיט די שטעקשיך אין הויז, זיי הייבן איצט אָן אויפסניי, איצט, אויסגערוטע, וועלן זיי קענען מער באַווייזן צו טאָן ווי פריער. מיט די „פּאַפּירן" אין די הענט זענען זיי ארויס אין דער זוניקער גאַס פּראַווען יום־טוב.

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער איז דוד און מרים געפאָרן אין זייער מאַשין פון לאָס־אַנדזשעלעס קיין ניו־יאָרק אַרויסגעבן זיין ערשט בוך דערציילונגען, וואָס האָבן זיך פריער געהאַט געדרוקט אין דער „פריי־הייט", „זאַמלונגען" און „יידישע קולטור". עס האָבן אים נאָך אָפּגע־קלונגען אין די אויערן די רעדעס פון נעכטיקן באַנקעט, וואָס מען האָט געפּראַוועט פאַר זיין אָפּפאָרן. די גוטע ווונטשן און איבערגעטריבענע לויב, ווי געווייגלעך אויף באַנקעטן, האָבן איצט אַרויסגערופן אין אים אַ געפיל פון פאַרלעגנהייט. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַן אויער פלאַמט אים... מרים איז געזעסן לעבן אים פול מיט דערוואַרטונג אַריינצונעמען אין זיך דעם איינדרוק פון אַזאַ לאַנגער רייזע פון דריי טויזנט מייל אין אַ מאַשין דורך אָפענע וועגן, דורך פאַרשידענע נאַ־טור־פּלעצער, דורך פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. נאָר דער אַרויס־פאָר פון געדיכטן, ווילדן אויטאָמאָביל־פאַרקער פון לאָס־אַנדזשעלעס איז דודן אָנגעקומען שווער. דערנאָך אַז ער איז אַריין אין האָליווּוד „פריי־וועי" (פרייער וועג), האָט ער באַדאַרפט נעמען די נשמה אין דער

האַנט אַריין. ווען ער איז אַרויס פון דאָרט גאַנץ, האָט ער געווישט דעם שווייס פון פּנים, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און פאַררויכערט א סיגאַרעט. ער האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט ביים רעדל און גאָרנישט געקאָנט פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ פּלאָנטער פון פליענדיקע מאַשינען ער איז נאָר וואָס געווען. וויאַזוי זיי האָבן זיך ווילד געיאָגט איינע האַרט לעבן די אַנדערע, אַז דאָס בלוט האָט געקאָנט פאַרקילט ווערן, ווי ער וואָלט אַנגערירט מיט די עלנבויגנס דעם מלאך־המות. ס'פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ס'שווינדלט פאַר די אויגן און מען מוז נאָך, אין דעם בליצשנעלן פליען און ערטערווייז זיג־זאַגישע פּלעצער, היטן די אויפשריפטן, וואָס פירן אַריין און אַרויס אין פאַרשידענע גאַסן און זייטיקע געסלעך, פאַרשפּעטיקט מען אַ קערעווע צו טאָן דאָס רעדל אין אַ קליין טיילעכל פון אַ סעקונדע, פאָרט מען אַוועק אויף יענער וועלט. נישט אומזיסט רופט מען דעם וועג: דאָס „שלאַכט־הויז“. דערנאָך איז מען אַרויסגעפאָרן אויף אָפענע ברייטע שליאַכן. איבערגעשלאָפן אין האָטעלן איז מען אויפגעשטאַנען אין די פאַרטאָגן, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער. די איינציקע היימלעכקייט אויף די ליידיקע, שאָטנדיקע וועגן זענען געווען די פּראָנט־ליכט פון דעם אויטאָמאָביל, וועלכער האָט זעלטן באַגעגנט אַ צווייטן. ווען די פינצטערניש האָט אָנגעהויבן פאַרבלאַסט ווערן, האָט אויפגעטויכט פון ערגעץ ווייט און נידעריק די זון, וועלכע האָט אויסגעקוקט ווי אַ רויט אויג, וואָס ווערט פון מינוט צו מינוט גרעסער, ביז עס פאַרוואַנדלט זיך אין א פלאַם, וואָס צינט אין פאַרשידן־קאָלירטע פייערן דעם טונקעלן הימל. שפּעטער זענען די וועגן געוואָרן צעבליצט פון דער זון, אַז מען האָט געמוזט אָנטאָן טונקעלע ברילן. ווען ס'איז באַפאַלן אַ הונגער, האָט מען אָפּגעזוכט דעם „בעסטן“ רעסטאָראַן און נאָך א געשמאַקן אָנבייסן זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. נאָך אַ וואָך פאָרן, האָט זיי אַקעגנגעדונערט ניו־יאָרק! דאָ האָט מען שוין ווידער געמוזט נעמען די נשמה אין דער האַנט אַריין, און מיט „נסים“ זיך דערקלייבן אין גרעניטש ווילעדזש, אין דעם „קונסט־קוואַרטל“, וווּ ס'האָט געוווינט זייער זון משה. ער האָט זיי אָפּגעגעבן דעם אַפּאַרטאַמענט און מיט דער פרוי געגאַנגען שלאָפן צו פריינד... אַזוי איז ער באַשטאַנען, און צוגעשטאַנען אַזוי שטאַרק, אַז די עלטערן האָבן אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן. ער האָט רעדאַקטירט א טראָצקיסטישן זשורנאַל... געווען פעט, געווויגן אריבער צוויי הונדערט פונט. געשוויצט און געסאָפּעט. געשמט פאַר אַ שאַרפן קאָפּ. פאַר א גוטן אָראַטאָר. געלעבט מאַטעריעל אָרעם,

קוים זיך דורכגעשלאָגן. זיין פרוי מאַרטאַ, אויך א שרייבעריין און אַ רעדנערין, פון דער זעלבער פּאָליטישער ריכטונג, וואָס דער מאַן, איז אָפּט געווען אַרויסגעשטעלט אויף הויכע פּאָליטישע אַמטן פון זייער סאָציאַליסטיש צעטל... א דינע, אַ ברונעטע, אַ קריסטן מיט שווארצע יידישע אויגן... כאָטש דוד און מרים האָבן אַלע יאָרן ביטער דיסקוטירט מיט זיי וועגן טראָצקיזם, איז זי דאָך געווען צום מאַנס עלטערן, ווי אן אייגענע טאָכטער. דעם טאָג ווען דוד און מרים האָבן באַדאַרפט קומען, האָט זי מיט משהן גערייניקט דאָס הויז, געלופטערט, געשייערט... ס׳איז געווען א באַשיידענער אַפּאַרטאַמענט פון צוויי צימערלעך מיט א קיכל. אין פרידזשידער—צוגעגרייט פון אַלעם גוטן... און אַ פריידיקע באַגעגעניש. נאָך יאָרן לאַנגע פּאָליטישע קריגערייען און היים בלוט, האָבן זיי געשלאָסן אַן אָפּמאַך — קיין פּאָליטיק! זאָל זיין שלום כאָטש צווישן עלטערן מיט קינדער...

— מאַכט אייך באַקוועם — האָט משה געבעטן — און זאָרגט זיך נישט וועגן מיר און מאַרטאַ. מיר האָבן גענוג פריינד ביי וועמען צו זיין. מען רייסט זיך איבער אונדז... איך מיין — האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, ווייל דאָס האָט שוין געקלונגען ווי באַרימעריי... — אַ טייל פון אונדזערע פריינד האָבן גרויסע הייזער... מען האָט געגעסן א פיינע וועטשערע, וואָס משה האָט געקאָכט (ער האָט ליב געהאַט צו קאָכן) און מען האָט זיך דערמאָנט אין די אַלטע צייטן, ווען די קינדער זענען געווען קליין און מען האָט געוווינט אין סאפּאלק=סטריט, ווי מען פלעגט אמאָל אין די גרויסע היצן אַרויספאָרן אין קוני איילאנד, ווי די קינדער פלעגן ווערן פאַרנודיעט אין געפּאַקטן שטיקנדיקן סאבוועי און אַריינברעכן אין דודס קאַפּעליוש... מען האָט גערעדט וועגן אַלץ אין דער וועלט, און אַלץ האָט געפירט צו פּאָליטיק, נאָר מען האָט זיך דערמאָנט אין די נישט שיינע סצענעס, וואָס אָנגעהיצטע דיסקוסיעס וועגן טראָצקיזם האָבן אַרויסגערופן און מען האָט אָפּגעהאַקט, אָנגעהויבן רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

ס׳איז פאָרגעקומען אַ פייערונג אין ניו=יאָרקער „איקוף“ צו דער דערעפענונג פון בוך=חודש און צו דעם דערשיינען פון דודס בוך. ס׳האָבן באַגריסט פראמינענטע שרייבער און געלויבט די דערציילונגען. איינער האָט געזאָגט: דוד לינדפעלד איז נישט געגאַנגען אין קיין אוניווערסיטעטן, מאַקסים גאָרקי איז אויך נישט געגאַנגען אין קיין אוניווערסיטעטן. זיין אוניווערסיטעט איז געווען דאָס לעבן. ווייטער האָט ער גע=

זאָגט: „דוד לינדפעלד האָט זײַן אײגן פּנים, זײַן אײגענעם סטיל". א געהילף־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג, וווּ דוד האָט מיטגעאַרבעט האָט געזאָגט וואַרעמע, האַרציקע ליב־ווערטער און געלײענט אַ באַגריסונג פון הויפּט־רעדאַקטאָר, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט „איר זענט אײנער פון די בעסטע דערצײלער, וואָס מיר פאַרמאָגן איצט אין אַמעריקע". עס זענען געווען נאָך באַגריסונגען און אַ פײַנער קאָנצערט. צום סוף האָט א באַוווּסטער, פּראָגרעסיווער דיכטער גערעדט וועגן דודן, אַלס „טאַלאַנט־פולן שרײַבער. די ווענט פון זאַל זענען געווען געדיכט באַהאָנגען מיט קונסטבילדער פון אָנערקענטע מאָלער. ס'איז געווען א יום־טוב! מרים האָט געלויכטן, געזעסן אויף דער קלײנער סצענע צוזאַמען מיט גרויסע מענטשן... צום סוף האָט דוד געזאָגט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער פון דאַנקבאַרקײט און געלײענט אַ דערצײלונג פון בוך, וואָס איז גוט אויפגענומען געוואָרן.

געקומען צוריק קײן לאָס־אַנדזשעלעס, האָט מען ווידער געמאַכט א פײַערונג פאַרן בוך אין א זאַל, דערנאָך עטלעכע קלענערע פײַערונגען אין הײַזער, ביז די יום־טוב טעג האָבן זיך געענדיקט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אינדערוואָכן. דוד האָט אָפט געשריבן, צוגעשיקט אַ זאַך צו אַ צײַטונג, צו אַ זשורנאַל — און אַז ס'האָט זיך עפּעס אָפּגעדרוקט איז ווידער געווען יום־טוב. דורך די פענצטער פון זײער אַלט הויז אין ווענים, האָבן אַרײַנגעקוקט פּאַלמען־בײמער און נישט ווײַט איז געווען דער ים, וווּ ער פלעגט מאַכן לאַנגע שפּאַצירן.

אײנמאָל האָט ער דערמאָנט מרימען, אַז זי איז אים שולדיק א חוב.

— וואָס פאַר אַ חוב?

— האָסט שוין פאַרגעסן? מיט יאָרן צוריק ווען דו ביסט אַלײן געפאָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווײַל ס'איז נישט געווען קײן געלט פאַר בײדן, האָסטו דעמלט געזאָגט, אַז די קומענדיקע רײַזע, וועל איך מאַכן, געדענקסט?

— יאָ, איך געדענק. צוגעזאָגט איז פאַרפאַלן. ס'איז טאַקע צײַט דו זאָלסט זען דײַן שוועסטער אין אַרגענטינע. אויף ווען וועסטו וואַרטן? א מענטש ווערט נישט ייִנגער. איבערגעלאָזט האָסטו זי אין וואַרשע, ווען זי איז אַלט געווען פינף יאָר. איצט האָט זי שוין אַן אויסגעגעבענע

טאָכטער — פּאָר. איך וואָלט אויך געפֿאָרן, נאָר פֿאַר ביידן וועט ווידער נישט זיין געגוג געלט.

— ווייסטו וויפֿל אַזאַ רייזע קיין בוענאָס־איירעס דאַרף קאָסטן? — האָט זיך דוד געפּרוווט דינגען מיט איר...

— פּאָר, איין מאָל לעבט מען אויף דער וועלט.

# איבער די וואָלקנס

די בענקשאַפט און נייגעריקייט צו זען זיין שוועסטער האָט שוין דודן נישט געלאָזט רוען, ביז ער איז ענדלעך געזעסן אין עראָפּלאַן און אָפּגעצויגן דעם אָטעם נאָך די אָנגעשטרענגטע צוגרייטונגען צום אָפּפלי. ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן קליינעם, קיילעכדיקן פענצטערל אויף די זון־באַלויכטענע מענטשן, וואָס זענען געקומען זיך געזעגענען און וואַרטן ביז דער עראָפּלאַן וועט זיך אויפהייבן פון דער ערד.

די לעצטע פּאַסאַזשירן זענען שוין אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּלעך צו דער אָפענער טיר. אַ בלאָנד־זוניק הימל־מיידל מיט אַ פּיצל הימעלע, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אויף איר געלאָקטן קאָפּ, ווי אַ שיפעלע צווישן כוואַליעס, האָט צוגענומען די בילעטן, געדאַנקט און געשמייכלט, דער שמייכל איז נישט אַראָפּ פון איר פּנים, ווי זי וואָלט געבוירן געוואָרן מיט אים. ווען די בליקן פון די פּאַסאַזשירן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי אויך געשמייכלט, לייכט און דין געשמייכלט איינער צום אַנדערן, און אויף אַזאַ אופן געשלאָסן די ערשטע באַקאַנטשאַפט, וואָס וועט אויף דער רייזע מער פאַרקניפּט ווערן. פון איצט אָן פאַרבינדט זיי איין מזל — דערגעענטערנדיק זיך צום הימל ווערן אַלע מענטשן גלייך...

דוד האָט געזען דורכן פענצטער, ווי זיין פרוי מרים און די טאָכטער פּערל, נעמען נישט אַראָפּ די אויגן פון אים, ווי זיי וואָלטן אים איינגעקריצט אין זיך, ווייל ווי עס געשעט אמאָל אויף אַזאַ רייזע, זאָל כאָטש זיין בילד בלייבן אין זיי... אַ צענטויזנט־דאָלערדיקע „פּאָליסי“ האָט ער אַרויסגענומען אויף דער פרויס נאָמען, ווי עס מאַכט זיך... דער דאָזיקער געדאַנק וואָס ער האָט באַזאָרגט די פרוי, וואַרעמט און שרעקט אים. מרים האָט טאַקע פּראָטעסטירט, זיך געוועדט, געזאָגט, ס'איז אַ „נאַרישקייט“ און נישט געוואָלט הערן דערפון... עטלעכע מינוט פאַרן אָפּפלי האָט זי זיך באַוויזן אין עראָפּלאַן לעבן אים, ווייל זי האָט אים פאַר־

געסן עפּעס אָנצוזאָגן... נאָך אַ קוש און נאָך אַ שמייכל, וואָס דערזאָגט דאָס, וואָס א צונג קאָן נישט אַרויסברענגען... דאָס הימל־מיידל שטייט ווי אויף הייסע קוילן לעבן איר. זי וויל זי שוין זען אינדרויסן. כמעט אַלע פּאַסאַזשירן באַהאַלטן דעם אומרו פאַרן אָפּפלי מיט אַרויפגעצוי־גענע שמייכלען... קעגן ווילן ווערט דאָס האַרץ אומרואיק פאַרן אויפהייבן זיך צום הימל, ווי מען וואָלט א קינד אַרויסגעריסן פון דער מאַמעס שויס — ווער אַ פויגל, פלי! ווען אַלע פּאַסאַזשירן זענען שוין געזעסן באַקוועם אויף זייערע פּלעצער, אָפּגעזעגנט זיך מיט די דרויסנדיקע, אָפּ־געפּאָכעט מיט די טיכלעך, האָט זיך די טיר פון עראָפּלאַן פאַרהאַקט. אויף דעם העל־זוניקן אָרט איז געוואָרן פינצטער. איצט קאָן שוין קיי־נער נישט אראָפּ צוריק אויף דער ערד — פאַרפאַלן! איידער די טיר האָט זיך פאַרהאַקט, און אָפּגעהאַקט אַלעמען פון דער ערדישער וועלט, וואָלט נאָך מעגלעך געווען זיך צו ראַטעווען ווי דער פאַל מיט איינעם, וואָס איז אין דער לעצטער מינוט פאַרן אָפּפלי אַרויס פון עראָפּלאַן, ווייל ס'האַרץ האָט אים געזאָגט, אז ס'וועט טרעפן אַן „עקסידענט“. צומאָרגנס האָט ער גענומען א צווייטן עראָפּלאַן, וואָס איז צעשמעטערט געוואָרן אויף אַ באַרג און פאַרלוירן געוואָרן ערגעץ אין די טאָלן פון א ווייסטעניש.

ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז די ערד האָט א ציטער געטאָן, די מאָ־טאָרן האָבן צעפּאָכעט זייערע פליגל. פיר שטאָלענע הערצער האָבן זיך דערוואַרעמט און אָנגעהויבן קלאַפּן. דער עראָפּלאַן האָט זיך גערירט פון אָרט, אָנגעהויבן פאָרן לאַנגזאַם, פאָרזיכטיק, דערנאָך שנעלער, נאָך שנעלער, ביז ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דער ערד, און אַ שפּרונג געטאָן אַרויף, העכער און העכער, שניידנדיק זיך אין צעפלאַקערטן זונפאַרגאַנג אַריין. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן די הייזער אויסגעזען ווי מאַסן אָנגעוואָרפענע קעסטלעך, צעצונדן פון פלאַמיקן הימל. שפּע־טער אביסל האָט זיך די הימלישע שרפה גענומען לעשן. ס'איז צוגע־פאַלן די נאַכט. אויף דער טונקעלער ערד האָבן זיך אָנגעצונדן ליכטלעך ווי פאַרצוויגענע, בלייכע שנירלעך פּערל. וואָס טונקעלער דער הימל איז געוואָרן, זענען די ליכטלעך געוואָרן העלער, גאָלדיקער. פון מידקייט האָט דוד פאַרמרוזשעט די אויגן. דער עראָפּלאַן איז לייכט און ווי פאַרחלומט געשווומען אין דער לופט ווי אַ שיפל אין אַ שטילן, טונקל־בלאָען טייך. אין דער אָפענער, אומגעהייערער ברייטקייט און הויכקייט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען רירט זיך נישט פון אָרט, כאָטש מען

אין געפֿלויגן דריי הונדערט מייל אַ שעה. דוד כאַפּט זיך, אַז אין טומל פֿון אָפּפֿאָר, האָט ער פֿאַרגעסן דעם צוועק פֿון דער רייזע, פֿאַרגעסן, אַז מיט יעדער מינוט דערנעענטערט ער זיך צו זיין שוועסטער. אין דרייסיק שעה אַרום וועט ער זי זען, נאָך דעם, ווי ער האָט זי מיט פֿערציק יאָר צוריק איבערגעלאָזט אין וואַרשע א פֿינף־יאָריק מיידעלע מיט קורצע בלאָנדע צעפּלעך, מיט א פֿאַרזאָרגט פּרום פּנימל פֿון אַן אַלט געמיט, און טונקל בלויע אויגן. איצט ווערט זי אַ באָבע און ער וועט נאָך אפשר באַווייזן קומען צום ברית... ער זעט איצט אַזוי קלאָר די נאַכט פֿאַר זיין אָפּפֿאָר פֿון דער אַלטער היים אין וואַרשע: אַ נאַפֿט־לעמפּל אויפֿן טיש, שאָטנס אויף די ווענט, א שטוב מיט מענטשן — מען געזעגנט זיך.

דאָס קליינע שוועסטערל, צו וועלכער ער פֿאָרט איצט קוקט אויף אים פֿאַרגאַפֿט, מיט אַ פֿינגער אין מויל. דאָס מזל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל פֿאַרבלייבן די איינציקע לעבעדיקע שוועסטער פֿון זיין גרויסער משפּחה אין וואַרשע, נאָך דעם ווי היטלער האָט זיך פֿאַרגומען צו מאַכן די שטאָט „יודען־ריין“. זי, די איינציקע, האָט באַוויזן זיך אַרויסצוראַמעווען קיין בוענאָס־איירעס. זיי האָבן זיך פֿון צייט צו צייט דורכגעשריבן. אין יעדן בריוו אויסגעדריקט די האָפֿענונג זיך נאָך אַמאָל צו זען. איצט פֿאָרט ער צו איר און עס פֿיבערט אין אים די אומגעדולד און אַ בענקשאַפֿט. ער וואָלט שוין געוואָלט זיין דאָרט. די מינוטן ציען זיך ווי שעהן. ער וועט אין אירע אויגן, ווי אין אַ כישוף־שפּיגעלע דערזען זיינע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין איר קול וועט ער ווידער אַמאָל דערהערן זייערע שטימען... ער מאָלט זיך בילדער וויאַזוי ער וועט זי באַגעגענען, ווען ער וועט אַרויס פֿון אַעראָפּלאַן, פּרוווט טרעפֿן, ווי זי זעט איצט אויס, מעקט אויס איין בילד און מאָלט באַלד אויף א צווייטס. זי וועט צווישן פֿאַרשידענע פּאַסאַזשירן זען א גרוילעכן מאַן אין א העלן מאַנטל, גרינעם הוט מיט אַ זיידענעם באַנד. אַ פֿאָטאָגראַפֿישער אַפּאַראַט הענגט אַראָפּ פֿון זיין אַקסל — אַן אויסגעפּוצטער, גוט גענערטער אַמעריקאַנער. און ער וועט זוכן אַ מיטליאָריקע פֿרוי, וואָס זאָל זיין ענלעך צו זיין מאַמען... זי איז דאָך אַלץ וואָס אים איז פֿאַרבליבן פֿון זיין מאַמען, פֿון שרהן, איינע פֿון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטקעס אין פּוילן אונטערן צאַר. ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל, האָט זי אים געוויזן א זילבערנעם רובל, ווו ס'איז געווען אויסגעקריצט דער קאָפּ פֿון צאַר ניקאָלאַי: „זעסט, דודל, ווען מען וועט אים אראָפּהאַקן, וועט איינגעפֿירט ווערן א רעפּובליק אין לאַנד און

אַלע מענטשן ווילן לעבן פריי און גליקלעך..." און ווי ווילן זיי נאָך אַזויפיל יאָרן צווישן אַ סך מענטשן זיך דערקענען? עס קאָן געשען, אַז ער זאָל קוקן אויף איר און נישט וויסן ווער זי איז. נו, אין ערגעץ פאַל האָט ער איר אַדרעס, וועט ער נעמען אַ טעקסי און פאָרן צו איר. זיין בליק איז געפאַלן אויף א גאָענטן, זייער ליכטיקן שטערן און ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין פאָטער יצחק, פלעגט זינגען אליקום צונזערס אַ ליד:

„ווען אייך שטערן קלער איך זעלטן,
מען זאָגט, אַז אויף אייך זענען גאַנצע וועלטן"

לויט זיין זייגער האָט ער זיך שוין דערווייטערט הונדערטער מייל פון לאָס-אַנדזשעלעס, כאָטש עס דאַכט זיך, אַז דער עראָפּלאַן רירט זיך קוים פון אָרט. אין דער העלער לבנה זעט ער ווידער די שטריכן פון זיין מאַמעס פּנים. ערגעץ זייער הויך האָט אַ ליכט געטאָן אַ העל פינ-קעלע. אפשר איז דאָס דער „ספּוטניק", וואָס די סאָוויעטן-רעגירונג האָט ארויפגעשיקט ארומצוקרייזן די ערד און געפינען א וועג צו דער לבנה? זיין האַנט-זייגער ווייזט מיט וואָס פאַר אַ שווינדלדיקער שנעלקייט די מייל דערווייטערן אים פון דער היים. ער זעט ווידער מרימען מיט זיין טאָכטער פערל די לעצטע מיגוטן פארן אָפּפליען, ער זעט זיך אין דער היים פון זיין זון אין גרעניטש ווילעדזש אין ניו-יאָרק. ער זעט זיך אין דער היים פון זיין עלטסטן זון שמואל, מיט זיין בלאָנד, שטיל ווייבל אין פילאַדעלפיע. ווען ער האָט זיי באַזוכט מיט עטלעכע יאָר צוריק אין זייער ציכטיק, קליינעם אַפּאַרטאַמענט, ווו זיי האָבן זיך אויסגעבעט אויף דער ערד און דאָס איינציקע שלאָפצימער געגעבן די עלטערן. זיי זענען צוגעשטאַנען, ממש אויפגעצווונגען... ס'האָבן זיך אים אָנגעהויבן קלעפּן די אויגן, ער איז אריינגעפאַלן אין א דרימל, וואָס דאָס רויע קול פון מיקראָפאָן האָט איבערגעריסן.

„לעידים ענד דזשענטלמען"! מיר לאָזן זיך איצט אראָפּ אין שיקאַגאָ פאַר א האַלבער שעה. פּאַרפּעסטיקט אייערע גאַרטלען — אַ דאַנק".

ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום באָדן, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען פאַלט אריין אין אַ ים פון גאָלדענעם ליכט. אָנ-רירנדיק די ערד איז דער עראָפּלאַן עטלעכע מאָל צוריקגעשפּרונגען, ווי א פּילקע, ביז ער האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט, ביז די ערד האָט

אים ווידער געלאָזט זיך אָנשפּארן אויף איר נאָך דעם, וואָס אַליין אַז ערדישער, האָט ער געוואָלט ווערן אַ פויגל און פליען... ס'איז געווען אַ פינצטער, פּראָסטיקער פּאַרטאָג. די טויזנטער עלעקטרישע ליכט האָבן געמיניעט, ווי גאָלדענע פייגל. דוד איז מיט די אַנדערע פּאַסאַזשירן אַריינגעיאָגט געוואָרן פון שאַרף־שניידנדיקן ווינט אין אַ העל־באַלויכטענער, וואַרעמער קאַפּיטעריע. געטרונקען הייסע קאַווע און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס:

— ווי געפעלט אייך עפּעס דער פּראָסט אין שיקאַגאָ — האָט ער געזאָגט צו אַ מאַן, וואָס איז געזעסן לעבן אים — מיר האָבן פאַרלאָזט לאָס־אַנדזשעלעס אין אַ וואַרעמען זומער־טאָג און דאָ איז נאָך אַלץ ווינטער. ווי לאַנג, דענקט איר קאָנען נאָך אַזוי אָנהאַלטן די קעלטן?

— ווער ווייסט? איך בין דאָ ס'ערשטע מאָל — האָט דער מאַן געזאָגט פון רויך אַרויס, וועלכער האָט געזעצט פון זיין גרויסן, שווארצן ציגאַר און איינגעהילט זיין מאַסיוו, טונקל פּנים, וואָס האָט אויסגעקוקט זייער פרעמד ווי ער וואָלט געקומען פון אַן אַנדערער וועלט. זיינע גרויסע טונקעלע אויגן האָבן געפּרוווט דערגאַנצן, פּאַרטיימש, דעם צעבראָכענעם ענגליש, וואָס איז ביי אים אַרויסגעקומען געמישט מיט פאַרשידענע דיאַלעקטן.

— פון וואַנען קומט איר? — האָט אים דוד געפרעגט.

— פון אַפריקע.

— אפריקע?! עק וועלט!!

— פאַרוואָס עק וועלט ? — האָבן זיך שמייכל־קנייטשעלעך פאַרצויגן אַרום זיינע אויגן — אפשר איז גאָר דאָ עק וועלט?...

— גערעכט, אומעטום איז עק וועלט... — האָט דוד צוגעגעבן — און איידער דער שמועס האָט זיך אָנגעוואַרעמט, האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צום עראָפּלאַן.

דוד איז איינגעבויגן נאָכגעלאָפן, געשניטן זיך אין אייזיק־קאַלטן ווינט אַריין און הנאהדיק אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווען ער איז אַריין צוריק אין וואַרעמען עראָפּלאַן. ס'איז שוין געווען גוט ליכטיק, ווען מען האָט געבראַכט אויף טאַצן אָנבייסן. דאָס הימל־מיידל האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען. זי האָט לייכט און פלינק באַדינט די פּאַסאַזשירן, ווי דאָס וואָלט איר פאַרווילט, אמוזירט. אחוץ דעם עסן, וואָס זי האָט געטראָגן פון קליינעם קיכל, האָט זי דערלאַנגט איינעם אַ פיל קעגן קאָפּ־ווייטיק, אַ צווייטן — אַ פיל קעגן נודנאָטע, ווייל אַזוי לייכט

און גלאַט ווי דער עראָפּלאַן איז געפלויגן פון לאָס־אַנדזשעלעס קיין שיקאַגאָ, איז ער אויפן וועג קיין ניו־יאָרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון ווינטן, וואָס האָבן אים געוויגט און געבויגן אין אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן אים דווקא געוואָלט אַרויסרייסן פון הימל און אַראָפּוואַרפן אויף דער ערד, צו וועלכער ער באַלאַנגט... די רויטע „ניאָן סיין" אויף דער וואַנט אי־בער דער טיר, וואָס פירט אַריין צום פּילאָט האָט באַפוילן: „פאַר־גאַרטלט אייך". גאַנץ אומגעריכט האָט דער עראָפּלאַן געטאָן א האָפּ־קען פאַל אראָפּ אין אַ גרוב פון שיטערער לופט און באַלד געטאָן אַ שפּרונג אַרויף צוריק, ווי א פּילקע, וואָס שטויסט זיך אָן אין אַ האַרטן באָדן, די פּאַסאַזשירן זענען געוואָרן צעשראָקן, האָבן אין דער איינער סעקונדע געמיינט, אז דאָס איז דער סוף... און פאַרוואָרפן דער „סטיוּאַרדעס" דאָס הימל־מיידל, מיט פראַגעס. זי ענטפערט געדולדיק און רואיק, ווי מען נעמט איין קליינע קינדער און שטעקט אָן מיט איר מונטערקייט און זיכערקייט, שטאַרקט די צערודערטע נערוון.

שפּעטער האָבן זיך די ווינטן איינגעשטילט. ס'וועטער איז געוואָרן מילד. דוד האָט אראָפּגעקוקט צום „ים", איבער וועלכן זיי זענען גע־פלויגן און באַוואונדערט די שוימיקע כוואַליעס, וואָס די זון האָט באַזיל־בערט. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט דאָרט אויך זילבער־נע שיפן.

— די כוואַליעס אין ים אונטער אונדז פאַרבלענדן די אויגן — האָט ער געזאָגט צו דער „סטיוּאַרדעס", וואָס האָט צוגענומען ביי אים די טאַץ נאָכן אָנבייסן. — די כוואַליעס קוקן אוים ווי זילבערנע פאַנ־טאַנען — האָט ער איר געוואָלט ווייזן ווי שיין ער קען רעדן, אז ער איז נישט אבי ווער...

— וואָס פאַר אַ ים? — האָט זי זיך געוואונדערט.

— די כוואַליעס אין ים אונטער אונדז.

— דאָס זענען נישט קיין כוואליעס. דאָס זענען וואָלקנס. דער ים איז ווייט, טיף אונטער זיי...

דוד האָט זיך פארשעמט. ווי קוקט ער אוים אין אירע אויגן? — אין די צוויי בלאָע, מיסטישע ימען...

— פארגאַרטלט אייך. מיר לאָזן זיך איצט אראָפּ אין ניו־יאָרק! — האָט א קול געלאָזט וויסן דורכן מיקראָפאָן.

ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך פאַרזיכטיק גענומען דערנעענטערן צו דער ערד, האָט דוד צווישן עולם וואַרטנדיקע דערזען זיינע צוויי זין.

זיין האַרץ האָט פּאַטערלעך אַ ציטער געטאָן, וואָסערע שיינע צוויי מענער דאָס זענען! געבילדעטע, טאַלאַנטירטע. זיי פאַררייסן די קעפּ צו אים, פּאַטשן מיט די הענט. ווען ער גייט אַראָפּ, לויפן זיי אים אַקעגן. מען כאַפּט זיך אַרום, מען קושט זיך, מען פריידט זיך.

דוד האָט זיך פאַרווײַלט עטלעכע טעג אין ניו-יאָרק, מיט די זין, מיט פריינד, מיט דער שטאָט, וווּ ער האָט איבערגעלאָזט זיינע יונגע יאָרן אין שאָפּ, ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין קאַמפן, קאָנפליקטן, אַנטוישונגען און האָפענונגען. ס'האָט אים אַרומגענומען אַ בענקשאַפט נאָך יענע יאָרן, וואָס וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. שווערע, אָבער שיינע יאָרן געווען און זענען אַזוי שנעל אַוועק.

אַרויספליענדיק פון ניו-יאָרק, אויפן וועג צו זיין שוועסטער, האָט ער אַראָפּגעקוקט אויף דער גרעסטער און ענגסטער שטאָט אין דער וועלט. וואָלקנס האָבן זי שנעל פאַרדעקט, אָפּגעמעקט.

עטלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געפלויגן מיט אים ביז ניו-יאָרק, זענען ווידער דאָ. ווייזט אויס זיי פליען זיין וועג, אַנדערע, קאָן זיין, נאָך ווייטער. ער האָט געיאָגט אין געדאַנק דעם עראָפּלאַן, ער זאָל שנעלער פליען. זיין האַרץ איז געפלויגן פאָרויס. ער איז געגאַנגען אין אַ געוועט מיט דעם שוועסטערס אייניקל — ווער ס'וועט אָנקומען פרי-ער... די שמחה וועט זיין פאַרפולט, ווען ער וועט אַריינפליען צום ברית. ער האָט ווידער אָנגעהויבן בייטן די בילדער, די סצענעס פון דער באַ-געגעניש מיט דער שוועסטער, ווי אַ רעזשיסער טוט ביי אַ רעפּעטיציע אין אַ טעאַטער... פאַר זיינע אויגן שטייט אַ פינפיאָריק מיידעלע מיט אַ פינגערל אין מויל און לעבן איר אַ פערציק-יאָריקע באָבע מיט גרוי-לעכע האָר.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. אין פרעמדן הימל האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בלאַסע שטערן. דער עראָפּלאַן האָט לייכט און זיכער גע-שוועבט, דערנענטערנדיק זיך צו דער איינציקער, איבערגעבליבענער טאָכטער פון זיינע אומגעקומענע עלטערן אין דער ערשטער וועלט-מלחמה. אַ וואָרצל, וואָס היטלערס בלוטיקע האַנט האָט נישט באַוויזן אַרויסצורייסן, האָט זיך איבערגעפלאַנצט אין אַ ווייטער, פרעמדלעכער ערד און גיט אַרויס נייע בליונג פון זיך. ער האָט געפּרוווט טרעפן, ווי אַזוי וועט די שוועסטער אַרויסרעדן די ערשטע ווערטער צו אים, אַזוי ווי די מאַמע? געלאַסן, באַטראַכט, מיט אַ שמייכעלע, אָדער אַזוי ווי דער טאַטע, ווי אַ מגיד, אַ פּרעדיקער?... ער האָט געקוקט אין הימל

אַריין, וואָס איז געווען אַזוי בלאָ און לויטער ווי קינדערשע אויגן. אַז מען זעט אים קיינמאָל נישט אַזוי פון דער ערד דורך שטויב און רויך. די שטערן לויכטן אַזוי העל, ווי זיי וואָלטן געווען שפּאָגל=נײַ און די שטילקייט אַרום גלעט און היילט די אָנגעגריפענע נערוון פון די שטאָטישע מענטשן, ס'איז אַ געבענטשטע, הייליקע שטילקייט, טאַקע גאָר אַזוי ווי מען וואָלט זיך דערנענטערט צו גאָט.

צוויי הימל=מיידלעך האָבן צוגעטראָגן וועטשערע אויף זילבערנע טאַצן: „פּילעי מיניאָן" (פלייש, וואָס נאָר רייכע קאָנען זיך פאַרגינען צו עסן), זייטיקע פּאָטראַוועס, גרינסן, פרוכט, אייזקרעם און שאַמפּאַניער... נאָכן עסן האָט דוד איינגעדרימלט. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך, ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך געטאָן אַ שטאַרקן טרייסל, פלאָנטערנדיק זיך צווישן געדיכטע, דראָענדיקע וואָלקנס. דער הימל איבערן קאָפּ איז געווען אויסגעלאָשן. אַ רעגן האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אויף די קיילעכדיקע פענצטערלעך. פּלוצעם האָט זיך דער עראָפּלאַן אַ הייב געטאָן אַרויף איבערן וועטער, און ס'האָט ווידער אַ לויכט געטאָן דער קלאָרער אויסגעשטערנטער הימל. ס'איז געוואָרן לייכט און פריידיק אויפן האַרץ. נו, איצט דאַרף ער איבערשלאָפן די נאַכט און מאָרגן וועט דער עראָפּלאַן לאַנדן אין בוענאָס איירעס. די שוועסטער האָט שוין זיכער דערהאַלטן די טעלעגראַם, וואָס ער האָט איר אַרויסגעשיקט און וועט אים אָפּוואַרטן. דערקאָנען וועלן זיי זיך לויט די פאָטאָגראַפיעס, כאָטש אַ פאָטאָגראַפיע איז אַ טויטע זאַך. פּלוצעם האָט דוד באַמערקט, ווי די פליגל אין איינעם פון די פיר מאָטאָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען לאַנגזאַמער, ווי דער עראָפּלאַן וואָלט זיך שוין אָנגעשפּאַרט אויף דער ערד. באַלד האָבן זיי זיך אינגאַנצן אויפגעהערט דרייען. ס'האָט דודן געטאָן אַ קלאַפּ אין האַרץ, ווי זיין אייגענער אָטעם וואָלט זיך אָפּגעהאַקט. אַרום אים איז געווען שטיל, אַזוי ווי די לופט אַליין וואָלט זיך אויפגעהערט באַוועגן. טייל פּאַסאַזשירן האָבן געדרימלט, אַנדערע זענען געשלאָפן, ווי ביי זיך אין דער היים. איייניקע האָבן אַפילו געשנאָרכט. אפשר האָט נאָך עמעצער באַמערקט, אַז איין מאָטאָר איז אויסגעגאַנגען, און שווייגט דערשראָקן אַזוי ווי ער, וואָס קוקט אויף די אַנדערע דריי מאָטאָרן, און בעט גאָט אַז זיי זאָלן זיך אויך נישט אויפהערן דרייען. דוד האָט אומרואיק באַטראַכט דעם טויט=געוואָרענעם מאָטאָר. די פליגל האָבן זיך שוין אינגאַנצן נישט גערירט. ער האָט שוין נישט געקאָנט רואיק איינזיצן, ווי עפּעס וואָלט לויז און הויל געוואָרן אונטער

אים. האָט ער זיך שטיל אויפגעשטעלט, נישט אויפצוּוועקן דעם שכן, און איז צוגעגאַנגען צו דער קאַבינע, ווו די פּילאָטן זענען געזעסן. די טיר איז געווען אָפּן. ער האָט דאָרט דערזען א סך „זייגערס“ און „זייגערלעך“, צענדליקער „געזשעטס“, פאַרשידענע מאַכינאַציעס. די פּילאָטן האָבן רואיק גערעדט וועגן אָפּגעשטעלטן מאָטאָר און באַטראַכט וואָס צו טאָן: צו דער לאַנדונג קיין בוענאָס איירעס דאַרף נעמען דריי שעה. אויפן וועג צוריק צו אַ לאַנדונג — צוויי שעה. דער פּילאָט האָט באַשלאָסן אויסצודרייען זיך צוריק. די „סטיואַרדעס“, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט אוים געוווינהייט מיט א פינגער גערייט אַ לאָק... זעענדיק דודס פאַרזאָרגט פּנים, האָט זי אים געוויזן מיט אַ פינגער אויף אירע פלאַם-רויטע ליפּן, ער זאָל שווייגן. די אַנדערע פּאַסאַזשירן טאָרן זיך נישט דערוויסן דערפון. גייענדיק צוריק צו זיין פּלאַץ, האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, ווי דער דיל פון עראָפּלאַן וואָלט זיך ערטערווייז געעפנט און ער האָט געשטעלט פאָרזיכטיקע טריט... אַ הייב געטאָן די הענט, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט פאַרוואַנדלען אין פליגל... לויט די רייד פון די פּילאָטן, וואָס האָבן אַריינגעקוקט אין א מאַפּע, פליט מען איצט איבערן ים. ער האָט זיך שטיל, פאָרזיכטיק צוריקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ. אויסגעמיטן צו קוקן אויף די טויטע פליגל, און מקנא געווען די פּאַסאַזשירן, וואָס שלאָפן. דער עראָפּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן אראָפּלאָזן. מען איז ווידער אריינגעפלויגן אין וואָלקנס. זאָל עס זיין דערפאַר, וואָס די פּילאָטן ווילן זיך האַלטן נאָענט צו דער ערד..

דער עראָפּלאַן האָט פאַרלוירן די גלייכגעוויכט און זיך אָנגעהויבן וויגן, טרייסלען און אויפגעוועקט די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן פאַרשלאָפענע, דערשראָקענע זיך געגומען באַפּעסטיקן מיט פלאַנטערנדיקע הענט צו די שטולן. פון אַלע זייטן האָבן ווינטן געריסן דעם עראָפּלאַן, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געקאָנט צעטיילן מיט אים, געוואָרפן אים ארויף און אראָפּ, געבויגן, געדרייט, ווי אַ שיפל אין אַ צובושעוועטן ים, ווען צעסלונעטע וואסער-שדים שפּילן מיט דעם אין פּילקע: אָט טוט מען אַ שפּרונג אַרויף אויף אַ הויכע לופט-כוואַליע און אַ פאַל אַראָפּ, אַז די קישקעס קערן זיך שיעור נישט איבער און ס'ווערט טונקל אין די אויגן. ענדלעך איז געוואָרן רואיקער. ווען ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, האָט מען געטאָן אַזאַ טיפן, האַסטיקן פאַל אַראָפּ, אַז דוד האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך שנעל געזעגנט מיט

דער וועלט. דער עראָפּלאַן האָט זיך אָבער באַלד צוריק אויפגעהויבן, ווי א „פריין פייטער", וואָס קריגט אַ האמערדיקן קלאַפּ פון אן אייזערנער פויסט, פאַלט צו דער ערד און שטעלט זיך באַלד צוריק אויף די פיס. די ווינטן האָבן זיך אויפסנייַ צוריק צעטאַנצט אין אַ קאַראַהאָד אַרום דעם עראָפּלאַן, אַז די ווענט האָבן געציטערט. אפשר צוליב דעם אָפּגעשטעלטן מאָטאָר האָט זיך דער עראָפּלאַן גענומען בייגן אויף איין זייט, אַז אָט קערט ער זיך איבער, ווי אַן אויטאָמאָביל, וואָס פאַרלירט פליענדיק מיט אַ ווילדער שנעלקייט אַ ראָד, טוט א הינק און דרייט זיך איבער עטלעכע מאָל. קינדער האָבן זיך צעוויינט, ווי זיי וואָלטן דערפילט די געפאַר. אן אלטע פרוי האָט זיך געצלמט. אַ גלח האָט זיך געשטעלט אויף די קני מיט די הענט צום הימל, נאָר די „סטיואַרדעס" האָט געשמייכלט... ווי זי וואָלט געלעגן ביי איר געליבטן אין די אָרעמס... אראָפּקוקנדיק דורך די וואָלקנס, וואָס די ווינטן האָבן צעריסן, האָט מען געזען פאַרביישוועבן טונקעלע שאָטנס מיט ציטערדיקע פייערן. אפשר זענען דאָס געווען שיפן אויפן ים, אָדער פאַרוואָרפענע אינדזלען, ווו ווילדע מענטשן ציגדן פייערן צו עפּעס אַן אָפּגאָט. אויף יעדער שטול איז געווען גרייט א „רעטונגס=העמד", וואָס מען דאַרף וויסן ווי אַזוי אָנצוטאָן, נאָר ווי קאָן מען דאָס באַווייזן, אַז מען פאַלט? זיין פרוי וועט זיך פון די צייטונגען דערוויסן, אַז ער איז אומגעקומען און דאָס לעבן וועט ווייטער אָנגיין... ער האָט דערזען דעם אַפריקאַנער לעבן זיך — קומט, וועלן מיר מאַכן אַ שנאַפּס — האָט ער געזאָגט צו דודן. דוד האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. אין דער קליינער שענק פון עראָפּלאַן עטלעכע טרעפּ אראָפּצוגיין, זענען די צעשראָקענע פּנימער פון די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן שוין איבערגעקערט עטלעכע גלעזלעך, געווען רויט. אלקאָהאָל=פייערלעך האָבן זיך געצונדן אין זייערע אויגן. מען איז געווען אויפגעהייטערט, אָנגעבלאָזן מיט קוראַזש, געשטאַנען ענג צוזאַמענגעפּאַקט. די לופט געדיכט, גרוי=רויכיק. דוד האָט אָנגעקלאַפּט זיין גלעזל מיטן „אַפריקאַנער". דער עראָפּלאַן האָט זיך גענומען וואַרפן, ווי אַ מענטש, וואָס קריגט דאָס „פאַליקע" און שיר אַרויסגעוואָרפן די גלעזלעך פון זייערע הענט. מען האָט זיך אָנגעכאַפּט איינער אין אַנדערן, אַרומגעכאַפּט זיך ווי ברידער... דער „באַרטענדער" האָט פאָרזיכטיק, מעטאָדיש, געווישט די גלעזלעך מיט אַ שניי=ווייס האַנטעכל, אַזוי ווי אים וואָלט קיין זאַך גישט אָנגעגאַנגען. און אפשר האָט ער אויך גוט אריינגעגאָסן, און דאָס האָט אים געגעבן קוראַזש?

שפּעטער, ווען דוד איז ווידער געזעסן אויף זיין פּלאַץ, האָט אַ שטימע אויפן מיקראָפאָן געמאָלדן: „לעידים ענד דזשענטלמען!" צוליב טעכנישע סיבות קערן מיר זיך אום צוריק צו אַ נאָענטער לאַנדונג. מיר לאָזן זיך איצט אַראָפּ אין טרינידאַט, בריטיש אינדיס. פאַרגאַרטלט אייך... אַ דאַנק!" אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן אָנגעהויבן אַרויסשטאַרצן שפּיצן פון הייזער, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין פאַרטאָגיקן, גרויען נעפּל. דאָס אויפהייבן זיך און אַראָפּלאָזן זיך איז אַ וויכטיקער מאָמענט אין אַ פלי-רייזע. דער עראָפּלאַן האָט פאָרזיכטיק געטאַפּט דעם וועג אונטער זיך, געפּרוווט לאַנגזאַם דערנענטערן זיך צו דער ערד, וואָס ער האָט פאַרלאָזט, און געמוזט צוריקקומען צו איר, געפּרוווט זי צערטלעך איינגעמען, איבערבעטן, ענדלעך איר אַ קוש געטאָן. זי האָט אים צוריקגעשטויסן... ביז ער האָט זיך מיט זיין גאַנץ געוויכט אַראָפּגעלאָזט אויף איר און פריידיק אויפגעציטערט...

די פּאַסאַזשירן זענען אַרויס פון עראָפּלאַן, ווי מען אַנטלויפט פון פייער. פריידיקע שמייכלען האָבן זיך אינדרויסן צעשיינט אויף זייערע אויסגעבלייכטע, צעשראָקענע פּנימער. זיי האָט געגלעט און געקושט מיט די טריט די מאַמע-ערד... די שטאָט איז נאָך געשלאָפן. מען האָט זעלטן געזען אַ מענטשן פאַרבייגיין, אָדער אַן אויטאָמאָביל פאַרבייפאָרן. די פּאַסאַזשירן זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין איינעם פון די בעסטע האָטעלן אויפן חשבון פון דער „לופט-קאָמפּאַני". עס איז געוואָרן טאָג. די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די אָפענע פענצטער און געוועקט האָפענונג, פרייד און דערוואַרטונג, ווי מען וואָלט אויפסניי געבוירן געוואָרן. אויף די ווייס-געדעקטע טישן פון האָטעל-רעסטאָראַן זענען געשטאַנען פרישע בלומען. מען האָט סערווירט אַ גוטן אָנבייסן. קליינגעוואוקסיקע קעלנער האָבן מיט שפּייזקאַרטן אין די הענט זיך געבויגן פאַר די געסט. דוד איז געזעסן ביי איין טיש מיטן „אַפריקאַנער", דער עולם האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט, ווי נאָך אַ קרענק, געווען איבערגעטריבן פריינדלעך איינער צום אַנדערן און אויסגעשפּילט מיט גאָפּל-מעסער אַ פריילעכע „סימפאָניע".

דער „אַפריקאַנער" האָט גערויכערט זיין גרויסן ציגאַר און געזאָגט צו דודן, אַז ער פליט אַרום איבער דער וועלט און האַנדלט מיט פאַרשידענע לענדער. ער איז אָנגעזאַפּט מיט פאַרשידענע קלימאַטן און דיאַלעקטן — ער איז אַ וועלט-מענטש. ס'איז אים געווען גוט אויפן האַרצן, ער האָט הנאה געהאַט פון פיינעם אָנבייסן און פון שמעקנדיקן ציגאַר.

די זון האָט זיך געשפּילט אויף זיין פּנים און מיט זילבערנע שטריכעלעך געצייכנט א „וועלט־מאַפּע"... ער האָט אויפגעלייגט אַ זאָג געטאָן:

— איך פאַרשטיי און רעד אויף אַ היפּש ביסל שפּראַכן. און אַז איך קום צווישן יידן גיב איך זיי אָפּ אַ ברייטן שלום עליכם.

— האַ?! — האָט זיך דוד א כאַפּ געטאָן, וואָס האָט די גאַנצע צייט גערעדט מיט אים ענגליש און געמיינט, אַז ער איז אַ קריסט — זייט איר דאָך אַ ייד!

— יאָ, ס'איז נאָך פאַרבליבן אין מיר א שטיקל ייד.

— וואָס הייסט א שטיקל ייד? אַ ייד איז אַ ייד. פאַרוואָס האָט איר דאָס באַלד נישט געזאָגט? אויב אַזוי קומט דאָך אייך טאַקע דער אמתער שלום עליכם!

— עליכם שלום! — האָט דער אנטדעקטער ייד געשמייכלט. אין דודס אויגן איז זיין „אַפריקאַניש פּנים" פון מינוט צו מינוט געוואָרן יידישער... ער האָט זיך דערפרייידט מיט אים, ווי ס'וואָלט זיך אָפּגעזוכט זיינס אַ לייבלעכער ברודער.

— יאָ, איך האָב אַפילו געלייענט במעט גאַנץ שלום־עליכמען — האָט דער וועלט־ייד אַריינגעשמייכלט אין רויך פון זיין ציגאַר — נאָך ביזן היינטיקן טאָג, אַז עס באַפאַלט מיך אַ מרה־שחורה, לייען איך אים און לאַך פון דער וועלט... דודס אויגן זענען געוואָרן פייכט. עפּעס האָט טיף א ציטער געטאָן אין זיין האַרץ און געוואָלט ארומנעמען דעם נייעם יידן. זיי זענען שוין נישט אָפּגעטראָטן איינער פון אַנדערן. דודס צונג, וואָס איז געווען פאַרחלשט, געלעכצט אויסצוריידן אַ יידיש וואָרט, איז אויפגעפרישט, אויפגעלעבט געוואָרן אין דערקוויקנדיקן קוואַל פון מאַמע־לשון.

אַ פאָרשטייער פון דער קאָמפּאַני האָט געמאָלדן: אַז איז א שעה אַרום פליט מען אָפּ. ווידער אַריין אין אַן עראָפּלאַן... שוין אַן אַנדערער. דער פריערדיקער איז געשטאַנען אין אַ זייט צום פאַרריכטן. דאָס מאָל איז דאָס וועטער געווען מילד, זוניק.

דער עראָפּלאַן האָט ווי אַ זילבערנער אָדלער געפלאַטערט מיט די פליגל העכער און העכער אַרויף, ווי ס'וואָלט אים אַ געהיימער כוח געצויגן צו העכערע וועלטן.

# בוענאָס אײַרעס

שפּעט בײַנאַכט האָט דער עראָפּלאַן געלאַנדעט אין בוענאָס אײַרעס. אַ גרויסער וואָקזאַל. א סך מענטשן. מען כאַפּט זיך אַרום, מען קושט זיך. דוד האָט מיט אַ פרייִדיק, קלאַפּנדיק האַרץ געזוכט די שוועסטער, אַרויסגענומען איר פּאָטאָגראַפּיע און פאַרגליכן צו די פרויען אַרום... זײַן האַרץ און זײַנע הענט זענען געווען גרייט זי ארומצונעמען. אַז ער האָט זי ענדלעך דערזען, האָט ער אויסגעשריגן — שוועסטער! גיטעלע! — די פרוי האָט זיך דערשראָקן פאַר אים און זיך אָנגעכאַפּט אין מאַנס אָרעם.

— ביסטו נישט גיטל פון וואַרשע?!

יענע האָט קיין וואָרט יידיש נישט פאַרשטאַנען, גערעדט עפּעס שנעל, שנעל צו איר מאַן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. דוד האָט זיך פאַרשעמט. ווידער באַטראַכט די פּאָטאָגראַפּיע, ניין, ס'איז נישט זי...

ביסלעכווייַז איז דער עולם אין וואָקזאַל געוואָרן שיטערער. ס'איז אַוועק אַ האַלבע שעה, א שעה — נישטאָ די שוועסטער. ער איז געוואָרן אומרואיק, אַרומגעדרייט זיך אַן איבעריקער, אַן עלנדער, שפּעט בײַנאַכט אין אַ פרעמדער שטאָט, אין אַ ווייט, פרעמד לאַנד. די האַלבע ליידיקייט פון וואָקזאַל האָט אָנגעהויבן פרעסן אויף אים און פאַרקלעמט זײַן האַלדז. ער האָט אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייגייער — „סיניאָר!“ — יענעמס פרײַנדלעכע, טונקעלע אויגן האָבן וואַרעם געקוקט אויף אים, נאָר ער האָט צעגומען מיט באַדויערן די הענט, ווײַזנדיק, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס דוד רעדט צו אים.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט דער וואַליזע און געהאַט דאָס געפיל, ווי דער עראָפּלאַן וואָלט אים אראָפּגעלאָזט אין נישט דער ריכטיקער שטאָט, אַנדערש וואָלט דאָך די שוועסטער געקומען אים באַגעגענען. צו וועמען ווענדט מען זיך? האָט ער פארצווייפלט געטראַכט, אַז

ער איז אַ שטומער. איז ער צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער, ווו מען פאַר־קויפט בילעטן און געזאָגט:

— „אַמעריקאַנאַ!". געוויזן מיט די הענט, אַז ער וויל רעדן צו איינעם, וואָס פאַרשטייט זיין לשון. מען האָט אַ רוף געטאָן עמעצן און ס'האָט זיך באַוויזן אַ דיקלעכער מאַן מיט אַ ציגאַר אין מויל:

— העלאָו!

— העלאָו! — האָט זיך דוד דערפרייט מיט אים — איך שטיי שוין דאָ איבער אַ שעה און האָב נישט צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

— איר האָט דאָ עמעצן אין שטאָט?

— אויב ס'איז די זעלבע שטאָט... האָב איך דאָ אַ שוועסטער.

— וועלכע שטאָט דאַרפט איר?....

— בוענאָס איירעס.

— דאָס איז בוענאָס איירעס. איר האָט דאָ, זאָגט איר אַ שוועס־טער? האָט איר זי געלאָזט וויסן, אַז איר קומט?

— זיכער. געשיקט אַ טעלעגראַם.

— און זי איז אייך נישט געקומען באַגעגענען?

— איך ווייס נישט. קאָן זיין אַז יאָ...

— וואָס מיינט איר, קאָן זיין אַז יאָ?! — האָט דער אַמעריקאַנער מיטן ציגאַר געשמייכלט.

— מיר האָבן זיך שוין פערציק יאָר נישט געזען.

— פערציק יאָר?! — האָט ער אַזש אַרויסגעכאַפּט דעם ציגאַר פון מויל.

— איך האָב זי פאַרלאָזט ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע. איצט ווערט זי שוין אַ באָבע.

— מזל־טוב! — האָט זיך דער מאַן ברייט צעשמייכלט.

— אַ ייד! — האָט זיך דוד דערפרייט.

— אַ ייד, אַ ייד, אַפילו געגאַן אין „היברו" — האָט ער געזאָגט אויף אַ צעבראָכענעם יידיש און באַלד אריבער אויף אַמעריקאַנער ענג־ליש — איר זאָגט, אַז איר האָט איר געלאָזט וויסן ווען איר קומט.

— געוויס. איך האָב איר אַרויסגעשיקט אַ טעלעגראַם.

— אָ!... איז זי אוודאי אייך נעכטן געקומען אַפּוואַרטן און אייך נישט געטראָפן, ווייל אייער עראָפּלאַן האָט געמאַכט אַ „געצוווּנגענע לאַנדונג" האָט מען אונדז דאָ געלאָזט וויסן. איר זענט נאָך מזלדיק, וואָס איר לעבט. צוויי אַנדערע עראָפּלאַנען האָבן לעצטנס געקראַכט

אויפן וועג אַהער. מיינט עס: אַז אייער שוועסטער איז אייך טאַקע נעכטן געקומען באַגעגענען און צוזאָמענגס געלייענט וועגן די געקראַכטע עראָפּלאַנען... פאַר איר איז קלאָר געווען, אַז איר שפּאָרט שוין אַן אויף יענער וועלט. איצט וועט זי האָבן א געפונענעם ברודער. גיט מיר דעם אַדרעס וועל איך טעלעפאָנירן צו איר.

דוד האָט אים געגעבן דער שוועסטערס אַדרעס און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר נאָמען איז נישטאָ אין טעלעפאָן=בוך.

— די בעסטע זאַך, וואָס איר קאָנט טאָן איז נעמען אַ טעקסי און פאָרן צו איר — האָט אים דער מאַן געזאָגט.

דער וועג צו דער שוועסטער האָט זיך געצויגן דורך שוואַך=באַלויכטענע גאַסן. די טעקסי האָט געטאַנצט אויף שטיינער, געסקריפּעט, געקרעכצט און געשטונקען מיט גאַז=רויך. ענדלעך האָבן זיי זיך דערשלעפּט צו אַ צוויי=שטאָקיק הויז. די פראָנט=פענצטער זענען געווען פינצטער. ער איז אַרויס פון דער טעקסי און דערפילט אַרום זיך אַ פרעמדע וועלט, אַפילו די לופט האָט געהאַט אַן אַנדער ריח. דאָ זאָל וווינען זיין שוועסטער?

דער טעקסי=טרייבער האָט אים מיט אַ פריינדלעכן שמייכל געוויזן אויפן הויז און געזאָגט, ווייזנדיק פינף צעשפּרייטע פינגער פון דער האַנט: דאָלערס... דוד האָט זיך נישט געאײלט צו באַצאָלן. וואָס טוט ער, אז די שוועסטער איז נישטאָ אין דער היים? וועט ער ווידער בלייבן אַליין. די גאַס איז אַ ליידיקע, אַ פאַראיינזאַמטע. זעלטן זעט זיך ליכט אין אַ פענצטער. ער איז אַריין אין קאָרידאָר פון הויז און אָנגעקלאַפּט אין א טיר. ס'איז אַרויסגעקומען א פעטע, מיטליאָריקע אַרגענטינערין. דערזען אים מיט דער וואַליזע האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן... איר גרויסער בוזעם האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן אַרויף און אַראָפּ. געקוקט אויף אים מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן: זי האָט דאָך ערשט היינט געהאָלפן זיין שוועסטער אים באַוויינען... זיי האָבן דאָך ביידע געלייענט אין דער צייטונג וועגן דעם עראָפּלאַן, אין וועלכן ער איז אומגעקומען, טאָ וואָס טוט ער דאָ שפּעט אין דער נאַכט?

דוד האָט זי געפּרווט באַרואיקן. געמאַכט מיט די הענט אַ האַלבע ראָד אויפן בויך, אָנדייטנדיק א שוואַנגערדיקע פרוי, און געוויזן מיט אַ פינגער, אַז זי דאַרף דאָ וווינען אין איינע פון די אַפּאַרטאַמענטס.

די פעטע פרוי האָט זיך באַרואיקט, איבערצייגט זיך, אַז דער מענטש לעבט און אָנגעהויבן שנעל און פריידיק שאָקלען מיטן קאָפּ:

„סי, סי סיניאָר!“ און אים צוגעפירט צו אַ טיר. ער האָט מיט ציטער־דיקע הענט אָנגעקלאַפּט. פאַר אים איז געשטאַנען זיין מוטער שרה אין די מיטעלע יאָרן מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט דערשטוינט און צע־שראָקן געקוקט אויף אים — דוד!! — האָט זיך פון איר האַלדז אַרויס־געריסן זיין מוטערס קול... זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געוויינט און געלאַכט... אַז מען האָט זיך באַרואיקט, געקומען צו זיך, האָט אים די פּלימעניצע בלומעלע צוגעטראָגן אין אַ קישן דאָס ניי־געבוירענע מיי־דעלע מיט אַ געקנייטשט, רויט פּנימל, וואָס האָט געמאַכט פּיסקעס, זיך געקרימט אויף עפּעס... און אים באַגריסט מיט קליינינקע, אומרואיקע און, דאַכט זיך, דראָענדיקע פויסטלעך...

— פעטער, דאָס איז מיין טאָכטער. מיר האָבן איר אַ נאָמען גע־געבן נאָך מיין באָבען — שרהלע...

מען האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר משפּחה און פריינד, וואָס זענען געקומען טרייסטן די שוועסטער צוליבן אומגליק פון איר אומגעקו־מענעם ברודער. מען האָט געטרונקען וויין און זיך היימיש, יידישלעך צוגעוווּנטשן. ס'האָבן זיך געמישט פּוילישע, ליטווישע און אַנדערע דיאַ־לעקטן, וואָס האָבן געקלונגען אין זיינע אויערן ווי א פיל־שטימיקער כאָר. שפּעטער האָט זיין פּלימעניצע, די יונגע שיינע מאַמע, בלומעלע, וואָס האָט געענדיקט א יידישע שול אין בוענאָס איירעס און גערעדט אַ זאַפטיקן, חנעוודיקן יידיש, געזונגען יידישע פאָלקס־לידער, באַגלייטנ־דיק זיך אויף דער פּיאַנאָ.

ס'האָט אויפגעלעבט די אַלטע היים, וואָס האָט זיך איבערגעפּלאַנצט אין אַ פריינדלעכער ערד און אויפסניי אָנגעהויבן אַרויסגעבן בליונג. שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן איז דוד געזעסן מיט דער שוועסטער גיטל אין פראָנט־צימער און זיי האָבן שטיל זיך אויס־גערעדט פאַר אַלע יאָרן. כאָטש ס'איז געווען אַ הייסע נאַכט, האָט מען געמוזט אַראָפּלאָזן אַזאַ מין בלעכענעם „ראָלעט“ איבערן פענצטער, וואָס האָט געפירט צו א ווערענדע, וויל עס זענען אַריינגעפלויגן גרויסע, זשומענדיקע מאָסקידאָס. אין אַנדערן צימער איז דאָס פענצטער געווען אין דער טיר, וואָס האָט געפירט אין קאָרידאָר אַריין... שפּעטער האָט דוד געזען, אַז די מערסטע הייזער האָבן די פענצטער אין די טירן... בלומעלע מיטן קינד און דער איידעם, א הויכער, בלייכער יונגערמאַן, זענען געווען פאַרמאַכט מיטן קינד אין זייער צימער.

— אַזוי, אַזוי. ביסטו דאָס מיין קליין שוועסטערל מיטן פינגערל אין מויל, וואָס איך האָב מיט פערציק יאָר צוריק איבערגעלאָזט אין וואַרשע— האָט דוד געזאָגט און נישט אראָפּגענומען די אויגן פון איר.

— און דו ביסט מיין אמאָליקער גרויסער ברודער, וואָס איז באַלד נאָך דער חתונה אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד — דוד מיטן געדיכטן, געלאָקטן קאָפּ האָר, וואָס איך געדענק ווי אין א קינדערשן חלום. דו האָסט, האָט מען מיר שפּעטער דערציילט, געזונגען, פאַרגעלייענט, געזאָלט ווערן א יידישער אַקטיאָר. ווען איך טרעף דיך אין גאַס און ווייס נישט ווער דו ביסט, וואָלט איך דיך זיכער נישט דערקאָנט — האָט זי געזאָגט, מיט א שטיל געלאַסן קול, ווי זיין מאַמע שרה, די אַמאָליקע סאָציאַליסטקע אין וואַרשע.

— אָבער איצט גלייבסטו דאָך, אַז איך בין דיין ברודער? האָט דוד געשמייכלט.

— איך גלויב דיר אויפן וואָרט... וואָס מער, דוד, איך קוק מיך איין אין דיר, אַלץ מער דערזע איך אונדזערע עלטערן.

— און וויאַזוי האָבן אונדזערע עלטערן געלעבט אין זייערע לעצטע יאָרן?

— געלעבט? ס'איז נישט געווען קיין לעבן, ענדער א לאַנגזאַמער טויט. מען איז אויסגעגאַנגען אונטערן דייטש פאַר אַ שטיקל ברויט. שאַכער-מאַכערס, שפּעקולאַנטן, האָבן אָפּגעלעקט אַ פאַרבלוטיקט ביינדל, אָבער אַרבעטער ווי אונדזערע עלטערן, זענען אומגעקומען.

— איך האָב זיי נישט געקאָנט העלפן — האָט זיך דוד מיט אַ פאַרשטיקט קול ווי פאַרענטפערט — אין דער צייט פון דער מלחמה איז די וועלט געווען פאַרמאַכט. די פּאָסט איז נישט געגאַנגען קיין פוילן.

— די מוטער איז געווען דער ערשטער קרבן — האָט זי שטיל ווי פאַר זיך גערעדט — איינאָטעמענדיק אין זיך דורך יאָרן דעם טאַבאַק-שטויב, אין די פּאַפּיראָסן-פאַבריקן, זענען אירע לונגען געווען אָנגעגריפן. נישט געווען קיין ברויט, נישט געווען קיין ביסל מילך, קיין שטיקל פלייש, איז זי, די שוואַכסטע, די ערשטע געפאַלן. און זי האָט אַזוי נישט געוואָלט שטאַרבן. זי האָט נאָך אַלץ געחלומט דיך אַמאָל צו זען, איר באַליבטסטן זון. אויפן טויטן בעט האָט זי דיקטירט א בריוו צו מיר פאַר דיר... ער ליגט באַהאַלטן. אַז דו ווילסט וועל איך אים דיר געבן...

— אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן, שווער און פאַרשטיקט געאָטעמט. די

קינדער — האָט זי פאַרגעזעצט — יונגע כוחות האָבן זיך נאָך געקאָנט ראַנגלען מיטן מלאך־המות. אָבער נישט לאַנג.

— נו, און דער פאָטער? — האָט דוד געפרעגט.

— דער טאַטעשי איז, ווי דו ווייסט, אַלע יאָרן געווען א געזונטער מענטש, נאָר אין די מלחמה־יאָרן האָט ער אָנגעהויבן שנעל גרוי ווערן. ער האָט נישט געקאָנט צוזען, ווי די מאַמעשי און די קינדער גייען אויס פון הונגער. האָט ער זיך אין איינעם א פרימאָרגן געלאָזט צופוס קיין ראַדעם... אפשר וועט ער קריגן הילף פון זיין משפחה דאָרט... און פון דעמלט אָן וויים מען נישט, וווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען — ביידע זענען געזעסן מיט פייכטע אויגן, פאַרקלעמטע העלדזער און געשוויגן. אין צימער איז געווען טונקל, שטיקנדיק. דוד האָט געווישט דעם שווייס פון פנים.

— נו, די טויטע קאָן מען שוין נישט מאַכן לעבעדיק — האָט דוד געפרווּט עפּעס זאָגן און געטראַכט, אַז ער וואָלט בעסער געשוויגן.

— אונדזערע עלטערן לעבן אין מיר... — האָט גיטל געזאָגט אַוועקשארנדיק א בלאָנדע האָר, וואָס האָט זיך געקלעפּט צו איר שטערן.

— אין מיר אויך — האָט ער שטיל נאָכגעזאָגט. די שוועסטער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגלייכנדיק איר מיטלוווקסיקע, נאָך שיינע פיגור. — ס'איז שוין שפּעט, דוד, דו ביסט אַוודאי מיד פון דער רייזע און דאַרפסט זיך אויסרוען.

— איך וועל נאָך האָבן א סך צייט צו רוען... זאָג מיר, ווי אַזוי האָסטו געלעבט די אַלע יאָרן און פאַרוואָס ביסטו זיך צעגאַנגען מיט דיין מאַן?

— וועגן דעם איז דאָ א סך צו רעדן. דאָס איז א פוילנדיקע וווּנד. דו ביסט א גאַסט. מאָרגן דאַרף איך דיר ווייזן די שטאָט, באַקענען דיך מיט מענטשן. מירן נאָך רעדן און רעדן. דו מוזט זיך אויסרוען. איך בין אויך מיד. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווען איך האָב געלייענט, אַז דיין עראָפּלאַן האָט געקראַכט...

— נו, גוט. רוען מיר. נאָר ס'איז דאָ זייער הייס. אפשר קאָן מען אויפמאַכן דעם דאָזיקן גרויסן לאָדן? ס'זאָל אַריין אַביסל לופט.

— ס'וועלן זיך אַריינכאַפּן די מאסקידאס און דיך צעבייסן.

— זאָלן זיי בייסן, אַבי ס'זאָל זיין מיט וואָס צו אָטעמען.

ווען זי האָט אַרויפגערוקט דעם „לאָדן‟, האָבן זיך מיט אַ זשו־מעריי אַריינגעכאַפּט אַ גראָמאַדע מאַסקידאַס צוזאַמען מיט אַביסל פרישע לופט.

גיטל האָט אים אויסגעבעט אויף אַן אייזערן אויפשטעל־בעטל. צו פאַרטרייבן די מאַסקידאַס, האָט זי אַוועקגעשטעלט אַ טעצל מיט אַזאַ מין שאַרף רויכוואַרג, לעבן אים, וואָס האָט אים געביסן אין האַלדז. אַז ער האָט דאָס אַביסל אָפּגערוקט פון זיך, האָבן זיך די מאָסקידאַס אַ לאָז געטאָן אויף אים. ער איז אַרויס פון בעט און זיי געגומען יאָגן מיט אַ האַנטוך. פאַרטאָג איז ער איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין גיטל געווען אין קיך, גרייטנדיק אָנבייסן. נאָכן עסן איז ער אַרויס פון הויז אַ קוק טאָן, ווי עס זעט אויס בייטאָג אַ גאַס אין בוענאָס איירעס. עס זענען געווען ווײַניק דורכגייער. זעלטן איז דורכגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל, אָדער אַ פערד און וואָגן. ער איז אָבער געווען דערשטוינט צו זען, ווי פרויען וואַשן די קאָלירטע טראָטואַרן אין פראָנט פון זייערע הייזער.

דער קליינער, אַלטער אויטאָבוס, אין וועלכן גיטל האָט אים גע־פירט ווייזן די שטאָט, איז געווען געפאַקט און זיך געשלעפּט, ווי די משא וואָלט געווען צו שווער פאַר דעם מאָטאָר, וואָס האָט ספּאַזמאַטיש געסאָפּעט. דער אויטאָבוס האָט געקרעכצט און געסקריפּעט. דוד האָט זשעדנע באַטראַכט די גאַסן. די מענטשן זענען געגאַנגען פּאַוואָליע, ווי מען וואָלט אויף דער טעלעוויזיע געוויזן אַ ניו־יאָרקער גאַס אין „סלאָו מאָשאָן‟ (פאַרלאַנגזאַמטע באַוועגונגען). ער האָט זיך איינגעקוקט אין די פּנימער און געוואָלט אַרויסלייענען זייערע געדאַנקען, זייער וועלט־באַנעם. אויף אַ סך הייזער און פּלאַקאַטן — די בילדער פון פּעראָן און איוואָ (הוהלע, ווי יידן האָבן זי גערופן און זיך געשפּיגלט אין איר...). די זון האָט העל געשיינט, און דודן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי איז אַ פרעמדע, פון אַן אַנדערער וועלט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דער יידישער געגנט: אימפּאָזאַנטע, הויכע הייזער. געשעפטן און געשעפטן... יידישע פּנימער, יידישע רייד. דוד איז אַריין אין אַ רעדאַקציע פון אַ יידישער, בירגערלעכער צייטונג. די שרייבער נאָך יונגע מענטשן... איז דאָס המשך, אָדער אַ פאַרשפּעטיקטע אימיגראַציע? דער רעדאַקטאָר, אַ מיטליאָריקער מענטש, מיט אַ טונקל, אָריענטאַליש פּנים, האָט אים פריינדלעך אויפגענומען אַלס נאָרד־אַמעריקאַנער טוריסט. אויסגע־

שמועסט זיך מיט אים. און אַז דוד האָט געזען, ווי ער נעמט זיך צו פּאַפּירן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געזאָגט אַ גוטן טאָג. אַרויסגייענדיק געטוישט עטלעכע ווערטער מיט דעם און יענעם שרייבער, וואָס האָבן געגרייט אַרטיקלען פאַר דער מאָרגנדיקער צייטונג. ער האָט אויך באַזוכט א פּראָגרעסיווע יידישע צייטונג. דאָ, נאָך יינגערע מענטשן, אַ וואַרעמע חברישע באַציונג און ווייניקער ליבשאַפט פאַר פּעראָנען מיט חוהלען, ווי ביי די אנדערע יידן, מיט וועלכע ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט אין דער בירגערלעכער צייטונג. ער האָט אויך באַזוכט א קינדער=שול, א שענערע און גרעסערע ווי ביי זיי — קיין פאַרגלייך נישט צו דער רייכער נאָרד=אַמעריקע... יונגע לערער, בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן אַליין געלערנט אין יענע שולן. אויף נאָרד=אַמעריקע געזאָגט געוואָרן... ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט די לערער. דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט. גיטל האָט זיך געאיילט אהיים, צום אייניקל. זי דאַרף אַרויסהעלפן די טאָכטער, וואָס איז אָפּגעשוואַכט נאָך דעם קימפּעט — דער איינאונאיינציקער, איידעלער, אָפּגעציטערטער בלומעלע.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין הויז, איז שוין דאָרט געווען דער שוועסטערס איידעם, וואָס האָט אַן אייגענע, קליינע דרוקעריי. ער האָט שוין ווייניק אויסגעזען ווי אַ ייד, מער ווי אַ געבוירענער אַרגענטינער. גערעדט יידיש מיט אַ פרעמדן, אוודאי שפּאַנישן דיאַלעקט. האָט אפּנים געליטן אויפן מאָגן. עפּעס האָט ער אויס געוויינהייט זיך אָפּט געהאַלטן ביים בויך. מיטן גאַסט האָט ער זיך געפריידט און געוואָלט אַלץ וויסן וועגן דער „רייכער“ אַמעריקע. דוד האָט באַמערקט אייל=בילדער אויף די ווענט. זיי זענען געווען צו שרייאיק און רוי.

— דאָס זענען מיין בלומעלעס בילדער. זי מאָלט... — האָט די שוועסטער געזאָגט אַביסל נישט זיכער און אַביסל שטאָלץ.

— זייער פיין... — האָט דוד געזוכט אַ וואָרט. — צו מאָלעריי, ווי צו יעדער קונסט דאַרף מען אַחוץ טאַלאַנט, האָבן אויסדויער, געדולד, כדי עפּעס צו דערגרייכן. אין אַלגעמיין איז דאָס פאַר געוויסע מענטשן אַ שיינער צייט=פּאַרטרייב...

— איך האָב ליב זיך צו שפּילן מיט פאַרבן — האָט בלומעלע געזאָגט — נאָר מיין טאָכטער לאָזט מיר איצט נישט. זי האַלט אַפּנים נישט פון מיין טאַלאַנט... נו שאַ, שאַ, שרהלע. איך האָב גאָרנישט געמיינט. און דער פעטער האָט נישט ליב קיין מיידעלע, וואָס האַלט אין איין וויינען — האָט זי געטענהט צו שרהלען.

גיטל איז געגאַנגען איינקויפֿן אויף וועטשערע. אָפּגעקאָכט און געשטעלט צום טיש אַ געדיכטע זופּ פֿון לאָקשן מיט קאַרטאָפֿל און געבראָטן פלייש. (פלייש איז דאָ אַ סך אין אַרגענטינע).

— לאָקשן מיט קאַרטאָפֿל?... — האָט זיך דוד געוווּנדערט, פֿירנדיק מיטן לעפֿל אין טעלער.

— מיין דאָקטער זאָגט, אַז לאָקשן מיט קאַרטאָפֿל איז זייער געזונט. עס גיט כוחות — האָט אים גיטל פֿאַרזיכערט.

נאָך וועטשערע זענען געקומען צוגאַסט בלומעלעס חברטעס, שוואַרצאויגיקע, יידישע מיידלעך מיט קליידער און מאַניערן פֿון עכטע סיניאָריטאַס, מיט וועלכע זי האָט צוזאַמען געלערנט אין דער יידישער שול. מיט זיי האָט זי שוין גערעדט נאָר שפּאַניש...

גיטל האָט צעוואַשן ס'געפֿעס. און דערנאָך אַרומגעשפּאַנט הין-און-צוריק מיטן אייניקל, וואָס האָט געקראָגן פֿון עפּעס ווייטיקן אין בייכעלע, און זיך געריסן אויפֿן האַלדז אַזוי היסטעריש, אַז עס האָט זיך שיעור נישט פֿאַרקייכט. ענדלעך האָט עס זיך באַרויִקט און נאָך לאַנג אַרומשפּאַנען מיט דעם, איז עס איינגעשלאָפֿן אויף דער באָבעס הענט. זי האָט עס צערטלעך, מיט אַ נחתדיק פּנים געלייגט אין וויגעלע אַריין. בלומעלע איז אין צווייטן צימער געווען פֿאַרטאָן טיף אין אַ שמועס מיט די חברטעס. זיי האָבן זיך איינגערוימט סודות און געלאַכט... בלומעלעס מאַן, בערנאַרד, אַן אָנגעהאָרעוועטער פֿון אַ טאָג אַרבעט אין דער דרוקעריי, האָט נאָך דעם לאָקשן מיט די קאַרטאָפֿל, געבראָטן פלייש און ווייך, ווייס ברויט, איינגעדרימלט ביים טיש מיט אַ האַנט אויפֿן בויך.

דוד איז אַרויס פֿון הויז און באַטראַכט די גאַס. זעלטן ווען עמעצער איז פֿאַרבייגעגאַנגען. פֿון אַ ראַדיאָ דורך אַן אָפֿן פֿענצטער האָט זיך דערטראָגן אַן אַרגענטינער פֿאָלקס-ליד, וואָס האָט פֿאַר אים געקלונגען אַזוי פֿרעמד, ווי ער וואָלט דאָס געהערט ערגעץ אויף אַן אַנדערן פּלאַנעט. אין הימל איז געשוועמען זיין באַקאַנטע, קאַליפֿאָרניער לבנה, נאָר דאָ האָט זי אויסגעקוקט אַן איינזאַמע, אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע און אַרויסגערופֿן אין אים אַ בענקשאַפֿט צו דער היים, פֿון וואַנען ער איז אַזוי ווייט, ווי ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. מרים האָט אוודאי נעכטן דערהאַלטן זיין טעלעגראַם, וואָס האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט מיט אַ טאָג, אַז ער איז אָנגעקומען אין בוענאָס איירעס. ער האָט זיך געוואָלט

לאָזן אויף אַ שפּאַציר ווי זיין געוווינהייט איז, צו נעמען לאַנגע „וואלקס“, נאָר ער האָט געטראַכט, אַז ער קאָן פאַרבלאָנדזשען און זיך פילן פאַרלוירן אָן אַ וואָרט שפּאַניש. ער וועט בעטן גיטלען, זי זאָל אַרויסגיין אַביסל מיט אים. אַריינקומענדיק אין הויז האָט ער זי גע־טראָפן אויפן בעט דרימלען. זי איז אָן אָנגעהאָרעוועטע פרוי. האָט אַ שטעל אין מאַרק, וו זי שטייט לאַנגע שעהן, פאַרקויפנדיק קינדערשע קליידלעך, און דאַרף אַרויסהעלפן דער איינציקער, געצערטלטער טאָכ־טער, אויסלערנען זי זיין א מאַמע...

אָבער דעם קומענדיקן אָוונט איז זי געגאַנגען מיט אים אין יידישן טעאַטער „איפט“, וואָס הייבט אָן שפּילן 18 אַזייגער ביינאַכט.

— וואָס עפּעס 18 אַזייגער? — האָט זיך דוד געוווּנדערט.

— דאָ רעכנט מען לויט די 24 שעה אין מעת־לעת — האָט אים גיטל דערקלערט.

מען האָט געשפּילט „אַלע מיינע זין“, פון אַרטור מילער. נישט שלעכט אויפגעפירט, וועדליג האַלבע פּראָפעסיאָנאַלן, מערסטנס יוגנט־לעכע, וואָס האָבן געענדיקט די יידישע קינדער־שולן.

אָפּגעוווען עטלעכע וואָכן אין בוענאָס איירעס, האָט אים אָנגעהויבן ציען אַהיים. די שוועסטער האָט קיין סך צייט נישט געהאַט פאַר אים. זי איז געווען פאַרנומען אין מאַרק מיט איר קראָם. די שטאָט איז אַ גרויסע, אַ צעוואָרפענע, די שפּראַך, א פרעמדע. עס האָט זיך אָנגערוקט דער האַרבסט, מיט פייכטע נעפּלדיקע וועטערן, וואָס האָבן צעשפּילט ווייטיקן אין זיין קערפּער. האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנירן זיין רייזע צוריק. אהיימפאָרן האָט ער באַשטימט מיט דער שיף... געגוג עראָפּלאַנען. אויף אַ ים־רייזע וועט ער זיך אויסרוען, באַגעגענען פאַרשידענע מענטשן, איינזאַפּן נייע איינדרוקן, האָבן נייע איבערלעבונגען, אָפּרוען זיך פון דער רווישיקער, שטויביקער וועלט. דער ים וועט אים אָפּפרישן און אויפלעבן.

גיטל איז מיט אים געגאַנגען צו דער אַמעריקאַנער שיפס־קאָמפּאַני קויפן אַ בילעט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די נאָענטסטע שיף, וואָס ער קאָן קריגן, גייט ערשט אָפּ אין פיר וואָכן אַרום. וואָס וועט ער דאָ טאָן פיר וואָכן? די שוועסטער ווינט ווייט פון יידישן צענטער. קריגן דאָרט אַ האָטעל איז אוממעגלעך. ער האָט שוין געפּרווט. אונטער פּעראָנען אַרבעטן אַלע, אַלע פאַרדינען. עס קומען אָן יעדן טאָג טויזנטער מענטשן

פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, פאַרפלייצן די שטאָט. אין איין האָטעל, נאָענט צו דער יידישער געגנט, האָט מען אים יאָ געוואָלט פאַרדינגען א צימער, נאָר צו שלאָפן מיט נאָך איינעם אין איין בעט... און דאָ זאָגט מען אים, אַז ער דאַרף נאָך וואַרטן פיר וואָכן אויף אַ שיף. ער איז געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטער.

— וואַרט נאָר — האָט זיך דער באַאַמטער געכאַפּט —איר האָט מזל, איינער האָט צוריקגעצראַכט אַ שיפסקאַרטע, ער מוז אָפּלייגן די רייזע — דוד האָט אַ דערפרייטער אַרויסגענומען געלט צו באַצאָלן.

— האָט איר אין אָרדענונג אייערע פּאַפּירן? — האָט אים דער באַאַמטער געפרעגט.

— פּאַפּירן? — דוד האָט אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן אַ פּאַק פון זיין בוזעם־קעשענע. דער באַאַמטער האָט אַריינגעקוקט אין זיי — איר האָט נישט דעם אונטערשריפט פון דער פּאָליציי, ווו איר האָט אייך די ערשטע וואָך באַדאַרפן מעלדן.

— מעלדן?!

— יאָ, אָן דער אונטערשריפט קאָנט איר דאָס לאַנד נישט פאַרלאָזן... אָט איז דאָך דאָ בפירוש אָנגעשריבן: „יעדער ניי־אריינגעקומענער אין לאַנד, מוז זיך די ערשטע וואָך מעלדן אין דער פּאָליציי. פאַר נישט מעלדן זיך, קומט עטלעכע חדשים טורמע"...

ס'איז דודן געוואָרן טרוקן אין מויל — טורמע?!

— **אַזאַ איז דאָס געזעץ פון לאַנד!**

— מען האָט מיר געגעבן אויפן וועג אַזויפיל פּאַפּירן, אַז ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן אַוועקזעצן זיך און שטודירן יעדעס וואָרט. ס'איז מיר גאָר אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז דאָ איז פאַראַן אַזאַ ווילד געזעץ! און נאָר איך אַליין האָב נישט געוווסט פון אַזאַ געזעץ מיין שוועסטער און איר משפּחה, און פריינד, וואָס זענען געקומען מיך זען, האָבן אויך נישט געוווסט דערפון. אַנישט וואָלטן זיי דאָך מיר געזאָגט וועגן דעם און געהייסן גיין צו דער פּאָליציי זיך מעלדן — ווי אַ פאַרברעכער! אויסצומיידן פארשפּאַרט צו ווערן אין טורמע!

— דאָס וואָס איר און זיי האָבן נישט געוווסט, איז קיין תירוץ נישט. בעסער גייט באַלד אַוועק אין דער פּאָליציי. אָן זייער אונטערשריפט וועט אייך קיינער קיין שיפסקאַרטע נישט פאַרקויפן. דאָס זעלבע, אַז איר וועט וועלן נעמען אן עראָפּלאַן.

די שוועסטער איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע, אָט האָט ער געהאַט אַ געצוווּנגענע לאַנדונג מיטן עראָפּלאַן, און איצט דראָט אים נאָך עט־לעכע חדשים טורמע! ווען ער פאָרט זי נישט זען, וואָלט ער אַלע צרות אויסגעמיטן. זי האָט אים דאָך אין די בריוו אינספּירירט צו מאַכן די רייזע. זי איז אין אַלעם שולדיק!

— דוד, מיר מוזן שוין צופאָרן אין דער פּאָליציי! — זיי זענען אַריין אין אַן אויטאָבוס. בלייכע, פאַרזאָרגטע זענען זיי געזעסן און גע־שוויגן. יעדער פאַרטאָן אין די אייגענע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך שנעל געדרייט און געצונדן רויטע געפאַר־סיגנאַלן. דוד האָט זיך געזען אין אַן אַרגענטינער טורמע, עפּעס אַ קוויטיקע שטייג — און פאַרוואָס, פאַר־וועמען? ווער ווייסט, צי מיט זיין געזונט און אין זיינע יאָרן וועט ער דאָס קאָנען איבערטראָגן. נישטאָ שוין יענע יונגע כוחות, מיט וועלכע ער האָט געקאָנט אויסהאַלטן די צאַרישע טורמעס. איצט ווען ער מוז זיין אַזוי אָפּגעהיט מיטן עסן וועט מען געבן די ריכטיקע שפּייזן. אין זיין דיעטע גייט אַריין פרישע פרוכט, וויטאַמינען, אַנישט ווערט ער קראַנק. עטלעכע חדשים טורמע, מיט דעם קלימאַט, מיינט זיין סוף!

די רייזע האָט זיך נישט איינגעגעבן. און צוליב אים ליידט די שוועסטער אויך, זיצט אַ דערשלאָגענע, מיט אַ גרין פּנים און שווייגט מיט פאַרפּרעסטע ציטערדיקע ליפּן... און די בענקשאַפט אהיים צו דער זוניקער קאַליפאָרניע פאַרקלעמט זיין האַלדז...

זיי זענען געשטאַנען פאַר אַ הויפּט פון דער בוענאָס־איירעסער פּאָ־ליציי. דוד מיטן הוט אין דער האַנט. גיטל — זיין אַדוואָקאַט — האָט אים פאַרטיידיקט, מיט האַרץ, מיט פייער, מיט נשמה, אַז איר ברודער איז געקומען צו איר אויף אַ באַזוך נאָך דעם, ווי ער האָט זי מיט פער־ציק יאָר צוריק איבערגעלאָזט אַ פינף־יעריק מיידעלע אין דער אַלטער היים. זייערע עלטערן זענען אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביים דייטש. זי איז די איינציק לעבנגעבליבענע שוועסטער זיינע, ווייל אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט היטלער אויסגע־הרגעט זייער גאַנצע משפחה. איר ברודער איז אַ יידישער שרייבער, וואָס האָט דאָ געוואָלט ארויסגעבן אַ בוך. נאָר אַזוי, ווי ער איז קראַנק געוואָרן און איילט זיך אהיים צו זיין דאָקטער, וועט מען דאָס בוך אי־בערשיקן צו אים. ער איז דאָס ערשטע מאָל אין אַרגענטינע. אוודאי האָט ער באַדאַרפט לייענען די פּאַפּירן און זיך מעלדן אין דער פּאָליציי לויטן

געזעץ, נאָר ער איז געקומען אַ קראַנקער און אַ צעטרייסלטער פון אַ געצווונגענער עראָפּלאַן־לאַנדונג און נישט געקאָנט אַרויס פון הויז. ער איז שולדיק און אומשולדיק. פאַרשפּאַרן אים אויף עטלעכע חדשים אין טורמע, מיינט פאַראורטיילן אים צום טויט און דורכפירן דעם אורטייל. ער איז אַ קראַנקער מענטש! און זי — א לאַיאַלע אַרגענטינער בירגע־רין, אַ פּאַטריאָט פון לאַנד. בעט זי דעם פאַרשטענדלעכן, גוטהאַרציקן הויפּט פון דער פּאָליציי האָבן איינזעעניש און מאַכן אַז אויסנאַם אין דעם פאַל. זיין אומקומען דאָ אין טורמע וואָלט אויפגערודערט די נאָרד־אַמעריקאַנער פּרעסע... און זי האָט געבעטן, דערנידעריקנדיק זיך געבעטן...

צי אירע רייד און איר בעטן האָבן געהאָלפן, אָדער דער בוענאָס־איירעסער הויפּט פון דער פּאָליציי איז געווען אין אַ גוטער שטימונג — ער האָט געהייסן דעם קלערק אונטערשרייבן דאָס פּאַפּיר — און מען האָט דודן פאַרקויפט אַ שיפסקאַרטע.

אַ נאַכט פאַרן אָפּפאָרן איז דוד געזעסן מיט גיטלען ביי אַ טיש אין אַ רעסטאָראַן. זיי האָבן געטרונקען שוואַרצע קאַווע פון קליינע טע־פּעלעך. זי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים.

— פאָרסטו שוין אַוועק, מיין ברודער. ווען וועל איך דיך ווידער אַמאָל זען?...

דיין רייזע אַהער איז געווען אַ שווערע, האָסט שיעור מיטן לעבן באַצאָלט. און ס'האָט אַוודאי אָפּגעקאָסט אַ סך פאַרהאָרעוועטע אַמע־ריקאַנער דאָלאַרן. געווען ביסטו דאָ אַזאַ קורצע צייט, און ווילסט שוין וואָס שנעלער זיין אין דער היים...

— היים איז אַ מאַגנעט, ווו דו זאָלסט נישט זיין, ציט עס דיך צוריק — האָט זיך דוד ווי פאַרענטפערט.

— איך בלייב ווידער אַליין...

— וואָס הייסט אַליין? דו האָסט אַ פיינע טאָכטער, אַ שיין איי־ניקל. און דו ביסט נאָך אַ יונגע פרוי, קאָנסט נאָך געפינען אַ פריינד אין לעבן.

זי האָט זיך ארומגעקוקט צו זיין זיכער, אַז קיינער הערט זי נישט און און געזאָגט:

— איך האָב אַ פריינד.

— ביסטו דאָך נישט אַליין.

— אַליין.

— פאַרוואָס?

— מיין פריינד איז פאַרהייראַט. ער לעבט מיט זיין פרוי אין איין הויז, כאָטש זיי זענען זיך שוין לאַנג צעגאַנגען.

— פאַרוואָס קריגט ער נישט אַרויס אַ גט?

— האָ, אין דעם לאַנד קאָן מען זיך נישט גטן.

אַ גט ארויסקריגן קומט דאָ אָן שווער. און לויט דער מאָראַל, וואָס הערשט דאָ, וואָלט עס אַזאַ מענטשן ווי ער איז רואינירט, ער וואָלט פארלוירן דעם באָדן אונטער זיך, מען וואָלט אים אומאָפיציעל באָיקאָטירט. נאָך דערצו, ווען ער בייט אוים אויף א יינגערער און א יידישער פרוי.

— מיט וואָס באַשעפטיקט זיך דיין פריינד, וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז ער?

— ער איז אונדזער פאַמיליען־דאָקטאָר.

— קענסט אים שוין לאַנג?

— עטלעכע יאָר. מיר טרעפן זיך אין געהיים...

— דאָס איז אַ געפערלעכע שפּיל. דו שטעלסט איין אַ סך אין קאָן...

— אַחוץ דעם איז ער נישט קיין ייד. מיר שטערט דאָס נישט. ס׳וואָלט אָבער געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער פאַמיליע פון מיין איידעם.

דוד האָט זיך פאַרטראַכט — וואָס קאָן איך דיר זאָגן...

ווען זיי זענען אַרויס פון רעסטאָראַן איז שוין געווען שפּעט. קיין אויטאָבוס האָט מען נישט געזען. כאָטש ס׳איז געווען א רוישיקע גאַס, איז זעלטן פאַרבייגעפאָרן א טעקסי, וואָס איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ סך מער פּאַסאַזשירן, ווי זי האָט געקאָנט אריינגעמען.

— מיר האָבן ווייניק קאַטשן אין שטאָט (אַן אויטאָמאָביל רופן זיי דאָרט א קאַטש) — האָט גיטל געזאָגט — די מערסטע זענען שוין אַלט און האַלטן ביים פאַנאַנדערפאַלן זיך. אַז עס ווערט עפּעס קאַליע, קאָן מען נישט קריגן די טיילן צו פאַרריכטן.

מאַסן מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון טעאַטערס, קינאָס. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טויזנט־קעפּיקער מאַסן־דעמאָנ־

סטראַציע. דער מיטן־וועג און די טראָטואַרן זענען געוועזן געפּאַקט. אַז ס'האָט זיך באַוויזן אַ ליידיקע טעקסי, האָט זיך אַ שטראָם מענטשן אַ לאָז געטאָן אויף איר, ס'האָבן געאַרבעט הענט, פיס, עלנבויגנס. דער טרייבער האָט קוים געקאָנט פאַרמאַכן די טיר און מיט גרויסער שוויע־ריקייט און ריזיקע נישט איבערצופאָרן עמעצן — אַרויסראַטעווען זיך. ס'איז אַוועק אַ האַלבע שעה, אַ שעה. קיין טעקסי האָט זיך נישט באַ־וויזן. ס'האָט אָנגעהויבן רעגענען — מיר קאָנען דאָ אַזוי אָפּשטיין אַ גאַנצע נאַכט און ווערן דורכגעווייקט. לאָמיר בעסער גיין צופוס אהיים — האָט דוד פאָרגעשלאָגן.

— אַזאַ ווייטן וועג? מיר וווינען דאָך אין עק שטאָט. ווייסטו ווען מירן אהיימקומען? אינדערפרי. און מיט צעריסענע שיך! אַ קאַטש!! — האָט זי פּלוצעם א געשריי געטאָן. ביידע האָבן זיך אָן אָטעם געלאָזט לויפן צו איר. געמאַכט מיט די הענט צום טרייבער, נאָר ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. אָבער אַזוי ווי די „קאַטש“ איז געפאָרן לאַנגזאַם, געטרייסלט זיך און געבויגן אין ביידע זייטן, האָבן זיי זי דעריאָגט, גיטל האָט אָנגעכאַפּט די טיר און דוד האָט זיך געשטעלט אין פראָנט פון מאַטאָר... ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס די שוועסטער רעדט אַזוי לאַנג מיטן טרייבער. זאָל זי זיך דינגען איבערן פּרייז? איז נאָך אַ פּאָר פּעזאָס אבי אַהיימקומען. עס רעגנט שוין נישט, נאָר עס גיסט! פּלוצעם האָט זיך די „קאַטש“ אָנגעהויבן רירן. דוד איז אָפּגעשפּרונגען פון אָרט.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט גיטלען, וואָס איז געשטאַ־נען אַן אַנטוישטע און אַן אויסגעווייקטע פון רעגן.

— ער וויל מער היינט נישט נעמען קיין פּאַסאַזשירן.

— פאַרוואָס? — האָט זיך דוד געוווּנדערט.

— ער איז שוין מיד — זאָגט ער. און די „קאַטש“ איז אַן אַלטע, אַ צעבראָכענע, שלעפּט זיך קוים. אויף פּרנסה האָט ער שוין היינט פאַרדינט. איז — גענוג — זאָגט ער. ער וויל נישט מער. ווייל די עטלעכע פּעזאָס, וואָס ער וועט מאַכן, קאָנען אים צו טייער קאָסטן. די „קאַטש“ קאָן נאָך אינגאַנצן פאַנאַנדערפאַלן. ער וויל נישט, זאָגט ער, איבעררייסן ס'שטריקל...

— קאָן מען זי דאָך פאַרריכטן.

— נישטאָ די טיילן צו פאַרריכטן. אייער אַמעריקע שיקט זיי מער נישט צו אונדז, ווייל מיר ווילן נישט שיקן אונדזערע סאָלדאַטן אין אייערע

מלחמות... ציטערט ער איבער דער קאַטש און היט זי, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווייל דאָס, זאָגט ער, איז זיין ברויט, און מען קאָן אויף אים נישט פאַריבל האָבן דערפאַר.

— פון זיין שטאַנדפּונקט איז ער גערעכט — האָט דוד געזאָגט — נאָר ס'איז אַ ביטערע געשיכטע. ווי לאַנג קאָנען מיר דאָ אַזוי אָפּשטיין אין רעגן? ביי אונדז איז די לייכטסטע זאַך, צו קריגן אַ טעקסי.

— אייערס איז אַ רייך לאַנד. איר האָט אַלץ. — א „קאַטש“!!! — האָט זי אַ געשריי געטאָן, ווי ס'וואָלט אויסגעבראָכן א שׂרפה, און זיך געלאָזט לויפן און ער נאָך איר, מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז זיי זענען אַנדערע פאַרלאָפן דעם וועג, ווי אַנדערע זענען זיי פריער פאַרלאָפן דעם וועג.

— דאָס מאָל האָט זיי דער טרייבער געבראַכט אהיים.

# הימל און וואַסער

אַ פֿאַרטאָגיק=פֿייכטער ווינט האָט געשניטן ס׳פּנים, פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם, געביסן אין האַלדז. דוד, גיטל און בערנאַרד, דער הויכער, בלייכער איידעם אירער, זענען געשטאַנען קעגנאיבער דער שיף „אוראָגוויי“ און געוואַרט ביז מען וועט אַריינלאָזן די פּאַסאַזשירן. מען האָט געזאָגט, אַז ס׳וועט נעמען נאָך אַ שעה און אפשר צוויי, ביז מען וועט עפֿענען די טיר. דער צעיושעטער ווינט האָט חוצפּהדיק געריסן פּאָלעס פֿון מאַנטלען, אַראָפּגעבלאָזן קאַפּעלושן פֿון קעפּ. צונויפֿגעדרייט די אַרומשטייענדיקע.

— קאָן מען אַריינגיין דאָ ערגעץ אויסטרינקען אַ טעפּל קאַווע? — האָט דוד געפֿרעגט דער שוועסטער.

— יאָ, פֿאַרוואָס נישט? אָט איז אַ רעסטאָראַן — זיי זענען אַריין אין אַ טונקל גרויס צימער, וואָס האָט אויסגעקוקט, ווי אַן אַמאָליקע קרעטשמע. ארום באַפּלעקטע טישן אָן טישטעכער האָבן גרוי=שאָטנדיקע מענטשן עפּעס געגעסן, געדרויכערט שאַרפֿן טאַבאַק און געשפּיגן. דאָס טעפּל קאַווע, וואָס מען האָט דורן דערלאַנגט, וואָלט מען פֿריער באַדאַרפֿט בעסער אויסוואַשן און ס׳האָט געהאַט עטלעכע „שטשערבעס“ ארום דעם אויבערשטן ראַנד. אַלץ, וואָס מען האָט געקאָנט קריגן פֿאַר אָנבייסן אי: געווען ווייס ברויט מיט פֿלייש. דוד האָט זיך געוווּנדערט, לעבן אַזאַ גרויסער שיף, וואָס האָט אַן ערשטע, צווייטע און דריטע קלאַס, זאָל נישט זיין קיין ריינער רעסטאָראַן מיט אַן אויסוואַל פֿון שפּייזן? אינדרויסן זענען געשטאַנען טייל ערשט=קלאַסיקע פּאַסאַזשירן, פֿרויען אין טייערע פֿוטער=מאַנטלען, בריליאַנטן אויף די פֿינגער, געשטאַנען לעבן זייערע קאַסטנס און וואַליזעס און נישט געוואָלט אַריינגיין אין דעם רעסטאָראַן. גיטל און בערנאַרד האָבן געטרונקען די קאַווע, געגעסן דאָס ברויט מיטן פֿלייש און זיך נישט געקנייטשט, ווי דער סענסיטיווער גאַסט זייערער פֿון צפֿון=אַמעריקע...

אַז מען האָט אָנגעהויבן אַרייַנגיין אין דער שיף אויף די צוגע=
שטעלטע טרעפּ, האָט דער איידעם שנעל אַראָפּגעכאַפּט מיט זיין פּאָטאָ=
גראַפישן אַפּאַראַט א בילד פון דודן מיט גיטלען. איר האַנט האָט אין
זיין אָרעם א ציטער געטאָן, ווי מען וואָלט זי מיט א מעסער אָפּגעשניטן
פון אים... פון דעם איינציקן ברודער, וואָס זי וועט שוין אפשר קיינמאָל
אין איר לעבן מער נישט זען. מיט זיין אַוועקפאָרן רייסט ער איבער דעם
לעצטן פאָדעם, וואָס פאַרבינדט זי מיט דער היים. אירע אויגן זענען גע=
וועז פייכט. אירע לעצטע ווערטער זענען אַרויס פון אַ פאַרשטיקטן האַלדז.
דוד האָט זיך אָפּגעריסן פון איר און געדריקט דעם איידעמס האַנט.

אַרייַנקומענדיק אין דער שיף, איז דודן ליכטיק געוואָרן אין די אויגן
פון דער ריינקייט. ס'האָט אים ארומגענומען אַ טרוקענע וואַרעמקייט.
כאָטש די שיף האָט געטראָגן דעם נאָמען „אוראַגוויי“, איז זי אָפּערירט
געוואָרן פון אַ צפון=אַמעריקאַנער „קאמפּאַני“. מען האָט אים אָנגעוויזן
אויף זיין קאַיוטע, וואָס ער האָט באַדאַרפן טיילן מיט נאָך צוויי פּאַסאַ=
זשירן. מען האָט אָפּגעבונדן דעם אַנקער. די שיף האָט זיך פריי אַ ריי=
געטאָן. דוד איז אַרויף אויף דעם דעק. פון דער הויך האָבן אונטן די
מענטשן אויסגעקוקט קליינע, נישט דערוואקסענע. זיי האָבן אַרויפגעפאָ=
כעט מיט טיכלעך. עפּעס אַרויפגעשריגן און מען האָט צוריקגעשריגן. ער
האָט געזוכט גיטלען מיטן איידעם אין געדיכטן עולם, וואָס האָט נאָכגע=
קוקט ווי די שיף דערווייטערט זיך. אָט דאַכט זיך פאָכעט אַ בלאָנדע
„קלייניגקע“ פרוי מיט אַ טיכל. דאָס מוז זיין די שוועסטער. ס'טיכל
קוקט שוין אויס, ווי אַ צעשראָקן פלאַטערל אין גרויען, שטויביקן ווינט.
די שטאָט בוענאָס=איירעס דערווייטערט זיך און ווערט פאַרלוירן צווישן
הימל און וואַסער.

דעם ערשטן טאָג האָט מען נישט געפילט, אַז מען פאָרט אויף א
שיף, אַזוי רואיק איז דער ים געווען. אין דער „לאבי“ האָבן די פּאַסאַ=
זשירן אָנגעהויבן שליסן באַקאַנטשאַפט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט
און ס'האָבן זיך איינגעשטעלט גרופּירונגען: לינקע, רעכטע, סאָציאַליסטן,
ציוניסטן, רעליגיעזע יידן, „כאַפּ=לאַפּ=מענטשן“, שווינדלערס, דרייערס,
אַז גרופּעס האָבן זיך פאַרמישט, האָבן זיי אויפגעריסן מיט געשרייען און
צעצונדענע אויגן...

די כוואַליעס אין ים זענען דעם צווייטן טאָג געוואָרן אומרואיקע,
גרין=גאַליקע, געשטויסן, געוואָרפן זיך איינע אויף דער אַנדערער מיט

הויך=אויפגעבלאָזענע הויקערס, און האָבן אָנגעהויבן וואַרפן און בייגן די שיף. פּאַסאַזשירן זענען געלעגן בלייכע, פאַרנודיעטע אויף די בעט=לעך.

צומאָרגנס איז דער ים געווען רואיק. די זון האָט צעזילבערט די לאַנגזאַמע, ריטמישע כוואַליעס. עס האָבן זיך באַוויזן אויף דער דעק אויס=געבלייכטע פּנימער. מען האָט זיך ווידער געטראָפן ביי מאָלצייטן, אין דער „לאבי“, און פון וואָס מען האָט נישט אָנגעהויבן רעדן, האָט דאָס אין מערסטע פאַלן געפירט צו פּאָליטיק. מען האָט זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ, צעטרייסלט די נערוון, נישט פאַרדייעט די געשמאַקע מאכלים... די איינציקע פרידלעכע באַשעפענישן זענען געווען די מעווען, וואָס זע=נען נאָכגעפלויגן דער שיף און די פיש, וואָס פלעגן אַרויסשפּרינגען פון וואַסער גלייך ווי סטרונעס מיט די קעפּ אַרויף און זיך ווי געוואונדערט, וואָס מענטשן זענען אַזוי אויפגעצאָרנט, פאָכען מיט די הענט, בליצן מיט די אויגן, קאָנען זיך נישט צעטיילן מיט דער וועלט...

אָפּגעגעסן א גוט מיטאָג, איז דוד אראָפּ אין דער קאַיוטע זיך צו צושפּאַרן אַביסל. דורכן קײַלעכדיקן פענצטערל זעט ער, ווי דורך אַ לאָרנעט דעם ים, וואָס מיניעט מיט בלאָ און זילבער. ווייט, ווייט, גיסט זיך דער הימל צונויף מיט די כוואַליעס. ער איז איצט ווייט פון די שטוי=ביקע שטעט. דאָ איז די וועלט א ריינע אַן אָפּפרישנדיקע, א פרייע... די קעלנער אויף דער שיף אַרבעטן נעבעך מיט דער גאַל צו קריגן „טיפּס“ (טרינק=געלט), שמייכלען פאַלש, בויגן זיך, דרייען זיך, מעסטן אָפּ מיטן אויג געניט א פּאַסאַזשיר און הייבן אים אָן „באַאַרבעטן“ פאַר א בעסערן „טיפּ“ (די שיפס=קאָמפּאַני רעכנט דאָס אריין אין זייערע פאַרדינסטן). עס פאָרט א בוענאָס=איירעסער שניידער מיט א פרוי און פינף קינדער. די קינדער כאַפּן זשעדנע ביים עסן. דער פאָטער, אַן אויסגעהאָרעוועטער מענטש, אַ דערשלאָגענער, קוקט מיט רעספּעקט אויפן קעלנער, וואָס זעט אויס ווי אַ צפון=אַמעריקאַנער מיליאָנער, און וועלכער קוקט טאַקע אויף זיי פון אויבן אראָפּ. ער ווייסט שוין, אַז ער וועט פון זיי קריגן א מיזער=נעם „טיפּ“, טראָגט ער צו גישט פאַרזיכטיק די שפּייזן צום שניידערס טיש. איינמאָל האָט ער אַ שפּריץ געטאָן מיט אַביסל הייסער זופּ אויף דער שניידערין און זיך רעכט נישט אנטשולדיקט. דודן קאָכט דאָס אויף. ס'פאַרדריסט אים ביזן ביין און ער קלייבט זיך צו האָבן אַ שמועס מיטן קעלנער... איצט ליגנדיק אויפן בעט מיט א בוך אין דער האַנט, טרייבט

ער די בייזע געדאַנקען פון קאָפּ, פאַרטיפט זיך אין לייענען, ביז די אויגן קלעפּן זיך אים. ער שלאָפט איין און ווערט אויפגעוועקט פון אַן אַליאַרם, וואָס הילכט און קלינגט איבער דער גאַנצער שיף. ער זעצט זיך האַסטיק אויף. אין קיילעכדיקן פענצטערל קלאַפּן דראָענדיק אַריין די צעשטורעמטע כוואַליעס, וואָס ווילן זיכער באַלד צעברעכן די שויב און פאַרפלייצן די קאַיוטע, און דער אַליאַרם קלינגט און וועקט, ווי ביי אַ שיף=אונטערגאַנג. דער ערשטער געדאַנק: די שיף גייט אונטער! די אַנדערע צוויי פּאַסאַזשירן זענען נישטאָ, אַוודאי זיך געלאָפן ראַטעווען און אים איבערגעלאָזט... ער פּראַלט אויף די טיר, מענטשן לויפן מיט רעטונגס=גאַרטלען אויף זיך. לויפט ער מיט. ווו קאָן ער קריגן אַ רעטונגס=גאַרטל!? ער לויפט אָן אָטעם מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אויף די שטיגן אַרויף צו דער דעק. אַ בילד בליצט אויף פאַר אים: ער שפּרינגט אין ים אַריין. אַ שוואַכער שווימער, הייבט ער אָן זיך טרינקען, גאָרגלט מיטן האַלדז, שאַרקס עפענען גרויסע, רויטע מיילער, מיט מעסערדיקע ציין! ער קומט אָן צום פּלאַץ ווו מענטשן זענען פאַרזאַמלט ביי די רעטונגס=שיפלעך. איינער ווייזט זיי ווי אַזוי אַריינצושפּרינגען. אייניקע פאַרמעסטן זיך און לאַכן... וואונדערט דאָס אים, אויפן שוועל פון טויט לאַכט מען? זיינע פאַרשלאָפענע געדאַנקען זענען געבליבן פאַרגליווערט. בלויז זיין אינסטינקטיווע שרעק איז וואַך און שאַרף. דאָס, וואָס קיינער שפּרינגט נישט אין די שיפלעך אַריין, צעטומלט אים. די פּאַסאַזשירן, שמועסן געמיטלעך, בחורים און מיידלעך שטיפן, לאַכן.

— פאַרוואָס שטייען אַלע מענטשן אַרום די רעטונגס=שיפלעך? — פרעגט ער אַ מאַן לעבן זיך.

— דאָס איז אַ „פּראָבע“ ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך אין פאַל פון אַ שיף=ברוך.

— פאַרוואָס האָט מען נישט געלאָזט וויסן, אַז אַזאַ פּראָבע וועט פאָרקומען, נישט איבערשרעקן מענטשן אויף טויט?!

— איר האָט נישט געזען די מעלדונג אין עס=זאַל היינט אינדערפרי?

— איך האָב נישט באַמערקט...

— איין קליניקייט!... — האָט דער מאַן באַדויערט — דערהערנדיק אַזאַ אַליאַרם האָט איר אוודאי געמיינט, אַז די שיף ברענט און מען דאַרף שפּרינגען אין ים אַריין. איך באַשערט געוועזן אומזיסטע שרעק.

דוד האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, זיין האַרץ האָט אויפגעהערט האַס־טיק צו קלאַפּן. ער האָט אַ לאַנגע צייט שפּאַצירט אויף דער דעק ביז ער איז געקומען צו זיך.

אַפילו אין מילדערע וועטערן איז די שיף אומרואיק, ווי זי וואָלט געשטאַנען אויף הינערשע פיסלעך... און זי וויגט זיך צוביסלעך. אַ פאַרנודיעטער, פאַרזוכט ער ביי די מאַלצייטן עפּעס פון יעדער פּאַטראַווע, און אַז דער ים צעבושעוועט זיך ליגט ער אויפן בעטל און קוקט אַרויס דורכן קיילעכדיקן פענצטערל אויף הימל און ים און אויף די מעוועס, וואָס פליען נאָך דער שיף. די צייט האָט זיך געצויגן לאַנג און שווער. ער איז אַ שלעכטער מאַטראָס. נאָר אין איין שיינעם טאָג, טוט ער זיך אַ כאַפּ, אַז ס'איז שוין געבליבן בלויז צוויי נעכט איבערצושלאָפן אויף דער שיף. מען דאַרף זיך שוין באַלד אָנהייבן גרייטן ווידער צו טרעטן אויף גאָטס ערד, פילן אונטער זיך דעם געבענטשטן, פעסטן, זיכערן באָדן.

דאָס מאָל איז ער אין ניו־יאָרק געווען אַ קורצע צייט. אָפּגע־פריידט זיך מיט די זין, מיט חברים, מיט דער שטאָט — און צוריק אַריין אין עראָפּלאַן קיין לאָס־אַנדזשעלעס. די פלי־רייזע איז אַ שנעלע.

אויפן לופט־פעלד לויפט אים אַנטקעגן מרים מיט דער טאָכטער און זיין איינציק אייניקל, אַ יינגעלע פון זעקס יאָר, וואָס הייסט פּיטער... אַחוץ זיינע שוואַרצע אויגן, וואָס שטאַמען פון אַ רבנישער פאַמיליע, איז ער אַ קליינער „קאָוובאָי" מיט אַביסל אַ צו גרויסן קאַפּעלוש אַרויפגעבויגן ביי די זייטיקע ראַנדן און צוויי רעוואָלווערן אין ברייטן גאַרטל. מען קושט זיך, מען פריידט זיך.

— ווי פילסטו זיך, דוד, ווי איז דיר צוגעגאַנגען די רייזע און וואָס מאַכט עפּעס דיין שוועסטער — וויל מרים באַלד אַלץ וויסן.

— די שוועסטער איז דאַנק גאָט איינגעאָרדנט... די רייזע איז גע־ווען אַ צו לאַנגע. די בעסטע זאַך איז אַן עראָפּלאַן — ביז ער ווערט קאַליע...

— פּיטער האָט מיך געהאַלטן אין איין פרעגן, ווען קומט שוין דער זיידע — האָט די טאָכטער געזאָגט.

— טאַקע געבענקט נאָכן זיידן? זייער שיין. אָט דאָס הייסט אַ גוט אייניקל. איז וואָס מאַכסטו, פּיטער? ביסט דאָך עפּעס אַ גאַנצער „קאָוובאָי" — ווען קלייבסטו זיך צו שיסן מיט די צוויי רעוואָלווערן?

— „אינדיענס!"

— ווי איז מיר, וואָס האָסטו צו די „אינדיענס?“ וואָס האָבן זיי דיר געטאָן, האָסט אַמאָל געזען אַן „אינדיען?“

— יאָ, אויף דער טעלעוויזיע. זיי זענען ווילדע, מען דאַרף זיי שיסן! — ציט ער שנעל אַרויס אַ רעוואָלווער און מאַכט: „בום“, „בום“!! — ווייזט ווי אַזוי מ׳דאַרף דאָס טאָן. און די אייגעלעך בליצן... זיין מאַמע שמייכלט. אַלץ, וואָס איר איינציק זינדל טוט, איז שיין און דער ענטפער איז: ער קאָן נישט זיין אַנדערש ווי אַנדערע קינדער... נאָר דער באָבען מיטן זיידן שמייכלט זיך נישט... די טאָכטער פירט זיי אהיים אין איר מאַשין. עס פליט אנטקעגן די „גאָרטן־שטאָט“ לאָס־אַנדזשעלעס! עס דרייען זיך און טאַנצן פּאַלמען.

עס פליען און רוישן און טרובען און בראַזגען און שמעקן מיט גאַז מיליאָנען אויטאָס, וואָס פאַרסמען די לופט, בייסן אין האַלדז, און מאַכן טרערן די אויגן. דערנענטערנדיק זיך צום ים, וו זיי וווינען, הייבט מען אָן אָפּאָטעמען.

— וואָס מאַכן אונדזערע זין? דערציייל מיר שוין, צי מיר נישט ארויס די נשמה!

— די זין זענען אָלרייט — מען לעבט און מען לאַכט... זיי ווילן דיך זען, ס׳איז דאָ אַן אויסזיכט, אַז אויף זיין לעקציע־טור אין האַרבסט וועט משה זיין אין לאָס־אַנדזשעלעס.

— הלוואַי — דערפרייידט זיך מרים — און וואָס מאַכט זיין פרוי?

— זי איז אַ שטורעם־פייגל... האַלט פּלאַמיקע רעדעס און לויפט ווידער אויף אַ פּאָליטישן אַמט. דאָס מאָל דאַכט זיך פאַרן מעיאר פון ניו־יאָרק...

— און אונדזער שמואל וואָס טוט?

— שמואל לעבט אַ פול לעבן, אַרבעט און קעמפט פאַר אַ בעסערער וועלט...

— מיר האָבן פיינע זין און גוטע שנורס, כאָטש פּאָליטיש זענען מיר נישט איינשטימיק... נאָר אַז מען וויל, האָבן מיר דאָך דעם זעלבן ציל... און וויאַזוי לעבט זיך דיין שוועסטער גיטל אין אַרגענטינע?

— זי איז שוין דאָרט איינגעאָרדנט... איר פריוואַט לעבן האָט זיך נישט איינגעגעבן. מירן נאָך רעדן דערפון.

שפּעטער אין דער היים האָט מרים געזאָגט:

— דו ווייסט? דער קולטור־קלוב אָרגאַניזירט דאָך אַ אָוונט פאַר דיר צו הערן אַ באַריכט פון דיין רייזע.

— איך בין גרייט.

— נו, דערווייל רו זיך אויס פון וועג. דער אָוונט וועט זיין דעם קומענדיקן שבת. מען דערוואַרט אַ גרויסן עולם.

— ווו איז פּערל מיט פּיטערן? — זוכט זיי דוד.

— אָט דאָ בין איך, פּאַ. איך וועל ווערן ווייסן ווי אַזוי דו האָסט פאַרבראַכט אויף דער רייזע. נאָר דו ביסט איצט מיד און איך מוז אַהיימלויפן. פּיטער דאַרף עסן „לאַנטש" און דער דאָקטער זאָגט, אַז ער דאַרף יעדן נאָכמיטאָג, אויב ניש ער שלאָפן, איז כאָטש ליגן אויפן בעט און רוען אַ שעה. פאָלגט ער? ווייס איך וואָס, כאָטש בינד אים צו צום בעט. נו, איך וועל דיך זען.

אויף דעם אָוונט האָט דוד אָנגעוואָרפן מאָמענט־בילדער, שטימונגען... די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער זענען אומרואיק. עס רייפט אָן דער באַוווסטזיין פון די מאַסן, די אַרבעטער־יוניאָנס זענען שטאַרק, שפּרייזן מיט ריזיקע טריט פאָרויס. פעראַן און זיין ווייבל איוואַ (חוהלע) פּרוּוון זיי פאַרלויפן דעם וועג... אין מעכניק איז דאָס לאַנד צוריקגעשטאַנען קעגן אונדזער נאָרד־אַמעריקע, וואָס פאַרפּלייצט זיי מיט אונדזערע סחורות און שאַפט אַרבעטלאָזיקייט. וואָס שייך דעם יידישן לעבן איז די אימיגראַציע דאָרט א פאַרשפּעטיקטע... בליען נאָך יידישע קינדער־שולן, פאַראַן א יידישע פּרעסע, יידישע זשורנאַלן, וואָס ווערן נאָך געלייענט אפילו פון יונגערע יידן. פאַראַן יונגע יידישע לערער אין לערעריננס אין די דאָרטיקע שולן, וואָס זענען פּאַלאַצן קעגן אונדזערע. נאָר עס מערקט זיך שוין דער אָנהייב פון אַסימילאַציע. שפּאַניש קריגט די אויבערהאַנט. דער גאָר יונגער דור רעדט שוין זייער ווייניק יידיש.

די באַרוישונג פון דעם פאָרן און צוריקקומען האָט זיך אָנגעהויבן אויסוועבן. ס'האָט זיך צוריק איינגעשטעלט דאָס אַלטע, וואָכעדיקע לעבן. ראַזירנדיק זיך, באַמערקט דוד אין שפּיגל, אַז זיינע האָר ווערן טאַקע גרוי און — שיטער. „ס'שיינט שוין אַרום אַ שטיקל לבנה"... נאָר ווער האָט צייט צו טראַכטן דערפון? וואָס פאַר אַ באַדייט האָט עס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן מענטשן, וואָס קאָכט זיך אין גרויסן, ברויזנדיקן „קעסל"?

„העלאָו, גרענדפּאַ!“ — לויפט אַריין פּיטער, זיין אייניקל, אַ פּאַר־פלאַמטער מיט אַ גרויסן, האַרטן „באָל“ אין האַנט, וואָס מען וואַרפט און מען כאַפּט מיט אַזעלכע גרויסע, לעדערנע הענטשקעס. און איידער דוד פרעגט אים עפּעס לויפט ער צוריק אַרויס ווי אַ בליץ. „נו, אייניק־לעך“ טראַכט ער. גיי כאַפּ זיי... כאַפּ דעם ווינט... דורך די אָפענע פענצטער הערט זיך דאָס הייזעריקע געשריי פון אים און פון די יינגלעך, מיט וועלכע ער שפּילט, וואַרפנדיק דעם גרויסן, האַרטן „באַל“, וואָס קאָן אַן אויג אַרויסהאַקן. זיין איינציק אייניקל איז שוין געוואָרן אויס „קאָוובאָי“ און שניידט זיך פאַר אַ „פוטבאָל“־שפּילער. וועט ער איבער־נעמען די ירושה? וואָס פאַר אַ רינג וועט ער זיין אין דער קייט?...

---

אין עטלעכע יאָר אַרום איז דוד ווידער געפאָרן קיין ניו־יאָרק אַרויסגעבן אַ בוך... ווידער געווען ביי די קינדער. געהאַט צרות מיט דעם דרוקער. ער וועט נישט פריער אַרויסגעבן ס׳בוך ביז עס וועט נישט זיין אינגאַנצן באַצאָלט... אַ חכם אַ ייד, ווו וועט מען נעמען צו באַ־צאָלן, אויב ער וועט כאָטש נישט אַרויסגעבן אַ צאָל עקזעמפּליאַרן? מען זאָל קאָנען מאַכן אַן אָוונט און שאַפן אַ געוויסע סומע געלט? דער בחור הזעצער האָט געהאַקט גרייזן, אויסגעמישט קאַשע מיט מילך... ווייל מען יאָגט די נשמה אַרויס פון אים... דאַרף מען אַ סך ענדערן. און זאַץ איז מיט גאָלד צוגלייך, און דער באַלעבאָס שרייט, אַז דוד וועט אים דאָס העמד אויסטאָן... ענדלעך אָבער איז דאָס בוך פערטיק געוואָרן און מען איז דורכגעקומען מיטן באַלעבאָס וועגן געלט... פאַרנאַכט האָט דוד גענומען אַ צאָל ביכער אונטערן אָרעם און אַוועק אַהיים. אויף דער גאַס האָט אים ארומגעכאַפּט אַ קאַלטער ווינט, וואָס האָט געיאָגט פאַר־בייגייער, געריסן היטלען פון די קעפּ, פּאָלעס פון מאַנטלען. די עלעק־טרישע „ניאָן סיינס“, וואָס מען האָט אַזוי פרי אָנגעצונדן, האָבן פאַר־שלונגען ס׳לעצטע ביסל ליכט פון טאָג. די פערצנטע גאַס אין ניויאָרק איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, ווי אַלע מאָל אין דער צייט, ווען מען גייט און פאָרט פון דער אַרבעט. דער פאַרקער פון אויטאָמאָבילן און „באָסעס“ איז געווען אַזוי געדיכט און פאַרפּלאָנטערט, אַז צייטנווייז האָט זיך פאַרהאַקט איין אויטאָמאָביל אין אַנדערן און זיך מער נישט געקאָנט רירן פון אָרט. אויף די טראָטואַרן פון ביידע זייטן גאַס האָבן

געשפּאַנט געדיכטע שטראָמען מענטשן, ווי אין אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע. דוד האָט מיטגעשפּאַנט, טראָגנדיק שטאָלץ אונטערן אָרעם אַ צאָל עקזעמפּלאַרן פון זיין ניי בוך. ווייסן די פאַרבייגייער, האָט ער געטראַכט, אַז דער מענטש מיט די מידע, אַביסל אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען און גרוי־לעך־שיטערע האָר, וואָס פלאַטערן אין ווינט, איז אַ שרייבער, וואָס טראָגט זיינע אייגענע ביכער? וויפל פון די מענטשן, וואָס פּאַקן אָן די גאַסן, קענען שרייבן ביכער? פונדעסטוועגן — גאָרנישט... שפּאַנט אַ מענטש מיט זיין האַרץ און נשמה אונטערן אָרעם און קיינעם פאַלט נישט איין אַ קוק צו טאָן אויף אים... ער איז שוין אַנדערש, ער לאָזט נישט דורך קיין מענטשן, ווי זיי וואָלטן געווען שאָטנס: ער באַטראַכט זיי, קלייבט זיי איבער, כאַפּט זיי אַראָפּ מיט זיין „פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט" און דערנאָך פּרוווט ער זיך פאַרטיפן אין זיי, דערגרונטעווען זיך אין די באַהאַלטענע, טונקעלע ווינקעלעך... ס'האָט אָנגעהויבן שנייען. פאַר־בייגייער האָבן זיך געטוליעט אין די מאַנטלען, אריינגעצויגן די קעפּ צווישן די אַקסלען. וויפל ער האָט די ביכער נישט געפּרוווט פאַרשטעלן, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרנעצט ווערן. ער האָט אויפגעקנעפּלט דעם מאַנטל, אַריינלאָזנדיק דערווייל די קעלט אויף זיך, און באַהאַלטן די בי־כער אונטער די פּאָלעס, אונטערהאַלטנדיק זיי פון דרויסן מיט ביידע הענט, ווי אַ דיקער מענטש האַלט זיך אונטער דעם בויך.

דערזעענדיק פון וויטנס די רויט־בלענדיקע „גיאָן סיין" פון „קליינס" דעפּאַרטאַמענט סטאָר, וווּ ס'קומט שטענדיק פאָר אַן אויס־פאַרקויף, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מרים האָט אים אָנגעזאָגט ער זאָל זיך קויפן אַ סוועטער. ס'קומען אָן די קעלטן. דער אַלטער סוועטער איז שוין אויסגעריבן און האָט לעכער. זי האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער פאַרקילט זיך אָפט, ווייל ער לויפט שטענדיק אַרויס „נאַקעט" פון הויז. דער שניי האָט אָנגעהויבן פאַלן האַסטיקער און זיך געקלעפּט, ווי נאַסע וואַטע אויף די ברעמען, אויף די אויגן. ער איז נאָך אַרויס פון הויז אָן אַ הוט... איי מרים, מרים, ווי שנעל זי האָט זיך דאָס ביי אים געעל־טערט... געווען אַזאַ שיין, בליענדיק מיידל, האָט זי זיך באַדאַרפט פאַר־ליבן אין אַ שניידער, וואָס וויל ווערן אַ יידישער שרייבער... אַ שווער לעבן האָט זי געהאַט ביי אים: געאַרבעט גלייך מיט אים אין שאַפּ און געפירט אַ הויז. ער האָט זיך נישט אויסגעטויגט צו דער וועלט... גע־זעסן ווי מען זאָגט, יום־ולילה און געלערנט, געשלונגען ביכער, געשריבן

און געמעקט, געלאָפן אין רעדאַקציעס, געראַנגלט זיך מיט רעדאַקטאָרן, און דער האָנאָראַר איז געווען אַ קלאָגעדיקער, אַז ווען מען האָט אים שוין אָנערקענט פאַר אַ שרייבער, האָט ער ערשט געמוזט אַרבעטן אין שאַפּ צו מאַכן אַ לעבן. די קעלט האָט זיך אָנגעהויבן דערקלייבן דורכן אָפּגעריבענעם מאַנטל אין זיינע ביינער אַריין. דעם ווינטער וועט ער זיך שוין נישט אַרויסדרייען אָן אַ סוועטער. פאַרבייגייענדיק אַן „אויטאָמאַט“, האָט זיך אים שטאַרק פאַרוואָלט אַ היים טעפּל קאַווע. ער איז דורכגעפרוירן. און פון אינעווייניק מאַניעט אַרויס א ליבע וואַרעמקייט. און אפשר וועט ער טרעפן באַקאַנטע מענטשן, יידן וואָס לייענען יידישע ביכער און זייערע אויגן זענען נאָך נישט אַזוי שלעכט, און זיי זענען נאָך צו לייענען... ער וועט זיי ווייזן די ערשטע עקזעמפּליאַרן, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס פון דרוק, פריש, נאָך נישט צעעפנט. ביי דער טיר פון „אויטאָמאַט“ האָבן אונטערגעטאַנצט פון קעלט א בינטל היימלאָזע מענטשן. די פנימער — שטיקער קויטיק רוי־פלייש, דורכגעברענט פון היץ און קעלט. צעטראָטענע, צעריסענע מענטשן, אָפּפאַל, „בראַק“ שטייען מיט געבויגענע קעפּ, מוטנע, פאַרלאָשענע אויגן. און קוקן אַריין מיט סלונע אין מויל, ווי אַנדערע עסן. נעמען זיך אָן מיט מוט, פאַרמעסטן זיך אריינצוגיין. אַמאָל לאָזט עמעצער איבער א נישט דערטרונקען טעפּל קאַווע, א שטיקל ברויט, אַ שטיקל קוכן, וואָס מען קאָן זיך מיט דעם אונטערלענען ס׳האַרץ. ברענט דער „מענעדזשער“ (פאַרוואַלטער) די טריט. לאָזט נישט אריין אזעלכע ווי זיי. אַפילו די בכבודע געסט לאָזט ער אויך צו לאַנג נישט זיצן. אָפּגעגעסן — אַרויס! פארזיצט זיך עמעצער, הייבט ער אָן קוקן אויף אים, נעמט פון אים די אויגן נישט אראָפּ, ביז דער גאַסט קאָן דאָס מער נישט פאַרטראָגן און גייט אַרויס. טרעפט זיך איינער איגנאָרירט אים, שפילט מיט אים א מלחמה פון נערוון... זיצט! גייט ער פאַרביי און פארטשעפעט זיין פוס אין דער שטול. און אַז דאָס העלפט אויך נישט, זאָגט ער אים, אַז מען וואַרט אויף דעם פלאַץ. מען דערציילט אָבער, פרווט דוד זיין גערעכט אויך צום צווייטן צד, אַז נאָך אַ רעסטאָראַן אין דער זעלבער גאַס האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן, ווייל מען האָט געלאָזט מענטשן אָפּזיצן שעהן איבער אַ טעפּל קאַווע, היצנדיק זיך איבער פאָליטיק, ליטעראַטור און אַנדערע הויכע וועלט־ענינים. טייל היימלאָזע פלעגן כאַפּן אַ דרימל ביי די טישלעך.

אינעווייניק אין „אויטאָמאַט“ איז שווער געווען צו געפינען אַ לייִדיק אָרט, מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט באַלאָדענע טאַצן אין די הענט און געזוכט זיך ווו צוצושפּאַרן. דוד געדענקט אַן אינצידענט אין דעם רעסטאָראַן: אַן עלטערער מאַן מיט אַ מיד פּנים, האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעדרייט און געפּלאָנטערט מיט די פיס, ביז די טאַץ האָט אָנגעהויבן ציטערן אין זיינע הענט, די אויגן האָבן זיך ביי אים צעצונדן, ער איז געוואָרן רויט, און פּלוצעם אַ שליידער געטאָן די טאַץ מיט די שפּייזן אויף דער ערד! מענטשן זענען אָפּגעשפּרונגען פון אָרט. ס'האָט זיך באַלד באַוויזן אַ בחור אין אַ ווייס רעקל און מיט אַ בעזים אַליץ צוזאַמענגעשאַרט, אויסגעווישט, אָפּגעמעקט...

עמעצער האָט זיך אויפגעהויבן פון אַ טיש. עטלעכע מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אָרט. דוד איז אָבער געשטאַנען נעענטער און פאַרכאַפּט דער ערשטער. אַוועקגעלייגט די ביכער אויף דער שטול און געגאַנגען אויסביטן אַ האַלבן זילבערנעם דאָלאַר אויף „ניקלס“ אַריינצוּוואַרפן אין שמאָלן שפּאַלט פון דער מאַשין, אַזאַ מין זשעדנע געלטפרעסערקע, עס זאָל אַרויסקומען אַ טעפּל קאַווע. אַרומגענומען פון דער אָנגענעמער וואַרעמקייט, האָט זיך אַ שמייכל פאַרשפּרייט אויף זיין פּנים. ער האָט אָנגעהויבן זוכן באַקאַנטע מענטשן מיט זיינע שאַרפע, אַריינדרינגענדיקע אויגן, וואָס באַהאַלטן אין זיך ווי אין אַ שפּייכלער בילדער און געשטאַלטן. ער האָט געזוכט, געפּאָרשט פּנימער, וואָס האָבן געשוועבט אַרום אים. ווען ער איז צוריקגעקומען צו זיין טיש מיטן טעפּל קאַווע, איז איינער דאָרט געשטאַנען מיט אַ טאַץ אין די הענט און דורכגעבויערט מיט זיינע נערוועזע אויגן די ביכער, וואָס פאַרנעמען אַן אָרט ווו אַ מענטש קאָן זיצן. דערזעענדיק דודן צו ווען זיי באַלאַנגען, האָט ער אויף אים אַזאַ קוק געטאָן, ווי ער וואָלט מיט אַ פינגער געצייכנט אַ רעדל אויפן שטערן...

טרינקענדיק די קאַווע, האָט דוד מיט פרייד דערזען אַ באַקאַנטן. ער האָט זיך האַסטיק אַ הייב־געטאָן און אָנגעוויזן אויף זיך: אָט דאָ זיצט ער... דער באַקאַנטער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די ביכער און זיך שנעל געלאָזט צו דער טיר...

מען זעט שוין דאָ ווייניקער יידישע פּנימער, האָט ער געטראַכט, זוכנדיק אַ פּאַפּיראָס אין די קעשענעס. אַרום דער פערצנטער גאַס האָבן דאָך אַמאָל געוווינט אַזויפיל יידן, ווו זענען זיי אַהינגעקומען? ווו באַ=

האַלטן זיי זיך? מען דאַרף זיי געפינען... ער האָט געליען געלט און אַריינגעלייגט אין די ביכער. ער מוז זיי פאַרקויפן, אַנישט בלייבט ער דערשטיקט. מען וועט מוזן אַריינגעבן אין דער צייטונג אן אויפרוף צו די לייענער... זען זיך מיט די פירער פון פריינדלעכע אָרגאַניזאַציעס. מען זאָל מאַכן אונטערנעמונגען. פשוט דערקלערן: ער טרינקט זיך, מען זאָל אים ראַטעווען!...

— העלאָו, דעיוו! — האָט ער דערהערט א קול און דערזען אַ טאַץ לעבן זיך. פאַר אים איז געשטאַנען זיין לאַנדסמאַן איזי, אַ שמייכלדיי קער, אַ צופרידענער, מיט א רויט גלאַנציק פנים, ווי די הויט וואָלט זיך פון דעם געשיילט. די האָר צוגעפּלאַטשט מיט עפּעס אַ שמירעכץ און צעטיילט אין איין זייט מיט אַ שרינט. אַ ווייס טיכעלע מיט דריי שפּיצן אין דער אויבערשטער קעשענע פון רעקל.

— העלאָו! — האָט זיך דוד דערפרייט מיט אים — וואָס מאַכט איר? איך האָב אייך שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געזען, כ'האָב אייך קוים דערקענט. איר קוקט אויס זייער גוט...

— און איך האָב אייך באַלד דערקענט, דער זעלבער פאַרחלומטער דעיוו, נאָר אַביסל גרויער.

— וואָס מאַכט אייער פרוי? — פרעגט דוד.

— געוואָרן אַלט. צייט זי אויסצובייטן פאַר צוויי יונגע — האָט איזי אַ לאַך געטאָן, און צוגעגעבן — קרענקט אונטער, גייט צו דאָקטוי־רים. ס'האָט שוין אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן.

— און די קינדער?

— אָ! די קינדער מיינע זענען אָלרייט! איר געדענקט מיין דזשעקן? ער איז דאָך געוואָרן א פליער, שפּאַרט אָן מיטן עראָפּלאַן, ווו די וועלט האָט אַן עק!

— טאַקע? — האָט זיך דוד געוווּנדערט — און וואָס מאַכט אייער צווייטער זון, ווי האָט ער געהייסן?

— סעמען מיינט איר? ער איז אַן „אינשורענס עידזשענט“, אים איז זייער גוט. נאָר ער האָט נישט קיין „לאַק“ צו פרויען, ער האָט שוין פיר מאָל חתונה געהאַט און טרעפט אַלץ נישט... און וואָס מאַכן אייערע קינדער, דעיוו? איך געדענק זיי נאָך, ווען זיי זענען געווען קליין און געטראָגן רויטע טיכלעך אויפן האַלדז. ווי זענען זיי עפּעס אויסגעוואַקסן? האָבן

נאָך נישט אויפגעגעבן איבערצומאַכן די וועלט, מאַכן זיי כאָטש אַ לעבן?

— קיינער גיט זיי נישט — האָט דוד געזאָגט אַביסל טרוקן... — דאָס איז טאַקע אַ צופאַל, וואָס איר האָט צווישן אַזויפיל מענטשן גע־טראָפן צו מיין טיש...

— טאַקע אַ „קאָינסידענט" — האָט איזי געזאָגט מיט אַן אָנגע־פּאַקט מויל — און וואָס שלעפּט איר אַזויפיל ביכער מיט זיך? אַ גאַנצע „לייברערי".

— דאָס זענען די ערשטע קאָפּיעס פון מיין נייַ בוך „העלע וועגן". נאָר וואָס אַרויס פון דרוק. פריש, נאָך נישט געעפנט...

איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, כ'געדענק שוין נישט די יאָרן, ווען כ'האָב געלייענט יידיש.

— וואָס איז, איר האָט זיך געשמדט? געוואָרן אַ „יענקי"?

— ניין. נאָר די קינדער מיינע לייענען נישט קיין יידיש. אין הויז קומען אַריין ענגלישע „פּעיפּערס" און „מעגעזינס" און אַחוץ דעם — ווער האָט צייט אַזויפיל צו לייענען? איך האָב אַ „ליקער סטאָר" „יו נאָו" אַ „דזשענטל טרעיד" הייַנט איז מיין „דעי אָף", דער „פּאַרטנער" מיינער שטייט אין די ביזנעס — ער האָט באַלעקט דעם ציגאַר, אַרומ־געדרייט אים אַביסל אין מויל און פאַררויכערט — פונדעסטוועגן וועל איך קויפן ביי אייך אַ בוך. עפּעס אַ לאַנדסמאַן, אַ וואַרשעווער... וואָס קאָסט דאָס?

דוד איז געזעסן אַ דערשלאָגענער, ס'איז אים געוואָרן ענג אין האַלדז און ער האָט געהערט ווי ער זאָגט פאַרשטיקט — דריי דאָלער.

— נו מילא... דריי דאָלער איז דריי דאָלער. דאָך אַן אייגענער מענטש, אַ שטיקל ווייטע משפחה. שרייבט עפּעס אָן אויף ענגליש. זאָלן מיינע קינדער זען...

— אַ יידיש בוך אויטאָגראַפירט מען אויף יידיש.

— נו, זאָל זיין יידיש — האָט ער אַ האַסטיקן צי געטאָן פון זיין ציגאַר און אַרויסגעלאָזט אַ טשאַד פון געדיכטע קנוילן רויך.

— כאָטש איך לייען נישט קיין יידיש, וויל איך איר זאָלט וויסן זיין, אַז איך בין אַ יידישער פּאַטריאָט! „בעליוו מי", וואָס מיך קאָסט אָפּ „איזראַעל" און אַנדערע יידישע „טשאַריטים" — פּלוצעם האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגער — איך מוז שוין לויפן. „וועל" גריסט די

פעמילע“. דאָס איז מיין אַדרעס מיטן טעלעפאָן — האָט ער אים דערלאַנגט אַ קאַרטל — קומט אַמאָל צו מיט דער מיסיס. „ביי!“

דוד האָט דערזען, אַז דער פאַרוואַלטער קוקט אויף אים, נעמט נישט אַראָפּ די אויגן. ער האָט שוין אָנגערירט פאַרבייגייענדיק מיטן פוס זיין שטול. האָט ער זיך אויפגעהויבן, איינגעוויקלט די ביכער אין אַן ענגלישער צייטונג, וואָס עמעצער האָט איבערגעלאָזט און אַרויס פון „אויטאָמאַט“.

אינדרויסן איז דער שניי געפאַלן געדיכטער, איינהילנדיק די לאַמטערנעס, וואָס האָבן זילבערדיק געלויכטן אין דער טונקל=ווינטיקער גאַס... אין אַ מינוט אַרום איז ער צוגעקומען צו „קליינס דעפּאַרטמענט סטאָר“. אינעווייניק איז ווי שטענדיק געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס קומען פון אַלע עקן שטאָט כאַפּן מציאות. ער האָט קוים אָפּגעזוכט אַ טיש מיט סוועטערס, באַלאַגערט פון קונים. צוגעשטופּט זיך און אָנגעהויבן זוכן אַ קאָליר, וואָס זאָל אים געפעלן. קאָלירן רופן אַרויס געפילן, פירן אַריין אין אַ דערהויבענעם געמיט=צושטאַנד, מענטשן ווייסן גאָרנישט, ווי שטאַרק קאָלירן באַווירקן זיי. ס'האָט זיך אָנגעהויבן וועקן ביי אים אין געדאַנק אַן אָפּהאַנדלונג וועגן קאָלירן, וועגן שרייבער און מאָלער. נאָר ער האָט געמוזט איבעררייסן דאָס טראַכטן. ער דאַרף אָנמעסטן אַ סוועטער, וויאַזוי באַווייזט מען דאָס אָבער אין אַזאַ געדיכטער ענגשאַפט? קיין פאַרקויפער באַדינען דאָ נישט, ווי אין אַנדערע געשעפטן, דאָ איז „העלף זיך אַליין“. האָט ער אַוועקגעלייגט די ביכער לעבן זיך. אויסגעטאָן ס'רעקל מיטן מאַנטל, און דערנאָך, אַרבעטנדיק שווער מיט די עלנבויגנס, נישט ווילנדיק שטורכענדיק אַנדערע, אים קוים אַרויפגעצויגן אויף זיך. און געשטעלט זיך אין דער ריי צו באַצאָלן דער קאַסירערין. אַ דערשוויצטער איז ער אַרויס אין גאַס. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ: ער האָט פאַרגעסן די ביכער אויפן טיש, וווּ ער האָט געקליבן דעם סוועטער. ער האָט זי־ דערפילט שולדיק און פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, ווי איז דאָס אַ מענטש אַזאַ צעטראָגענער?! דער מינדעסטער געדאַנק, וואָס פאַלט אים אין קאָפּ אַריין, פאַרכאַפּט אים און ער פאַרגעסט, אויף וועלכער וועלט ער איז. וואָס מרים זאָגט וועגן אים, איז זי גערעכט... און אינעווייניק איז אַזוי ענג, אַז די ביכער וועלן צעטראָטן ווערן אונטער טויזנטער פיס. און וואָס וועט ער זאָגן מרימען? ער האָט דאָך איר טעלעפאָנירט, אַז ער

ברענגט די ביכער, ביי איר איז דאָך היינט א יום-טוב. זי האָט פאַרבעטן גאָענטע פריינד, צווישן זיי עטלעכע שרייבער, געקויפט בלומען און ליכט אָנגעצונדן... ער דערמאָנט זיך: זיי האָבן אַמאָל געגעסן אין אַ רעסטאָראַן, וווּ ס'האָבן געברענט ליכט, כדי צו שאַפן אַטמאָספער, איז עס איר געפעלן. ווען ער האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך, האָט זי פאַרבעטן פריינד און געצונדן ליכט... זי האָט אַ פרומע נשמה, א יידיש בוך איז ביי איר א הייליקייט, ווי ביי איר באָבען און זיידן א ספר... זי דאַוונט אין יידישע ביכער, איז אַ טעטיקער מיטגליד אין פרויען-לייען-קרייז, וואָס איז אפשר דער המשך פון דער אַלטער ווייבערשער שול.

וויאַזוי זאָגט מען איר, אַז ער האָט פאַרגעסן די ביכער? ער האָט זיך פאַרצווייפלט געשטופּט פון איין טיש צום אַנדערן, נישט געדענקט, וווּ ער איז געשטאַנען. ס'איז אים באַפאַלן א פּאַניק! פאַרשווונדן דער טיש מיט די סוועטערס... ער האָט זיך געשטופּט צווישן געדיכטן צוזאַמענגעפּאַקטן עולם, געמוזט אַרבעטן מיט די עלנבויגנס דורכצושלאָגן זיך אַ וועג. אין אַזאַ געשעפט, אַז איר וועט פרווון שפּאַצירן ווי אַן איידלמאַן, וועט מען אייך אומוואַרפן. דאָ מוז מען זיך ראַנגלען צו בלייבשטיין אויף די פיס. אָט איז דער טיש מיט די סוועטערס! — נאָר די ביכער ליגן דאָרט נישט. ווער וועט גנבענען יידישע ביכער?... ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן און פּלוצעם דערזען א פּאָר טריט וויי̇טער, ווי אַ יונגע, בלאָנדע פרוי האַלט זיינע ביכער און ווישט זיי צערטלעך אַרום מיט אַ ווייס טיכעלע... זי קוקט אויס, ווי אַן אַמעריקאַנער געבוירענע. אירע אויגן זענען פאַרטרויערט.

— אַנטשולדיקט, „מיס“ דאָס זענען מיינע ביכער. איך האָב זיי פאַרגעסן, איבערגעלאָזט אויפן טיש, ווען כ'האָב געקליבן א סוועטער.

זי האָט אומהיימלעך, מיט אַ פאָרוווּרף אין די אויגן געקוקט אויף אים — פאַרגעסן?! אַ ייד לאָזט איבער יידישע ביכער מען זאָל זיי צעטרעטן? ווייסט איר כאָטש, ווי ס'קומט אָן א יידישן שרייבער אַרויסצוגעבן ביכער?

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס? — האָט ער זי געפרעגט.

— פון וואַנען איך ווייס? כ'האָב געלייענט, ס'איז באַקאַנט, דערהויפּט, נאָך דעם, ווי היטלער האָט פאַרברענט אַזויפיל יידן און יידישער ביכער. און איר זענט דאָך אַ ייד, דאַרף דאָך דאָס אייך אַוודאי זיין **באַקאַנט!**

— באַקאַנט, באַקאַנט, טײַערינקע!... און איר זענט אַ ייִדישע?
— נו אַוודאי!
— איר לייענט ייִדיש?
— ניין, צום באַדויערן האָט מען מיך נישט געלערנט. נאָר מיין קינד שיק איך אין אַן ייִדישער שול.

דודס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן. זיינע אויגן זענען געוואָרן פייכט:

— איר זענט אַ טייערע ייִדישע טאָכטער! ער האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אין דער שטופּעניש אַרום זיי איז זי איינגעשלונגען געוואָרן אין ים פון מענטשן. ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, פאַרשוווּנדן געוואָרן די בלאָנדע, אַמעריקאַנער ייִדישע פרוי מיט דער אויסגעשניטענער ייִדישער צונג... ער איז אַרויס פון געשעפט מיט פעסטערע, דרייסטערע טריט... טוליענדיק די ביכער צו זיך, האָט ער געטראַכט: די וועלט איז נאָך נישט הפקר, ס'איז נאָך דאָ אַ דין און אַ משפט... ער האָט איצט געלאַכט פון דער קעלט אויף דער גאַס, דאָס קול פון דער יונגער בלאָנדער פרוי האָט אים געוואַרעמט און ווי מוזיק געקלונגען אין זיינע אויערן.

אַריינקומענדיק אין הויז, האָט ער געכאַפּט מרימען קושן...

— עפּעס ביסטו מיר געוואָרן צוריק אַ יונגערמאַן! — האָט זי געלאַכט.

— מרים, טייערע! איך האָב זיך היינט פאַרליבט אין אַ יונגער, בלאָנדער פרוי!...

— דוד!!!

— שאַ, כאַפּ נישט, האָב געדולד. פריער הער מיך אוים — אַז ער האָט איר אַלץ דערציילט, איז זי אויך פאַרליבט געוואָרן אין יענער פרוי, וואָס האָט זיך באַוויזן און פאַרשוווּנדן...

— נו, דוד, קאָן מען וויסן וויפל פּערל ס'ליגן באַהאַלטן אין ים?...

שפּעטער ווען פריינד זענען געקומען, מען האָט צוגעביסן, געטרונקען וויין, געזונגען לידער און די פּלעמלעך פון די ליכט האָבן געשטיפט אויף די גרוילעכע קעפּ פון די געסט, האָט מרים געזאָגט: — אַ שאָד, דוד, וואָס דו האָסט נישט באַוויזן צו פאַרבעטן די יונגע, בלאָנדע פרוי, ווען זי איז דאָ היינט מיט אונדז, וואָלט די שמחה געווען פאַרפולט...

---

דאָס דרוקן פון בוך האָט גענומען לענגער ווי מען האָט דערוואַרט (מען פלעגט די צעקנייטשטע, האַלב אָפגעריסענע געדרוקטע דערציילונגען, אויסגעשניטענע פון צייטונגען און זשורנאַלן, אָפט אַוועקלייגן אין אַ זייט און דרוקן אַנדערע, בעסער באַצאָלטע מאַטעריאַלן) און זיך פאַרצויגן טיף אין האַרבסט אריין, ווען ס'איז אויסגעפאַלן אַ פריציייטיקער שניי אין ניו-יאָרק און פארשאָטן זייער אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אויף אן אָפענעם „לאט“. האָבן חברים זיי געזאָגט: — אויף ווען וואַרט איר? ביז איר וועט דאַרפן פאָרן אויף אַ שליטן קיין לאָס-אַנדזשעלעס? — דאָס האָט מען אים אַזוי אונטערגעאיילט — באַלד נאָך דער פייערונג.

דוד האָט די נאַכט פון דער פייערונג לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען דער ליכטיקער זאַל, די שיינעדיקע פנימער פונעם עולם. אין זיינע אויערן האָבן געקלונגען די לויברייד, וואָס האָבן אים אָנגעטאָן פליגל, אויפגעהויבן הויך, הויך.

צומאָרגנס האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַקן אין וועג אַריין. נאָר אָט דאַרף פאָרקומען א גרויסע אונטערנעמונג, וואָס ער קאָן נישט דורכלאָזן, ער מוז זיך פאַרהאַלטן נאָך עטלעכע טעג. ס'איז דאָך שוין סייווי אין ווינטער אַריין. מען וועט זיך שוין מוזן פאַרלאָזן אויף גאָטס באראט.

אויף דער אונטערנעמונג, וואָס ער האָט נישט געקאָנט דורכלאָזן, האָט מען אים באַגעגנט מיט אַ טענה — איר זענט נאָך אַלץ דאָ?! די וועגן ווערן דאָך מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרשנייט און איר פאָרט דאָך מיט אייער מאַשין!

— נאָך נישט אַוועקגעפאָרן?! — באַגעגנט אים אַ שרייבער — איך מיין, אַז איר וועט שוין דאַרפן איבערלאָזן אייער מאַשין אין ניו-יאָרק און פליען.

— איבערלאָזן די מאַשין אין ניו-יאָרק?! — פראָטעסטירט דוד — ווייסט איר כאָטש, אַז אין לאָס-אַנדזשעלעס איז מען אָן אַ מאשין ווי אָן פיס?

— איז דאָך טאַקע אַ פראַגע, אויף וואָס וואַרט איר?

אָט אַזוי פון אַלע זייטן, האָט מען זיך געבייזערט אויף אים און געטריבן פון שטאָט...

---

דוד און מרים, זייערע צוויי זין מיט די פרויען זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן צוזאַמען די לעצטע וועטשערע פאַרן אָפּפאָרן פון ניו-יאָרק.

— איך הער, מערי, אַז דו ביסט געלאָפן פאַרן סענאַטאָר. און אין לאָס-אנדזשעלאָס ביסטו געלאָפן פאַר מעיאָר... ווען וועסטו שוין אַמאָל דערלויפן? — האָט דוד געשפּאַסט מיט דער שנור, משהס ווייב, וואָס איז ווידער געווען אַ קאַנדידאַט אויפן צעטל פון זייער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און ווייל ער איז געווען גוט אויפגעלייגט און געוווּסט, אַז זי איז אַ קלוגע אין וועט מיט אים מיטשפּאַסן, האָט ער זיך געלאָזט וויל גיין... די עלטערן און די קינדער האָבן באַלאַנגט צו צוויי באַזונדערע פּאָליטישע ריכטונגען. גאַנץ אָפט פלעגט פאָרקומען צווישן זיי אידעאָלאָגישע צוזאַמענשטויסן.

— אָ, דו וועסט זען, פּאַ, אַז איך וועל נאָך אַפילו דערלויפן צום ווייסן הויז...

— אַז דו וועסט דאָס באַווייזן וועל איך דיר גראַטולירן...

— דער „פּאַ“ וועט קיין ברירה נישט האָבן...

— איך האָב מורא, אז איר מאַכט דעם חשבון אָן באַלעבאָס... נישט נאָר צום ווייסן הויז, נאָר איר זענט נאָך מיילן ווייט צו אַ מעיארס „מענשאן“.

— היינט שלעפּט מען זיך מער נישט מיט קיין פערד און וועגעלע, פּאַ, היינט פליט מען מיט „דזשעטס“... פעלקער באַפרייען זיך איבער נאַכט... אַלע טאָג בליצן אויף נייע רעוואָלוציעס אין די אָפּגעשטאַנענסטע לענדער. און אַמעריקע איז נישט קיין אויסנאַם... פאַרקערט, דאָ ווערט אַלץ געטאָן שנעלער. מיר האָבן אַ הויך אַנטוויקלטע טעכניק... אויב לענין און טראָצקי האָבן דאָס געקאָנט באַווייזן אין א צוריקגעשטאַנען לאַנד, אונטערן צאַר, וועלן מיר דאָ אַוודאי קאָנען — פאַרזיכערט אים מערי מיט אַ פייער אין אירע קלוגע, שוואַרצע אויגן, אַז אָט צינדט זי אונטער די וועלט...

— דו, פּאַ, קאָנסט פאַרקירצן דעם וועג, אָפּגעבנדיק דיין שטים פאַר מערין — פאַר אונדזער גאַנצן צעטל — האָט געזאָגט משה, מערים מאַן, עסנדיק מיט הנאה דער „מאַ“ס באַרימטע געקעכץ, אַז טראָפּנס שווייס זענען אים אַרויס אויפן שטערן. מערי קוקט אויף אים פאַרזאָרגט: דער דאָקטער האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער מוז פאַרלירן

וואָג. זי היט אים, ער זאָל זיך נישט צוכאַפּן צום „פּרידזשידער“, ציילט זיינע „קאַלעריס“, איצט ביים „לעצטן מאָלצייט“ פאַרגעסט ער, ווו ער האַלט אין דער וועלט. דוד קוקט אויף אים און וווּנדערט זיך: א מענטש מיט אַ גוטן קאָפּ, אַ רעדנער, אַן אָרגאַניזאַטאָר, דערלאָזט אויף זיך אָנ־וואַקסן אַזויפיל איבעריק פלייש, וואָס זיין אָנגעגריפּן האַרץ דאַרף שלעפּן. ער וועגט דאָך שוין 250 פונט!

דער שמועס גייט איבער צו טעאַטער, וועגן אַ נייער פאָרשטעלונג אין בראָדוועי, און ווערט ווידער דערפירט צו פּאָליטיק... אַלע וועגן פירן קיין רוים...

— אייערע מעטאָדן, פּאַ — זאָגט שמואל — שפּאַרן אונטער די אַלטע וועלט, פאַרלענגערט איר גסיסה...

— מיר נעמען אָן דעם אָקס ביי די הערנער. לענין האָט אַזוי גע־טאָן און ער איז „דערלאָפן“.

— מען קאָן נישט פאַרשרייבן די זעלבע מעדיצין פאַר יעדן קראַנקן.

— מיט נאַרקאָטישע פאַרטויבונג קאָן מען נישט היילן...

— מען דאַרף א טרייסל טאָן די ביוראָקראַטן, וואָס דרימלען אויף די ווייכע וואַרעמע שטולן...

דער שמועס דערוואַרעמט זיך, היצט זיך אָן. נערוון שאַרפן זיך, מען הייבט שוין אָן אַריבערשרייען איינער דעם אַנדערן...

— קינדער! — שרייט זיי אַריבער מרים — איך האָב אייך קוים דערלעבט צו זען. מאָרגן פאָרן מיר שוין אַוועק. טאָ לאָמיר נישט רעדן קיין פּאָליטיק!

— גערעכט, גערעכט — באַשטעטיקן עטלעכע שטימען. א מאָ־מענט איז שטיל. דערנאָך קוקט מען זיך אָן און מען שמייכלט... זיך דערמאָנט די הייסע דיסקוסיעס, וואָס פלעגן פאָרקומען צווישן זיי נאָך מיט יאָרן צוריק און אָנהאַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז שכנים האָבן אַריינגעשריגן, ס'זאָל זיין שטיל — מען דאַרף מאָרגן אויפשטיין צו דער אַרבעט.

מען האָט אָנגעהויבן מאַכן נאַכט...

# צוריק אַהיים

פֿאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך געווען גוט פֿינצטער, האָבן מרימס און מעריס שטימען דודן אויפֿגעוועקט. דער שניי אויף די פֿענצטער האָט אויך אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. די „רעדיעטאַרס“, וואָס דאַרפֿן באַוואַרעמען דאָס הויז, האָבן נאָך נישט געאַרבעט.

— וואָס טוט דאָ מערי אַזוי פֿרי? ס'איז דאָך נאָך אין מיטן דער נאַכט — האָט ער פֿאַרשלאָפֿן געערדט צו מרימען.

— עס איז שוין נישט אין מיטן דער נאַכט. עס טאָגט שוין — האָט מרים געזאָגט.

— אָבער וואָס טוט דאָ מערי?

— זי העלפֿט אונדז איינפּאַקן די זאַכן און לאָזט מיך גאָרנישט טאָן — ווי געפֿעלט דאָס דיר?

— עס געפֿעלט מיר שוין גאָרנישט. וואָס איז זי, אונדזער משרת?!

— איך האָב קיין כוח נישט צו ראַנגלען זיך מיט איר, זי פֿאַר־לויפֿט מיר דעם וועג, פֿליט אַרויף און אַראָפּ מיט שווערע פּעקלעך. ווי דאַר דאָס איז, אַזוי פֿלינק איז עס, כאַפּט, און טוט, מיטן אויג נישט צו דערזען.

דוד אין שלאָף־ראָק, אין די שטעק־שיך גייט אַריין אין צווייטן צימער, וווּ מערי טאַנצט שוין אַרום מיטן געפּעק.

— אַ גוט מאָרגן, מערי! — וואָס עפּעס ביסטו אויפֿגעשטאַנען אין מיטן דער נאַכט און האָרעוועסט אַרום פֿאַר אונדז? וואָס דענקסטו? מיר קאָנען אַליין נישט איינפּאַקן און אַראָפּטראָגן אונדזערע זאַכן?

— איך דענק, אַז איר קאָנט, נאָר איך וויל אייך העלפֿן — און אירע הענט רוען דערווייל נישט.

— פֿאַר מיר איז דאָס אַ שפּילעכל — זאָגט זי — איך בין שטאַרק — באַווייזט זי מיט די פֿויסטן — די אַלטע וועלט ציטערט פֿאַר מיר...

— ווי געפֿעלט דיר אַזאַ הערקולעס?... — זאָגט דוד צו מרימען, וועלכע פֿאַרקאָכט קאַווע, פּרעגלט אייער, מאַכט „טאָוסט“.

און ווידער צו מעריין, וואָס האָט זיך אָוועקגעזעצט און פֿאַררויכערט אַ סיגאַרעט — איז זאָג אַליין, איז דאָס רעכט, אַז דו זאָלסט אויפֿשטיין פֿאַרטאָג און האָרעווען פֿאַר אונדז?!

— רעכט. יינגערע דאַרפֿן העלפֿן עלטערע. אַז איך וועל זיין אין אייערע יאָרן, וועלן מיר מיינע קינדער העלפֿן.

— דיינע קינדער?! — קומט דוד אַרויס מיט אַ נייער טענה — דו לאָזסט זיי דען קומען אויף דער וועלט?!... וויפֿל מיר זאָלן נישט רעדן און אַפּעלירן צו דיר, אַז מיר ווילן אַן אייניקל — איז ווי מען רעדט צו דער וואַנט!

— איצט איז נאָך נישט די צייט, „פּאַ“, איך קאָן זיך נישט דערלויבן צו ווערן אַ „ביאַנקע“. איך האָב וויכטיקערע זאַכן צו טאָן.

—טאָ ווען, זאָג מיר, איך בעט דיך, וועט זיין די צייט?

— ווען איך וועל מאַכן זיכער, אַז מען וועט מיינע קינדער נישט נוצן פֿאַר קאַנאָנען־פֿלייש...

— אויף אַזוי לאַנג לייגסטו דאָס אָפּ? גראָז וועט דאָך שוין דעמלט אויף מיר וואַקסן!

— פּאַ, דו שאַצסט אונטער. היינטיקע צייטן, האָט מען דאָך געהערט, פֿלים מען אין „דזשעטס“ און רעוואָלוציעס ווערן געמאַכט פֿיל שנעלער, ווי אַמאָל, ווען מען באַנוצט די ריכטיקע מעטאָדן.

— **דעם אַמעריקאַנער פֿאָלק וועלן נישט העלפֿן דיינע מעטאָדן...**

— דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק דאַרף די ריכטיקע פּירערשאַפֿט...

— און איר וועט דאָס געבן די ריכטיקע פּירערשאַפֿט?!...

— ווייַ איז מיר! ווידער פּאָליטיק?! — איז מרים געוואָרן אויפֿגעבראַכט — איצט, ווען מען דאַרף זיך אַרויסכאַפּן פֿון פֿאַרשנייטן ניו יאָרק, איז די צייט פֿאַר אַ נייער, פּאָליטישער דיסקוסיע?!

— די מאַ איז גערעכט, לאָמיר דאָס אָפּלייגן אויף אַ צווייט מאָל, פּאַ. מיר דאַרפֿן זיך לאָזן אין וועג אַריין.

— וואָס מיינסטו, מיר? — פֿרעגט זי דוד.

— איך וועל אייך אַרויספֿירן פֿון די שנייען ביז וואַשינגטאָן, ביז צום ווייסן הויז. פֿון דאָרט איז שוין דער וועג אַ וואַרעמער ביז קאַלי־פֿאָרניע.

— הער נאָר, מרים! זי גייט דאָך זיין אונדזער „שאָפֿער“ ביז וואַ־שינגטאָן. ווי געפֿעלט דיר דאָס?

— ס'געפֿעלט מיר יאָ, און ס'געפֿעלט מיר נישט... נאָר איך האָב מורא, אַז דו וועסט מיט איר גאָרנישט מאַכן...

—איך וועל אייך בלויז אַרויספֿירן פֿון די שנייען, ווו דער וועג איז גליטשיק און ריזיקאַליש און איר זענט נישט באַקאַנט מיט אים. קומט, לאָמיר נישט פֿאַרלירן קיין צייט. איך מוז נאָך היינט ביינאַכט זיין צוריק — און זי גייט שוין פֿאָרויס, ווי זי וואָלט געפֿירט אַ מאַרש, און אפֿשר טאַקע צום סאַמע ווייסן הויז...

די מאַשינען אויפֿן „פּאַרקינג לאָט“ (אָפֿענעם פּלאַץ) זענען פֿאַר־פֿאַנצערט מיט שניי, קוקן אויס ווי „איגלוס“, ווו עסקימאָסן וווינען. אין דער פֿינצטער בלענדן זיי זילבערדיק. ס'איז דורן שווער אָנגעקומען צו דערקענען זיין אויטאָמאָביל אונטערן שניי. די טיר איז געוווען צוגע־פֿרוירן און פֿאַר קיין פֿאַל זיך נישט געוואָלט עפֿענען, קוים זי אויפֿגע־ריסן. מערי דרייט אָן דעם מאָטאָר. ער איז פֿאַרפֿרוירן — טויט. זי פּרוווט ווידער. קיין ענטפֿער. טיף, דאָרט אין דער מאַשינעריע, איז קאַלט און שטיל, ווי אין אַ קבר. דוד און מרים טוליען זיך אין די מאַנט־לען, ווערן אומרואיק. מערי פּרוווט ווידער און ווידער. נאָך אַ לענגע־רער צייט האָט מען קוים דערהערט אַ הייזעריקן, פֿאַרקילטן כריפּ. ווייזט אויס, אַז די „אַנטי פֿריז־שטאָף“, וואָס מען האָט אַלע עטלעכע טעג אַהין אַריינגעגאָסן, האָט נישט דערלאָזט, אַז דער מאָטאָר זאָל פֿאַר־קילט ווערן אויף טויט.

אַ דערמוטיקטע פֿון דעם הייזעריקן הוסטל, לאָזט שוין מערי נישט אָפּ, ווי זי וואָלט דורכן שליסל־לאָך מאַסירט מיט אירע וויברירנדיקע פֿינגער דאָס שטאַרבנדיקע האַרץ פֿון מאָטאָר, ביז זי האָט עס אָנגעהויבן ברענגען צוריק צום לעבן. ס'האָט אָנגעהויבן זייער שוואַך קלאַפּן. מערי האָט עס דערלאַנגט אַ שפּאָרע פֿאָרציע גאַז. זי האָט געאַרבעט מיט דעם פֿוס, מיט די הענט, מיט אַלע אברים און די מאַשינעריע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. די רעדער האָבן זיך אָנגעהויבן ראַנגלען אַרויסצוקאָ־פּען זיך פֿון פֿאַרפֿרוירענעם שניי, אונטערגעגליטשט זיך, אַ הייב געטאָן

זיך און צוריקגעפֿאַלן, ביז מען האָט זיך גערירט פֿון אָרט. — הוראַ! מיר פֿאָרן — האָט מערי זיגעריש געמאָלדן.

די מאַשין האָט זיך אונטערגעגליטשט, נאָכגעמאַכט אַ שליטן. די ניו־יאָרקער הימלקראַצערס, האָבן אויסגעקוקט ווי ריזיקע שנייבערג אויפֿן באָרד־פּאָל, געדיכט, איינער לעבן די אַנדערע, גישטאָ קיין שפּאַרע צווישן זיי. אין געדיכטן פּאַרקער, צווישן בערגלעך שניי, וואָס מען האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצוריייניקן, איז די מאַשין געפֿאָרן ווי אַ שיכור גייט. צייטנווייז זענען די רעדער אַריינגעזונקען אין שנייהויפֿנס און קוים געקאָנט אַרויס. ווען מען איז ענדלעך באַפֿרייט געוואָרן פֿון פֿאַרפּלאָנטערטן פּאַרקער און אַרויס אויפֿן אָפֿענעם וועג, האָט מען פֿריי אָפּגעאָטעמט.

— באַלד וועלן מיר איבערלאָזן הינטער זיך דעם ווינטער, וואָס האָט זיך דאָס יאָר צו פֿרי געשטעלט אין ניו־יאָרק — האָט מערי געזאָגט און געפֿירט די מאַשין אַזוי לייכט און פֿלינק, ווי זי וואָלט געהאַלטן אין די הענט אַ קינדערישע שפּילצייג. וואָס נעענטער צו וואַשינגטאָן, איז טאַקע וואַרעמער און זוניקער געוואָרן. עס האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסווייזן שטיקלעך שוואַרצע ערד און אַביסל שפּעטער איז נישט געבליבן קיין סימן פֿון שניי. אין מיטן טאָג האָט מען זיך אָפּגעשטעלט צו נעמען גאַז, עסן עפּעס און ווייטער געפֿאָרן.

— מערי, דו האָסט זיך פֿלינק און בריהש אַרויסגעכאַפּט פֿון ניו־יאָרק — האָט איר דוד געמאַכט אַ קאָמפּלימענט — דו האָסט בראַוו באַזיגט דעם שניי.

— אַז מען קאָן באַזיגן די נאַטור, קאָן מען די רויבער פֿון פֿאָלק אויך בייקומען. מען דאַרף נאָר צולייגן אַ האַנט...

— מען קאָן, אוודאי, נאָר מען מוז דאָס טאָן פֿאָרזיכטיק, נישט געבן אַ ווילדן שפּרונג און ברעכן האַלדז און נאַקן...

— די באָלשעוויקעס אונטער לענינס און טראָצקיס פֿירערשאַפֿט, האָבן געטאָן אַ „שפּרונג“ און אַראָפּגעוואָרפֿן דעם צאַר און באַפֿרייט זיך פֿון קאַפּיטאַליזם. ווען נישט די נייע ביוראָקראַטן...

— דאָרט איז געווען איין צאַר און דאָ האָבן מיר אַ סך. ניין, מיין טייערע שנור, די מעטאָדן, וואָס מען האָט דאָרט באַנוצט טויגן נישט פֿאַר אונדז

— דוד! זי טרייבט אַ מאַשין. פֿיר נישט איצט קיין דיסקוסיע מיט איר. און דיך, מערי, וועל איך בעטן, דריי נישט אַלע ווייל אוים דעם

קאָפּ צו מיין מאַן... איך וויל, מיר זאָלן אַלע אָנקומען גאַנץ קיין וואַשינג־טאָן.

— גערעכט, מאַ, מיר וועלן די דיסקוסיע איבערלאָזן אויף אַ צווייט מאָל.

אַרום פינף פאַרנאַכט זענען זיי אין אַ מילדן וועטער אָנגעקומען קיין וואַשינגטאָן. מערי האָט מיט דער מאַשין אַרומגעקרייזט דאָס ווייסע הויז...

— דער פּרעזידענט קאָן אונדז איצט נישט אויפנעמען, ווייל ער איז שטאַרק ביזי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער „פרייער וועלט"... — האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דודן און אַ פינקל געטאָן מיט אירע שוואַרצע אויגן...

מרים האָט אַ ווונק געטאָן צו דודן ער זאָל איר נישט ענטפערן. אין וואַשינגטאָן פליען אויך אַרום געגנוג מאַשינען, און זי דאַרף זיך קאָנצענטרירן אויפן וועג.

מערי האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין אין עק שטאָט, ביי דער „היי־וועי", וואָס פירט אין דער ריכטונג פון קאַליפאָרניע. אין הימל האָט אָנגעהויבן פאַרגיין אַ מילדע, פרידלעכע, זומערדיקע זון, וואָס האָט זיך געלאָשן מיט פאַרכאַפּנדיקע קאָלירן אויפן ווייסן הויז. דוד האָט איבער־גענומען ס'רעדל. ווען זיי האָבן זיך געזעגנט מיט דער שנור, האָט ער געזאָגט צו איר:

— מיר ווייסן גאָרנישט וויאַזוי דיר צו דאַנקען. דו האָסט אונדז אַזוי שנעל אַרויסגעפירט פון ווינטער אין זומער אַריין!

— מיט דער ריכטיקער פירערשאַפט, פּאַ, קאָן מען די וועלט אַריינפירן אין אַ גן עדן...

— מענטשן, מיינע! קאָן מען זיך נישט געזעגענען אָן פּאָליטיק? זי קאָן נאָך פאַרשפּעטיקן די באַן און דו הייבסט אָן אַ דיסקוסיע!

— איך הייב אָן?

— אוים דיסקוסיע — האָט זיך מערי צעלאַכט, צעקושט זיך און געלאָפן צו דער באַן.

# די יאָרן פליען

געקומען צוריק מיט די ביכער, האָט מען ווידער איינגעאָרדנט אַ פייערונג אין שטאָט. באַגריסונגען, רעדעס, אַפּילס... אַ צאָל ביכער האָבן זיך פאַרקויפט, אַ העלפט איז געבליבן. נאָך די יום־טובים האָבן זיך אָנגעהויבן די וואָכעדיקע טעג. שפּעט ביינאַכט נאָך אַ פאַרזאַמלונג, איז דוד אויפגעלעגן און געטראַכט: ווי אַלץ גייט אַוועק, די יאָרן פליען. דערפאַר, דאַרף מען דווקא אין די עלטערע יאָרן נישט זיין פאַרשלאָפן, אָפּטאָן אַלץ, וואָס מען האַלט פאַר וויכטיק. די צייט ווערט באַגרענעצט. און ער איז אַ פאַרשפּעטיקטער... ער האָט נאָך אַזויפיל פּלענער דורכצו־פירן.

איינמאָל האָט ער געזאָגט צו מרימען:

— איז שוין טאַקע אַ יאָר, ווי מיר האָבן אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן דאָס לעצטע בוך?

— יאָ, מיין טייערער, ס'איז שוין פאַרביי אַ יאָר — באַשטעטיקט מרים, קעמענדיק זיך די האָר ביים שפּיגל. לעצטנס באַקלאָגט זי זיך אָפט, אַז זיי ווערן קירצער און שיטערער.

— האָסט אַ באַגריף ווי די צייט לויפט — זאָגט דוד — מיר דאַכט זיך ווי ס'וואָלט ערשט נעכטן געווען.

— יאָ, דאָס גאַנצע לעבן גייט אַוועק ווי אַ נעכטן... — זאָגט זי פאַרטראַכט — און זע נאָר, דוד, ווי די האָר האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויספאַלן, ס'איז דאָך שוין באַלד גאָרנישט געבליבן פון מיינע לאַנגע צעפּ. כ'האָב זיך שוין באַלד נישט מיט וואָס צו פאַרקעמען.

— וווּ איז דאָס געדרונגען, אַז פרויען מוזן האָבן לאַנגע האָר — פרווט זי דוד טרייסטן — היינט טראָגן פרויען קורצע האָר, ביז צו די אַקסלען און ס'איז שיין.

נאָר מרים זיפצט אויף יעדער האָר, וואָס זי דערזעט אויפן קאַם.

דודס בליק פאַלט אויף אַ גרויס פאָטאָגראַפיש בילד, וואָס הענגט אויף דער וואַנט. שוין יאָרן ווי מרים זינגט אין כאָר. ער גייט צו נעענטער און קוקט זיך איין אין די פּנימער פון די מענער און פרויען. טייל נאָך אין די מיטעלע יאָרן, איצט שוין פאַרעלטערט. טייל זענען שוין אויף יענער וועלט.

— וויפל יאָרן, דענקסטו, מרים, איז שוין ווי דאָס בילד איז גע־נומען געוואָרן?

— אָ, ס'וועט שוין באַלד זיין אַ צוואַנציק יאָר... וואָס עפּעס האָסטו זיך דערמאָנט?

— סתם אַזוי. עס טראַכט זיך. די מערסטע זענען נאָך דאָ אויס גאַנץ יונג. די צוואַנציק יאָר האָט זיי אַ היפּשן שטויס געטאָן... נאָר אונדזערע מענטשן גיבן זיך נישט אונטער, מען טרעט אַרויס אויף קאָנ־צערטן און מען זינגט מיט יוגנטלעכן ברען...

דער דיריגענט באַקלאָגט זיך טאַקע... ביי דער לעצטער פּראָבע האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף אַן אַלטער זינגערין, אַז זי נעמט אַ פאַלשן טאָן און פירט אַראָפּ אַנדערע פון וועג... אָפּגעשטעלט אַלעמען, און געהייסן זי אַליין זאָל דאָס זינגען סאָלאָ... ער איז איר אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, אַז זי האָט זיך אַזש צעוויינט... דאָס האָט דאָך פּשוט געמיינט, אַז ער הייסט זי זיצן אין דער היים, אַז זי האָט שוין אירס אָפּגעזונגען... אַזוי אָנזעצן זיך אויף אַ מענטשן, אַן אַלטע טוערין, אַ גרינדעריז פון כאָר! — וואָס מיינט ער? ער האָט צו טאָן מיט יונגע כאָריסטקעס, וואָס לייענען נאָטן און האָבן יונגע, פרישע שטימעלעך? נעמען און פאַרצאַפּן אַזוי יענעם דאָס בלוט!...

—טאַקע נישט טאַקטיש... — גיט צו דוד — נאָר דעם דיריגענט איז אויך נישט מקנא צו זיין, ס'איז אים אויך נישט גוט. מען דאַרף אים אויך פאַרשטיין. ס'איז שווער אַרויסצוברענגען מוזיקאַלישע ווערק מיט אַלטע, אָפּגעריבענע שטימען.

— טאָ ווו וועט ער נעמען יונגע שטימען, אַז אונדזערע קינדער און אייניקלעך ווילן נישט זינגען אין אונדזער כאָר?

— איז טאַקע שלעכט — ציט דוד אונטער דעם סך־הכל און דער־מאָנט זיך אין די אַלע יאָרן, וואָס מרים זינגט אין כאָר און ער פירט זי אין זיין מאַשין, אָנגעפּאַקט מיט אַנדערע כאָריסטן צו די פּראָבעס און וואַרט ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּצופירן זיי אַהיים, ווען ער דאַרף

צומאָרגנס אויפשטיין צו דער אַרבעט. ער זיצט אין אַ ווינקל און הערט
זיך איין, ווי דער דיריגענט הייסט זיי איבערזינגען יעדן זאַץ, יעדע פראַ=
זע, נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל, אָן אַ סוף און אָן אַן
עק, ביז ער גייט אַליין אָפּ אין שוויס, ווישט זיך מיט אַ האַנטוך דאָס
פּנים, דעם האַלדז. טוט אויס דאָס רעקל, פאַרשאַרצט די אַרבל פון
העמד. ער, נאָך אַ פּערציקיאָריקער, שוויצט ווי אין אַ באָד. די עלטערע
זינגער פאַלן פון די כוחות, און דודן קלעפּן זיך די אויגן, ס'וויגט זיך
אים דער קאָפּ. ער קוקט אויפן דיריגענט ווי אויף אַ גזלן! וואָס שרייט
ער? וואָס וואַרפט ער זיך? ווייסט ער דען נישט, אַז ער האָט צו טאָן
מיט אויסגעהאָרעוועטע מענטשן פון שאָפּ? ס'איז דען דער כאָר פון
מעטראָפּאָליטען=אָפּערע=הויז? — נאָר אַז מען מאַכט חדשים פּראָבעס,
און מען טרעט ענדלעך אויף מיט אַ קאָנצערט, איז אַ גרויסער יום=טוב!
ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף און ס'ווערט פינצטער אין זאַל, טוט
אַ בלענד אין די אויגן דער כאָר, וואָס איז באַלויכטן פון דעם בינע=
ליכט — די פרויען אין פּראַנט, מיט ווייסע בלוזקעס און טונקעלע
קליידלעך. אויסגערוטע, שיינענדיקע, מיט יונגע נשמה=פייערלעך אין די
אויגן. די מענער הינטער זיי, און טונקעלע רעקלעך, אויסגעגלייכטע, מיט
אויפגעהויבענע קעפּ. די הונדערטער הענט וואָס אַפּלאָדירן, זעען אויס
אין פינצטערן זאַל ווי אָנגעפלויגענע, ווייסע, פלאַטערנדיקע טויבן. אַז
דער דיריגענט באַווייזט זיך, ווערט דאָס געוויש שטאַרקער און—שאַ! דער
כאָר זינגט פאָלקס=לידער, קאַמפס=לידער. זייער געזאַנג רופט אַרויס ביל=
דער פון בלאַסע גייטאָרינס, וואָס פירן זיך איבער די אויגן ביי
נאַפּט=לאָמפּן ביז שפּעט אין דער נאַכט, בילדער פון שטרייקן, דעמאָנ=
סטראַציעס, צאַרישע קאָזאַקן מיט נאַגייקעס, הונגער=מאַרשן, פרידן=דע=
מאָנסטראַציעס, זיי זינגען פון דער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און שאַלן
אויף אַ געזאַנג צו דער צוקונפט! זינגען מיט האַרץ און נשמה: אַזאַ גע=
זאַנג, וואָס איר קאָנט אין מעטראָפּאָליטען אָפּערע=הויז נישט הערן...

נאָכן קאָנצערט — אַ באַנקעט. מען האַלט רעדעס, מען באַגריסט,
מען לויבט! ווייל זיי האָבן דאָך אַרויסגעזונגען דאָס, וואָס יעדער פילט
טיף אין האַרץ. מען בייסט איבער, מען טרינקט אַ גלעזל וויין. פון אַלע
טישן טראָגט זיך געזאַנג און פרייד — אַ קאָנצערט פון כאָר איז געווען
אַ גרויסער יום טוב. מרים האָט געזונגען אין די כאָרן אַ דרייסיק יאָר...
איינמאָל איז זי אַהיימגעקומען פון אַ רעפּעטיציע אין אַ געדריקטער
שטימונג.

— וואָס איז, מרים, וועלכע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען? — פרעגט זי דוד.

— וואָס זאָגסטו? — טוט זי זיך אַ כאַפּ.

— איך פרעג, וועלכע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען? וואָס איז געשען?

— וואָס זאָל געשען?

— דו באַהאַלטסט עפּעס אויס פון מיר.

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטן. דו קאָנסט גאַנץ גוט אונדזער דיריגענט!

— וואָס איז מיטן דיריגענט?

— די אַלטע זינגער געפעלן אים שוין נישט...

— ער האָט דיר עפּעס געזאָגט?

— ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. זיין שווייגן איז שוין געווען גענוג.

— אפשר ווייזט זיך דיר אויס?

— עס ווייזט זיך מיר שוין גאָרנישט אויס. ווען דו זעסט זיין פּנים, זיינע אויגן, וואָלסטו פאַרשטאַנען, אַז ער הייסט מיר שוין אויך זיצן אין דער היים, אַז איך האָב שוין אויך אָפּגעזונגען... — האָט זי פאַר־ענדיקט מיט אַ פאַרשטיקט קול און געדלובעט מיט אַ פינגער ביים אויג...

# אין די אויסגעבענקטע לענדער

מאַסן מענטשן האָבן אָנגעהויבן באַזוכן דעם סאָוויעטנפֿאַרבאַנד, פּוילן, ישׂראל. דוד האָט זיך באַטייליקט אויף זייערע אָפּשייד־אָוונטן, געווונטשן גליקלעכע רייזעס, אָנגעזאָגט זיי זאָלן קוקן דאָרט מיט אָפֿענע אויגן, באַטראַכטן מיט קלאָרן פֿאַרשטאַנד... און ברענגען ראַיעלע, אָרנטלעכע באַריכטן. אין זיין האַרץ און געדאַנק איז ער מיטגעפֿאָרן מיט זיי: געזען זיך, ווי ער רעדט מיט ייִדן אין ייִדישן לאַנד, געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון זיין געבוירנשטאָט — וואַרשע. געזען אין סאָוויעטנפֿאַרבאַנד דעם ערשטן רויטאַרמייער... ער איז נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן קיינעם אַזוי נישט מקנא געווען, ווי די, וואָס פֿאָרן אַהין. ס'איז אים באַפֿאַלן אַן אומרואיקייט, אַ שטאַרקער דראַנג צו טאָן אַלץ אין דער וועלט, און אויך מאַכן אַזאַ רייזע. זען מיט די אייגענע אויגן דאָס לאַנד, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט די וועלט. הערן מיט די אייגענע אויערן, וואָס עס זאָגט דאָס פֿאָלק, וואָס האָט זיך באַפֿרייט פֿון צאַר און פֿון קאַפּיטאַליזם, ווי עס לעבן דאָרט די ייִדן, זיין אין זייערע הייזער — קריגן ערשטהאַנטיקע אינפֿאָרמאַציעס. און וואַרשע! זיין נאָכאַמאָל אין „זיין“ וואַרשע! אין דער נייער וואַרשע!!

— מרים, איך וואָלט אַוועקגעגעבן אַלץ אין דער וועלט, צו מאַכן אַזאַ רייזע.

— וואָס פֿאַר אַ רייזע?

— באַזוכן דעם סאָוויעטנפֿאַרבאַנד, פּוילן, ישׂראל.

— אויב דו האָסט אַזאַ שטאַרקן באַגער — פֿאָר.

— ס'איז זיך לייכט אָפּצוזאָגן, פֿאָר. ווייסטו וויפֿל אַזאַ רייזע דאַרף אָפּקאָסטן?

— איך זע שוין, דוד, אין דיינע אויגן, אַז עפּעס האָט זיך דאָרט אָנגעצונדן. דו וועסט שוין סייווי נישט רוען. איך קען דיך שוין. פֿאַרזעץ די שבתדיקע קאַפּאָטע און פֿאָר. מען לעבט איינמאָל אויף דער וועלט.

איך קען מענטשן, וואָס האָבן זיך געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט, אויף אויסצאָלן, און געפאָרן.

דוד האָט געפיבערט, געברענט, ביז מען האָט אַרויסגענומען דאָס אָפּגעשפּאָרטע ביסל געלט פון אַלע יאָרן אין שאַפּ, פאַרגעסן אין דעם „רעגנדיקן טאָג“, פאַר וועלכן דאָס איז אָנגעגרייט געוואָרן, און גענומען אויסאַרבעטן פּאַפּירן, פּלאַנעווען, גרייטן זיך צו פאַרווירקלעכן אַ חלום.

— איך פאָר! — האָט דוד אַן אויפגעברויזטער געלאָזט וויסן זיינע פריינד.

די עטלעכע וואָכן פאַר דער רייזע האָבן זיך אומגעהויער לאַנג גע-צויגן. דודן האָט זיך פון אומגעדולד אויסגעוויזן, אַז די צייט האָט זיך גאָר איינגאַנצן אָפּגעשטעלט און רירט זיך נישט פון אָרט. מיטן געדאַנק אָבער, איז ער שוין געפאָרן: געפלויגן אויף אַעראָפּלאַנען, געוויגט זיך אויף שיפן, אַרויסגעקוקט דורך פענצטער פון באַנען אויף נייע לאַנד-שאַפטן, אין נייע לענדער; ער קומט אָן אין זיין געבורטשטאָט וואַרשע!! די נייע, באַפרייטע וואַרשע!!! זיין האַרץ ציטערט, טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן... ער האָט ענדלעך דערלעבט, די וועלט האָט דערלעבט... אָבער אויך דאָרט, אויפן יידישן בית עולם ליגט זיין מוטער שרה, איינע פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטקעס אין וואַרשע. און זיין פאָטער איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אויפן וועג קיין ראַדאָם. ווער ווייסט ווו זיינע ביינער רוען. דאָס ערשטע, באַזוכט ער די מאַמע... דערנאָך שפּאַ-צירט ער אויף דער גאַס, ווו זי האָט אים, אַ יינגעלע, געפירט ביי דער האַנט אין חדר אַריין, מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען...

— — — ער קומט אָן אין ישראל, שטעלט די ערשטע טריט אויף דער הייליקער, אויסגעבענקטער ערד. אַנדערע פאַלן צו צו איר און קושן זי.. ער גייט איבער יידישע גאַסן, אָטעמט איין ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן עכט יידישע לופט, וואָס האָט אַ גאַנץ אַנדערן, עכט ארץ-ישראלדיקן ריח... שטעלט אָפּ אַ יידן, דערלאַנגט אים שלום, כאַפּט מיט אים אַ גע-שמאַקן, עכט יידישן שמועס. עס קומען אים אַנטקעגן יידישע סאָלדאַטן. און כאָטש זיי זענען גוטע קעמפער, קוקן זיי אויס ווי ישיבה-בחורים און די יידישע סאָלדאַטקעס — ווי יונגע רביצנס.

ער קלעטערט אויף הויכע יידישע בערג, באַוווּנדערט דעם טיף-בלויען יידישן הימל — — — ער קומט אין סאָוויעטנפאַרבאַנד! דאָס לאַנד פון לענינען. זיין האַרץ נעמט שטאַרקער קלאַפּן! ער איז אין מאָסקווע, ביים ערשטן מאַי-פּאַראַד, אויפן רויטן פּלאַץ! — — — פּלוצעם פאַלט

איין מרימען: אַז איידער ער לאָזט זיך אין וועג אַריין, זאָל ער גיין צו אַ דאָקטער פאַר אַ „טשעק־אַפּ", לאָזן אונטערזוכן זיין געזונט. לעצטנס האָט ער זיך נישט געפילט מיט אַלעמען. דוד וויל נישט הערן דערפון. ער האָט פיינט דאָקטוירים. זיי וועלן שוין עפּעס אין אים אויסגעפינען. אַז מען פרעגט אַ שאלה, איז טריף... וואָס האָט זי זיך אָנגעזעצט אויף אים מיט דאָקטוירים? ווי קומען דאָ אַהער, ערב אַזאַ גרויסן יום־טוב, דאָקטוירים? ס'מיינט פּשוט — גיין זוכן צרות! נאָר מרים שטייט צו און טרעט נישט אָפּ!...

אין דאָקטאָרס וואַרט־צימער פון שפּיטאָל איז טונקל און שטיקנדיק. מינוטן ווערן דאָ לאַנג אויסגעצויגן. די לופט איז דאָ אַ קראַנקע. פון די פּאַציענטנס נערוועזע אויגן לייענט דוד אַרויס: „וואָס פאַר אַן אומגליק וועט דער דאָקטאָר אין מיר אויפדעקן? וועט ער מיר זאָגן, אַז איך דאַרף גיין אונטערן מעסער?"

מען רופט אויס זיין נאָמען.

— ווי פילט איר זיך? — פרעגט אים דער דאָקטער.

— איך פיל זיך גאַנץ גוט.

— איז פאַרוואָס זענט איר געקומען צו מיר?

— דאָס איז מיין ווייב... ס'איז איר איינגעפאַלן, איך זאָל זיך לאָזן אונטערזוכן. ווייל דאַכט זיך, מיין „וואַסער" איז אַמאָל נישט אין אָרדענונג.

דער דאָקטער טאַפּט אים, קוועטשט אים, גראָבט זיך אַריין מיט די שפּיץ פינגער אין סענסיטיווע טיילן. ער נעמט אַרויס פון ערגעץ אַזאַ מין דינעם דראָט, וואָס איז צונויפגעלייגט ווי אַ שלאַנג...

— איך האָב דאָס צו טאָן — זאָגט ער — נאָר מען מוז... זיין ווייסער כאַלאַט בלענדט פון ריינקייט און דערמאָנט די לעצטע קליידער, וואָס מען טוט אָן אַ מענטשן אין דער אַלטער היים... —זייט געדולדיק. ס'וועט נישט דויערן לאַנג — און ער טוט אַ שים אַריין אין אים אַ לאַנגע פייערדיקע שפּיז אין סאַמע סענסיטיוון טייל. דוד לאָזט אַרויס אַ יאָמערלעך געשריי, עס פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם, פאַר די אויגן ווערט אים טונקל, עס באַגיסט אים אַ שוויס. דער דאָקטער ציט שנעל אַרויס די שפּיז, נאָר דער פייערדיקער ווייטיק בלייבט.

— איבערגעקומען — זאָגט ער — און גיסט אַריין אין אַ פלע־שעלע אַביסל פליסיקייט, וואָס ער האָט מיט דער „שפּיז" אַרויסגע־צאַפּט.

— איר זענט שוין אַמאָל געווען ביי אַ דאָקטער וועגן אייער וואַ־
סער?

— געווען — זאָגט דוד מיט אַ שוואַך, פאַרשטיקט קול.

— וואָס האָט ער אייך געזאָגט?

— געהייסן נעמען בעדער.

— דאָס וועט אייך איצט נישט העלפן. איר מוזט דורכגיין אַן
אָפּעראַציע.

— אַן אָפּעראַציע?

— יאָ.

— ווען?

— וואָס שנעלער, אַלץ בעסער.

— איז עס טאַקע אַזוי ערנסט?

— יאָ.

— איך האָלט אָבער ביי מאַכן אַ רייזע.

— וווהין?... — פרעגט דער דאָקטער צווייִדייטיק.

— מוז איך טאַקע גיין אין שפּיטאָל?

— זיכער — ענטפערט ער — באַשרייבנדיק מיט זיינע ווייסע,
צאַרטע פינגער דודס קראַנקהייט. פרעגט אים אויס, ווי אַלט ער איז. צי
זיינע עלטערן לעבן נאָך און פון וואָס פאַר אַ קראַנקהייט זיי זענען גע־
שטאָרבן — ער האַלט אין איין שרייבן.

דוד האָט זיך מיט יסורים אָנגעטאָן און אַן איינגעבויגענער אַרויס
פון דאָקטערס צימער.

— וואָס האָסטו אַזוי געשריגן? — האָט אים מרים באַגעגנט מיט
שרעק.

— עס האָט פון מיר אַרויסגעשריגן. כ'האָב עס נישט געקאָנט
צוריקהאַלטן.

— וואָס האָט דער דאָקטער דיר געטאָן?... וואָס האָט ער דיר גע־
זאָגט?

— איך מוז אָפּלייגן די רייזע.

— פאַרוואָס?

— איך מוז דורכגיין אַן אָפּעראַציע.

— אַן אָפּעראַציע?! — פרעגט מרים מיט אַ געפאַלן קול — ווען?

— וואָס שנעלער. דו ווייסט דאָך, היינטיקע צייטן איז מען איבערגעשראָקן... אויב ס'איז עפּעס אָנגעוואָקסן, דאַרף מען אויסגעפינען וואָס עס איז, און צי ס'איז נישט פאַרשפּרייט..

אַן איינגעדרייטן פון ווייטיק האָט אים מרים געפירט ביי דער האַנט צו דער מאַשין. אַהיימגעקומען, האָט ער זיך צוגעשפּאַרט אויף דער סאָפע, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער, אַרויסגעקוקט אויף דער אָפּענער, ברייטער וועלט, מיט צוויי דאָמינירנדיקע קאָלירן: גרין און בלוי, גרינגע פּאַלמען־ביימער, און דער קאַליפאָרניער בלויער הימל, אין וועלכן די זון איז איינגעפּאַסט ווי אַ גרויסער בריליאַנט. די דאָזיקע שיינע וועלט איז פאַר אים פּלוצים פאַרצוימט געוואָרן! מרימען איז איינגעפאַלן אים פירן צו אַ דאָקטער! און ווער ווייסט, צי דער דאָקטער בלאָנדזשעט נישט אין דער פינצטער און מען וועט אים שניידן אומזיסט, ווי דאָס האָט שוין נישט איינמאָל געטראָפן... אַז ער האָט זיך גאָרנישט געפילט קראַנק, געווען פריש און מונטער און פול מיט לעבן. האָט ער זיך באַדאַרפט אַרויסכאַפּן פאַר מרימען, אַז ער קוועלט זיך אַמאָל מיטן וואַסער. און ס'קאָן גאָר זיין, אַז ס'נעמט זיך דערפון, וואָס אַ מענטש עסט אַמאָל, אָדער טרינקט, אַ האַרבע זאַך. און זי שלעפּט אים שוין צום דאָקטער. און דאָקטוירים האָבן ליב צו שניידן... ס'בייסן זיי פּשוט די הענט... און אפשר.. איז ער נישט אינגאַנצן גערעכט... וואָס האָט ער צו איר? און וואָס האָט ער צום דאָקטער? יענער האָט פאַרט שטודירט, געעפנט אַ פענצטער אין מענטשלעכן קערפּער אַריין און קאָן אַהין אַריינקוקן אין די טיפסטע, טענקעלע ווינקעלעך, ער האָט דאָך אוודאי דאָרט עפּעס דערזען. מרים פּלאַטערט אַרום אים — ווי פילסטו זיך, דוד? פּרוווט פאַרשטעלן מיט אַ שמייכל איר אומגעריכטע שרעק: — אפשר ווילסטו עפּעס עסן?

— ניין.

—אפשר אַ פרוכט־זאַפט?

— אַ פרוכט־זאַפט קאָן נישט שאַטן.

שפּעטער אַביסל, אַז ער איז אַריין אין באָד־צימער, האָט זיך די „שפּיז" ווידער געטאָן אַ שנייד אַריין אין אים. ער האָט מיט צוזאַמענגעדריקטע ציין זיך איינגעהאַלטן פון שרייען. זיין וואַסער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פייער. עס ברענט! ער באַמיט זיך מיט אַלע כוחות נישט צו קרעכצן אפילו. מרים שטייט אַ בלאַסע, אַ פאַרצווייפלטע. אין פּאַניק האָבן זיך ביידע אַריינגעזעצט אין דער מאַשין און זיך געלאָזט

פאָרן צוריק צום שפּיטאָל. דוד האָט געטריבן, ס'איז געווען צווישן פיר און פינף, ווען מען פאָרט פון דער אַרבעט. דער פּאַרקער, אַ געדיכטער, ווערט אָפּט פאַרשטאָפּט. און ער ברענט! האַלט פעסט דאָס רעדל אין דער האַנט, היט מיט טויזנט אויגן דעם וועג, די פליענדיקע מאַשינען פון אַלע זייטן, געטריבן פון הונגעריקע, נערוועזע טרייבער נאָך אַ טאָג אַרבעט, וואָס ווילן וואָס שנעלער זיין אין דער היים. די „רייזע" האָט גענומען מער ווי אַ שעה. געקומען אין שפּיטאָל, האָט אַ צווייטער דאָקטער געפּרווט צאַפּן פון אים. דוד האָט זיך געצאַפּלט.

די קראַנקן־שוועסטער, וואָס שטייט דערביי פרעגט דודן:

— האָט איר גענומען די פּילן, וואָס דער דאָקטער האָט אייך פאַרשריבן נאָך דעם, ווי ער האָט אייך באַטראַכט?

— וועלכע פּילן?

— די בלויע פּילן, וואָס דאַרפן מילדערן די שמערצן

— דער דאָקטער האָט מיר נישט פאַרשריבן קיין פּילן.

— איז דאָס מעגלעך? — האָט זיך די קראַנקן־שוועסטער געוווּנדערט — זאָל ער האָבן פאַרגעסן?!

— דאָס איז אומדערהערט... — האָט דער דאָקטער שטיל געזאָגט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָפּגערופן פון שפּיטאָל ער זאָל קומען.

ער איז געלעגן אין אַ צימער מיט נאָך צוויי קראַנקע — אויס רייזע, אויס נייע לענדער, נייע וועלטן, סיידן די צווייטע וועלט... די שטילקייט אין שפּיטאָל ווערט צייטנווייז איבערגעריסן פון קרעכצן אָדער אויסגעשרייען פון ווייטיקן. דאָ גייט אָן אַ געראַנגל מיטן מלאך־המות, וואָס פּאָכעט מיט די פליגל אַרום די ערנסטע קראַנקע.

ער ליגט אויף אַ בעטל מיט רעדלעך און עמעצער פאָרט מיט אים שנעל, שנעל. וואָס לויפט יענער אַזוי? דודן שווינדלט אַזש אין די אויגן. אַלץ דרייט זיך אַרום אים. וואָס איז דאָס לויפעניש, וווהין איילט ער זיך? וואָס איז דאָ צו פאַרשפּעטיקן?.. און ער פרווט אויסטייטשן: דער שפּיטאָל איז אַ גרויסע, קראַנקע שטאָט מיט ווייניק גבירים און אַ סך קבצנים, וואָס מען קאָן זיך מיט זיי נישט צופיל צערעמאָניען, מען אַרבעט שנעל. ס'איז אַ „קאָנווייער"־סיסטעם, איין האַנט כאַפּט פון דער אַנדערער. דער שפּיטאָל דערלייגט געלט... זוכט רייכע מעצענאַטן... ער ליגט אויף אַ טיש מיט אַ סך ליכט איבער זיך, אַזאַ מין בלענדיקע העלקייט, ווי

דער הימל וואָלט זיך געעפנט איבער אים, און קיין וואָלקנדל פאַרשטעלט נישט די זון אין די הויכע ספערן.. מען שניידט אָפּ אַ ברעקל פלייש ערגעץ טיף אין אים. ס'טוט שטאַרק ווי, אָבער נישט אַזוי, אַז ער זאָל מוזן שרייען, ער קומט אָפּ מיט קרעכצן. איין דאָקטער זאָגט צו אַ צווייטן — מיר וועלן דאָס שיקן אין דער לאַבאָראַטאָריע און אויסגעפינען, צי ס'איז „מעליגנענט““ (פאַרשפרייט) און אויב פאַרשפרייט, טראַכט דוד, מיינט דאָך עס — פוירהאַנג! און פאַרוואָס האָט דאָס דער דאָקטער באַדאַרפט זאָגן אַזוי, אַז דער פאַציענט זאָל הערן און אָנהייבן קוקן דעם טויט אין די אויגן אַריין? כסדר טראַכטן: יאָ פאַרשפרייט, נישט פאַרשפרייט?!

— דאָס איז נאָך נישט געווען די אָפּעראַציע — זאָגט דער דאָקטער צו אים. די ריכטיקע אָפּעראַציע וועלן מיר ערשט מאַכן.

ס'איז אַוועק אַ טאָג, צוויי, דריי, נישטאָ קיין ענטפער פון דער לאַבאָראַטאָריע. פיר, פינף טעג, און מען לאָזט אים גאָרנישט וויסן. זיין דאָקטער גייט פאַרביי און דרייט אַוועק דעם קאָפּ פון אים... נישט קיין ענטפער, איז אויך אַן ענטפער. דאָס אומגליק ווייזט אויס איז שוין פאַרשפרייט. מען וועט אים שוין נישט אָפּערירן. ער איז מקנא געווען די, וואָס מען האָט געפירט צום אָפּעראַציע־טיש. אים וועט מען שוין אַהיימשיקן, אים קאָן שוין דאָס מעסער אויך נישט העלפן, אַנישט וואָלט דאָך זיין דאָקטער אים נישט פאַרבייגעגאַנגען און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

די קראַנקן־שוועסטער דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיר.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט דוד.

—איר דאַרפט זיך אונטערשרייבן, אַז איר זענט וויליק, מען זאָל אויף אייך מאַכן די אָפּעראַציע.

אין דורן גייט אויף אַ פרייד...

פאַרנאַכט, מען טראָגט צו אַלעמען וועטשערע — אים נישט. זיין מאָגן דאַרף זיין ריין, דורכזיכטיק... פאַרן שלאָפן גיט מען אים א פיל צו באַרואיקן די נערוון... און מען טוט אים אָן אַ מיצל, ווי יעדן פאַר אַן אָפּעראַציע. אינדערפרי, מען פירט אים אויף אַ בעט מיט רעדלעך אין אָפּעראַציע־צימער. דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער שטייען אַרום. אַזויפיל ליכט איבער אים, אַז מען וואָלט געקאָנט דערזען דאָס מינדעסטע שויבעלע אין דער לופט. מען הייסט אים זיך אויפזעצן. ער דערפילט אַ שטאָך אין רוקן־ביין.

— ס'ווערט אייך וואַרעם אין די פיס? — פרעגט איינער פון די דאָקטוירים, וואָס איז איינגעטונקען אין ווייסן, אַחוץ זיינע אויגן, וואָס מען זעט אַרויס.

— וואַרעם אין די פיס — ענטפערט דוד.

דער מיטלסטער טייל פון זיין קערפּער הייבט אָן פאַרטעמפּט ווערן, שטאַרבט אָפּ ביסלעכווייז. צווישן זיין אויבערשטן טייל גוף און די פיס איז ליידיק, ווי ביידע טיילן וואָלטן נישט געהאַט צו טאָן מיט זיך. ער הערט ווי איין דאָקטער זאָגט: „אונדזער פּאַציענט איז דאָך אַן אויטאָר". זיי רעדן וועגן פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען שוין נישט קלאָר פאַר אים. אויף דער טעלעוויזיע ווייזט מען דאָך, ווי ביי אַן אָפּעראַציע הערשט אַ טויטע שטילקייט, און זיי רעדן צווישן זיך. אפשר צו באַרויִקן זייערע אייגענע נערוון? די דאָקטוירים שטופּן זיך אויף אים ווי זיי וואָלטן זיך נישט געקאָנט צעטיילן מיט אים. דאָס פילט ער אויף דער הויט. אינעוויניק איז גאַרנישטאָ אין אים — ליידיק, לופט. אַ קראַנקן־שוועסטער ווישט צאַרט דעם שווייס פון זיין שטערן. ס'באַפאַלט אים אַ שוואַכקייט, דער אָטעם ווערט לאַנגזאַמער, ליידיקער. ווייסע, שלאַנקע פינגער ליגן אַרויף אויף זיין פּנים אַ שוואַרצע, „מאַסקע" פון וואַנען ס'קומט אַרויס פרישע לופט. די צייט ציט זיך אָן אַ חשבון. ווי לאַנג איז ער געלעגן אויפן טיש? ווער ווייסט? מען האָט אים שפּעטער געזאָגט, אַז דריי שעה.

מען פירט אים ווידער מיט זיין בעט, נאָר נישט שנעל ווי פריער, דאָס מאָל זייער פאַרזיכטיק... מען שטעלט אים אָפּ אין אַ צימער. זיין פּנים פלאַמט.

די פאַרשווונדענע מיטלטייל הייבט זיך אָן אויפכאַפּן, באַגלייט מיט שאַרפע ווייטיקן, וואָס שטעקן אָן די אַנדערע גלידער, ער ווערט איין גרויס שטיק ווייטיק. אַ „שוועסטער" אין ווייסן, בייגט זיך איבער אים, אירע ליפּן באַרירן קוים זיין שטערן, און ער דערפילט אַן איידעלן, צאַרטן קוש, ווי פון אַ מלאך...

— קראַנקנשוועסטער זענען מלאכים — זאָגט ער מיט אַ שוואַך קול, וואָס ער אַליין הערט קוים.

— איר דענקט אַזוי?... — פרעגט זי.

— יאָ — באַשטעטיקט ער.

דאַכט זיך ער זעט די פּנימער פון זיין פרוי און טאָכטער. וואָס מער די פאַרלוירענע מיטלדיקע טייל זיינע קומט צום לעבן, אַלץ שאַרפער

ווערן די וויטיקן. די „שוועסטער“ גיט אים עפּעס אין מויל אַריין און וואַסער צו פאַרטרינקען. די וויטיקן הייבן אָן אַביסל נאָכלאָזן און ער פאַלט אַריין אין אַ טיפן שלאָף. אַז ער כאַפּט זיך אויף, זאָגט צו אים מרים מיט אַ שיינענדיק פּנים — נו, דוד, דו ביסט שוין אַ היגער! ווי פילסטו זיך?

— אָפּגעשוואַכט.

— וועסט קומען צו זיך. גישט געזאָרגט. האָסט זיך אַרויסגעדרייט. דער דאָקטער זאָגט, אַז די אָפּעראַציע איז זייער געלונגען.

# בערן

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז ער געווען אַ נייער מענטש און זיך גע־נומען פיבערדיק, פריידיק, גרייטן צו דער רייזע. פרייגד זענען געקומען זיך געזעגענען:

— הייסט עס, דוד, אַז איר וועט מאַקע פליען איבערן נאָרד־פּאָל?

— יאָ — האָט ער באַשטעטיקט מיט אַ טאָן פון בראַוועקייט... און געשמייכלט צו פאַרדעקן דעם געדאַנק, וואָס טשעפּעט זיך צו אים וועגן אַ מעגלעכער געפאַר... און ער גיט צו שפּאַסיק:—אויב דער עראָפּלאַן וועט דאָרט אַראָפּפאַלן, וועט אונדז באַגריסן אַ דעלעגאַציע פון ווייסע בערן.

— פאַרוואָס עפּעס טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן? — איז מרימען נישט געפעלן זיין וויצלען זיך.

— איך מאַך שפּאַס.

— נאָכוואָס מאַכן אַזעלכע שפּאַסן?

— נאַרעלע, פּראָפּאָרציאָנעל קומען פאָר מער אומגליקן מיט אויטאָ־מאָבילן ווי מיט עראָפּלאַנען, טאָ וואָס זאָל מען טאָן? באַהאַלטן זיך אין הויז?

דודס טאָכטער, מיט איר יינגעלע פּיטער, זיין אייניקל, זענען אויך געווען אין הויז.

הערנדיק דעם זיידן רעדן וועגן אַ מעגלעכער באַגעגעניש מיט ווייסע בערן, זענען זיינע אויגן געוואָרן גלאַנציק און גרויס. די אויערן פאַר־פלאַמט, פאַרשאַרפט, אָנגעשפּיצט. דאָס יינגעלע האָט שוין די נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. ס'האָט זיך אים געחלומט: דעם זיידנס עראָפּלאַן פאַלט אַראָפּ און ס'טוען זיך אַ לאָז אויף אים ווייסע בערן, מיט שאַרפע, מע־סערדיקע ציין און בליציקע אויגן. דער זיידע ווערט זיך קעגן זיי, שלאָגט זיך מיט די ליידיקע הענט און ס'ווערט פון אים אַלץ ווייניקער און ווייַ־ניקער, ביז זיי עסן אים אינגאַנצן אויף. פון זייערע מאָרדעס קאַפּעט בלוט, און זייערע בערישע ווייסע וואָנצעס זענען רויט. פּיטער האָט אין

שלאָף געוואָרפֿן מיט די פֿויסטן אויף זיי, געטריבן די בערן פֿון זיידן און זיך אויפֿגעכאַפּט, שרייענדיק מאַמע! מיט אַ געליימט קול פֿון שרעק. די מוטער האָט אים קוים געקאָנט איינשטילן:

— שאַ, שרעק זיך נישט. די מאַמע האַלט דיך אין די אָרעמס. וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

— בערן! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט און געקוקט אַרום זיך מיט שרעק.

— וואָס פֿאַר אַ בערן?

—די בערן, וואָס זענען באַפֿאַלן דעם זיידן!

— ווו? ווען?

— דאָרט, ווו ער איז געפֿלויגן, איז דער אַעראָפּלאַן אַראָפּגעפֿאַלן און די בערן האָבן אים אויפֿגעגעסן!

— נאַרעלע, דאָס האָט זיך דיר געחלומט. דער זיידע איז נאָך דאָ מיט אונדז. און אַרויספֿליען וועט ער אין אַ גרויסן, שטאַרקן אַעראָפּלאַן הויך אין די הימלען אַריין, ווו קיין בערן קאָנען נישט צוקומען.

דער זיידע האָט געזאָגט, אַז דער אַעראָפּלאַן קאָן אַרייַנפֿאַלן דאָרט, ווו די בערן לויפֿן אַרום!

— דאָס האָט ער געשפּאַסט, נאַריש ייִנגל. דער אַעראָפּלאַן איז אַזוי געמאַכט, אַז ער פֿליט אין הימל ווי אַן אָדלער. ער האָט טאַקע גרויסע, שטאַרקע, פֿליגל און קאָן פֿליען ווי הויך און ווייט ער וויל. ער איז אַזוי זיכער אין הימל, ווי מיר אויף דער ערד...

פּיטער איז אָבער אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרזאָרגטער. די געפֿאַר, וואָס דערוואַרט דעם זיידן, האָט אים נישט געלאָזט רוען: ער האָט געטראַכט און געטראַכט, ביז ס'איז אים איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק: ער ווייסט שוין, וואָס דעם זיידן וועט העלפֿן...

דער אַעראָפּלאַן, וואָס איז מיט אַ שעה צוריק געפֿלויגן אַ צעפּלאַטערטער אין די הויכע הימלען, זילבערדיק צעלויכטן פֿון דער זון, ווי די שכינה וואָלט אויף אים גערוט, ליגט איצט אויף דער ערד אַ צעפּלאַטשטער, אַן אויסגעלאָשענער, אַ טונקל־גרויער, פֿאַרהילט אין דער נאַכטיקער פֿינצטערניש. מענטשן גייען אַרום אויף זייַנע פֿליגל און טוען עפּעס דאָרט, אַנדערע קריכן אונטער זייַן בויך, וועלכן מען וועט באַלד ווידער אָנפֿילן מיט פּאַסאַזשירן און געפּעק. אומהיימלעכע ווינטן ברענגען גרוסן פֿון ווייטע לענדער, פֿון צעשטורעמטע ימען מיט געזונקענע שיפֿן, וואָס לאָזן איבער פֿון זיך אַ ווייסע, בלעזלדיקע שוים פֿון אויבן, גרוסן פֿון

אַעראָפּלאַנען, וואָס פליען איבער פאַרפרוירענע וויסטענישן, איבער אייז־בערג און באַוועגן קוים מיט די פאַרפרוירענע פליגל, וואָס שלעפּן זיי אַראָפּ צו די ווייסע בערן.

אַרומגערינגלט מיט משפּחה און פריינד, וואָס זענען זיך געקומען מיט אים געזעגענען, האָט דוד ציימנווייז אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון וואַרט־זאַל אויף „זיין" אַעראָפּלאַן, וואָס האָט געמאַניעט דאָס אויג, געצונדן די פאַנטאַזיע... ס'האָט זיך אים אַרויסגעוויזן, אַז אין זיין גרוי, פינצטער שווייגן זאָגט דער אַעראָפּלאַן: „קריכט, מענטשעלעך, פויזעט אויף מיר. איך זעגט אויף אייער ערד און קאָנט טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט, אַז איך וועל קומען אין מיינע הימלען אַריין, וועל איך טאָן מיט אייך וואָס איך וועל ווילן, און איר וועט זיך טוליען צו מיר, ווי צעשראָ־קענע האָזן. אַז מיר וועט גאָר איינפאַלן, גיב איך אייך איבער צו די ווײַ־סע בערן..." דוד האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן...

צווישן די, וואָס זענען געקומען זיך געזעגענען מיט אים, איז אויך געווען זיין טאָכטער פּעריל מיט איר יינגעלע, דאָס באַליבטע אייניקל, פּי־טער, וואָס האָט אים אין סאַמע טומל געטאָן אַ ציִ ביי דער פּאָלע:

— זיידע!

— וואָס איז, פּיטער? — האָט זיך דוד אַראָפּגעבויגן צו אים.

— איך וויל דיר עפּעס זאָגן.

— גוט, לאָמיר הערן וואָס דו האָסט צו זאָגן.

— איך האָב דיר געבראַכט עפּעס מיטצוגעבן אין וועג אַריין.

— זייער אָנגעלייגט. וואָס האָסטו מיר געבראַכט?

— אַ מעסער!

— אַ מעסער? פאַרוואָס עפּעס אַ מעסער?!

— קעגן די ווייסע בערן! אויב דו וועסט אַראָפּפאַלן פון אַעראָפּלאַן און זיי וועלן דיך באַפאַלן, זאָלסטו זיי דערלאַנגען, אָט אַזוי, אָט אַזוי! — האָט ער אָנגעהויבן פאָכען מיט זיין מעסערל, רעכטס און לינקס, און אַלע זייטן, אַזש רויט געוואָרן, אונטערגעטאַנצט, אָנגעהויבן זיך וואַקלען, ביז ער איז שיעור נישט אומגעפאַלן, ווי ער וואָלט געקעמפט מיט אַ כאָפּטע בערן, אויסגעלייגט זיי און זיגעריש געשמייכלט צום זיידן.

— ביסט אַ טייער, געטריי אייניקל! — האָט אים דוד געכאַפּט אויף די הענט קושן. צוגענומען ס'מעסערל, וואָס מען האָט קוים געקאָנט פּו־טער שניידן דערמיט, און אַריינגעלייגט עס צו זיך אין דער קעשענע —

איצט קאָנסטו זיין רואיק, פּיטער, דער זיידע איז שוין באַוואָרנט. די ווייכע בערן וועלן זיך שוין נישט וואַגן משעפּען צו אים.

דאָס ייִנגעלע האָט געלויכטן.

ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען דוד מיט זיין גרופּע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די שטיגן פון עראָפּלאַן צו נעמען אַ בילד פאַרן אָפּפליען. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, איידער מען גיט זיך איבער דעם שטאָלענעם „גולם"... זאָל בלייבן אַן אָנדענק פאַר די, וואָס שטייען פעסט און זיכער מיט די פיס אויף דער ערד און פאָכען מיט טיכלעך, וואָס פלאַטערן ווי ווייסע טויבן אין דער פינצטערניש. דער פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט האָט עקספּלאָדירט מיט ווייס-רויטיקע וואָלקנדלעך, געבלענדט אין די אויגן און באַלויכטן אין איין אויגנבליק דאָס לופטפעלד מיט די שוואַרצע רעדלעך מענטשן. דער עראָפּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן רירן, גענומען זיך אָפּרייסן מיט אַ ציטער פון דער ערד, ווי ער וואָלט צו זיך קיין צוטרוי נישט געהאַט, אַז דאָס וועט ער, געמאַכט פון טויטע מאַטעריאַלן, ווערן אַ פויגל און פליען. איז ער אין אָנהייב געפאָרן לאַנגזאַם און דערנאָך שנעלער און שנעלער, ביז ער האָט געטאָן אַ שפּרונג אַרויף אין דער לופט, אַז די פּאַסאַזשירן איז געוואָרן הויל אין האַרץ, ווי עפּעס וואָלט זיך פון זיי אָפּגעריסן. דער שטאָלענער „גולם" האָט זיך אין אָנהייב געצאַפּלט צווישן הימל און ערד: ס'האָט אים געצויגן אַראָפּ און געשלעפּט אַרויף, ביז ער האָט זיך געטאָן אַ צעהיץ, אַ צעיאָג, דורכגעשניטן די וואָלקנס און אַרויף צו אַ נאַכטיק-בלויען הימל, באַזילבערט פון אַ פאַרטראַכטער לבנה און מיליאָנען שטערן.

דער עולם איז געווען גוט אויפגעלייגט, יומטובדיק געשטימט. אין עראָפּלאַן איז ליכטיק און געמיטלעך, ווי ביי זיך אין דער היים. די צוויי שמייכלענדיקע מיידלעך, אויפפּאַסערינס, האָבן גראַציעז אַרומגעשוועבט צווישן די פּאַסאַזשירן, צוטראָגנדיק אויף טאַצן אַ געשמאַקע וועטשערע. דער עולם איז געווען הונגעריק און געגעסן מיט אַפּעטיט. נאָך דער קאַווע מיט טאָרט און אייזקרעם, האָט מען פריילעך געשמועסט און געשפּאַסט. בערל, דער לץ פון דער גרופּע, וואָס האָט שטענדיק פאַרפרעסט אַ חוזק-שמייכעלע צווישן די ליפּן, האָט געשאָטן מיט ווערטלעך. דער עולם האָט זיך אַמוזירט און געלאַכט. פּלוצעם האָט זיך איינע פון די צוויי אויפפּאַסערינס-„סטיואַרדעסעס" געשטעלט ביים פּילאָטס טיר מיטן פּנים צו די פּאַסאַזשירן, האַלטנדיק עפּעס אַ גרוי מלבוש אין די הענט און אויסגערופן:

— לעידיס ענד דזשענטלמען! איך בעט אייער אויפמערקזאַמקייט אויף עטלעכע מינוט. איך וויל פּאַר אייך דעמאָנסטרירן דעם „לייוו־פּרעזערוווער“ (אַזאַ מין „העמד“ אָנצוטאָן ווען מען האַלט ביים אַראָפּפאַלן פון אַן אַעראָפּלאַן) וואָס ליגט אונטערן שטול ביי אייך גרייט צו באַנוצן אין אַן אומגליקספאַל...

די שמייכלען זענען פאַרקילט געוואָרן. ווען דאָס הימל־מיידל האָט אָנגעטאָן אויף זיך דאָס קורצע, ברייטע העמד, אָדער אַזאַ מין סאָרט רעקל, אויף איר געטאָקטער פיגור, האָט דאָס זי געמאַכט אומגעלומפּערט ברייט.

— איך האָף, אַז מיר וועלן דאָס נישט דאַרפן באַנוצן. ס'איז אָבער גוט צו זיין גרייט... צום ערשט דאַרפט איר פאַרמאַכן די־אָ האַקנס פון פאָרנט, ווען איר האָט שוין דעם „פּריזערוווער“ אויף זיך. דערנאָך טוט אַ ציי דאָס שטריקל ביי דער רעכטער זייט. נאָכדעם ציט דאָס שטריקל ביי דער לינקער זייט, וועט עס אָנציגדן אַ לעמפּעלע אויף אייער אַקסל... צו זען, ווו איר פאַלט... צום לעצט טוט אַ ציי דאָס מיטלסטע שטריקל — דאָס איז אַלץ. אַ דאַנק.

— אַ פּלעקל אַריין, אַ פּלעקל אַרויס, די מעשה איז אויס... — האָט בערל דער לץ אונטערגעשטראָכן איר לעקציע, בעת זי האָט מיט איר קיינמאָל נישט אויפהערנדיקן שמייכל אויסגעטאָן דאָס „מלבוש“. ווען זי האָט געצויגן די שטריקלעך, האָט איר דער עולם צעטומלט און צעשראָקן נאָכגעקוקט... און זיך געזען פאַלנדיק אין אַ שטורעמדיק וועטער, אין אַ פינצטערער נאַכט אין אַ צעבושעוועטן ים אַריין.

— פאַרפּעסטיקט אייך מיט די גאַרטלען צו די שטולן — איז אַרויסגעקומען אַ מעלדונג אין „נעאָן“־ליכט אויף דעם פּילאָטס טיר.

— מיר קומען איצט אַריין אין אַ וועג, וואָס איז אַ ביסל „באַמפּי“ (אַ באַרגיק־גרוביקער וועג, צעאַקערט פון לופט־כוואַליעס) — האָט די „סטיואַרדעס“ געזאָגט און נאָכגעקוקט, צי אַלע זענען פאַרגאַרטלט. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַביסל וואַקלען. דער עולם איז געזעסן פאַרטראַכט... געפּרווט פאַרציען אַ שמייכל, וואָס האָט זיך נישט געהאַלטן.

דערזעענדיק דאָס „מלבוש“ אויף דעם מיידל, האָט זיך די גוטע וועמשערע געשטעלט אין האַלדז. וויאַזוי קאָן מען באַווייזן צו ציען די אַלע שטריקלעך, איינס פריער, איינס שפּעטער, און וואָס קאָן העלפן ס'לעמ־

פעלע אויפן אַקסל, ווען דער אַעראָפּלאַן שטויסט זיך צונויף מיט אַ באַרג און עקספּלאָדירט אין פלאַמען? טייל האָבן שוין טאַקע בולט געפילט אַ הוילקייט אין האַרץ פון בלינדן פאַלן ערגעץ אין אַן אָפּרונט אַריין — און אַז אין ים אַריין, וועט דאָס לעמפּעלע ווייזן ווי אַזוי אויסצומיידן די שאַרקס, וואָס בליצן זשעדנע מיט די ציין? אַנדערע האָבן געזען, ווי זיי פאַלן אַריין אין שניי-בערג צווישן ווייסע בערן... די פּנימער פון די פּאַסאַזשירן זענען געווען גרוי, אויסגעצויגן, די אויגן און די נעז פאַרשאַרפט. עמעצער האָט אויסגעשפּרייט אַ לופט-מאַפּע און געוויזן, אַז מען דערגענטערט זיך צום נאָרד-פּאָל. אַז מען האָט געפרעגט ביי דער אויפפּאַסערין, צי ס'איז אַזוי, האָט זי געזאָגט, אַז מען פליט ריכטיק... זי האָט אויסגעזען אַזוי געמיטלעך און רואיק, ווי ביי זיך אין דער היים, זי האָט אָנגעשטעקט די פּאַסאַזשירן מיט איר רואיקייט און פאַר איין אויגנבליק נישט אויפגעהערט שמייכלען. אַזאַ מיידל וועט שמייכלען, ווען דער טויט וועט מיט איר אָנהייבן פלירטעווען און זי אַריינגעמען אין זיינע ביינערדיקע אָרעמס, האָט דוד געטראַכט, זי האָט אוודאי שטאַרקע נערוון און איז אַזוי יונג, אַז דער טויט עקזיסטירט נישט פאַר איר ווי אַ ווירקלעכקייט, נאָר איז עפּעס אַן אויסגעטראַכטע זאַך.

ער האָט באַמערקט ווי די שטערן זענען געוואָרן פאַרלאָשן. דער הימל פינצטער. גרויסע טראָפּנס רעגן, אָדער האָגל האָבן אָנגעהויבן פאַלן אויף די שויבן פון די קיילעכדיקע פענצטערלעך. וואָיענדיקע, שאַרפע ווינטן האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ לאָז געטאָן אויף דעם אַעראָפּלאַן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן אַראָפּצוואַרפן אים. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער אַעראָפּלאַן זיגעריש אַרויף אין הימל, וואָס איז געווען באַלויכטן פון „זשיראַנדעלן“ העל-גאָלדענע שטערן, ווי אַן אילומינאַציע צו אַ גרויסן הימלישן יום-טוב. די פּאַסאַזשירן האָבן אָפּגעאָטעמט און זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. טייל האָבן איינגעדרימלט, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן שנאָרכן. דוד האָט אויך געכאַפּט אַ דרימל. ווייזט זיך אים אויס, אַז דער אַעראָפּלאַן קראַכט אַריין אין עפּעס, רייסט אויף, הייבט אָן אַראָפּפאַלן. ער כאַפּט דאָס רעטונגס-העמד אויף זיך, הייבט אָן ציען די שטריקלעך, פאַרטומלט זיך און געפינט זיך שוין אין אַ צעשעדיקטער צווישן ווייסע בערן. ער כאַפּט זיך צום אייניקלס מעסערל, וואָס וואַקסט אויס אין אַ שאַרפער שווערד, און ער הייבט אָן שניידן, פּאַסעווען, האַקט לינקס און רעכטס.

— מיט וועמען שלאָגט איר זיך? — כאַפּט אים אָן אַ שכן ביי די הענט — וואָס האָט זיך אייך געחלומט?

— אַ נאַרישער חלום — שמייכלט דוד אין פאַרלעגנהייט — דער־וואַקסענע מענטשן ווערן אַמאָל קינדער. איך זאָג דאָס קעגן מיין איי־ניקל. דאָס איז אַ ייִנגעלע, זאָל ער נאָר געזונט זיין. שיין און קלוג... נאָר אַ סך מאָל טשעפּעט ער זיך צו מיט אַזעלכע פראַגעס, אַז ער פאַרטומלט אייך דעם קאָפּ...

— און איך האָב אַן אייניקל, הערט איר — צעשמייכלט זיך דער שכן נחתדיק — ער איז נאָך קיין זעקס יאָר נישט אַלט, און דאָס רעדט ווי אַ גרויסער. אַ קעפּל — פלאַם פייער!... זיידע, זאָגט ער, פאַרוואָס קאָן אַן אַעראָפּלאַן פליען און אַ מענטש נישט, פאַרוואָס האָט אַ הונט אַן עק? פאַרוואָס און פאַרוואָס. מען דאַרף, זאָג איך אייך, זיין אַן איינ־שטיין, אים צו קאָנען ענטפערן אויף דעם אַלעם.

ביידע זיידעס באַווייזן די פאָטאָגראַפיעס פון די שיינע, געראָטענע אייניקלעך, לויבן זיי אויס ביז אין הימל אַריין, ווי זיי וואָלטן זיך שוין געגאַנגען משדך זיין מיט זיי, ביידע פאַלן זיך אַריין אין די רייד, שלאָגן איבער איינער דעם אַנדערן, שרייען איבער איינער דעם אַנדערן — די קלוגע, נאַרישע זיידעס.

---

דער אַעראָפּלאַן שיפט זיך רואיק אין פרימאָרגנדיקן, זוניקן הימל. דוד באַטראַכט די גרופּע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אויסגעקליבן פון זיך אַ „גיד" (פירער) און ווילן פון איצט אָן זיין צוזאַמען אויף דער אויס־געחלומטער רייזע אין עטלעכע לענדער. טשיקאַווע, ווי זיי ווילן זיך אויס־לעבן אינגאיינעם? ווייל באַלד ביים אַריינשטייגן אין אַעראָפּלאַן זענען שוין עטלעכע געלאָפן פאַרויס צו פאַרכאַפּן פלעצער ביים פענצטער, צע־לייגט זיך ברייט מיט זייערע זאַכן און די, וואָס זענען אַריינגעקומען שפּע־טער האָבן געמוזט זיצן צוזאַמענגעדריקט, און די ערשטע זאָמען פון אומצופרידנקייט האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבריען. וועט די שלאַנג פון קליינלעכער בימרעקייט שפּעטער נישט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ? וואָס דענקט ער? ער איז דאָך עפּעס אַ טראַכטער און אַ שטיקל פּסיכאָלאָג?... אין דער גרופּע זענען פאַראַן עטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער, פירער, מענטשן מיט נעמען. אַז מען וועט לעבן צוזאַמען עטלעכע וואָכן, וועט מען זיכער אַרויסזען ווער איז ווער...

„פאַרגאַרטלט זיך. מיר לאָזן זיך איצט אַראָפּ אין „קאָפּענהאַגען"— איז אַרויס אַ מעלדונג איבער דעם פּילאָטס טיר. אין עטלעכע מינוט אַרום

האָט זיך דער אַעראָפּלאַן צעקושט מיט דער ערד, וואָס האָט אים צום ערשט, אַביסל אָפּגעשטופּט, און דערנאָך געגלעט און צוגעצויגן צו זיך מיט פרייד, וואָס ער איז אַרויס בשלום פון אַזאַ שווערן וועג. די פּאַסאַזשירן זענען לעבהאַפטיק אַראָפּגעגאַנגען, ווי אונטערטאַנצנדיק אויף די טרעפּ. געוואָלט וואָס שנעלער באַרירן צוריק די מאַמע-ערד און אויפגעהייטערטע געשמייכלט צו דער זוניקער שטאָט. אַן אויטאָבוס האָט זיי געפירט דורך געדרייטע גאַסן, פרעמדע הייזער; אַנדערשדיקע, פרעמדע פּנימער, אַנדערע קליידער, און אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ גרויסן, רייכן האָטעל. אַ שווייצער מיט גאָלדענע קנעפּ, אַ שטייף-אויסגעצויגענער, האָט מיט רעספּעקט געעפנט אַ „דריי-טיר" און יעדן פון די טוריסטן באַזונדער סאַלוטירט, צולייגנדיק די האַנט צום היטל, ווי אַמאָל אַ צאַרישער סאָלדאַט פאַר זיין גענעראַל אָדער אָפיציר. די גרופּע: אַרבעטס-מענטשן, סטאָליאַרעס, קלאַוקס-אָפּערייטאָרס, פינישערס (האַנט-נייערס) האָבן זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט, איינגעהאַלטן זיך נישט צו לאַכן. ס'איז זיי פשוט געווען איבער דער טבע, וואָס פאַר אַ פּריצים זענען זיי?... דוד האָט געהאַלטן: מען דאַרף טאַקע אויפנעמען מענטשן שיין, נאָר דאָס איז שקלאַפיש און שלאָגט צו דער גאַל. ער האָט באַלד פון דער לאָבי געשיקט אַהיים אַ טעלעגראַם, אַז ער איז בשלום אַריבער דעם נאָרד-פּאָל, אָנגעקומען אין קאָפּענהאַגען. דערנאָך אין אַ האָטעל-צימער געשריבן אַ בריוו צו מרימען און צוגעלייגט אַ בריוועלע צום איייניקל: מיין טייערער פּיטער, איך בין אָנגעקומען אין דער גרויסער, שיינער שטאָט קאָפּענהאַגען. און איך פיל זיך גוט. בלויז דו פעלסט מיר דאָ אויס... דיין מעסערל האָט מיך געראַטעוועט. אַזוי שנעל ווי די ווייסע בערן האָבן דאָס דערזען, זענען זיי אַנטלאָפן ווי די האָזן. זיי געזונט און פאָלג די מאַמע און דעם טאַטן. דיין זיידע, וואָס האָפט דיך צו זען — דוד.

# קורצע וויזיטן

דוד איז דעם ערשטן טאָג אין מאָסקווע. ער איז מיד פון אַרומפאָרן און ארומשפּאַנען אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, רעדן מיט פאַר־שידענע מענטשן. ער האָט זעלטן געזען אַזאַ רייַנע שטאָט. די טראָטואַרן זענען אַזוי ציכטיק, אַז מען קאָן זיך זעצן אויף זיי. ער וויל אַלץ זען, אַלץ הערן, אַלץ פאַרשטיין — אַלץ אַרייַנכאַפּן מיט איין מאָל... און די צייט איז באַשרענקט, די „גרופּע" וועט בלויז שטיין טעג, העכסטנס אַ וואָך אין אַ שטאָט.

שפּעט בייַנאַכט קוקט ער אַרויס פון סאָוויעטישן האָטעל „אוקראַינאַ" אויף דער שטאָט און פרעגט זיך: איז דאָס אַ חלום? איז ער טאַקע אין סאָוויעטנפאַרבאַנד? דאָס זעלבע האָט ער זיך געפרעגט די לעצטע נאַכט, ווען ער האָט מיט אַ ציטער אין האַרץ באַטראַכט די סאָוויעטישע ערד און דערזען אין וואָקזאַל אַ סקולפּטור אין ווייסן מאַרמאָר פון לענינען מיט זייַנע נאָענטע מיטאַרבעטער, ווי זיי וואָלטן באַגריסט די אויסלענדישע געסט. ביי אַ אַ טוריסטקע לעבן אים שטעלן זיך טרערן אין די אויגן פון גרויס עמאָציע און ער זאָגט איר, אַז מען דאַרף זיך נישט פאַרלירן, מען מאָר נישט ווערן סענטימענטאַל. און זייַן אייגן קול קומט אַרויס אַביסל פאַרשטיקט... איצט קוקט ער אַרויס פון נייַעם 37-שטאָקיקן סאָוויעטישן האָטעל „אוקראַינאַ", וואָס האָט זיך גיגאַנטיש אויפגעבויט פון פייער און אַש. זייַן צימער איז אויף דעם צוואַנציקסטן שטאָק. די לאַנגע, געדרייטע קאָרידאָרן מיט די הונדערטער צימערן צעטומלען אים. ס'איז אַ לאַבירינט, וווּ מען קאָן לייכט פאַרלוירן ווערן. גוט וואָס די פרייַנדלעכע אויפזעערינס מיט פּאַטשיילקעס אויף די קעפּ און פאַרריסענע נעזלעך צום הימל נעמען אים אָן שוועסטערלעך ביי דער האַנט און פירן אים צו זייַן טיר. דעם ערשטן טאָג אין מאָסקווע האָבן זייַנע פיס נישט גערוט. זייַן קאָפּ שווימט, זייַן האַרץ ברויזט. עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און ער פאַרגינט זיך נישט צו גיין שלאָפן, כאָטש ער איז זייער מיד פון אַרומשפּאַנען

שעהן לאַנג איבער די אַלטע און ניי־אויפגעבויטע מאָסקווער גאַסן. געקוקט צענדליקער סאָוויעטישע מענטשן אין די אויגן אַריין, געוואָלט אַרויסלייענען זייערע געדאַנקען, זייערע געפילן. די מערסטע שפּאַנען פאַרטראַכט, מיט פעסטע, זיכערע טריט און ערנסטע פּנימער, ווי זיי וואָלטן אין די סאַמע טומלדיקסטע גאַסן געהאַלטן אין איין אויסטראַכטן נייע דערפינדונגען, נייע „ספּוטניקעס“, וואָס זאָלן פאַרבינדן די ערד מיטן הימל... ער האָט געזען: מענטשן גייען איינפאַך אָנגעטאָן, נישט פאַרריסן, אָן פוסטן גלאַנץ, נאָר ער האָט נישט באַגעגנט — וויפל ער האָט נישט געזוכט — אַ לאַטע אָדער אַ ריס אויף עמעצן. קינדער זענען אויסגעפוצט אין שענסטן און בעסטן: די אויגן לייכטן, די בעקלעך פלאַמען. ער האָט אויך געשפּאַנט אין שטילע, זייטיקע גאַסן. געזען אַלטע הייזער, וואָס זינקען אין דער טונקעלער פאַרגאַנגענהייט אַריין, צו מאַכן אָרט פאַר נייע געביידעס מיט גרויסע פענצטער און באַלקאָנען. מען בויט, מען האַלט אין איין בויען: מאַשינען עפענען גרויסע „מיילער“, פאַקן זיי אָן מיטן ברוכוואַרג פון אַלטע הייזער, וואָס מען האָט אומגעוואָרפן, און שפּייען זיי צוריק אויס אין גרויסע וועגענער אַריין; האַמערס פויקן, זעגן זינגען, דרילערס בויערן. עס רוישט און הילכט, עס ברויזט און קאָכט, עס ציטערט די ערד, עס ציטערט די לופט — עס ציטערט די אַלטע וועלט!...

ער קוקט אַרויס אויף דער שטאָט מאָסקווע, וואָס רוט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט און נעמט זיך אָן מיט נייע, פרישע כוחות. ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. אויפן פּנים פון דער לבנה מערקט זיך אַ קלוגער, צוזאָגנדיקער שמייכל... די מיליאָנען שטערן אַרום איר ווינקען זיך איבער — רעדן זיך צונויף... אַ מאַיאָווע ווינטל דורכן אָפענעם פענצטער שושקעט אים אין אויער אַריין, „צייט צו גיין שלאָפן. מען קאָן נישט אַלץ אַריינכאַפּן מיט איינמאָל. מאָרגן איז אויך אַ טאָג“. אויסטוענדיק זיך, טראַכט ער מיט פריידיקער דערוואַרטונג, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער שטיין אויפן רויטן סקווער און זען דעם ערשטן מאַי־פּאַראַד. און ער האָט שוין אַ בילעט צו זען אַן אָפּערע אין באָלשאָי טעאַטער — ער מוז אַרייננעמען וויפל ס'לאָזט זיך ווי לאַנג ער איז דאָ און פרווון — וויפל ס'איז מעגלעך אין אַזאַ קורצער צייט — אויפכאַפּן דאָס נייע לעבן. ברענגען אַן אָרנטלעכן גרוס... ער מוז אָבער האָבן עטלעכע שעה שלאָף אַנישט וועט ער מאָרגן נישט קאָנען שטיין אויף די פיס. ער לייגט זיך אין בעט אַריין און גיט זיך אַ האַרבן באַפעל: שלאָפן! פאַרמאַכט די אויגן

און דערזעט — די צאַרישע טורמעס, אין וועלכע ער האָט זיך געוואַלגערט מיט יאָרן צוריק. אין יענע פינצטערע נעכט האָבן זיך אים געחלומט תליות און ער פלעגט זיך אויפכאַפּן מיט שרעק פון דעם מאָנאָטאָנעם שפּאַנען פון סאָלדאַטס שטיוול פאַר די קראַטעס.

ווען מען זאָגט אים דעמלט, אַז ער וועט אין אַ באַפרייטן רוסלאַנד, אין אַ סאָוויעטישער באַן זיך טרעפן מיט רויטאַרמייער, וואָלט ער זיך אפשר אַליין נישט געגלייבט. און די רויטאַרמייער דאָ רעדן מיט אים וועגן ליטעראַטור, זעצן אויס קעגן אייניקע אַמעריקאַנער שרייבער, וואָס דינען נישט דעם אייגענעם פאָלק. אַנדערע לויבן זיי. סאָלדאַטן — ליטעראַטור־קריטיקער! — שלאָפן! — אַז ער וועט אויף זיין אַ גאַנצע נאַכט, וועט ער מאָרגן זיך אַרומדרייען אַ 'פאַרטשאַדעטער! אפילו די שטערן אין הימל ווערן שוין בלאַס. לעשן זיך און גייען אויך שלאָפן.

אינדערפרי האָט ער זיך ווידער אַרויסגעלאָזט שפּאַנען איבער די גאַסן, וואָס זענען געווען איינגעטונקען אין רויטע פאָנען לכבוד דעם ערשטן מאַי. אויף פענצטער, ווענט און באַלקאָנען: בילדער פון מאַרקס, לענין, און אַנדערע פירער און בויער פון דער רעוואָלוציע. מאַרקס פילאָזאָפישער קאָפּ, זיין נביאישער שטערן, פּאַטריאַרכאַלע באָרד אין פראָנט, ווי אַ פאָרגייער. לענינס קאָפּ אונטער זייגעם, האַרט איינער לעבן אַנדערן. דוד שטעלט שטאָלץ אַרויס די ברוסט: ער איז דאָך אַ לייבלעכער קרוב פון איינעם פון די הויפּט־מחותנים פון דער חתונה... ער האָט געשטעלט פעסטע, זיכערע טריט. די זון האָט יומטובדיק געלויכטן אויף די מאַסן פאַרבייגייער — יונגע, עלטערע און קינדער, וואָס זענען געגאַנגען אונטערטאַנצנדיק און געוואָלט מיטפליען מיט די באַלאָנען, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט. ער האָט דורשטיק איינגעזאַפּט אין זיינע אויגן די מענטשן, וואָס זענען אים געקומען אין פּנים אַריין, ביז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז שוין צו ווייט אַוועק. ער וועט שוין מוזן נעמען אַ טאַקסי צוריק צום האָטעל.

— העלאָ, מיסטער ליגדפעלד! — דערהערט ער אַ קול לעבן זיך און ס'ווייזט זיך אים אויס, אַז ער איז אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס, און עמעצער רופט זיין נאָמען. לעבן אים שטייט מאַקס גראָסמאַן, וואָס וווינט נישט ווייט פון זיין הויז אין ברוקלין. דאָרט פלעגן זיי זיך אַמאָל טרעפן און אַריינגעצויגן ווערן אין אַ היציקער דעבאַטע. דער גראָסמאַן, האָט נאָך אין ניו־יאָרק געקוקט אַהער דורך שוואַרצע ברילן.

— גראָסמאַן? וואָס טוט איר דאָ?...

— דאָס זעלבע וואָס איר.

— איך בין נישט אַזוי זיכער... ווי געפעלט אייך דאָס? אין ניו־יאָרק האָבן מיר געוווינט אין דער זעלבער גאַס און זיך געטראָפן אפשר איינמאָל אַ יאָר, און דאָ צווישן מיליאָנען מענטשן ווער קומט מיר גלייך אין פּנים אַריין — גראָסמאַן מיט די שוואַרצע ברילן.

— איך טראָג נישט קיין ברילן, איך קוק מיט אָפענע אויגן.

— און איר זעט וואָס איר ווילט זען...

— איך זע, וואָס עס איז דאָ צו זען.

דוד האָט געוואָלט פּטור ווערן פון לאַנדסמאַן. ער איז נישט געקו־מען קיין מאָסקווע זיך אויסעסן דאָס האַרץ מיט אים. יענער איז פאַר־כמט. און דאָ איז אים יעדע מינוט טייער.

— איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, גראָסמאַן, איך אייל זיך איצט. עמעצער וואַרט אויף מיר אין האָטעל. איך מוז לויפן. מירן זיך נאָך זען דאָ, אָדער אין ניו־יאָרק — און ער האָט אים געלאָזט שטיין מיט אַן אָפן מויל און אַ בייסיקן שמייכל.

„פּיו, אַן אָנשיקעניש", האָט דוד געטראַכט, „נאָך ווייניק וואָס מיר האָבן זיי אין אַמעריקע, די גראָסמאַנס, וואָס ווייסן דאָרט ווי שלעכט דאָ איז אַלץ, דאַרף איך נאָך אַזעלכע אָנטרעפן אין מאָסקווע!" ער איז נאָך לאַנג געגאַנגען איבער די ציכטיקע, ניי־אויפגעבויטע גאַסן, ביז ער האָט שוין קוים געשלעפּט די פיס. געכאַפּט זיך, אַז ער דאַרף שוין זיין צוריק אין האָטעל פאַרן מיטאָג, נאָר ער האָט שוין דעם וועג צוריק נישט גע־טראָפן, ער איז אים פאַרלוירן געוואָרן, ווען די שטראָמען מענטשן האָבן אים ווי אַ מאַגנעט אַריינגעצויגן און פאַרטראָגן ערגעץ אין אַן אומבאַ־קאַנטער געגנט. ער איז שוין צוריקגעפאָרן צום האָטעל אין אַ טאַקסי אין אויף זיין צעבראָכענעם רוסיש פאַרפירט אַ שמועס מיטן טרייבער, אַ פריילעכער לונג־און־לעבער, וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפן מיט דער „שפּראַך" און צייטנווייז אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און מיט אַ גאָר פריינדלעכן שמייכל געזאָגט, „נו דאַ", אָדער: „וואָט שטאָ!"... ביים אַרויסשטייגן פון דער טאַקסי, האָט דער שאָפער מיטגעשיקט מיט אים אַ גרוס צו די אַמעריקאַנער אַרבעטער און געבעטן זיי זאָגן, אַז דאָס סאָ־וועטישע פאָלק וויל שלום.

אָפּגעגעסן מיטאָג, איז ער אַריין אין אָמניבוס, באַקוקן די שטאָט מיט אירע אינסטיטוציעס. דאָס בלאָנדע, סאָוועטישע מיידל, וואָס מען רופט זי וואַלענטינאַ, אַ געבוירענע אין מאָסקווע, איז דער „גיד", די פּי־

רעריין פון דער „גרופּע“, זי דערקלערט אַ רעדל טוריסטן די אַנטיקן, וואָס זענען געבליבן פון די צאַרישע הערשער: זיידענע, מיט גאָלד=דורכגעוועבטע קליידער, גאָלדענע שליטנס, גאָלדענע קאַרעטן, בריליאַנטענע קרוינען, וואָס בליצן און בלענדן אין די אויגן, אין דער צייט, ווען דאָס פֿאָלק האָט געלעבט אין ליימענע כאַטקעס אָן פֿענצטער און אויסגעגאַנגען אין די מיליאָנען פון הונגער. די שטאָטישע אַרבעטער איז אויך נישט געווען בעסער. די טוריסטן הערן זיך איין פֿאַרטראַכט. מען שטעלט פֿראַגעס און וואַלענטינאַ ווערט נישט מיד צו ענטפֿערן. פֿאַר איר איז דאָס די ווייטע, פֿאַנטאַסטישע פֿאַרגאַנגענהייט, נאָר פֿאַר די מערסטע טוריסטן איז דאָס ווי אַט נאָר וואָס געשען. טייל זענען געזעסן אין די צאַרישע טורמעס און געווען פֿאַרשיקט אין סיביר.

מען באַזוכט אַ מעטאַל=פֿאַבריק. דער דירעקטאָר, וואָס זעט אויס ווי איינער פון די אַרבעטער ענטפֿערט אויף פֿראַגן, גיט אַ ראַפּאָרט דער וועלט... מען רעכנט די פֿאַרדינסטן פון די אַרבעטער לויטן קורס פון סאָוויעטישע רובלס און אַמעריקאַנער דאָלאַרן און סענטן... געבן דירעקטאָר זיצן נאָך צוויי פֿאָרשטייער פון דער פֿאַבריק. וואַלענטינאַ איז די איבערזעצערין פון ענגליש אויף רוסיש.

מען באַזוכט אַ קינדער=היים: אַלע פֿענצטער זענען אָפֿן, כאָטש, ס'איז אַ קילער טאָג. די אויפֿזעערינס פֿאַרזיכערן, אַז די פֿענצטער זענען אָפֿן אַ גאַנץ יאָר. אפֿילו אין די סאַמע פֿרעסט. אַ נייער מעטאָד. עס בלענדן שניי=ווייסע בעטלעך. קאָלירטע טעפּיכער אויפֿן דיל. בילדלעך אויף די ווענט, מיט אַן אינהאַלט צו אַנטוויקלען דעם קינדס געדאַנק. פֿאַרשידענע סאָרטן שפּילצייג, צוגעגרייט פון פּעדאַגאָגן און קינסטלער. די קינדער לויכטן, די בעקעלעך פֿלאַמען, די אייגעלעך שיינען. דוד דערמאָנט זיך אין די קינדער בעת די צאַרישע צייטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ווי ווערעם אונטער די פֿיס.

## „ניטשעוואָ“

ביינאַכט איז ער אין באָלשאָי טעאַטער, ווו דער צאַר מיט זיין סווי־
טע פלעגט פאַרנעמען דעם אויבנאָן. פון ביידע זייטן נאָענט צו דער בינע
ציען זיך באַגילדעטע לאָזשעס ביז אויפן זעקסטן שטאָק אַרויף. דאָס טע־
אַטער איז איבערגעפאַקט. ער קוקט זיך איין אין עולם, פרווט אַרויסליי־
ענען עפּעס פון זייערע פּנימער. די מערסטע זענען ערנסט, „סעריאָזנע“,
מיט סמנים פון שווערע איבערלעבונגען פון דער לעצטער, גרויסער מלחמה:
ביי וועמען איז נישט געפאַלן אַן אייגענער, אַ נאָענטער, וואָס האָט איבער־
געלאָזט ווונדן אין האַרץ? דאָס גרויסע אָפּערע־הויז איז געפאַקט מיטן
געדיכטן אַרבעטער־פאָלק. דוד טוט אַ פאַרמאַך די אויגן און דערזעט
אויף זייער אָרט: צאַרישע גענעראַלן, פינקלדיקע אָפיצירן און פּולקאָווו־
ניקעס מיט גאָלדענע עפּאָלעטן, דעקאָלטירטע דאַמען, איינגעטונקען אין
סאַמעט און זייד, באַהאָנגען מיט בריליאַנטן. באַדינער אין אוניפאָרמען
גייען אויף די שפּיצפינגער, מאַכן הויקערס פון די פּלייצעס, בייגנדיק און
נייגנדיק זיך. אין אַ גאָלדענער לאָזשע זיצט דער צאַר אַליין מיט זיינע
לאַפּיטוטן, פּרינצן, קניאַזשן. ער עפנט צוריק די אויגן און — זיי פאַר־
שווונדן. אויף זייער אָרט —דאָס געדיכטע אַרבעטער־פאָלק.

דוד זיצט אין דער הינטערשטער ריי פון אַ געפאַקטער לאָזשע. אין
פראָנט פון אים, הויכע ברייט־פּלייציקע מענטשן. ער קוקט דורך שפּאַ־
רעס, דרייט זיך, בייגט זיך, הייבט זיך אונטער. זעט בלויז שטיקלעך,
ברעקלעך בינע, ברעקלעך פּנימער. דאָס געזאַנג אָבער און די מוזיק
טרעפט גלייך צו אים אין האַרץ אַריין, אין דער נשמה אַריין, אַז די
אויגן פייכטן זיך אים... ער האָט שוין אָבער עטלעכע מאָל באַמערקט,
ווי עמעצער דרייט זיך הינטער זיינע פּלייצעס, אַ פרוי קוקט אויף אים,
ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אים עפּעס צו זאָגן. מאָמענטווייז האָט ער
דאָס געפיל, ווי זי לויערט אויף אים. ווען דער פורהאַנג פאַלט אין היל־
כיקן רויש פון אַפּלאָדיסמענטן, דערפילט ער אַ האַנט אויף זיך. עס באַ־

פאַלט אים אַן אומפאַרשטענדלעכע שרעק. דער באַריר פון דער האַנט האָט אים אַ קיל געטאָן דאָס האַרץ: וואָס וויל פון אים די פרוי מיטן אומהיימלעכן סוד אין די אויגן? זי זאָגט עפּעס, כלומרשט פריינדלעך און נעמט אים אָן ביים אָרעם. דאָס האַרץ איז אים אומרואיק, די גע־דאַנקען אַרבעטן בליצשנעל: אַזאַ קאָן זיין אַ געהיים־אַגענטקע, וואָס האָט עפּעס אויסגעפונען, אָדער מען האָט עפּעס אויסגעטראַכט אויף אים... זיין זון אין אַמעריקע איז אַ טראָצקיסט...

— וואָס ווילט איר?! — פרעגט ער מיט אַ געפּלעפטן שמייכל.

זי זאָגט עפּעס, וואָס ער דערהערט נישט צווישן די הונדערטער שטימען אין דער „לאָבי". איר קול האַרטלעך. שטייט צו, אַז ער מוז גיין מיט איר! ער באַווייזט איר זיין בילעט, אַז ער זיצט אויפן ריכטיקן אָרט, זי באַנעמט נישט, ווייזט אויס, קלאָר זיין רוסיש, שאָקלט „מיסטעריעז" מיטן קאָפּ און זאָגט: „ניטשעוואָ", ער דערמאָנט זיך, אַז דאָס וואָרט „ניטשעוואָ" קאָן מען פאַרשידן אויסטייטשן: ווען איינעם גייט גוט, קאָן ער זאָגן, „ניטשעוואָ"... ווען אַ פאַראורטיילטער שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין דער פּעטליע, קאָן ער אויך זאָגן: „ניטשעוואָ"...זי פירט אים אַלץ ביי דער האַנט און זיינע געדאַנקען אַרבעטן בליצשנעל: ער האָט פריער גע־רעדט מיט אַ סאָוויעטישן פּאָלקאָווניק און צעלאָזט די צונג... אויפגע־מישט אַ פּאַסקודנע געשיכטע... ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אַז דער פּאָלקאָווניק איז אַ ייד און אים פאַרזיכערט, אַז דאָס איז געווען... און אַזעלכעס וועט מער נישט זיין... זי פירט אים. ער זעט זיך אין טורמע. אין מיטן דער נאַכט רייסט מען אים אויף פון שלאָף. מען שטעלט אָן אויף אים אַ לאָמפּ מיט אַ סך עלעקטרישע ליכט, וואָס פאַרבלענדט אים די אויגן, צעטומלט די געדאַנקען און מען פאָרשט אים, מען ציט, ער זאָל זיך מודה זיין אויף פאַרברעכנס, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען. די פרוי מיט דער פאַטשיילקע אויפן קאָפּ שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ מאַן. „ראַפּאָרטירט" אים עפּעס. דער מאַן שמייכלט פריינדלעך און דריקט אים די האַנט. דוד כאַפּט טייל פון אירע ווערטער און ס'באַקומט זיך, ס'הייבט זיך אָן צונויפשטעלן: אַ גאַסט איז געקומען פון אַמעריקע, אַ יידישער שרייבער. האָט ער געקראָגן אַ שלעכטן פּלאַץ אין דער אונ־טערשטער טייל פון אַ לאָזשע, וו ער קאָן נישט זען און נישט הערן (ווער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז אַ יידישער שרייבער? אוודאי דער פּאָלקאָווניק). דער מאַן זאָגט עפּעס צו דער פרוי און אים הייסט ער

גריסן אַמעריקע. די פרוי פירט אים אַריין אין פּראָנט פון אַ לאָזשע פונקט אַנטקעגן דער בינע. רוימט איין עמעצן עפּעס אויפן אויער. אַ מענטש שטעלט זיך אויף און פאַרשווינדט. דוד פּראָטעסטירט, פאַרוואָס זאָל ער פאַרנעמען יענעמס פּלאַץ?! נאָר די פרוי שושקעט אים אין אויער אַריין: „גיטשעוואַ“...“

נאָך דער פאָרשטעלונג. ער זוכט די פרוי מיט דער פאַטשיילקע אויפן קאָפּ, צו באַדאַנקען פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט... ער זעט זי נישט. די גאַסן זענען פול מיט געדיכטע גרופּעס מענטשן, וואָס וואַרטן אויף טראַנספּאָרט (אַ פאָלק האָט זיך אויסגעהונגערט, אַ לאַז געטאָן אויף די טעאַטערס) און דער אמת איז, אַז דערווייל שטופּט מען זיך נאָך אין די אויטאָבוסן, ווי אין די ניו־יאָרקער סאָבוועיס. דוד באַשליסט, נישט אַהיימצופאָרן מיט דער „גרופּע“ אין אויטאָמאָביל, וואָס וואַרט אויף זיי. ער וועט בעסער אַריין אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס. זען, הערן, אַריינגעמען וויפל ס'לאָזט זיך, ווייל ער האָט בלויז געציילטע טעג צו זיין אין מאָס־קווע. אינעווייניק אין אויטאָבוס איז טאַקע זייער ענג. די קאַסירשע מיט אַ פאַטשיילקע אויפן קאָפּ און מיט אַ שמייכל, ווי זי וואָלט געשווומען לעבן איר געליבטן אין אַ קילן, דערפרישנדיקן טייך, הייבט זיך אָן דורכ־שטופּן, אַריינגראָבן צווישן עולם, טיילט אוים דיגע בילעטלעך און נעמט באַצאָלט. דער אויטאָבוס דרייט זיך, בייגט זיך, טאַנצט אונטער. די פּאַ־סאַזשירן, וואָס שטייען וואַקלען זיך, כאַפּן זיך אָן איינער אין אַנדערן — וויאַזוי וועט זי באַווייזן אין אַזאַ ענגשאַפט צו נעמען ביי יעדן באַצאָלט און געבן אויסגאַב פון אַ באַרג צעקנייטשטע פּאַפּירלעך, וואָס זי טראָגט אין אַ גרויסן בייטל? און זי באַווייזט: בויערט אוים מיט זיך אין דער ענגשאַפט לעבער, שטופּט זיך אַריין אין שפּאַרעס. ס'איז היים און דעמ־פּיק, נאָר זי אַרבעט פּיבערדיק־שנעל, אָן אָפּשטעל. צום סוף רופט זי אוים: חברים! האָבן שוין אַלע באַצאָלט? מען שווייגט. אַ סימן: באַ־צאָלט. דוד פאָרשט פּנימער, זאַפּט איין אין זיך די שטימען פון די וויי־טע־נאָענטע מענטשן... פּלוצים דערזעט ער נישט ווייט פון זיך די פרוי מיט דער פאַטשיילקע, וואָס האָט אים איבערגעשראָקן און צום סוף גע־געבן אַ פראָנט־פּלאַץ אין אַ לאָזשע קעגנאיבער דער בינע. ער שטופּט זיך דורך צו איר:

— איך האָב אייך געזוכט. געוואָלט באַדאַנקען פאַר דער גאַסט־פריינדלעכקייט, זענט איר פאַרשווונדן.

זי טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ס'הייסט: אַ דאַנק פאַר אַ דאַנק און זאָגט „ניטשעוואָ...“

— ענג ביי אייך אין די אויטאָבוסן — זאָגט דוד.

— זאָל נאָר זיין שלום אויף דער וועלט, וועט שוין ווערן גרוים — פאַרזיכערט זי אים.

— איך באַוווּנדער ווי אַזוי אייער קאַסירשע באַווייזט אין אַזאַ ענג־שאַפט צו נעמען ביי יעדן באַצאָלט און געבן אויסגאָב.

— זי אַרבעט גוט — זאָגט זי און פאַרריכט זיך די פאַטשיילקע אויפן קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָס איר געמאַכט דעם קאָמפּלימענט...

דער אָמניבוס האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און אָפּגעשטעלט. די פרוי מיט דער פאַטשיילקע שטופּט זיך צו דער טיר און פאַרן אַרויסגיין שרייט זי אַריבער צו דודן — גריסט אַמעריקע און זאָגט דאָרט, אַז מיר ווילן שלום!

*****

דוד איז געשטאַנען אויפן ערשטן מאַי־פּאַראַד אין מאָסקווע. דער הימל איז אינדערפרי געווען פאַרוואָלקנט. די זון האָט זיך געראַנגלט אַרויסצוקומען. אָט איז זי שוין אינדרויסן, און אָט וויקלט זיך שלאַנ־גיק אַ כמאַרע אַרום איר, אַז עס זעען זיך מער נישט אַרוים, ווי בלייכע פלעקן. אין עטלעכע מינוט אַרום — די זון שטעקט אַרוים דעם קאָפּ. די לופט ווערט טרוקענער. ווינטן קומען איר צוהילף, פאַרטרייבן די וואָלקנס און זי לויכט און שיינט אַ גאַנצן טאָג.

אַ מענטשלעכער ים האָט דורכגעבראָכן אַ דאַמבע און שטראָמט, שטראָמט אָן אויפהער, ווערט געדיכטער, ברויזנדיקער, דראָענדיקער, אָט וועלן די כוואַליעס אַריבער די ברעגן און פאַרפלייצן די וועלט... איבער די קעפּ פון די מאַרשירנדיקע ציט זיך אַן אומענדלעך־לאַנגגע חופּה פון רויטע פאָנען און פלאַקאַטן מיט בילדער פון העלדן און פירער פון פאָלק. ס'איז אַ געמיש פון געזאַנג, מוזיק, טענץ. ס'פינקלען צעלויכטענע אויגן, עס טראָגן זיך פריידיקע אויסגעשרייען, עס טופּען טויזנטער פיס, עס ציטערט די ערד, עס ציטערט די ליכט — די וועלט ציטערט!... פּלוצעם דערזעט דוד אַ באַקאַנט פּנים. ער דערקענט אַן ענלעכקייט צו דעם, וואָס ער האָט באַגעגנט מיט יאָרן צוריק, דעמלט נאָך אַ יונגער מענטש. איצט, אַ דיקלעכער מאַן אין די זעכציקער, מיט שאַרפע, אומרואיקע אויגן, וואָס

קוקט באַגייסטערט, מיט אַ פּאַרריסענעם קאָפּ אויף די מאַרשירנדיקע. פון וואַנען געדענקט ער אים? ער מישט איבער אין גדאַנק פּאַסירונגען און באַגעגענישן מיט מענטשן פון זיין פריער יוגנט אָן. ביז דאָס פּנים ווערט פאַרבונדן צוערשט מיט וואַרשע און דערנאָך מיט ניו־יאָרק. אָבער ווו און ווען? יאָ, אין אַ שאָפּ האָט ער זיך געטראָפן מיט אים. נעבן מאַן שטייט אַ בלאָנד־גרויליקע פרוי. צייטנווייז פאַרבייגט דער דיקער, גרויער מאַן דעם קאָפּ אַביסל אויף אַ זייט און קוקט איר פאַרליבט אין די אויגן אַריין — שאַ! איז דאָס נישט סיימאָן דער פּרעסער, מיט וועלכן ער האָט געאַרבעט צוזאַמען אין אַ ניו־יאָרקער שאָפּ — שימעלע פון וואַרשע! דזשעלנע 79... און דאָס איז צירל! דאָס דעמאָלטיקע דינסט־מיידל, וואָס האָט אויסגעקלאַפּט דעם דיוואַן אויף אַ שטריק... ער איז נאָך נישט אינ־גאַנצן זיכער, ס'קאָן זיין אַן ענלעכקייט. אָבער וואָס האָט ער אָנצוווערן? ער וועט צוגיין געענטער און זיך בעסער איינקוקן — און זיי האָבן זיך דערקענט!

— זענט איר נישט יצחק דעם שמוקלערס זון פון וואַרשע?! — זאָגט דער דיקער, גרויליקער מאַן.

— און איר זענט סיימאָן. אויך פון וואַרשע. שפּעטער אין ניו־יאָרק זענט איר געווען אַ פּרעסער אין אַ קלאָוק־שאָפּ, ווו איך בין אַרויף אַלס גרינער אַרבעטן — דערמאָנט אים דוד.

— ריכטיק! ווײ, ווי די צייט פליט! עס זענען שוין אַ סך וואַסערן פון דעמאָלט אָפּגעלאָפן. און דו געדענקסט, צירעלע, דעם מאַן? דאָס איז דעם שמוקלערס זון פון וואַרשע. דו פלעגסט דאָך אַמאָל אַרויפקומען צו זיינע עלטערן.

— איך געדענק אים אַזוי ווי אין חלום. אַ פאַרטראַכט יינגל מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר.

— איז ווי איז אייער נאָמען אין אַמעריקע?

— מיין נאָמען איז דוד לינדפעלד.

— און דאָס איז מיין פרוי צירל. איר האָט זי אויך דערקענט?

— נישט באַלד, ביסלעכווייז האָב איך אייך ביידע דערקענט. וואָס פאַר אַ קליינע וועלט דאָס איז — האָט דוד געזאָגט, דריקנדיק זייערע הענט — דורך אַזויפיל יאָרן דאַרפן מיר צווישן טויזנטער מענטשן זיך טרעפן אין מאָסקווע. איז וואָס מאַכט איר, סיימאָן? ;

— אָט, איר זעט דאָך. מען ווערט עלטער. די האָר ווערן גרוי. מיין צירל אָבער איז אַן אויסנאַם. זי טראָגט נאָך אַלץ דאָס כלה־פּנים... וואָלט

איר אייך געגלייבט, אַז זי איז שוין אַ באָבע פון אויסגעגעבענע אייניק־לעך?

— שווער צו גלויבן — האָט דוד געזאָגט.

צירל האָט געשמייכלט. די קנייטשלעך אין איר פּנים זענען אוודאי געווען באַהאַלטן אונטער „קאָסמעטיקעס". אַרום די ווינקלען פון אירע אויגן דינע שטריכעלעך, פּאַסיקלעך, וואָס אַ שרייבער שטעלט אַמאָל אויף נאָכצוטראַכטן...

אירע אַמאָליקע בלאָנדע צעפּ זענען איצט בראָנזיק־גרוי און פּאַר־לייגט אויפן קאָפּ ווי אַ בייגל. גערעדט האָבן זיי שרייענדיק איינער צום אַנ־דערן, אַנישט וואָלט זיי זיך נישט געהערט אין גערויש פון טויזנטער שטימען, געזאַנג און מוזיק, וואָס האָט געכוואַליעט מיטן פּאַראַד. זיי האָבן געהאַט אַ סך וואָס צו רעדן. און דער פּאַראַד האָט זיך נאָך געצויגן און געצויגן. דוד איז שוין דאָ געווען שעהן און קוים איינגעשטאַנען אויף די פּיס. געפילט, אַז ער מוז זיך ערגעץ אַוועקזעצן. סיימאָן און צירל האָבן געזאָגט, אַז זיי שטייען שוין אויך קוים איין אויף די פּיס און ווילן זיך אָפּרוען.

— אונדזער האָטעל איז נישט ווייט פון דאַנען — האָט סיימאָן גע־זאָגט — אפשר וואָלטן מיר אַריינגעגאַנגען אַוועקזעצן זיך אַביסל?

אין דער לאָבי פון האָטעל איז געווען קיל און גרוים. אַלע זענען גע־ווען אינדרויסן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, אָפּגעצויגן דעם אָטעם, גע־ווישט דעם שווייס פון די פּנימער, ווייל כאָטש אינדערפרי איז געווען כמאַרנע, איז שפּעטער געוואָרן זוניק־הייס. זיי האָבן זיך ערשט רעכט אָנ־געקוקט, דוד האָט שטאַרק באַטראַכט שימעלע — סיימאָנען...

— וויפל יאָרן, דענקט איר, איז שוין זינט מיר האָבן געאַרבעט צו־זאַמען אין דער ניו־יאָרקער שאָפּ? — האָט סיימאָן געפרעגט דודן.

— אָ, עס וועט שוין זיין, אויב איך מאַך קיין טעות נישט, אַ דריי־סיק יאָר.

— אַ קלייניקייט אַרויסצורעדן — דרייסיק יאָר! — האָט סיימאָן גע־זאָגט פאַרטראַכט און אַביסל געוויגט דעם קאָפּ.

— און איר וווינט נאָך אַלץ אין ניו־יאָרק? — האָט זיי דוד גע־פרעגט.

— יאָ, מיר וווינען נאָך אַלץ אין ברוקלין — האָט צירל געענט־פערט —נאָר צייט מיר האָבן „רעטייערט", אַרוים פון שאָפּ, חלומען מיר צו פאָרן קיין קאַליפאָרניע. און איר וווינט נאָך אויך אין ניו־יאָרק?

— איך מיט מיין פרוי און טאָכטער האָבן שוין געוווינט עטלעכע יאָר אין סאַן־פראַנציסקאָ, איצט וווינען מיר אין לאָס־אַנדזשעלעס. אין וועניס ביים ים. אונדזערע צוויי זין וווינען אין ניו־יאָרק.

— מיר ווידער האָבן צוויי טעכטער אין ניו־יאָרק מיט אַזעלכע טייע־רע, געראָטענע אייניקלעך, אַז דאָס האַרץ טוט מיר ווי בענקענדיק נאָך זיי — האָט סיימאָן געזאָגט

— איך רעד וועגן פאָרן קיין קאַליפאָרניע און לאָז אַרויס פון חשבון אונדזערע טעכטער. זיי זענען אין ניו־יאָרק איינגעוואָרצלט: איין מאַן איז אַ „לויער" און דער צווייטער איז אַ פּאַרזיכערונגס־אַגענט... מאַכן אַ שיין לעבן. אויב מיר וועלן דעם קומענדיקן ווינטער פאָרן זיך אָנוואַרעמען אין דער קאַליפאָרניער זון, וועט דאָס זיין בלויז אויף אַ פּאָר וואָכן. און אונ־דזער איינציקער זון איז שוין אַ יאָר אין קאַליפאָרניע, ער איז דאָרט אַ לערער אין אַ בוירקלי הײַ־סקול. האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן אים זען און האָבן דאָרט אַ וואַקאַציע — האָט צירל געזאָגט, אָן אַ סימן פון איר אַמאָל צעצוויגענעם, פאַרגרייזטן יידיש, ווען שימעלע האָט זיך פאַרליבט אין איר. אפנים זי לייענט גוטע יידישע ביכער. ווי די צייט און סביבה האָט זיי ביידע איבערגעפאָרמט! — האָט דוד געטראַכט.

— אייער נאָמען איז דוד לינדפעלד — האָט סיימאָן פּלוצים גע־זאָגט — אין אונדזער צייטונג שרייבט אייגער אויך אַ דוד לינדפעלד. מיר לאָזן גישט דורך זיינע דערציילונגען. צירעלע איז גאָר פאַרקאָכט אין אים. געהערט איר זיך עפּעס אָן מיט דעם שרייבער?

— איך געהער זיך שוין גאָר אָן — האָט דוד געשמייכלט אַביסל אין פאַרלעגנהייט — ס'הייסט, דאָס בין איך טאַקע.

— קומט דאָך אייך אַ טאָפּלטער שלום־עליכם!

— עליכם־שלום — האָט זיך דוד אַביסל גערויטלט, ווי אַמאָל אין זיינע יונגע יאָרן.

— אַזוי, לייענט איר אונדזער צייטונג! גוט צו הערן. זענט איר דאָך אַ פאָרגעשריטענער מענטש...

— איך דענק אַזוי... פון יענע וואַרשעווער יאָרן ביז איצט האָב איך זיך איבערגעקאָכט אין אַ סך וואַסערן... די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט מיך איבערגעפורעמט אין אַ נייעם מענטש... און מיין צירעלע האָט

גאָר געמאַכט פֿאַרשריט. זי איז איצט אַ וויכטיקע טוערין אין איר פֿרויען־אָרגאַניזאַציע.

— טרייב נישט איבער — האָט זי אים מילד אויסגערעדט און גע־קוקט אויף אים מיט פֿאַרליבטע אויגן, אַז דוד האָט אַ טראַכט געטאָן פֿון אַלטן ווייץ...

— איך טרייב שוין גאָרנישט איבער. זי איז די פּרעזידענטין פֿון זייער קלוב און שרייבט פֿון צייט צו צייט באַריכטן אין אונדזער צייטונג.

— אונטער וואָס פֿאַר אַ נאָמען? — האָט דוד געפֿרעגט.

— צירל ראָזענבערג.

— געוויס. איך האָב באַמערקט. פֿיינע באַריכטלעך, געשריבן מיט אַ גוטן ייִדיש!

— אַלץ הייסט געשריבן — זאָגט צירל, אַביסל פֿאַרשעמט...

— שרייבן באַריכטן וועגן אָפּגעטוענער אַרבעט איז אַ וויכטיקער ענין און שרייבן אַ גוטן ייִדיש איז אַוודאי אַ מדרגה.

פֿון זייער שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סיימאָן איז שוין געווען אַ ביזנעס־אַגענט אין זיין יוניאָן ביז אַ צווייטער צד איז זי באַפֿאַלן און איבערגענומען מיט געוואַלד...

מען האָט גערעדט וועגן געראָטענע קינדער, וועגן קלוגע אייניקלעך... מען האָט זיך געוויזן „סנעפּ שאטס" (קליינע פֿאָטאָגראַפֿיעס) איינער דעם אַנדערן. מען האָט אויפֿגעמישט פֿאַרשידענע פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך געטראָפֿן דורך די אַלע לאַנגע יאָרן. דורכן פֿענצטער פֿון דער „לאַבי" האָט זיך געטראָגן דער געפּרעסטער רויש און הילך פֿון די מאַרשירנדיקע. אַז מען האָט זיך שוין געהאַט אָפּגערוט, איז מען ווידער אַרויס אין גאַס, ביז מען איז ווידער מיד געוואָרן. די זון האָט מיט די לעצטע שטראַלן צע־פֿלאַקערט די קופּאָלן און צלמים פֿון די מאָסקווער קירכעס. דוד האָט זיך באַדאַרפֿן טרעפֿן מיט זיין „גרופּע" און צוריקפֿאָרן אין האָטעל אַריין, וואָס איז געווען ווייט פֿון רויטן סקווער. ער האָט זיך געזעגנט מיט סיימאָ־נען און צירלען. זיי האָבן זיך געביטן מיט אַדרעסן. צוגעזאָגט שרייבן איי־נער דעם אַנדערן.

———

פיר אַזייגער פאַרטאָג האָט דודס גרופּע באַדאָרפֿן אָפּפּליען פון מאָס־קווע קיין וואַרשע! זיין האַרץ איז געוואָרן אומרואיק — וואַרשע! זיין גע־בורטס־שטאָט, די נייע, באַפרייטע וואַרשע! און אפשר איז נאָך ווער פאַר־בליבן פון זיין און מרימס משפּחה, וואָס היטלער האָט נישט באַוויזן אומ־צוברענגען?

ביינאַכט האָט מען זיך איינגעפּאַקט. פאַרטאָג איז מען געשטאַנען פאַרשלאָפענע גרייט אין וועג אַריין.

# דאָס באַפרייטע וואַרשע

אַ פלי אויפן אַעראָפּלאַן און ער איז מיט זיין גרופּע אין וואַרשע. מיט אַ ציטער אין האַרץ שטעלט ער די ערשטע טריט אויף דער מיט בלוט־דורכגעווייקטער ערד, וו עס רוען די בייגער פון זיין מוטער און פאָ־טער, וואָס זענען אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויף דער זעלבער ערד זענען אויך אומגעקומען זיין, און זיין ווייבס משפחה, חברים, פריינד, זעקס מיליאָן יידן, וועלכע היטלער האָט אומגעבראַכט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָ, אין וואַרשע, איז געשטאַנען זיין וויגל און דאָ איז ער געזעסן אין די צאַרישע טורמעס. ער געדענקט נאָך, ווי ער האָט זיך אין די אומרואיקע, שלאָפלאָזע נעכט, איינגעהערט צו דער טיר פון טורמע־קאַמער, צי דער שלאָס דרייט זיך נישט איבער און מען קומט אים צושטעלן צו דער וואַנט. איצט האָט ער דערלעבט צו זיין אין דער באַפרייטער וואַרשע, נאָר בלויז אויף עטלעכע טעג נאָך אַזויפיל יאָרן — נישט מער ווי עטלעכע טעג אין זיין וואַרשע! עקאָנאָמיע: ער איז גע־בונדן מיט אַ גרופּע. וויל ער אַלץ שנעל, שנעל אַריינכאַפּן. ער פאַררייסט דעם קאָפּ צו די נייע, יומטובדיקע הייזער, שפּאַנט אַ צעפלאַטערטער אי־בער ברייטע גאַסן, וואָס דערמאָנען פאַריזער בולוואַרן. דאָ און דאָרט שטאַרט נאָך אַרויס היטלערס קאָפּ פון אַן איינגעזונקען הויז, פון אַ בערגל ברוכוואַרג, פון ווייסן קאַלך־שטויב, פאַר אַן אָנדענק...

מען רעגיסטרירט די גרופּע אין נייעם גראַנד־האָטעל. אַרומגעוואַשן זיך, אַביסל זיך אָפּגעפרישט, לאָזט ער זיך אַרויס איבער די גאַסן. מיט גרוים מי זוכט ער אָפּ ס'אָרט, וו עס זאָל אַמאָל האָבן געווען די דזשעלנע 79... איצט — אַ שטויביקער מדבר.

ער פאָרט אין אַ טאַקסי צו זיין מוטערס קבר אויפן יידישן בית עולם. דער פאָטער, ווייסט ער, ליגט דאָרט נישט. ער איז אומגעקומען, לויט זיין שוועסטער האָט אים געשריבן, אויפן וועג צווישן וואַרשע און

ראַדאָם, זיין געבורטס־שטאָט. דוד זוכט דעם אויפזעער, קלאַפּט אָן אין אַ טיר פון אַ הייזל. ס'קומט אַרויס אַן אַלטע קריסטין.

— ווער קאָן מיר דאָ העלפן אויפזוכן דעם קבר פון מיין מוטער?

— אַ סך קברים זענען צעשטערט, אָפּגעווישט געוואָרן — שאָקלט זי באַדויערנדיק מיטן אַלטן, גרויען קאָפּ — היטלער האָט אַלץ חרוב גע־מאַכט.

דוד בלאָנדזשעט אַרום מיט עטלעכע פריינד פון דער גרופּע צווישן איינגעבויגענע, איינגעפאַלענע מצבות. דאָ ערגעץ רוען די ביינער פון זיין מוטער, וואָס האָט געקעמפט קעגן צאַר און געהאָפט צו דערלעבן אַ פרייע רעפּובליק, דאָ ערגעץ ליגט זי (ער הערט זי רופט אים: דודל! קום אַריין עסן! געגוג זיך געשפּילט מיט די ייִנגלעך!״ ער הערט זי זינגען אַל־טע ייִדישע פאָלקס־לידער, רעוואָלוציאָנערע לידער, הערט זי נאָכדערציילן, במעט איבערשפּילן, שטיקלעך פון ייִדישן טעאַטער. ער זעט זיין פאָטער יצחקן שטיין אין פראָנט פון סאָדע־געוועלבל רעדן צו אַ בינטל ייִדן, אויפ־קלערן, אַגיטירן, פירן דיסקוסיעס וועגן רעליגיע און אַנדערע וועלט־זאַכן). די קריסטלעכע פרוי האָט געזאָגט, אַז זי איז די אויפזעערין פון בית עולם. איר מאַן איז דער באַגראָבער. קיין סך אַרבעט איז נישטאָ, בלויז עטלעכע לוויות אַ חודש... דאָס איז געבליבן פון דער גרויסער ייִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. עס דאַכט זיך אים, אַז די טויטע דערציילן אים פון גרויסן חורבן. ער גייט אַרום מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און פייכטע אויגן — און די זון שיינט דווקא אַזוי העל, בליצט מיט מיליאָנען ברי־ליאַנטן. נאָר ער וויל זי נישט זען. ער וויל אין הימל אַריין נישט קוקן...

ער בלייבט שטיין מיט אַ ציטער פאַרן קבר פון יצחק לייבוש פּרץ, דינעזאָן און אַנסקי. ער זעט פּרצן שפּאַנען אין דער „ליטעראַצקאַ“ אַלעע מיט צעלויכטענע אויגן, צעפלאַטערטער פעלערינע. פאַרערער, מערסטנס יונגטלעכע, גייען אים נאָך מיט דרך ארץ, שושקען זיך, נעמען נישט אַראָפּ די בליקן פון אים, שפּיצן אָן די אויערן, ווילן אויפכאַפּן זיינס אַ וואָרט. — אָט איז אסתר רחל קאַמינסקאַס קבר: ער דערזעט זי אין אירע גרוי־סע ראָלן, דערהערט איר כישופדיקע, מעלאָדישע שטים. און אָט איז דער קבר פון פּאָעט משה בראָדערזאָן — קברים, קברים, קברים...

געקומען צוריק אין האָטעל צום אָוונטמאָלצייט, האָט זיך דער ביסן געשטעלט ביי אים אין האַלדז און געוואָרגן.

צומאָרגנס קוקט ער אַרויס דורכן פענצטער פון „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט“ אויף די נייע, ברייטע, רווישיקע גאַסן. ער פרעגט — אין וועלכער זייט זענען געווען די נאַלעווקעס, סמאָטשע, דזשיקע?

מען ווייזט אים אָן אויף פאַרשידענע זייטן... נאָר דאָס זענען שוין נישט מער די אַמאָליקע גאַסן, יענע זענען אַריין אין דער ערד צוזאַמען מיט זייגע ליבסטע און נאָענטסטע, וואָס זענען אומגעקומען אין די בונקערס. אויף דעם אָרט — נייע הייזער, אַ נייע שטאָט, אַ ניי וואַרשע.

ער גייט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס — נייע מענטשן, אַ נייער דור. די גאַס איז אַמאָל געווען די רייכסטע אין שטאָט. עס שפּאַצירן אַרבעטער אין איינפאַכע קליידער. נישטאָ מער די דאַמען מיט בריליאַנטן און הערן מיט צילינדערס. אין געוועזענע צירונג־געשעפטן פאַרקויפט מען ביכער, זשורנאַלן, צייטונגען. אויף דער צווייטער זייט גאַס — דער הויכער, אימפּאָזאַנטער „פּאַלאַץ פון קולטור“. אַ מתנה פון סאָוויעטנפאַרבאַנד. דוד גייט אַרויף אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ, וואָס פירן אַהין. אַ לאַבירינט פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען, ווו עס קומען פאָר פאַרשידענע לעקציעס, וויסנשאַפטלעכע קורסן, מען מאָלט, מען שטודירט טעאַטערקונסט — אַ וועלט מיט קולטור. ער קומט אַרויס אַן אויפגעהייטערטער, אַ דערהויבענער. שפּאַצירט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס נאָך אַן איבעררייס פון 45 יאָר, ווען ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל געטראָפן מרימען. זי שטייט אים איצט פאַר די אויגן ווי זי האָט דעמלט אויסגעזען. איצט קלייבן זיי זיך צו פייערן די גאָלדענע התונה — יאָרן, יאָרן, יאָרן...

נאָך דעם ווי ער האָט אַזויפיל געבענקט צו זען „זיין“ וואַרשע, קאָן ער דאָ נישט פאַרבלייבן מער ווי עטלעכע טעג און מוז שוין אַוועקפאָרן — בלייבן, הייסט אָפּרייסן זיך פון דער „גרופּע“, פאַרענדיקן די רייזע אַליין, וואָס וואָלט באַדאַרפט קאָסטן אַ צוויי הונדערט דאָלאַר, אָדער מער, און ער האָט נישט קיין איבעריקע דאָלאַרן. נישט אַלע אין אַמעריקע זענען רייך.

דער אָנפירער פון זייער גרופּע, וואָס פאָרט צוזאַמען מיט זיין פרוי, האָט געבאָרגט געלט צו קאָנען מאַכן די רייזע. אַז ער וועט צוריקקומען קיין לאָס אַנדזשעלעס, וועט ער דאָס דאַרפן אויסצאָלן דורך דער באַנק מיט פּראָצענט.

דוד טראַכט וועגן דעם בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון מירמן, געשריבן מיט אַ ציטערדיקער האַנטשריפט, וואָס באַאומרואיקט אים

שטאַרק. ער לייענט אַרויס פֿון די שורות, אַז זי איז קראַנק, אפשר ערנסט קראַנק, כאָטש זי פּרוּווט דאָס באַהאַלטן פֿון אים — ער מוז שניידן די רייזע, ער מוז שוין פֿאַרלאָזן וואַרשע. ער פֿילט ווי דער מזל רייצט זיך מיט אים: „געכאַפּט אַ קוק און אַנטלויף!“ ער האָט אפילו קיין פֿאָרשטעלונג אין אידאַ קאַמינסקאַס טעאַטער ניט געזען. געקומען אין אַ צייט, ווען זי איז מיט דער טרופּע אויף אַ טורנע און ער האָט אַזויפֿיל געהאַפּט צו זען דאָס יידישע קונסט־טעאַטער אין וואַרשע, וואָס איז ווי דורך אַ נס אַרויסגעוואַקסן פֿון היטלערס גהינום און איז איצט באַרימט איבער דער וועלט. ער וועט ניט זען שפּילן די הויך־טאַלאַנטירטע טאָכטער פֿון אסתר־רחל קאַמינסקאַ, וואָס ער האָט זעלטן דורכגעלאָזט אירע אַ פֿאָרשטעלונג אין וואַרשע, ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן. ער אַליין האָט זיך דעמלט באַטייליקט אין יידישע דראַמקרייזן און געחלומט צו ווערן אַ יידישער אַקטיאָר.

איין מאָל בלויז געווען אויף נאָוואָגראָדזקע 5, ווו אַ גרופּע יידישע שרייבער האָט אים פֿריינדלעך אויפֿגענומען. נאָוואָגראָדזקע 5 איז אַ פּעסטונג פֿון יידישער קולטור. דאָרט געפֿינען זיך די רעדאַקציעס פֿון דער טעגלעכער יידישער צייטונג „פֿאָלקס־שטימע“, פֿון איינעם פֿון די בעסטע יידישע חודש־זשורנאַלן „יידישע שריפֿטן“ און דער פֿאַרלאַג „יידיש בוך“. דאָרט איז דער צענטער, וואָס פֿירט אָן מיטן יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן.

ער איז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט צו זען די פֿאַרשידענע יידישע דראַמקרייזן, כאָרן, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, באַקענען זיך נעענטער מיטן יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט — ס'האָט זיך דאָך אין פּוילן צעבליט אַזאַ פֿיינע יידישע פּראָגרעסיווע קולטור. נאָר די ציטערדיק־קראַנקע האַנטשריפֿט פֿון מרימען רופֿט אים צוריק אַהיים. און ווען ער וויל אפילו בלייבן דאָ אַ לענגערע צייט, קאָן ער ניט צוליב זיינע פֿינאַנסן. ס'איז אים זייער פֿיינלעך צו פֿאַרלאָזן וואַרשע, ווו ס'ווערט פֿאַרווירקלעכט דער חלום פֿון דורות אַרבעטער.

זיין גרופּע פּאַקט זיך שוין.

— דוד! וואָס שטייט איר ווי די שיפֿן אויפֿן ים וואָלטן אייך אונטערגעגאַנגען? פּאַקט איין אייערע זאַכן. מיר פֿליען באַלד אָפּ!

# אַ בליק אויף ישראל

אַ רייזע מיט אַ טוריסטן־גרופּע גייט צו שנעל, אַ פלי מיטן אַעראָפּלאַן און מען איז אין ישראל! דוד איז מיט אַ דערהויבן געפיל אַריין אין יידישן אַעראָפּלאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער, שיינער זאַל מיט געבעטע ווייכע שטולן און מיט אַלע לעצטע מאָדערנע איינריכטונגען, ווי אין די בעסטע אַעראָפּלאַנען. די „סטיוואַרדעסעסע" (באַדינערינס) — יידישע מיידלעך געבוירן אין ישראל, טונקל־אויגיקע, שוואַרצהנווּדיקע, שלאַנק־בויגיקע, טאַנצנדיק־שוועבנדיקע „סאַברעס" האָבן שנעל באַדינט — פלאַם־פייער! דער יידישער „אָדלער" פליט הויך איבער די וואָלקנס, וועלכע זעען אויס, אַז מען קוקט אַראָפּ אויף זיי, באַלויכטענע פון ד'ער זון, ווי אַ ים מיט שוימיקע, זילבערנע כוואַליעס. די שפּייזן, וואָס מען סערווירט, זענען ערשט־קלאַסיק. דאָס זילבער פינקלט, די טעלער בלאַנקען. יידן פליען דורכן הימל קיין ארץ ישראל, נישט וואַרטנדיק אויף נאָכן טויט צו קייקלען זיך אַהין אונטער דער ערד. די סאַברע־מיידלעך אַרבעטן שנעל, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַריבעריאָגן אין טעמפּאָ אַמעריקע. ביים צוגרייטן די טאַצן מיט שפּייז, גייען זיי נישט — נאָר לויפן. פאַרבייפליענדיק, האָט אַ מיידל אַ קלאַפּ געטאָן אין דודס האַנט און פאַרגאָסן אַביסל זופּ. מילא, ס'קאָן זיך טרעפן. זי לויפט אָבער ווידער פאַרביי און האַקט אים שיר נישט אַראָפּ די טאַץ.

— מיידל! זיי פאָרזיכטיק — שרייט איר נאָך דוד מיט אַ געפּלעפטן שמייכל.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום שלאָגט זי אים שיעור נישט אַרויס פון דער האַנט דאָס טעפל קאַווע.

— מיידל! — ווערט שוין דוד אַביסל אויפגעבראַכט — פאַרוואָס פליסטו ווי אַ שד?! האָסט דאָך מיך אָפּגעבריט!

זי אַנטשולדיקט זיך גישט. טוט נאָר אַ בילץ מיט די שניי־ווייסע ציינדלעך און אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל מיט די מיסטיש, אָריענטאַ־לישע אויגן.

— מיידל, כ'וועל דיך פאַרקלאָגן פאַרן קאַפּיטאַן!

טוט זי קאָקעטיש אַ דריי מיטן קאָפּ, אַ טרייסל מיט די שוואַרצע לאָקן, וואָס באַמבלען זיך אויף אירע אַקסלען ווי כשרע, יידישע פּאות — און טוט זיך דאָס איריקע.

ווער ווייסט? טראַכט דוד מיט אַ שמייכל, ס'קאָן גאָר זיין, אַז זי פירט גאָר אַ ליבע מיטן פּילאָט־קאַפּיטאַן פון אַעראָפּלאַן און לאַכט זיך אוים פון זיין סטראַשונגעק! נו, אַזאַ „שטעכיק געוויקס"! מען זאָגט אָבער, אַז אינעווייניק איז די דאָזיקע שטעכיקע פּרי — זיס...

נאָכן גוטן מאָלצייט, דערלאַנגט דורך אונדזערע שיינע ישראל־מייד־לעך, שליסן זיך דודן די אויגן און ער פאַלט אַריין אין אַ דרימל. ער ווערט לייכט און לייכטער, ביז ער הייבט אָן פליען ווי אַ פויגל, הויך, הויך, אין טיפן הימל אַריין, ביז ער דערהערט דאָס געזאַנג פון מלאכים, ביז אַ שכן טאָרעט אים — מען הייסט פאַרפעסטיקן די גאַרטלען, ס'איז די לעצטע סטאַנציע — תל־אביב!

דוד שטעלט די ערשטע טריט אויף דער יידישער ערד: פאַרשידענע פּנימער, פאַרשידענע פעלקער, פאַרשידענע שפּראַכן, נאָר דער הויפּט־טאָן פון „אָרקעסטער" איז יידיש. דער אויטאָבוס פירט זיי צו אַ האָטעל. אָפּגעפרישט זיך אַביסל, אָפּגערוט, און אַראָפּ אין גאַס. עס גייען יידן מיט שיינע בכבודיקע בערד, לאַנגע פּאות, ברייטע למדנישע שטערנס, שוואַר־צע קאַפּעלושן, שטעלן שבת־יומטובדיקע טריט. יונגע יידן איילן פאַרביי. איינציקע אַראַבער, וועלכע ער טרעפט אָן, איילן נישט, דערמאָנען די לאַנג־זאַמע טריט פון אַ קעמל אין מדבר. די ארץ־ישראל־ערד, אויף וועלכער ער טרעט דאָס ערשטע מאָל, דערמאָנט אים אין זיינע יינגלערישע יאָרן, ווען דער רבי האָט מיט אים געלערנט חומש. עס דערמאָנט אים אויך אין זיין זיידן, מיט דער ווייסער באָרד, וואָס האָט געוווינט אין ראַדאָם און געשריבן ספרים. ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע, האָט ער דודן גע־געבן אַ קניפּ אין בעקל און געפרעגט וואָס ער לערנט... דוד האָט דעמלט געטראָגן אַ סטודענטסקע היטל און געחלומט צו גיין אין דער פּוילישער גימנאַזיע.

אין די הויפּט־גאַסן פון תל־אביב זענען צעשטעלט דיקע קיילעכדיקע קיאָסקן באַקלעפּט מיט יידישע אַפישן, וואָס טוט אים אַ וואַרעם דאָס

האַרץ. כאָטש יידישע אותיות, אָבער העברעיש, וואָס אים איז שווערלעך איבערצולייענען. זעלטן אַז ער טרעפט אָן אויף אַן אפיש אין מאַמע=לשון. דער הימל אין ישראל איז זייער בלוי, בלויער ווי אומעטום... די זון, דאַכט זיך אים, וואַרעמט מיט אַ מין מדבר=היץ. ער גייט אַרום מיט פריינד באַקוקן די שטאָט. זיי קומען צו די „הונדערט טויערן“, וווּ עס וווינען די עקסטרעם=רעליגיעזע יידן. זיי זענען קעגן דער אייגענער, יידישער רעגירונג.

ביים אַרייַנגאַנג אין אַ חדר הענגט אַן אויפשריפט: „פרויען, וואָס טראָגן בלוזקעס מיט קורצע אַרבל, נישט דערלויבט אַרייַנצוקומען“. אַ טונקעלער קאָרידאָר. דוד עפנט אַ טיר. ס'טוען אַ רויש אין זיינע אויערן די שטימען פון אַ דרייסיק קליינע יינגלעך, בלייכע פּנימלעך, גלאַנציקע אייגעלעך. די קליינע, פרומע יידעלעך שאָקלען זיך האַסטיק איבער ספרים אַזוי ווי גרויסע. לערנען הויך מיט אַ ניגון, מיט אַ שאַרפער באַטאָנונג. די פּאַהלעד, וואָס דערלאַנגען ביז צו די אַקסלען, טרייסלען זיך, זיי מאַכן דערביי מיט די הענט, פאַרטייטשנדיק וואָס זיי לערנען. דוד באַטראַכט זיי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. פּלוצעם דערזעען זיי אים, שטעלן זיך אויף און הייבן אָן שרייען—„אַרויס דו גוי אָן אַ היטל! געגאָלטע מאָרדע!“ זיי הייבן אָן סטראַשען מיט די פויסטלעך, קאָפּען מיט די פיס אין דער לופט, „אַרויס, שמדניק! אפיקורס!“ שרייען זיי מיט פאַרקרימטע פּנימער און צעצונדענע אויגן. ביילן די פויסטלעך און דערנעענטערן זיך צו אים! דוד, וואָס איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, טוט זיך כלומרשט אַ לאָז אויף זיי מיט אַן אָנשטעל פון אַ גזלן! בלויז איין טריט האָט ער געמאַכט, און זיי צעלויפן זיך, באַהאַלטן זיך אונטערן טיש, אונטער די בענק, פאַרשטעקן זיך אין די ווינקלען, אַז עס פאַרדריסט אים שוין, וואָס ער האָט זיי איבערגעשראָקן. און פאַרוואָס איז ער אַריין אין אַ חדר אָן אַ היטל? ס'איז אים אָבער גאָרנישט אייַנגעפאַלן, אַז זיין קאָפּ איז אַנטבלויזט, בפרט נאָך אין אַזאַ הייסן טאָג. ס'איז שוין אַזויפיל יאָרן ווי ער טראָגט נישט קיין היטל. אין קאָרידאָר קומט אים אַנטקעגן אַ יונגער מלמד מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט. אַ קליין בערדל, ס'פּנים בלאַס=גרינלעך. זיינע אויגן צאָרענען אויפן „גוי“, וואָס האָט זיך אַרייַנגעריסן אין חדר אָן אַ היטל. זיינע דינע, צונויפגעפּרעסטע ליפּן מאַכן אַ מעסער=שניט פון זיין מויל. ער זאָגט גאָרנישט, נאָר זיינע לאַנגע פּאות ציטערן, זיינע אויגן ברענען. אַ פרוי, וואָס איז מיטגעקומען מיט דודן און טראָגט אַ בלוזקע איינגאַנצן אָן

אַרבל, שטויסט זיך כמעט אָן אויפן יונגן רבין. ער אַנטלויפט ווי פון פייער.

שפּעטער, אין גאַס, טרעפט ער אָן אַ גרופּע יינגלעך. ער שטעלט זיך אָפּ רעדן מיט זיי. פרעגט איינעם:

— וואָס טוסטו, יינגל?

— איך לערן.

— זייער שיין. און אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וואָלסטו געוואָלט זיין אַן אַרבעטער, העלפן בויען דאָס לאַנד?

— זאָלן אַנדערע אַרבעטן.

— וואָלסטו געוואָלט זיין אַ סאָלדאַט און פאַרטיידיקן דאָס לאַנד?

— ניין.

— וואָס דען וואָלסטו געוואָלט זיין?

— אַ לערנער... איך וועל זיצן טאָג און נאַכט און לערנען — זאָגט ער מיט אַ ניגון און שאָקלט זיך צו — וועט מען מיר געבן געלט, וועט מיר זיין גוט. און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועל איך גיין גלייך אין גן עדן אַריין — ווייזט ער אָן מיט דער האַנט אויפן הימל — און דו וועסט גיין אין גיהנום אַריין!

— פאַרוואָס קומט מיר דער גיהנום?

— ווייל דו ביסט אַן אפּיקורס! גאָלסט זיך די מאָרדע, טראָגסט נישט קיין היטל, וועט מען דיך אויף יענער וועלט ברענען און בראָטן, מען וועט דיך הענגען ביי די פּיס, מען וועט דיך אַריינוואַרפן אין קאָכע־דיקע קעסלען סמאָלע, מען וועט — —

די יינגלעך אַרום אים שאָקלען זיך צו צו זיינע רייד. אין זייערע אויגן שפּיגלט זיך שוין אָפּ דער גיהנום...

דוד בלייבט שטיין אַ געפּלעפטער. און אַז ער גייט אַוועק, שיקן זיי אים נאָך פּויסטן און קללות.

— נו, האָט איר דאָס באַדאָרפט? קיבעצט אים איינער פון דער גרופּע טוריסטן — רק איר זוכט זיך צרות...

דוד שמייכלט.

זיי קומען אַריין אין אַ שמאָלער גאַס. ווען אַ וואָגן פאָרט דורך מוזן זיך די פאַרבייגייער שטעלן ביי דער וואַנט. קליינע, לעבער־קרעמלעך, כאַ־לופקעס מיט אָפענע טירן, פון וואַנען ס'גייט אַרויס אַ רויך. קינדערלעך זיצן אַרום די מאַמעס אויף צעבראָכענע שוועלן. דוד קוקט אַריין אין אַזאַ „ווינונג". שאַטנס באַוועגן זיך דאָרט. ער גייט פאַרביי אַ יאַטקע.

אויפן טיש ליגן טעלעבע טונקעלע שטיקלעך פלייש. אַ גערגעלע, טעלעבע נישט אָפּגעפּליקטע פליגל. די פליגן רויען אַרום דעם אי׳ן דער היץ.

ס׳קומען אים אַנטקעגן צוויי פרויען. די גרויסע שייטלען זענען אַראָפּ־געהאָנגען אויף די שטערנס. מען זעט קוים אַרויס זייערע פּנימער. זיי קומען צו נעענטער. דוד באַמערקט, אַז איינע איז אַ בלאָנדע שיינהייט. אין האָליוווד וואָלט מען אַזעלכע פאַרצוקערט... זיי לאָזן אַראָפּ די אויגן און ווילן שנעל פאַרבייגיין... ער נעמט זיך אָן מיט מוט, ריזיקירט און פרעגט ביי דער שיינהייט:

— איר זענט יידישע פרויען?

— אוודאי יידישע — ענטפערט זי מיט אַ ניגון.

— מעג איך אייך פרעגן, ווי לעבט זיך ביי אייך אין ישראל?

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען. זי זענען אַן אַמעריקאַנער? — פרעגט זי, און אָננעמענדיק זיך מיט מוט, שאַרט זי אַרונטער טעלעבע גאָלדענע הערעלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון שייטל...

— פון וואַנען ווייסן זי, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער?

— די אַמעריקאַנער דערקענט מען — זאָגט זי פאַרשעמט.

— פון וואָס ציט מען פרנסה? — פרעגט זי דוד.

— מיין מאַן איז אַ מלמד (דוד זעט דעם יונגן רבין מיטן קליינעם בערדל אין קאָרידאָר).

— איר זענט זייער אַ שיינע פרוי — טוט זיך פּלוצים אַ גליטש אַראָפּ ביי אים פון דער צונג.

זי ווערט רויט און לאָזט זיך אַוועק מיט האַסטיקע טריט...

אַרויס פון די „הונדערט טויערן“, אָטעמט ער אָפּ, שפּאַצירט אין נייע, יידישע גאַסן. עס לאָקן דאָס אויג שיינע שוי־פענצטער פון געשעפטן, ס׳רוישט פרייליך דער גרויסשטאָטישער פאַרקער פון אויטאָמאָבילן און אויטאָבוסן אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן. ער גייט פאַרביי אַ רעסטאָ־ראַן. די טישלעך זענען אַרויסגעשטעלט אינדרויסן אונטערן זוניקן הימל, ווי אין פּאַריז. עס קומען אים אַנטקעגן שיינע מענער און שיינע אויסגע־פּוצטע פרויען, געקליידט לויט דער לעצטער מאָדע — און אָט רייט אַן אַלטער אַראַבער אויף אַן אייזעלע.

**ער כאַפּט זיך צו** דורשטיק צום פרישן קוואַל פון נייעם לעבן אין ישראל. ער מוז אָבער באַלד פאַרלאָזן דאָס לאַנד און נאָך באַזוכן מיט דער גרופּע לאָנדאָן און רוים. אין האָטעל וואַרט אויף אים אַ בריוו: מרים איז קראַנק. ער רייסט איבער דעם טור און פליט מיטן ערשטן אַעראָפּלאַן **אַהיים.**

# אַ ביסעלע וואַרעמקייט

(דערציילונג)

הונגעריקע, דורכגעפרוווירענע אַרבעטסלאָזע האָבן מאַרשירט פאַרן „סיטי־האָל“ מיט זייערע ווייבער און קינדער, טראָגנדיק פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „גיט אונדז אַרבעט אָדער שפּייז“. הונדערטער פּיס האָבן געמאַכט טונקעלע צייכנס אין שניי; די גרעסטע צאָל מיט צעריסענע שיך. פראָסטיקע ווינטן האָבן זיך צוגעכאַפּט דורך די דינע, אויסגעריבענע קליידער צו זייערע ציטערדיקע לייבער, און ווי ווילדע הינט געריסן און געביסן שטיקער פון זיי.

מאָריס, אַ קרעפּטיקער מאַן פון אַ יאָר דרייסיק, האָט געשפּאַנט צווישן די אַנדערע מיט אַ פּלאַקאַט אין דער האַנט און פאַרזאָרגט געטראַכט פון זיין ווייב גאָסי מיט די קינדער, וואָס זענען געבליבן הונגעריקע אין קאַלטן הויז. פאַרן אַרויסגיין האָט ער געקלאַפּט אין די „רעדיעטאָרס“ אַריין, וואָס זענען געווען טויט; נישט אַרויסגעגעבן קיין „סטים“ צו באַוואַרעמען דאָס הויז. דאָס טרעפט אין די ביטערע קעלטן גאַנץ אָפט. דער „דזשעניטאָר“ גיט אָן עפּעס אַן אויסרייד, און צום „לענדלאָרד“ (הויזווירט) קאָן מען נישט רעדן. ווינטער פאַרברענגט ער אין פלאָרידאַ.

די דעמאָנסטראַנטן שניידן זיך מיט געבויגענע קעפּ אין שאַרפן ווינט אַריין, טופּען מיט די פּיס אין שניי זיך צו דערוואַרעמען. עס גייען אויך קינדער מיט פּלאַקאַטן און עלטערע מענטשן, וואָס נעמען זיך אָן פאַר זייערע קינדער און אייניקלעך. „ווי שנעל ער האָט זיך דאָס אַראָפּגעקייקלט צו די סאַמע אָרעמסטע“ — טראַכט מאָריס. „ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען דאָך פאַרצוקערט זיינע מוסקוליעזע, האַרטע הענט. ווען אַן אַרבעטס־געבער האָט דערזען זיינע פּלייצעס, זיין אַרויסגעשטאַרצטן ברוסטקאַסטן, האָט זיך באַלד אַ שמייכל פאַרשפּרייט אויף

זיין פּנים. אין דער אייזן־פֿאַבריק, ווו ער האָט לעצטנס געאַרבעט מיט נאָך עטלעכע יידישע אַרבעטער צווישן קריסטן, האָט דאָך אים דער פֿאָרמאַן געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, געווען צופֿרידן פֿון אים, און ער האָט געמאַכט אַ לעבן פֿאַר זיין פֿרוי און קינדער — ביז ס'איז אַריינגעקומען די מאַשין. אַז ער האָט זי ס'ערשטע מאָל דערזען, איז אים עפּעס באַלד נישט היימלעך געוואָרן, „דאָס איז אַ שד! היינט וואָס פֿאַר אַ גבורה און וואָס פֿאַר אַ שכל דער נייער אייזערנער און שטאָלענער אַרבעטער באַזיצט!“ מאָריס האָט דערפֿילט, אַז די מאַשין מאַכט אים פֿאַר אַ שוואַכלינג, אַ פֿליג. דאַכט זיך, אַ טויטע זאַך? און „דאָס“ האָט „געהירן“, „דאָס“ וועט קיינמאָל קיין טעות נישט מאַכן. אַזאַ מאָנסטער קאָן חרוב מאַכן אַ וועלט!...

ס'האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג, און מ'האָט אָנגעהויבן אָפּזאָגן אַרבעטער. ער איז געווען צווישן די לעצטע פֿון זיין אָפּטייל אָפּגעזאָגט צו ווערן. אַ קליינע צאָל הענט איז פֿאַרבליבן. די מאַשינען פֿאַרפֿלייצן דאָס לאַנד מיט פּראָדוקציע. איצט דאַרף מען נישט זיינע מוסקולן; איצט דאַרף מען אינזשיניערן, מאַטעמאַטיקער, מענטשן מיט בילדונג, מיט „ברעינס“. ווער האָט אים געזאָלט געבן בילדונג? זיינע עלטערן זענען געווען ביטערע אָרעמעלייט. ער איז אַ שטיקל צייט געגאַנגען אין אַ „היברו“, און זיך אויסגעצייכנט אַלס „באָל“־שפּילער. און כאָטש ער קומט אַרויס פֿון אַן אָרעם הויז, איז ער געווען אַ שטאַרקער בחור. זיין טאַטע, וואָס איז אויך געווען אַ קרעפּקער ייד, האָט געזאָגט, אַז מאָריס האָט געירשנט דעם כוח נאָך פֿון זיידן, וואָס איז אין דער אַלטער היים געווען אַ שמיד. און דערצויגן האָט ער זיך מערסטנס אין גאַס, באַלאַנגט צו „גענגס“, ווו מען האָט געציטערט פֿאַר זיינם אַ קלאַפּ. אייניקע חברים זיינע פֿון יענע יאָרן זענען געוואָרן גענגסטערס — נישט ער. ער איז אויסגעוואָקסן אַן אָרנטלעכער מענטש. און דער „קרעדיט“ קומט אים אַליין... האָט זיך פֿאַרליבט אין שענסטן מיידל פֿון „בלאָק“, אויך אַ יידישע. אָ, ער איז אַ ייד. וועט זיך שלאָגן ביז בלוט פֿאַר יידן, כאָטש ער איז פֿאַרגרעבט אין די קליינע פּינטעלעך. אַז ער כאַפּט אַמאָל אַ קוק אין אַ סידור, ווערט אים די צונג שווער, נישט באַוועגלעך. גאָסי, זיין איצטיק ווייב, האָט אַ יידישן חן... זיי האָבן חתונה געהאַט ביי אַ ראַבאַי. געשטאַנען אונטער אַ חופּה און נאָכגעזאָגט וואָרט־ביי־וואָרט, בעת ער האָט איר אָנגעטאָן ס'רינגל. איצט האָבן זיי פֿינף קינדער, דריי מיידלעך און צוויי יינגלעך, איינס איז שענער פֿון אַנדערן און גערוקט בלויז מיט איין יאָר. וואָלט

דאָך אַלץ גוט געווען, איז אַרייננעקומען די מאַשין און צוגענומען זיין ברויט.

דער פראָסט שאַרפט זיך, שניידט זיך אַריין אין פלייש פון פנים, פון די הענט. אין טונקעלן הימל פלאַנטערן זיך גרויע וואָלקנס, ווי שטי־קער אייז אין אַ טונקעלן טייך. די הענט ווערן אים צעצונדן פון טראָגן אין דער בייסיקער קעלט דעם פלאַקאַט. ס'ווערט טונקל, פאַרנאַכטיק, כאָטש ס'איז נאָך אינמיטן טאָג. די ליכט, וואָס ברענען אין די קראָ־מען, שפיגלען זיך אָפּ אין צעטראָטענעם, קויטיקן שניי, ווי רויטע, צאָרנ־דיקע אויגן.

— באַדאַרפט זיך כאָטש קויפן וואַרעמע הענטשקעס — זאָגט איי־נער, וואָס גייט לעבן אים, איבערלייגנדיק דעם פלאַקאַט פון איין האַנט אין דער צווייטער.

— אַז מען ווייסט נישט, וואָס פריער צו קויפן — ענטפערט אים מאָרים.

— אמת — זאָגט יענער — מיינע קינדער גייען נישט אין סקול, ווייל זיי האָבן נישט קיין שיך, אָפּגערעדט שוין פון אַנדערע זאַכן. מיין טעכטערל האָט זיך מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פאַרקילט אין קאַלטן „פלעט“, געקריגן אַ לונגען־אָנצינדונג און געשטאָרבן—פאַרענדיקט ער מיט אַ פאַר־שטיקטן קול.

— ס'טוט מיר לייד דאָס צו הערן, מיין פריינד. איך קאָן פילן אייער צער. איך האָב אויך קינדער, זאָלן געזונט זיין, און מיין האַרץ ציטערט איבער זיי.

— ס'איז שלעכט — זאָגט דער שכן — נאָר איך האָב געהערט אַ רעדנער, האָט ער, זאָג איך אייך, געעפנט די אויגן, געוויזן אַז אויס־ווענ... און קלאָר געמאַכט מיט ציפערן, אַז אין אַזאַ רייך לאַנד, ווי אַמע־ריקע, איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אָרעמקייט. און וועגן די מאַשינען, וואָס וואַרפן איצט מענטשן פון דער אַרבעט, האָט ער באַוויזן, אַז אויטאָמאַ־טיזאַציע קאָן גאָר זיין אַ ברכה פאַרן פאָלק.

— ס'איז גוט צו הערן אַזעלכע רייד — האָט מאָרים געזאָגט, און געהאַט דאָס געפיל פון איינעם, וואָס טרינקט זיך און ס'באַווייזט זיך עפּעס, אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן.

די אויפרופן „אַרבעט אָדער שפייז“ זענען געוואָרן אָפטער, דרינגענ־דיקער. פון אַ סך מיילער זענען זיי אַרויסגעקומען אַרויסרופנדיק, צאָרנ־דיק. אַ דעלעגאַציע פון די דעמאָנסטראַנטן האָט זיך געלאָזט צום אַריינ־

גאַנג פון „סיטי=האָל“. פלוצעם זענען מיט אַ ליאַרעם און בריאַזג אָנגעפאָרן פאָליציי=לייט אויף מאָטאָציקלען, ווי פייערלעשער, וואָס איילן צו לעשן אַ שׂרפה, און אָנגעהויבן שטרענג פאַראָרדענען, מען זאָל גיין אין אַ גלייכער ליניע.

פאַרבייגייער האָבן זיך אָפגעשטעלט און געשאָקלט מיט די קעפ. די מאַרשירנדיקע, דורכגעפרווירענע, האָבן שוין אָנגעהויבן מיד ווערן פון שלעפן די פיס. געבענקט אַהיים, ווו זיי וועלן זיין פאַרשטעלט פון דער אָפענער קעלט און פון ווילד=צעהוליעטן ווינט, וואָס שיט שטעכנדיקן שניי אין די אויגן אַריין, אין האַלדז אַריין, ווו ער קאָן זיך נאָר דערקלייבן. ביסלעכווייז זענען די רייען געוואָרן שיטערער. די דעמאָנסטראַציע האָט זיך אויפגעלעזט.

אויפן וועג אַהיים איז מאָרים פאַרבייגעגאַנגען אַ קאַפעטעריע מיט פאַרגעפלטע שויבן פון דער אינעווייניקסטער וואַרעמקייט. ס'איז אים באַפאַלן אַ חשק אַריינצוגיין און אויסטרינקען אַ היים טעפל קאַווע מיט עפעס. פאַררויכערן אַ סיגאַרעט, טיף אַריינציען אין זיך דעם רויך פון גאָלדענעם טאַבאַק, פילן דעם תענוג פון אויפטייען זיך, און „הערן“ דעם שטילן רויש פון דערוואַרעמטן בלוט אין די אָדערן. נאָר טאַפנדיק מיט די פאַרפרווירענע פינגער ס'קליינגעלט אין דער קעשענע, באַשליסט ער, אַז ער מוז זיך דאָס אַרויסשלאָגן פון קאָפ. רעסטאָראַנען זענען נישט פאַר אים. ברויט, מילך פאַר די קינדער איז בילכער. זיינע דריי שיינע מיידעלעך האָבן מיט אַזעלכע צויבער=שמייכלעך צו אים „קאָקעטירט“ פאַר זיין אַוועקגיין, בעטנדיק ער זאָל זיי ברענגען „קענדי“ (צוקערלעך). מילא, זיי דאַרפן נייטיקערע זאַכן ווי „קענדי“. נאָר אַ פעקל סיגאַרעטן מוז ער קויפן. ער וועט נישט עסן, נאָר אָן אַ סיגאַרעט קאָן ער זיך נישט באַגיין. ער ווערט אוים מענטש, ווערט נערוועז, ווילד...

פאַרבייגייענדיק אַ טאַבאַק=געשעפט, האָט ער שנעל געעפנט די טיר. געקויפט אַ פעקל סיגאַרעטן און מיט ציטערדיקע הענט, האַסטיק, זשעדנע פאַררויכערט, זיך טיף פאַרצויגן און צופרידן אָפגעזיפצט. דער רויך האָט אויך אָנגענעם געוואַרעמט זיינע פאַרפרווירענע פינגער. עטלעכע קונים האָבן זיך פאַראינטערעסירט צוגעהערט צו אַ קול, וואָס האָט געהודיעט אין ראַדיאָ: „אַפילו צוריקגעוויזן. „הערי די ליפ“ מוז שטאַרבן אויפן עלעקטרישן שטול“.

מאָריסעם האַנט מיטן סיגאַרעט איז געבליבן הענגען אין דער לופט. די מעלדונג האָט אויפגעוועקט אין אים אַ דערינערונג, אַ בילד: שטייענ=

דיק אַזוי איינמאָל פאַר זיין הויז אין אַ הייסן זומער־טאָג, איז פאַרביי־געפאָרן „הערי די ליפּ“ אין אַ רייכן אָפּענעם אויטאָמאָביל. ער און הערי האָבן יינגלוויז באַלאַנגט צו איין „גענג“. דער „בלאַק“ האָט געציטערט פאַר זיי. דערזעען מאָריסן, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ:

— העלאָו, מאָרים!

— העלאָו, העלאָו, הערי! וואָס מאַכסטו? וואָס טוסטו אין אונדזער געגנט?

— פאַרבייגעפאָרן זיך דערמאָנען די יינגלשע יאָרן.

— ווי כ׳זע, ביסטו רייך געוואָרן. שפּאַרסט־אָן אין די הויכע פענצ־טער.

הערי האָט מיט אַ גאָלדענעם ציינדער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. אין לאַץ פון זיין העלן, קאָסטבאַרן ראָק האָט געשטעקט אַ ווייסע רויז. זיין שרייאיק, קאָלירט זיידן העמד מיט דער בריליאַנטענער שפּילקע האָט געבלענדט די אויגן.

— ביסט, ווי עס זעט אויס, ווייט פאַרפאָרן? — האָט מאָרים גע־זאָגט.

— און דו קאָנסט זיך נאָך אַלץ נישט אַרויסקאַפּען פון דאַנען?

— איך בין נישט דער איינציקער. עס וווינען דאָ טויזנטער מענטשן.

— וואָס טוסטו?

— אַז איך אַרבעט, מאַך איך אַ לעבן.

— אַלץ הייסט אַ לעבן! — האָט הערי געזאָגט, און זיין אונטערשטע גראָבע ליפּ האָט ווי שטענדיק געשמייכלט.

— אויפן געזעצלעכן וועגן איז אוודאי שווער. נאָר ס׳איז גוט... איך האָב אַ שיינע, געטרייע פרוי און טייערע קינדער.

— עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען נעמט דאָס — האָט געזאָגט „הערי די ליפּ“.

— איך געדענק נאָך מיין מאַמעס ווערטל — און ער האָט אויף אַ צעבראָכענעם יידיש נאָכגעזאָגט: „אַ וואָרעם ליגט אין כריין, מיינט ער, ס׳איז קיין זיסערס נישטאָ“. קוק דיך אָן, און קוק מיך אָן. דו גייסט נאָך אַלץ צופּוס אין צעריסענע שיך, און איך פאָר אין אַ נייער מאַשין. הער זיך איין, מאָרים, קריג זיך אַרויס פונדאַנען. מיין „אָרגאַניזאַציע“ קאָן נוצן אַ פלינקן בחור מיט מוסקולן און אַ ביסל קורזש. ועסט אין איין שעה מאַכן מער מיט אונדז, ווי דו מאַכסט אַליין אַ גאַנץ יאָר.

— און פוילן אין טורמע — אַ דאַנק.

— מען פוילט נישט אין טורמע. אונדזערע אָפּעראַציעס ווערן אַזוי פּינקטלעך אויסגערעכנט, אַז מיר גייען ווי אויף אַן אייזערנער בריק.
— ביז זי פאַלט איין.
— זי איז נאָך ביז איצט נישט איינגעפאַלן.
— וועט זי איינפאַלן.
— וואָס טויג דאָס רעדן מיט דיר? דו ביסט אַ „קאָוואַרד“ (פּחדן) — האָט הערי בייז אַ זאָג געטאָן, האַלטנדיק ס'רעדל אין האַנט צו פאָרן. ער האָט אַ דריק געטאָן אויף דער „גאַז“, און איבערגעלאָזט אַ שלעכטן ריח.
איצט האָט מען צוריקגעוויזן זיין לעצטן אַפּיל, און ער מוז ברענען אויף דער עלעקטריק־שטול. מאָרים האָט געשפּאַנט אַהיים מיט האָסטיקע, מונטערע טריט, וואָס האָבן אויסגעפּויקט דעם טריומף איבער „הערי די ליפּ“. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט אויסגעמיטן אַ גרויס אומגליק.
„גאָסי — וועט ער זאָגן צום ווייב — דו האָסט אַ געפונענעם מאַן“ ..
„וואָס איז? וואָס האָט געטראָפן?“ — וועט זי זיך דערשרעקן.
„ס'האָט דערווייל גאָרנישט געטראָפן, נאָר ס'האָט נישט געפעלט קיין סך, איך זאָל זיך טאָן איין שלעכטן קער און אַריינפאַלן אין אַן אָפּגרונט. האָסט דען אַ באַגריף, וויפל געפאַרן עס לויערן אויף אַן אָרעמען בחור?“
„איך פאַרשטיי דיך נישט. וואָס רעדסטו?“
„איך רעד וועגן דעם, וואָס איז האָב היינט געהערט אויף דער ראַדיאָ, אַז מ'האָט צוריקגעוויזן דעם אַפּיל פון איינעם „הערי די ליפּ“, און ער מוז ברענען אויף דער „טשער“. ער איז איינמאָל פאַרבייגעפאָרן אונדזער הויז אין אַ רייכער מאַשין, אָנגעטאָן ווי אַ מיליאָנער. אַז ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, פאַרפירט אַ שמועס, אויסגעלאַכט מיך, וואָס איך גיי נאָך אַלץ צופוס אין צעריסענע שיך און מיר פאָרגעשלאָגן, איך זאָל זיך אָנשליסן אין זיין „אָרגאַניזאַציע“, וועל איך אויך רייך ווערן. אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, האָט זיין פּעטע, אונטערשטע ליפּ אָנגעהויבן ציטערן און ער האָט מיך גערופן „קאָוואַרד“. מיט איין קלאַפּ וואָלט ער ביי מיר פון דער מאַשין געפלויגן. נאָר איך האָב זיך צוריקגעהאַלטן; געטראַכט, זאָל ער קומען אויף אַנדערע הענט. איצט מוז ער שטאַרבן אויף דער „טשער“. און נאָך אַלעמען איז מיר אַ רחמנות. אַ יונגער מענטש. איך שטעל זיך פאָר, ווי ער צאַפּלט זיך איצט דער העלד, וואָס האָט מיך גערופן „טרוס“. איך וואָלט געוואָלט גיין זען אים פאַר דער הינריכטונג“.

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסזען די גרויע, אָפּגעבליאַקעוועטע הייזער פון דער גאַס, ווו ער וווינט. דער שניי, וואָס דער ווינט האָט צעבלאָזן, האָט געבלענדט אין די אויגן, און נאָך פינצטערער געמאַכט די נאַכט.

צוקומענדיק צום „קאָרנער דראָגסטאָר" (אַפּטייק), האָט ער פּלוצעם דערזען גאָסיז, ווי זי שטייט אינעווייניק און טענהט איין מיטן דראָגיסט; פאַרריכט זיך קאָקעטיש די האָר; שטייט אַזוי נאָענט לעבן אים, אַז אָט, דוכט זיך, נעמען זיי זיך אַרום. ער וואַרט געדולדיק אינדרויסן, און זי וויל זיך גאָרנישט אָפּרייסן פון יענעם... סעקונדן ווערן אָנגעשוואָלן אין מינוטן, אין שעהן.

די אָנגעזאַמלטע ביטערקייט פון אַ לאַנגער צייט, אַלע עוולות צו דער וועלט, האָבן אַ קאָך געטאָן אין אים: „זי האָט געלאָזט די קינדער אַליין און שטייט און ראָמאַנסירט מיטן אַלטן בחור, וואָס גנבעט די ליבע ביי ווייבער פון פאַרהייראַטע מענער. די קלייגינקע געפּוצטע וואָנצעלעך אויף זיין דיקער, אויבערשטער ליפּ טאַנצן אונטער, בעת ער רעדט צו איר. גאָסי האָט דאָך אים אַליין דערציילט, אַז מיידלווייז איז זי אַמאָל „אַרומ־געגאַנגען" מיט אים. ער איז געווען פאַרליבט אין איר, נאָר זי האָט אים נישט געקאָנט פאַרטראָגן. איצט איז ער דער אייגנטימער פון דער „דראַגסטאָר", פאָרט אַרום אין אַ נייעם אויטאָמאָביל. ווער ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין האַרץ, אין קאָפּ פון אַ פרוי? דערצו נאָך, אַז זי הונגערט און פרירט ביי אים. מען קאָן דאָך נישט לעבן בלויז פון ליבע.

עפּענענדיק די טיר פון „דראָגסטאָר", האָט זי אים דערזען און איבערראַשט אויסגערופן:

— מאָרים! זע נאָר, ווי מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן!

— וואָס עפּעס האָסטו געלאָזט די קינדער אַליין, און שטייסט און טענהסט איין מיטן „דראָגיסט"? כ'האָב געזען, אַז דו קאָנסט זיך גאָר־נישט אָפּרייסן פון אים, דעם ווייבער־יעגער!

— מאָרים! דו ביסט משוגע, וואָס פאַר אַ רייד זענען דאָס. שעמען מעגסטו זיך!

— אוודאי מעג איך זיך שעמען, ווייל ווי קום איך צו אים? איך — אַ פּראָסטער אַרבעטער, אָן בילדונג, אָן „ברעינס"? היינט, אַז דו האָסט נישט קיין „ברעינס", שלינגט דיך איין די מאַשין און דו פאַרלירסט די ווערט אפילו ביים ווייב.

כדי אים ווײַ־טאָן פאַרן אויסגעריכטן חשד, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איך דענק, אַז ס'איז נישטאָ וואָס פאָרצוואַרפן איינעם, וואָס האָט געהירן און האָט געוואָלט לערנען.

דאָס איז געווען דער פּונק, וואָס האָט אָנגעצונדן צווישן זיי אַ קריג יענע נאַכט. אַלע זייערע קריוודעס האָבן זיי אויסגעלאָזט איינער צום אַנדערן; ס'איז דערגאַנגען צו אַזעלכע ווילדע געשרייען, אַז דאָס הויז האָט געציטערט; ס'איז דערגאַנגען צו ביילן מיט די פויסטן, צו היסטעריע מיט פאַרשטיקטע, ווילדע קוויטשן פון איר צוזאַמענגעפּרעסטן האַלדז. די הונגעריקע, פאַרפרוירענע קינדער האָבן זיך מיט טויט־שרעק געטוליעט אין אַ ווינקל און הויך געוויינט. דער ווינט האָט צוגעפּאַטשט מיט אַ שמאַטע, וואָס האָט געשטעקט אין אַן אויסגעבראָכענער שויב. מאָריס האָט געכאַפּט זיין מאַנטל און איז אַנטלאָפן פון הויז.

אויף דער גאַס האָט מען זעלטן געזען עמעצן דורכגיין. אין די שיטערצעשטעלטע לאַמטערנעס האָבן אומעטיק געלויכטן בלייכע פייערלעך. צייטנווייז איז אָנגעפלויגן אַ שאַרפער ווינט און אויפגעהויבן פון הויך־אָנגעפאַלענעם שניי זילבערנע פאָנטאַנען. מאָריס האָט געשפּאַנט מיט האַסטיקע, נערוועזע טריט. גאָסים געשרייען פון איר פאַרשטיקטן האַלדז, און דער צעשראָקענער געוויין פון די קינדער האָבן אים נאָכגעיאָגט. זיינע געדאַנקען האָבן געוויישט און זיך געדרייט אַרום דעם אוימגעריכטן, שאַרפן קריג מיט איר. ער דאַרף אָפּקילן זיינע צעהיצטע נערוון און באַשטימען, ווער צווישן זיי איז גערעכט...

און עס קאָן דאָך טאַקע זיין, אַז ער האָט זי אומזיסט באַשולדיקט? לויט איר טענה, איז זי געגאַנגען קויפן אַ מעדיצין פאַר אַ קינד, און דאָס וואַס זי האָט זיך פאַרהאַלטן און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קאָקעטירט צום דראָגיסט, קאָן דאָך אפשר זיין די אַרבעט פון זיין פאַנטאַזיע? ווען אַ פרוי איז פאַלש, נאַרט איר מאַן, וועט זי אַזוי ביטער נישט וויינען מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה. איר האַלדז איז דאָך געווען אַזוי פאַרשטיקט, אַז זי האָט קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. אַזוי טיף גערירט קאָן נישט ווערן אַ פרוי, וואָס איז נישט פאַרליבט אין איר מאַן. קאָן זיין, אַז דאָס האָט זיך אין אים דער „בער“ אַזוי אַ וואָרף געטאָן אויף איר.

דער שאַרפער ווינט האָט געקילט זיין צעהיצט פּנים. זיינע נערוון האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַרואיקן און ער האָט זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז אפשר דאַרף ער אַרויפגיין און פרווון מאַכן שלום מיט איר? גאָר ווי אַזוי טוט מען דאָס, אַז עס ברענט אין איר אַ פייער אויף אים?

די לופט, וואָס האָט געשמעקט מיטן פריש־אָנגעפאַלענעם שניי, האָט

געשאַרפט זיין אַפּעטיט. דער הונגער האָט אים אָנגעהויבן פּייניקן. ער האָט פון מיטאָג אָן נישט געהאַט אין מויל, און ווי לאַנג קאָן ער זיך אַזוי אַרומדרייען און קריצן מיט די שיך אין שניי? די זעלטענע דורכגייער שלייכן זיך אין דער פינצטערער גאַס פאַרדעכטיק, ווי זיי וואָלטן געלויערט אויף עמעצן. אָט וועט אַ בליץ טאָן אַ מעסער, און ס'וועט זיך דערהערן דאָס כאָרכלען פון אַ גאָרגל, ווי עס טרעפט נישט זעלטן אין אַזעלכע גאַסן, וואָס מענטשן מיידן אויס דורכצוגיין ביינאַכט.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז, איז גאָסי געלעגן אין בעט, ווי זיי שלאָפן צוזאַמען, „אַרומגעפּאַנצערט" איצט מיט די דריי טעכטער־לעך... זי האָט נאָך שטיל געוויינט אין שלאָף, ווי די קריג וואָלט פאַרגע־זעצט געוואָרן. אַז איר געוויין האָט אויפגעהערט, האָט זי טיף אָפּגעזיפצט און אָפּגעהעשעט.

אויפן טיש איז געלעגן צוגעגרייט פאַר אים אַ האַלב ברויט מיט עט־לעכע שטיקלעך הערינג. ער האָט געגעסן מיט אַ שאַרפן אַפּעטיט, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס געשמאַקסטע מאכל אין דער וועלט. נו, ער וועט שוין די נאַכט שלאָפן אויף דער סאָפע. אַז די קינדער שניידן פאַר אים אָפּ דעם וועג צו איר. אויף דער סאָפע איז געלעגן אַ וואַרעמע אויבער־דעק.

דאָס האָט זי צוגעגרייט פאַר אים, ווי אַ געטרייע מאַמע, וואָס פאַר־געסט דאָס שלעכטס פון איר קינד. יאָ, זי איז אים געווען אַ ווייב און אַ מאַמע און ער האָט געהאַט אַזעלכע מיאוסע געדאַנקען וועגן איר. באַלד אינדערפרי, ווען זי וועט אויפשטיין, וועט ער זי מוזן איבערבעטן. דער כעס וועט זיך אין איר איינשטילן; זי וועט בעסער ווערן. די קעלט אין הויז איז אַריינגעדרונגען אונטער דער אויבערדעק, און ער האָט נישט גע־קאָנט איינשלאָפן. ס'איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן די דעמאָנסטראַ־ציע. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם ליפּלעט, וואָס ער האָט געקראָגן פון מאַן, וואָס האָט מאַרשירט לעבן אים. דער ליפּלעט האָט גערופן צו אַ פאַר־זאַמלונג פון די אַרבעטסלאָזע. עס וועט רעדן טאַקע דער, וואָס האָט „געעפנט זיין פריינד די אויגן", געוויזן אַ וועג, דערציילט וועגן אַנדערע לענדער, ווו אַרבעטסלאָזיקייט איז אָפּגעשאַפן געוואָרן.

מאָרים האָט זיך ווי אַ טרינקענדיקער אָנגעכאַפּט אין דעם. דער גע־דאַנק, אַז ס'איז דאָ אַ האָפענונג, האָט העל אויפגעלויכטן אין אים און צו־געזאָגט נאָך אַ סך גוטע, גליקלעכע יאָרן צוזאַמען מיט זיין באַליבט ווייב און שיינע געראָטענע קינדער.

ווי אָפּט פֿאַרן שלאָפֿן, האָט ער פֿאַרוויכערט אַ סיגאַרעט. דער רויך האָט אָנגענעם געוואַרעמט זיינע פֿאַרפֿרוירענע פֿינגער. ווי אַלעמאָל ווען ער פֿאַררויכערט, האָט ער דערפֿילט אַ „ליפֿט" (דערהויבונג); ער האָט זיך טיף פֿאַרצויגן. פֿון סיגאַרעט איז געוואָרן אַלץ ווייניקער. פֿאַרטשאַדעט פֿונעם געדיכטן רויך, האָט ער אָנגעהויבן איינדרימלען און באַלד אַריינגעפֿאַלן, ווי זיין טבע, אין אַ טיפֿן שלאָף. ס'לעצטע ברעקל סיגאַרעט איז אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט, און ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ס'איז אַ זומער־טאָג, אַ ליבע וואַרעמקייט, נאָר די זון ברענט שוין צו שטאַרק. די קינדער זענען צעשטיפֿט, טאַנצן, לאַכן, קווימשען; און גאָסי, די מאַמע, העלפֿט זיי נאָך אַרויס... און די היץ ברענט. די זון האָט זיך אַזוי אָנגעגליט, אַז זי איז געוואָרן רויט. דער הימל איז אָנגעפּאַקט מיט רויטע, פֿלאַקערנדיקע וואָלקנס, די לופֿט איז רויט; ער אָטעמט אַריין פֿייער, די וועלט ברענט!

די פֿינצטערע גאַס איז העל, יום־טובדיק באַלויכטן געוואָרן. אין די גאָלדענע פֿלאַמען, וואָס האָבן געזעצט פֿון די פֿענצטער, זענען געווען איינגעוויקלט טאַנצנדיקע, שפּרינגענדיקע פֿיגורן. די גאַס און די גאַסן אַרום זענען געוואָרן אויפֿגעלעבט; צעשראָקענע מענטשן זענען געלאָפֿן אין אונטערוועש מיט קינדער אויף די הענט.

ווען דאָס פֿייער איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן אויפֿקלייבן די שוואַרץ־פֿאַרקוילטע סקעלעטן.

# וויקטאָר

## (דערציילונג)

דער יידישער פּאָליסמאַן וויקטאָר וויזלמאַן האָט געשטעלט מידע, שווערע טריט. אויס לאַנגוויייל האָט ער געדרייט און קונציק געוואָרפן דאָס פּאָליציי־שטעקל אין דער האַנט. אין האַרבסטיקן הימל האָבן זיך געקליבן גרויע וואָלקנס, אָנזאָגנדיק אויף האָגל און שניי. קאַלטע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. יאָ, דער ווינטער רוקט זיך אָן, האָט ער געטראַכט.

לעצטנס, אַרומדרייענדיק זיך שעהנלאַנג אויף די אויסגעטראָטענע „פּלאַטשיקע" פיס, באַפאַלט אים אַ מידקייט און ער חלומט שוין פון דער צייט, ווען ער וועט באַפרייט ווערן פון דינסט און לעבן אויף פענסיע. אין אַזעלכע קאַלטע, פוילע וועטערן וועט ער זיצן ביי אַ פייער און לייענען אַ מיסטעריע־געשיכטע, אָדער פאַרברענגען מיט ברידער־פּאָליסלייט אין אַ שענק ביי אַ גלאָז ביר. דערמאָנען זיך אין די אַלטע גוטע צייטן, ווען מען איז געווען יונג און געברענט אַ וועלט: ליבעס געשפּילט, שפּיצלעך אָפּגעטאָן און דערנאָך, ווען ער איז געוואָרן אַ פּאָליסמאַן, איז דאָס ראַנגלען זיך מיט דער אונטערוועלט געווען אַ מין ספּאָרט, דורכשיסן זיך מיט באַנדיטן — אַ פאַרמעסט. די נערוון זענען געווען קיל, די האַנט רואיק, פעסט; דאָס אויג — שאַרף, האָט ער טאַקע אין די מערכטע פאַלן געטראָפן אין ציל...

היינט אָבער איז ער אָפּגעקילט געוואָרן, מער געלאַסן, מער איבערגעטראַכט. היינט שרעקט אים דער געדאַנק צו פאַרגיסן בלוט. ער בעט גאָט אין האַרץ, אַז אויף זיין „טעריטאָריע" זאָל נישט פאָרקומען קיין רויבעריי, אַז די קורצע צייט, וואָס אים איז פאַרבליבן צו זיין אין דינסט זאָל אַדורך רואיק.

איז אָבער די לעצטע צייט אַרויסגעוואָקסן אַן אַרמיי פון יונגע, פלינקע גענגסטערס, געניטע שיסערס, וואָס זענען צוריקגעקומען פון דער מל־

חמה, דורכגעגאַנגען אַ גרינטלעכן קורס פֿון מיליטערישע שיס=איבונ=
גען אויפֿן חשבון פֿון דער מלחמה... דרייען זיך איצט אַרום אָן אַרבעט;
הונגערן, ביז זיי נעמען זיך צום פּיסטויל. אין איין אויגנבליק ציען זיי
אויס אַ פּאָליסמאַן. און מען קאָן זיך ריכטן אויף דעם יעדע מינוט, כאָטש
שטיי שטענדיק גרייט מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט.

זיין פֿריינד דזשאָן, אַ ברודער=פּאָליסמאַן, גייט יענע וואָך אין גאַס
און דערזעט, ווי מען באַרויבט אַ געשעפֿט. באַפֿעלט ער: „הענט אַרויף!“
און ליגט שוין אין אַ טייך בלוט. אַז אַ פּאָליסמאַן גייט אינדערפֿרי אַרויס
פֿון הויז, דאַרף ער זיך אָפּגעזעגענען מיט דער פֿאַמיליע. אמת, אים, שוין
אַן עלטערן, מיט גרויליכע האָר ביי די שלייפֿן און מיט אַ נייגונג צו
פֿעטקייט, שיקט מען אין ווייניקער געפֿערלעכע פּלעצער. מערסטנס באַ=
וואַכט ער אָרעמע געגנטן, וווּ עס זענען נישטאָ קיין רייכע געשעפֿטן צו
באַרויבן, ער האַלט אַן אויג אויף אַזעלכע, וואָס שלעפּן זיך אַרום אָן אַ היים,
שלאָפֿן אויף שוועלן פֿון הייזער אָדער אין פּאַרקן. אָט די — דאַרף ער
אַרעסטירן. ער דאַרף אויך היטן, אַז פּראָסטיטוטקעס זאָלן נישט פֿאַר=
מישפּען קיין מענער אין גאַס; נישט לאָזן אַרומדרייען זיך שיכורים, וואָס
פֿאַלן פֿון די פֿיס — נאָר אפֿילו אין אַזאַ געגנט קאָן ער זיך ריכטן יעדע
מינוט אויף געפֿאַרן, ער זאָל מוזן באַנוצן דעם רעוואָלווער און אַוועקשיקן
עמעצן אויף יענער וועלט.

פּלוצעם פֿאַלט אים איין: „וווּ און וואָס איז יענע וועלט? איז טאַקע
אמת, אַז ס׳איז דאָ נאָך אַ וועלט? ער האָט דאָך קיינמאָל נישט גע=
טראַכט דערפֿון, פֿאַרוואָס קריכט עס אים איצט אין קאָפּ אַריין? וואָס
איז ער אַ פּריסטער, אָדער אַ ראַבאַי, ער זאָל קאָנען ענטפֿערן אויף דעם?
וועגן אַזעלכע זאַכן ווייסן נאָר הייליקע לייט“, אָדער גאָר הויכע געלערנ=
טע, פֿילאָזאָפֿן — ווי קומט עס צו אים? ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט
אַמאָל געהערט אַ ראַבאַי האַלטן אַ „סוירמאָן“ אויף אַ לוויה פֿון אַ יידישן
פּאָליסמאַן, האָט ער געזאָגט: „נאָכן טויט קומט מען אָן אויף יענער
וועלט. דאָרט איז דאָ אַ גיהנום מיט אַ גן=עדן. און דער גרויסער „משיח“,
גאָט אַליין, באַשטימט ווי יעדער באַלאַנגט, לויט זיין רעקאָרד, וואָס איז
פֿאַרשריבן אין די הימלישע ביכער“.

וויקטאָר טראַכט: אויב דאָס זאָל זיין אמת, טאָ וואָס וועט מען דאָרט
טאָן מיט אים? אַז אין זיין לעבן איז ער אפֿשר צוויי מאָל געווען אין
אַ „סינאַגאָג“ און עטלעכע מאָל אין אַ „טשוירטש“. נאָר אַזוי ווי ער איז
געבוירן געוואָרן ביי יידישע עלטערן, באַלאַנגט ער דאָך צו יידן, כאָטש

אַז אָד=און=ווי צו זיין יידישקייט. ער דאַרף גוט שוויצן איבערצולייענען
עטלעכע ווערטער אין אַ סידור. און פון וואַנען זאָל ער קענען? מען האָט
אים דען געלערנט? עפּעס האָט ער געכאַפּט, גייענדיק אַ שטיקל צייט אין
אַ „היברו“, און האָט דאָס שנעל פאַרגעסן.

זיינע עלטערן זענען געווען פאַרהאָרעוועטע מענטשן, געשטאַנען טאָג=
און=נאַכט אין אַ „קענדי=סטאָר“; אים, איינעם פון זעקס קינדער, האָט די
גאַס דערצויגן. ער האָט באַלאַנגט צו קינדער=„געגנס“: אין דער געגנט,
וווּ זיין האָבן געוווינט, האָט מען זיך געמוזט שלאָגן פאַר דעם רעכט
דורכצוגיין אַ גאַס. אין די געשלעגן האָט ער זיך דווקא אויסגעצייכנט; גע=
וואָרן אַ פירער פון אַ קליינעם גאַנג. ס'האָט געפעלט אַ האָר, דערמאָנט
ער זיך מיט אַ ציטער אין האַרץ, ער זאָל אויסוואַקסן אַ גענסטער. אַ גליק,
וואָס ער האָט געחלומט צו ווערן אַ „פּראַיז פייטער“ און האָט איבערגע=
לאָזט די „געגנס“. ער האָט זיך אָנגעהויבן שלאָגן אין אַמאַטאָרישע פאַר=
מעסטן, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים איינפונדעווען זיך פּראָפע=
סיאָנעל אין „רינג“, האָט אים לאַסיאַנאַ, דער „טיגער“, אַזוי צעשלאָגן,
אַז מען האָט אים געמוזט אַרויסטראָגן פון דער „אַרענע“. ער האָט טאַקע
געהאַט אייזערנע פויסטן און מוסקולן, וואָס יעדער „פּראַיז פאַיטער“
וואָלט זיך געווונטשן, נאָר ער איז נישט געווען גענוג פלינק, זיין אויג —
נישט גענוג שאַרף צו קאָנען בליץ=שנעל קערעווען דעם בלינדן כוח. זיינע
האַמערדיקע קלעפּ פלעגן אָפט פאַרלוירן גיין אין דער לופט.

כאָטש ער איז דעמלט געווען אַזוי שטאַרק צעמזיקט, איז ער אין
אַ קורצער צייט אַרום געקומען צו זיך. אַזוי ווי ער האָט קיין פאַך נישט,
איז ער געוואָרן אַ פּאָליסמאַן. ער זעט נישט אויס ווי אַ ייד, איז אָבער,
ווייזט אויס, עפּעס פאַראַן אין אים, וואָס גיט אויס זיין אָפּשטאַם.
אַנומלטן האָט אים דער אייִרישער פּאָליסמאַן אָ'קאָנאָר גערופן אַנשטאָט
ווילמאַן, יידלמאַן... דאָס איז דווקא געווען אין „פּאָלים סטעישאָן“. דער
„סאַרדזשענט“ האָט פאַרפרעסט אַ דינעם שמייכל צווישן די ליפּן. וויק=
טאָר האָט געמוזט מיט אַלע כוחות צוריקהאַלטן זיין געבייל טע פויסט. מיט
איין קלאַפּ וואָלט ער אָ'קאָנאָרן אויסגעצויגן — נאָר ער וואָלט געוואָרן
אויס פּאָליסמאַן. כדי זיך צו באַרואיקן, האָט ער באַשלאָסן: ווען ער וועט
אים טרעפן אין ציווילע קליידער, וועט ער אים ווייזן, וואָס עס מיינט
יידלמאַן!...

...איז וואָס קאָן טאַקע זיין מיט אַזעלכן, ווי ער, אויף יענער וועלט?
— טשעפּעט זיך ווידער צו אים ווי אַ קליעשטש דער פריערדיקער געדאַנק:

אַז קיין ייד איז ער נישט, און קיין קריסט אויך נישט, הייגט וואָס פֿאַר אַ רעקאָרד קאָן ער האָבן אין די הימלישע ביכער?

ער האָט אָנגעהויבן נערוועז וואַרפֿן דאָס שטעקל אין האַנט, ווי טרייבנדיק די אומרואיקע געדאַנקען, וואָס טשעפּען זיך פּלוצעם צו אים.

אַ שאַרפֿער ווינט האָט אָנגעהויבן דרייען אין דער לופֿט די רעשט־לעך פֿון זומערדיקן שטויב, און אים פֿאַרפּאָרעשעט אַן אויג. שטיקער פּאַפּיר און אָפּפֿאַל זענען געפֿלויגן פֿון אַלע זייטן. דער הימל איז געוואָרן כמאַרנער, בייזער. פֿאַרבייגייענדיק אַן אַפּטייק, איז וויקטאָר אַריין אַהין. דער אַפּטייקער האָט אַרויסגעשאַרצט דאָס דעקל פֿון זיין אויג און מיט אַ שטיקל וואַטע רעספּעקטפֿול אַרויסגענומען אַ גרוי זעמדעלע, וואָס האָט אים געשטאָכן ווי גלאָז.

— אַ דאַנק! — האָט וויקטאָר געזאָגט און אַ טראַכט געטאָן: הלוואי וואָלט מען אַזוי שנעל געקאָנט פּטור ווערן פֿון אַ פּריקרען געדאַנק, וואָס פֿאַרקלייבט זיך דיר אַמאָל אין קאָפּ אַריין און זשומעט ווי אַ בייזע פֿליג... און ער שעמט זיך אַפילו דערציילן עמעצן וועגן דעם, מענטשן וועלן לאַכן: אַ גרויסער, שטאַרקער פּאָליסמאַן, אַ געוועזענער „פּראַיז פֿאַיטער", ווערט שוואַך קעגן עפּעס אַ געדאַנק.

— אַ שטאַרקער ווינט אינדרויסן, האַ? — האָט געזאָגט דער אַפּ־טייקער, צופֿרידן פֿון פּאָליסמאַנס דאַנקבאַרן שמייכל, וואָס האָט אַרויס־געשיינט פֿון גישט־פֿאַרפּאָרעשעטן אויג. דאָס פֿאַרפּאָרעשעטע איז נאָך אַלץ געווען רויט און בייז.

— אין אַנדערע שטעט זענען שוין אָנגעפֿאַלן הויכע שנייען. עס בו־שעווען שטורעמס אויף די ימען. שיפֿן גייען אונטער — האָט דער אַפּטיי־קער געזאָגט, אַרויסבאַגלייטנדיק אים.

— יאָ, דער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט — האָט וויקטאָר באַשטע־טיקט, און ווידער אָנגעהויבן שפּאַנען. ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַ שענק, וואָס איז געווען אין אַ מוגקל ווינקל פֿון אַ גרוי, אָפּגעריבן הויז, אַריינ־געשטעקט דעם קאָפּ אין דער אָפֿענער טיר און באַטראַכט די וויגנדיקע, מענטשלעכע שאָטנס.

דער אייגנטימער, אַ דיקער מאַן מיט אַ ברייט, פֿלאַטשיק פּנים און אַ צעפּלאַטשטער נאָז, אויך אַ געוועזענער „פּראַיז פֿאַיטער", האָט מיט אַ פֿריינדלעכער האַנט־באַוועגונג פֿאַרבעטן וויקטאָרן אַריינקומען. וויקטאָר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ דריי געטאָן מיטן פּאָלים־שטעקל, וואָס

האָט געמיינט: ער קאָן איצט נישט, אפשר אַ צווייט מאָל — און גע־גאַנגען ווייטער.

ס'איז אים אַנטקעגנגעקומען, מיט נאָכשלעפנדיקע צעשפּרייטע פיס אַ באַקאַנטע, אַלטע גאַסנפרוי, מיט אַראָפּלאָזטע אַקסלען און נאָכהענגענ־דיקע הענט, וואָס האָבן וויגנדיק זיך שטום געטענהט און באַקלאָגט זיך אויף עפּעס... די ביליקע רויטע פאַרב אויף אירע ליפּן און קינבאַקן, צע־שמירט ווי בלוט־פלעקן. די אויגן — מוטנע וואַסערלעך. וויקטאָר האָט זי שוין עטלעכע מאָל אַרעסטירט פאַר רופן מענער אין גאַס. זיצט זי אָפּ איר צייט, קומט אַרויס און טוט ווידער דאָס זעלבע. איצט טוליעט זי זיך אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטן מאַנטל מיט אַן אויסגעקראָכענעם פוטער־נעם קאָלנער. אירע אויסגעלאָשענע, פאַרנעפּלטע אויגן שמייכלען פאַרשול־דיקט צו אים. נאָר אָט דאַכט זיך, ווען זי אין זיין קענגוואָרט פאַרטשע־פּען אַ מאַן, ער זאָל זי ווידער אַרעסטירן, און מען וועט זי מוזן האַלטן אויף „קעסט".

וויקטאָר מאַכט זיך, ווי ער זעט זי נישט. עס קומט אים אַנטקעגן אַ מאַן, דאָס היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. ער קוקט אויס פאַר־דעכטיק. נאָר אַרעסטירן אָן באַווייזן טאָר ער נישט. ער וועט אָבער האַלטן אַן אויג אויף אים. פאַראַן פּאָליסלייט, וואָס האָבן אַ חוש צו „דערשמעקן" אַ פאַרברעכער. זיי טשאַטעווען אים נאָך, ביז זיי כאַפּן אים ביי דער האַנט. אַזעלכע אַרבעטן זיך טאַקע אַרויף און ווערן געהיים־אַגענטן, מיט אַ העכערן געהאַלט. זיין ווייב גאָלדי וואַרפט אים טאַקע פאָר, אַז ער „טויג זיך נישט אויס. אַלץ וואָס ער קאָן, איז טרעטן מיט די פיס און וואַרפן מיטן שטעקל". „פאַראַן פּאָליסלייט, וואָס ווערן דערהויבן", טענהט זי. „אַנדערע שטייגן גאָר הויך, נאָר ער איז געבליבן אויפן זעלבן אָרט, און וועט זיך שוין אַזוי דערשלעפּן אויף די „פּלאַטשיקע" פיס ביז צום סאַמע סוף פון זיין דינסט. פון אים וועט שוין גאָרנישט אַרויסקו־מען!"

נו, אַ גיפטיקע צונג דאָס האָט! ווען אים זאָגט דאָס אַ מאַן, ציט ער אים אויס מיט איין קלאַפּ! פון דער אַנדערער זייט, מוז ער אָבער צוגעבן, אַז זיין גאָלדי איז פאָרט אַ שיינע. איין שמייכל אירער מיט די גרין־קאָקעטישע אויגן, וואָס גיבן אַ בלישטש, ווי עכטע דימענטן, צע־שמעלצן דאָס אייז אין אים. אַז זי טוט שטאָלץ אַ הייב אויף דעם קאָפּ מיט די גאָלדענע לאָקן, קוקט זי אויס ווי אַ האָליוווד־שיינהייט און ער איז איר גרייט אַלץ צו פאַרגעבן. נאָך איצט, אַז זי פוצט זיך אויס און

גייט אַרויס און נאַס מיט אים, פאַררייסן מענער די קעפ צו איר. ער דערמאָנט זיך, ווי ער האָט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק הינטערן בופעט פון אַ קאַפעטעריע. יונגעלייט האָבן געקלעפּט אַרום איר. מען האָט זי גישט אַנדערש גערופן, נאָר „צוקער". ביזן היינטיקן טאָג רופט ער זי אַזוי — סיידן זי צעלאָזט איר „צונג".

* * *

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. שיטער־צעשטעלטע לאַמטערנעס האָבן שוואַך באַלויכטן די פאַרבייגייער, וואָס אייניקע פון זיי האָבן, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, לויט זיין „גענייט" אויג, געגרייט זיך צו באַגיין פאַרברעכנס, הילנדיק זיך אין דער טונקלקייט. ער האָט זיי שאַרף נאָכגעקוקט. אייניקע איז ער נאָכגעגאַנגען. אייניקע מאַכן זיך, זיי זעען אים גישט. אַנדערע דרייען זיך פון אים אַוועק מיט אָפענער פיינטשאַפט. „קיינער האָט גישט ליב קיין פאָליסמאַן, כאָטש ער היט די אָרדענונג, שטעלט איין דאָס לעבן, שיסט זיך דורך מיט פאַרברעכער, שטעלט אויס דאָס האַרץ קעגן זייערע קוילן, ווי אַ פאַנצער פאַר פרידלעכע מענטשן".

וויקטאָר שטרענגט אָן זיין קאָפ דאָס צו באַנעמען. ער טראַכט שווער. אַ שווייס קומט אַרויס אויף זיין שטערן. ער קאָן צו קיין טאָלק גישט קומען... ווייסן זיי כאָטש, אַז פאָליסלייט ווערן דערהרגעט אין זייערע בליענדיקע יאָרן? אַז זייערס איז אַ ביטער שטיקל ברויט, אָפט באַשמירט מיט בלוט?

אַרומדרייענדיק זיך שוין שעהן אויף די פיס, איז ער געוואָרן מיד און הונגעריק. זיין זייגער האָט געוויזן, אַז עגדלעך קומט אים באַלד אַ צווייטער פאָליסמאַן איבערבייטן.

אַריינקומענדיק אין וואַרעמען הויז, און דערפילנדיק די ריחות פון אַ געשמאַקער וועטשערע, האָט זיך אַ שמייכל פאַרשפּרייט אויף זיין רויטן, פון ווינט־פאַרפלאַמטן פנים. גאָלדי, זיין ווייב, איז געזעסן ביים טיש און געשפּילט מיט זיך אַליין אין קאָרטן („סאָליטער"). אויף זיין באַגריסונג האָט זי געענטפערט:

— האַי! קאַלט אינדרויסן?

— קאַלט און פויל. דער וועטער קריכט אין די ביינער אַריין. פאַרגעסט זיך, ווייזט אויס, אויף שניי.

— איך האָב ליב שניי — האָט זי שנעל פאַרענדיקט די קאָרטן־שפּיל. — ווען איך בין געווען אַ מיידל, פלעג איך זיך גליטשן אויפן אייז

צום טאַקט פון מוזיק, און יונגעלייט האָבן זיך גאָכגעליטשט נאָך מיר מיט קאָמפּלימענטן. נישטאָ שוין יענע יאָרן — האָט זי אַ פֿאַרבענקטן זיפֿץ געטאָן.

— ווילסט עסן דעם „פּאַי" (פּרוכט־קוכן), און ער זאָל בלייבן גאַנץ?

— פֿאַרוואָס נישט? ווען וואָלט עס געאַרט?...

—נו, ווען דעם דאַרפֿסטו זיך שוין אויסטענהן מיט גאָט...

— דער פּראָסט האָט פֿאַרפּלאָמט מײַנע באַקן און אָנגעשאַרפֿט בײַ מיר אַזאַ אַפּעטיט, אַז ווען כ'בין אַהיימגעקומען, האָב איך געגעסן פֿאַר צוויי — האָט זי ווײַטער געצויגן אירע דערינערונגען.

— ס'פֿעלט דיר הײַנט אויך נישט קיין אַפּעטיט, דאַנקען גאָט.

גאָלדי האָט אַ שאַרפֿן קוק געטאָן אויף אים: — אַנדערע פּרויען עסן מער פֿון מיר.

— באַקלאָגן זיי זיך נישט אויף דער טאַליע.

— פֿונוואַנען ווייסטו? יעדע פֿרוי וויל אויסזען שיין.

— פֿאַראַן, גאָלדי, פֿאַרשידענע שיינקייטן. אויף אַלעם איז דאָ אַ צייט, און אַ מענטש קאָן האָבן אַ שיינע נשמה אויך...

— וויקטאָר! דו רעדסט דאָך עפּעס ווי אַ פֿילאָזאָף!

— פֿאַרוואָס ווי אַ פֿילאָזאָף? נאַדיר גאָר אַ פֿילאָזאָף. האָסט שוין נישט פֿון וועמען צו לאַכן!

— איך מיין עס ערנסט, וויקטאָר! דו רעדסט די לעצטע צייט אַזעלכע הויכע ווערטער, וואָס כ'בין גאָרנישט געוווינט צו הערן פֿון דיר. אָט האָסטו לעצטנס גערעדט אין שלאָף פֿון יענער וועלט... און וועגן עפּעס אַ רעקאָרד אין די הימלישע ביכער... איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געהערט פֿון דיר!

— ס'האָט זיך דיר אויסגעדאַכט — איז ער געוואָרן רויט. אויסגעדרייט זיך מיטן רוקן צו איר, זי זאָל דאָס נישט באַמערקן. אַריינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין שופלאָד, אויסגעטאָן דעם אוניפֿאָרם און זיך געזעצט ווייקן די פֿיס אין אַ שיסל הייס וואַסער, וואָס גאָלדי האָט אָוועקגעשטעלט פֿאַר אים.

— באַלד, באַלד, און דו וועסט שוין קאָנען אויסרוען, נישט דאַרפֿן אַרומדרייען זיך אַזויפֿיל שעהן אויף די פֿיס.

— אַ שיינער באַלד. איך האָב נאָך צו וואַרטן מער ווי אַ יאָר.

— וואָס איז אַ יאָר? אַז אַזויפיל יאָרן פליען אַוועק, איידער מען קוקט זיך אום.

— ווו זענען די קינדער? — האָט ער געפרעגט.

— דזשעק האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַהיימקומען שפּעט; און גענסי האָט אוודאי געטראָפן עמעצן, גייענדיק פון אָפיס און זיך פאַררעדט.

— אויס רעספּעקט צו די עלטערן, דאַרפן די קינדער זיין ביים טיש, ווען מען גייט עסן — האָט ער געזאָגט מיט אַ האַרבן טאָן און אָנגעהויבן אָפּווישן מיט אַ האַנטעך די פיס.

— וויקטאָר, זיי זענען יונג. האָסט שוין פאַרגעסן, ווי אַזוי דו ביסט געווען אין זייערע יאָרן?

— מיינסטו, אַז איך האָב שוין פאַרגעסן יונג צו זיין... — האָט ער אויף איר אַ „יונגן" קוק געטאָן.

— אַמאָל דערמאָנסטו זיך...

— נאָר אַמאָל?

— קום שוין, קום עסן.

ס'איז אָראָפּגעפאַלן דער ערשטער שניי, וואָס האָט מיט דער ריינקייט און פרישקייט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, איינגעהילט אין זילבערנע לייַלעכער די קוויטיקע, רוזיקע שטאָט, אָפּגערייניקט די שטויביקע לופט, וואָס האָט זיך איצט אַריינגעאָטעמט ווי פריש קוואַל־וואַסער. וויקטאָר האָט געטראַכט אין שניי אַ פאַרזאָרגטער און געטראַכט וועגן זיין זון דזשעק, וואָס איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה אַ צערודערטער, און קאָן זיך נישט צוריק אַריינפּאַסן אין לעבן. „ער דרייט זיך אַרום אַ דערשלאָגענער, כאָטש מיר זענען אַרויסגעקומען די זיגער פון דער מלחמה... אייניקע סאָלדאַטן, וואָס קערן זיך אום פון די שלאַכטפעלדער, נעמען זיך צו רויבעריי". וויקטאָרן קלאַפּט דאָס האַרץ, ווען ער הייבט אָן לייענען די נעמען פון די, וואָס מען האָט געכאַפּט ביי רויבערייען.

ס'קומען אים אַנטקעגן יידן מיט גרויע בערד; טראָגן „באַיבלס" (סי־דורים). יונגע יידן מיט שפּראָצנדיקע בערדלעך, יינגלעך מיט „לאָקן" ביי די אויערן, פּונקט ווי אין אַ בילד, וואָס ער האָט אַמאָל געזען פון אַ גאַס אין „איזראַעל". אויפן מאָמענט קאָן מען פאַרגעסן, אַז מען איז נישט אין אַמעריקע. וויקטאָר דערמאָנט זיך, אַז ס'איז שבת און יידן גייען דאַווענען אין דער „סינאַגאָג", בעטן דעם יידישן גאָט. ער האָט דערזען אַ געזעמל לעבן אַ שול. ווען ער איז צוגעקומען נעענטער, האָט מען געמאַכט אַן

אָרט פאַר אים... אין עטלעכע פענצטער זענען די שויבן געווען אויסגעבראָכן, און די די ווענט באַשמירט מיט „סוואַסטיקעס".

— ווען איז דאָס געשען? — האָט ער געפרעגט.

— ווייזט אויס, אַז די כוליגאַנעס האָבן דאָס אָפּגעטאָן אינמיטן נאַכט.

— האָט מען שוין געלאָזט וויסן דער „פּאָליס"?

— ניין, מיר זענען נאָר־וואָס צוגעקומען.

וויקטאָר האָט טעלעפאָנירט דעם „פּאָליס סטעישאָן"; מיט אַ טאָן שאַרפער ווי געווייגלעך געמאָלדן: כוליגאַנעס האָבן אויסגעבראָכן די שויבן אין אַ „סינאַגאָג" און באַשמירט די ווענט מיט „סוואַסטיקעס"!

צוריקגייענדיק צו דער שול, האָט ער דערזען אָנקומען אַן אַלטן ייד; זיין ווייסע באָרד האָט פון ווייטנס געפלאַטערט ווי אַ שלום־פאָן. דערזעענדיק די צעבראָכענע שויבן און די „סוואַסטיקעס" אויף די ווענט, האָט זיך דער ייד אַ בויג געטאָן, ווי דער באָדן אונטער אים וואָלט זיך געשאָקלט. וויקטאָר האָט זיך מיט רעספּעקט אָפּגערוקט, געמאַכט אָרט פאַר אים און געטראַכט: דער אַלטער פּאַטריאַרך וואָלט אפשר געקאָנט ענטפערן אויף אַ סך גישט־קלאָרע געדאַנקען, וואָס קריכן אים לעצטנס אין קאָפּ אַריין. ער האָט געשטעלט אַ טריט צו אים. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דעם יידנס צערפּולע אויגן האָבן געקוקט אויפן פּאָליסמאַן אָן צוטרוי און מיט אַ שוואַכן פאָרוואורף. וויקטאָר האָט זיך פאַרמאָסטן אים צו זאָגן, אַז ער איז אויך אַ ייד; אַ סך זאַכן האָט ער אים געוואָלט זאָגן, אויסרעדן זיך פאַר אים, ווי פאַר אַ רבין, אַ הייליקן מאַן — נאָר ער איז געבליבן שטיין שטייף און קאַלט, ווי איינגעפרוירן אין זיין פּאָליציייאישן אוניפאָרם.

אין אויטאָמאָביל, וואָס איז אָנגעפאָרן, איז געזעסן אַ פּאָליסמאַן און אַ געהיים־אַגענט. זיי האָבן אויסגעפרעגט דעם שמש פון דער שול, אַן אַלטן ייד מיט צעשראָקענע אויגן, מיט אַ צעשראָקענער באָרד, וואָס האָט געציטערט אין ווינט, און מיט אַ גרוי צעקנייטשט פּנים.

דאָס איז שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס זיי ברעכן אויס די שויבן און פאַרשמירן די ווענט — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטיקל פאָרוואורף.

— האָט זיי עמעצער געזען?

— ניין, זיי טוען דאָס אָפּ, ווייזט אויס, אינמיטן דער נאַכט.

וויקטאָר האָט געשפּאַנט אַ פאַרטראַכטער צווישן די הויכע, גרויע הייזער מיט אַרויסגעהאָנגענער וועש — פאָנען פון אָרעמקייט, ווו עס

ווינען יידן, אירלענדער, פּאָרטאָריקאַנער און איטאַליענער. די צעבראָכענע שויבן אין די פענצטער־לעכער פון דער שול זענען אים געשטאַנען פאַר די אויגן. די „סוואַסטיקעס“ זענען ווי שוואַרצע רויב־פייגל אים נאָכגעפלויגן, געדרייט זיך אַרום זיין קאָפּ און פאַרמאָסטן זיך מיט די שנאָבלען איינצובייסן זיין האַלדז, קראַקענדיק: „יידלמאַן, יידלמאַן!“

— ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געזאָגט צו גאָלדין:

— בוליגאַנעס האָבן היינט אָנגעשמירט סוואַסטיקעס אויף די ווענט פון אַ „סינאַגאָג“ און אויסגעבראָכן די שויבן.

— האָט מען זיי געכאַפּט?

— ניין, זיי האָבן דאָס אָפּגעטאָן אינמיטן דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפן.

— וויקטאָר, איך האָב מורא, אַז די פּאָליס שלאָפן אויך — האָבן אירע אויגן אַ בייזן בליץ געטאָן. — מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט מען אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע אין אַ „סינאַגאָג“, און אין ברוקלין האָט מען געשאָסן אויף אַ יונגן ראַבאַי!

— די, וואָס האָבן געשאָסן אויף דעם ראַבאַי, די, וואָס האָבן באַשמירט די ווענט און אויסגעבראָכן די שויבן, וועט מען אויך כאַפּן.

— איך האָף אַזוי. און וואָס גיכער, אַלץ בעסער. איך געדענק, ווי מיין מאַמע פלעגט מיר דערציילן פון די פּאָגראָמען אויף יידן אין דער אַלטער היים אונטערן צאַר. אָבער אַז דאָ זאָל אַזוינס געשען — איז אַ שאַנדע!

— מעגסט דאָס נאָך אַמאָל זאָגן — איז וויקטאָר מסכים. — אָט האָט מיך אַנומלטן אַ ברודער־פּאָליסמאַן, שטעל דיר פאָר, גערופן נישט ווילמאַן, נאָר „יידלמאַן“.

— און דאָ האָסט געשוויגן? וויקטאָר!

— ס'איז געווען אין „פּאָליס סטעישאָן“. ווען כ'דערלאַנג אים אַ קלאַפּ, ווער איך אויס פּאָליסמאַן און כ'וואָלט נאָך אפשר פאַרלוירן מיין פּענסיע אויך. נאָר איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט אָפּצורעכענען זיך מיט אים, ווען מיר וועלן ביידע זיין אין ציווילע קליידער!

— דענקסטו נישט, וויקטאָר, דו זאָלסט אים לאָזן לויפן ווי אַ הונט, דעם אַנטיסעמיט? זאָל ער קומען אויף אַנדערע הענט. דיינע אַ פּאָר קלעפּ קאָנען אים אינגאַנצן אַוועקלייגן, און ס'וועט אויסגיין צו דיין קאָפּ...

— אָ, ניין, איך וועל אים דאָס נישט שווייגן. אַז אפילו איך וועל אים בלויז גלעטן, וועט ער אויך האָבן גענוג... ער וועט בלייבן לעבן.

איידער זיי האָבן זיך געזעצט עסן, האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן קאָ־
מאָד, און זיינע אויגן זענען פאַרשאַרפט געוואָרן:

— גאָלדי, ווו זענען די שליסלען צו מיין „קאַר“?!

— די שליסלען?

— יאָ, די שליסלען! איך האָב זיי אינדערפרי אַוועקגעלייגט אויפן קאָמאָד. ווו זענען זיי אַהינגעקומען?

— איך ווייס נישט, ווו דיינע שליסלען זענען.

— דו מאַכסט זיך נישט וויסנדיק. דזשעק האָט זיי גענומען. און איך האָב אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך נישט וואַגן צורירן צו מיין „קאַר“. ווי אַ גנב דאַרף מען אים היטן!

— ער איז נישט קיין גנב. מעגסט זיך שעמען אַזוי צו רעדן וועגן דיין זון! און אויב אפילו ער האָט יאָ גענומען דעם „קאַר“, זע איך נישט איין, ער זאָל האָבן באַגאַנגען אַזאַ פאַרברעכן. אַ בחור וויל אַמאָל „אויס־גען“ אַ מיידל. איז וואָס? ס'איז דאָך דיין זון, דיין בלוט און פלייש. פאַרוואָס ביסטו אַזוי אויפגעבראַכט אויף אים?

— פאַרוואָס? ווייל ער איז שוין צוויי מאָל אין מיין „קאַר“ אַריבער־געפאָרן רויטע ליכט! אַ שיין פנים האָט אַ פאָליסמאַן, ווען מען דער־לאַנגט אים אַ „טיקעט“.

— ס'קאָן זיך טרעפן ביי יעדן איינעם.

— ביי אים טרעפט דאָס שוין צו אָפט. ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו נעמען מיין „קאַר“. זאָל ער אַרבעטן און זיך קויפן אַ „קאַר“!

— ער זוכט אַרבעט.

— אַזוי ווי ער זוכט, וועט ער קיינמאָל נישט געפינען!

— וויקטאָר, דיין שלעכטסקייט מאַכט מיך קראַנק! דער „באָי“ איז צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער פון דער מלחמה, און דו האָסט נישט קיין איינזעעניש מיט אים. איר פלעגט דאָך אַמאָל זיין ווי נאָענטע פריינד.

— אַמאָל, איידער ער האָט זיך פאַרנומען אויף קרומע וועגן.

— וואָס פאַר אַ קרומע וועגן?

— ער שלעפט זיך אַרום מיט אַ פאַרדעכטיקטער חברה: ווערט פאַר־פאַלן אויף גאַנצע נעכט!

— ער איז נישט קיין מיידל; ער וועט דיר קיין אומגעזעצלעך קינד נישט אַהיימברענגען.

— גאָלדי, איך זע מיך אָן מיט געגוג זאַכן. ער וועט אונדז נאָך פאַרשווארצן דאָס פנים!

— וויקטאָר, דו רעדסט פון היץ!
— איך רעד פון היץ?
— יאָ, פון היץ! געהערט, וואָס ער טראַכט אוים אויפן ייִנגל! דאָס האָט ער דיין דאַנקבאַרקייט דערפאַר, וואָס ער איז געגאַנגען אַוועקגעבן זיין לעבן צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד?
— ער איז נישט געגאַנגען; מען האָט אים געשלעפּט...
— דו קאָנסט אַלץ מאַכן מיאוס. ער איז יונג. אין די יאָרן בלאָנ־דזשען זיי. ער וועט זיך נאָך באַקענען מיט אַ פיין מיידל, חתונה האָבן און האָבן אַזאַ דערפאָלג אין לעבן, ווי אַנדערע, וואָס קוקן מיט בייז בלוט דורך טונקעלע ברילן... גיב אים אַ געלעגנהייט.
— געבן אים אַ געלעגנהייט איבערצופּאָרן מענטשן? מען זאָל אים פאַרשפאַרן אין טורמע, ער זאָל ברענגען שאַנדע אויף אונדז?
— ער איז נאָך קיינעם נישט איבערגעפּאָרן. דאָס טראַכט אוים דיין „פּלאַטשיקער קאָפּ"! — האָבן שוין אירע אויגן אַ בליץ געטאָן.
איר אויסדרוק „פּלאַטשיקער קאָפּ" האָט וויקטאָרן אַ ברען געטאָן: נאָך ווייניק, וואָס מען וואַרפט פאַר אַ פּאָליסמאַן זיינע „פּלאַטשיקע פיס", מוז ער נאָך האָבן אַ פּלאַטשיקן קאָפּ אויך?
און אפשר, האָט ער שנעל אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז זי גערעכט? אָט צעטומלען אים די געדאַנקען, וואָס קריכן אים לעצטנס אין קאָפּ אַריין; ער טראַכט און טראַכט ביז ס'קומט אַרויס אַ שווייס אויף אים, און קיין ענטפער האָט ער נישט, און עמעצן פרעגן שעמט ער זיך. זי ווייסט דאָך אָבער נישט דערפון, טאָ פאַרוואָס האָט זי אַזוי צעלאָזט די צונג? ס'איז אויסגעבראָכן צווישן זיי אַ שאַרפער קריג. ביידע האָבן געגומען הויכע טענער. זי האָט, ווי געוויינלעך, אים איבערגעשריגן; אירע גרינגע אויגן האָבן געבליצט ווי ביי אַ קאַץ, ווען מען טרעט אַרויף אויף אירע קעצלעך; אירע געלע לאָקן האָבן זיך געטרייסלט, געציטערט, ווי אין אַ שטורעם־ווינט, זי איז אים גע־שפּרונגען אין פּנים אַריין מיט אירע שאַרפנעגלדיקע הענט. און ער, דער גרויסער, שטאַרקער פּאָליסמאַן, האָט זיך גערוקט הינטערווייַלעכטס. נאָך אַ גליק, וואָס ס'איז אַריינגעקומען זייער טאָכטער, געניסי, און אָפּגעהאַקט דעם קריג.
וויקטאָר האָט פּלוצעם געקוקט צעטומלט און דערשטוינט אויף דער טאָכטער, ווי אַלץ ביז איצט, איינגעשלאָסן די ווילדע קריג־סצענע, וואָלט געווען אַ בייזער חלום. — ס'איז מיט דרייסיק יאָר צוריק... און גאָלדי, זיין געליבטע, איז אַריינגעקומען. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז באַרואיקט.

וויקטאָר האָט געעפֿנט אַ צייטונג און געפּרוּווט לייענען. גאָלדי האָט גע־גרייט צום טיש. אַ ביסל שפּעטער האָט אים די טאָכטער, וואָס איז געווען זיין ליבלינג, געפֿרעגט:

— ווי פֿילסטו זיך, פּאַפּאַ?

— פֿיין, אויסגעצייכנט, אפֿשר זאָלן מיר גיין טאַנצן?!

— וואָס איז?

— גאָרנישט. וואָס זאָל זיין? אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג.

זיי האָבן שטיל געגעסן די וועטשערע. גאָלדי האָט פֿון צייט צו צייט געטאָן אַ נערוועזן שלוקערץ. וויקטאָר האָט פֿאַררויכערט, געפּרוּווט לייענען די „פּאָלים גאַזעט" און נישט באַנומען וואָס ער לייענט. זיינע געדאַנקען זענען נאָכגעפֿלויגן דעם אויטאָמאָביל, וואָס זיין זון דזשעק האָט ערגעץ שנעל געטריבן, מעגלעך נאָך אין אַ שיכורן צושטאַנד. ער האָט געזען, ווי אַ פּאָליסמאַן פֿליט אים נאָך אויף אַ „מאָטאָר באַיק"; געהערט דעם דראָענדיקן, לאַנג־אויסגעצויגענעם פֿייף פֿון זיין סירענע!

שפּעט ביינאַכט. וויקטאָר קאָן נישט איינשלאָפֿן. זיינע אויערן זענען אָנגעשפּיצט צו דער טיר, צו דער גאַס. יעדעס מאָל, וואָס אַן אויטאָמאָ־ביל פֿאָרט פֿאַרביי, בעט ער אין האַרץ, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן ביי זיין הויז, דזשעק זאָל אַרויסקומען מיט זיינע יונגע, פֿלינקע טריט, וואָס דער־מאָנען אים, ווי אַזוי ער פֿלעגט אונטערטאַנצן אין „רינג" בעת אַ פּויסט־צו־פּויסט פֿאַרמעסט. דזשעק — דאָס איז ער אַליין מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק...

גוט, וואָס מען קאָן נישט אַריינקוקן אין אַ מענטשנס קאָפּ און לייע־נען זיינע געדאַנקען! די וועלט וואָלט חרוב געוואָרן... ער האָט דזשעקן ליב. ער זעט ז י ך אין אים... כאָטש זיי האָבן זיך שוין איינמאָל אין אַ שאַרפֿן קריג דערלאַנגט מיט פּויסטן... ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו געבן לייכטע קלעפּ. דזשעק איז אַרויס דער זיגער... מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ, ווי אַ שטאָלצער האָן... און אַז דער זון וועט איצט אַריינקומען און זיך אונטערפֿייפֿן אַ פּאָפּולער לידל, וועט אים, וויקטאָרן, ווערן גוט אויפֿן האַרץ, און ער וועט קאָנען רואיק איינשלאָפֿן. די אויטאָמאָבילן זענען אָבער פֿאַרבייגעפֿאָרן און פֿאַרשטאַרקט די שרעק אין אים. דער זייגער איז שוין געווען צוויי ביינאַכט — און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ! וויקטאָר האָט גע־זען פֿאַרשידענע שרעק־בילדער, וואָס האָבן זיך אין דער פֿינצטער שנעל געדרייט פֿאַר זיינע אויגן: ער האָט זיך אַליין דערזען נאָכפֿליען אין אַ „מאָטאָר באַיק" נאָך אים. דזשעק האָקט איבער רויטע ליכט. אַ סך פֿאָ־

ליטלייט יאָגן זיך שוין נאָך אים. ער שיסט אים נאָך. דזשעק שיסט צו־ריק — ער רייבט זיך דעם שטערן. עפּעס איז לויז געוואָרן ביי אים אין קאָפּ... איין געדאַנק זשומט העכער פון אַלע אַנדערע: „פאַרוואָס פירט גאָט אַזוי די וועלט? ער קאָן דאָך מאַכן אַ גוטע וועלט, אַ פרידלעכע, מיט גוטע זין און גוטע ווייבער. אָבער ס'איז ווידער דאָס זעלבע: ס'איז נישט פאַר זיין קאָפּ... אָט באַפאַלט אים שוין ווידער אַ שוויים... ער ליגט וואָך אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט מיד, און שלאָפט איין.

...ער זיצט ביים טיש און שפּילט מיט גאָלדין אין קאָרטן. עפנט זיך די טיר און ס'קומען אַריין זיינע צוויי פריינד, „דעטעקטיווס" (גע־היים־אַגענטן) און באַגריסן אים קאַלט.

— וואָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם אומדערוואַרטן וויזיט?

— וויקטאָר, עס טוט אונדז לייד.

— וואָס טוט אייך לייד? וואָס פאַר אַ שפּאַס איז דאָס?

— ס'איז נישט קיין שפּאַס. מען דאַרף דיך אין די „העדקוואָטערס".

— איצט אין די „העדקוואָטערס"? צוליב וואָס?

— מען האָט געמאַכט אַן איבערפאַל אויף אַ בראָנפן־געשעפט. דער אייגנטימער איז דערשאָסן געוואָרן. דער רויבער איז אַנטלאָפן אין אַ „קאַר".

— טאָ וואָס האָט עס מיט מיר צו טאָן?

— ס'איז דיין „קאַר".

— מיין „קאַר"? — איז וויקטאָר בלאַס געוואָרן.

— יאָ, מען האָט אַראָפּגעכאַפּט די „לאַיסנס"־נומערן.

אין דער פּאָליציי־סטאַנציע האָט דער פּאָליסמאַן אָ'קאָנאָר אויס־גערופן:

— אָט איז אונדזער „יידלמאַן", וואָס האָט געוואָלט שנעל רייך ווערן!

וויקטאָר טוט זיך אַ לאָז אויף אים. שטאַרקע הענט האַלטן אים צוריק; ער רייסט זיך פון זיי און כאַפּט זיך אויף...

די שויבן ווערן שוין גרוי. דזשעק פייפט זיך אונטער אַ פּאָפּולערן ראָמאַנס... אַ שטיין פאַלט וויקטאָרן אַראָפּ פון האַרצן. עס וועט זיך נאָך אפשר אַלץ אויסלאָזן צום גוטן, טראַכט ער. נאָך אַלעם איז דזשעק אַ ווילער בחור און ס'איז גוט, וואָס ער ווייסט נישט דעם טאַטנס גע־דאַנקען וועגן אים. גאָלדי איז אפשר גערעכט: ער איז נאָך יונג.

וויקטאָר פאַלט צוריק שלאָפן מיט אַ באַרואיקט האַרץ און כאַפּט זיך אויף, ווען ס'איז שוין גרויסער טאָג. ער גייט אַרויס פון בעט און נעמט אַ קאַלטן שפּריץ. ראַזירנדיק זיך, הערט ער פון צווייטן צימער, ווי דזשעק זאָגט צו גאָלדין:

— מאַמע, איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ מיידל.

— זאָל דיר זיין מיט גליק, מיין זון. ווער איז זי?

— זי איז דאָס בעסטע מיידל.

— איך פאַרשטיי אַזוי... נאָר וואָס טוט זי? ווער זענען אירע עלטערן?

— רייכע מענטשן. און דאָס שרעקט מיך... זי איז אין מיר אויך פאַרליבט. אָט וועט זיין איר געבוירנטאָג און איך דאַרף איר קויפן אַ שיינע מתנה.

— ווייסט זי, אַז דו ביסט אַן אָרעמער בחור?

— זי וויל נישט וויסן פון דעם... מאַמע, זי איז נישט ווי אַלע אַנדערע מיידלעך!

— נו, מיין זון, וואָס קאָן איך דיר זאָגן: אַ האַרץ ווייסט נישט פון אָרעם און רייך... פונדעסטוועגן וואָלסטו איר געמעגט לאָזן וויסן דיין שטאַנד. זי איז צוגעוווינט צו אַ רייך לעבן. זיי פאָרזיכטיק! לאָז איר אַלץ וויסן, און זיי נישט געפאַלן ביי זיך. צו האָבן אַ טאַטן אַ פּאָליסמאַן איז נישט קיין אומכבוד און דיין טאַטע איז אַן ערלעכער מענטש. ער דינט געטריי. ער קאָן רעדן מיט אַ מענטשן אַ וואָרט, און אַמאָל פאַלן אים אפילו איין הויכע געדאַנקען...

גאָלדים לעצטע ווערטער האָבן וויקטאָרן אַ וואַרעם געטאָן... נאָר זיין האַרץ איז ווידער געוואָרן באַשווערט: דער זון איז אַוועק אויף אַ ריזיקאַלישן וועג: דער רעקאָרד פון אָרעמע בחורים, וואָס באַקענען זיך מיט רייכע מיידלעך, איז נישט קיין גוטער. און פאַרוואָס האָט גאָט באַשאַפן אָרעמע און רייכע?

פון וויקטאָרס לעצטן יאָר דינסט ווערט אַלץ ווייניקער. עס דערנעענטערט זיך דער טאָג, ווען ער וועט ווערן פריי פון דינסט און לעבן אויף פענסיע. און קיין רויב-אָנפאַלן, ווי ער האָט געבעטן גאָט, זענען אויף „זיין טעריטאָריע" נישט פאָרגעקומען. ער וועט פאַרענדיקן אָן בלוט-פאַרגיסונג. נאָר דזשעק ליגט אים שווער אויפן געדאַנק. ער איז פאַרליבט אין אַ רייך מיידל. דאָס איז אַ גליטשיקער וועג...

ס'איז אַ זוניקער טאָג. וויקטאָר שפּאַנט אין גאַס מיט פרייִדיקער דערוואַרטונג. ס'איז געבליבן אַ צוויי וואָכן צו זיין פאַרענדיקן די פּאָ־ליציי־דינסט. באַלד וועט ער קאָנען אָפּרוען זייגע פיס; אַריינקוקן אין אַ זשורנאַל, אַ בוך. ער וועט שפּאַצירן מיט גאָלדין, און מענער וועלן פאַררייסן די קעפּ צו איר, צו דער שיינער „גראַנד דאַמע" מיט די גאָלדע־נע לאָקן (וואָס זי לאָזט נישט ווערן גרוי). אַן אויסגערוטער וועט ער ווערן שטאַרקער, יינגער, און גאָלדי האָט אים נאָך אַלץ ליב.

פּלוצעם טוט אים אַ שווינדל פאַר די אויגן: פון אַ באַנק לויפט בליץ־שנעל אַרויס אַ בחור מיט אַ רענצל אין דער האַנט. עמעצער יאָגט אים נאָך מיט אַ פאַרשטיקט צעשראָקן געשריי. אַ פּאָליסמאַן שיסט אים נאָך. יענער שיסט צוריק. דער פּאָליסמאַן פאַלט. וויקטאָר מוז טאָן זיין פליכט! ער שיסט אויפן רויבער. יענער כאַפּט זיך ביים האַרץ און פאַלט אום. ער לאָזט אַרויס דאָס רענצל פון האַנט. געשען איז דאָס אַזוי אומ־געריכט און געדויערט עטלעכע סעקונדן, אַז וויקטאָר באַנעמט נאָך נישט, וואָס דאָ איז געשען. זיין האַנט ציטערט, און ס'האַרץ קלאַפּט! דאָס פּנים פונעם בחור האָט ער נישט געזען, נאָר דער קאָפּ ברוינלעך־געלאָקטע האָר, ווי ביי זיין זון דזשעק... ס'קאָן דאָך מעגלעך זיין, ווערט זיין בלוט פאַר־קילט פונעם געדאַנק... ער האָט אָבער געמוזט טאָן זיין פליכט.

עס פליען אָן פּאָליסלייט אויף „מאָטאָר באַיקס"; עס פייפט די סי־רענע פון אַן אַמבולאַנס. וויקטאָר ראַפּאָרטירט צום „סאַרדזשענט"; שטרענגט זיך אָן, אַז זיין קול זאָל זיין רואיק, נישט ציטערן. מען טראָגט דעם רויבער אַ פאַרבלוטיקטן אין אַמבולאַנס אַריין. וויקטאָר האָט מורא אַ קוק צו טאָן אויף זיין פּנים... גאָט האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיין געבעט, אַז ער זאָל אַרויס פון דינסט אָן פאַרבלוטיקטע הענט. ער האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט אין גאַס, כאָטש די פיס האָבן זיך אונטער אים געבראָכן. ער האָט מורא געהאַט אַהיימצוגיין, באַגעגענען זיך מיט גאָלדין. דאָס לעבן פון זייער זון איז געהאָנגען אויף אַ האָר... אויב דאָס איז טאַקע דזשעק, פאַרלירט ער גאָלדין אויך. ווער ווייסט ווי לאַנג ער האָט זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט אין גאַס.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. די ציישונגס־פאַרקויפער רופן אויס די לעצטע נייעס. זיין האַרץ ציטערט. ער האָט געוואָלט פאַרשטאָפּן זיך די אויערן. ער האָט מורא געהאַט צו קויפן אַ ציישונג און אויסגעפינען דעם נאָמען פון רויבער. נאָר ווי לאַנג וועט ער זיך אַזוי אַרומדרייען? ער־שלעפּט שוין נאָך די פיס. ער מוז פאָרט אַהיימגיין. וו וועט ער זיך

אַהינטאָן? פֿון אייגענעם האַרץ און פֿון די אייגענע געדאַנקען קאָן מען נישט אַנטלויפֿן. און אויב דאָס זאָל האָבן געווען דזשעק, האָט ער בלויז איין אויסוועג: אַריינשיסן זיך אַ קויל אין קאָפּ. די זון פֿאַלט אַראָפּ אויף די הויכע טענעמענט־הייזער אויך מיט אַ פֿאַרבלוטיקט האַרץ. דאָס איז אפשר גאָטס האַרץ, וואָס בלוטיקט פֿאַר די זינד פֿון מענטשן, ווי ער האָט אַמאָל געהערט אַ פּריסטער פּרעדיקן.

גאָלדי גייט אים אַנטקעגן! זי שפּאַנט מיט אַליאַרמירנדיקע טריט. איר פּנים איז בלייך און צעקנייטשט:

— וויקטאָר!

— וואָס איז געשען, גאָלדי?

— אונדזער זון, דזשעק!

— וואָס איז געשען מיט דזשעקן?! — פֿרעגט ער מיט אַ פֿאַר־שטיקט קול.

— מען האָט אים אַרעסטירט!

— אַרעסטירט? פֿאַרוואָס?

— ער האָט געגנבעט אַ דימענט־רינג. אוודאי פֿאַר זיין כלה גע־בוירנטאָג. וויקטאָר, ביסט געווען גערעכט. ער האָט געבראַכט שאַנד אויף אונדז. מיר האָבן אים פֿאַרלוירן!

— ווי לאַנג ער לעבט, גאָלדי טייערע, האָבן מיר אים נאָך נישט פֿאַרלוירן — האָט ער געזאָגט מיט אַ דערפֿרייט האַרץ...

— וויקטאָר, דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט... דיינע געדאַנקען זענען עפּעס נישט קלאָר. איך האָב מורא, אַז איך פֿאַרליר דיך אויך!

— מאַכסט אַ טעות. איך בין ביי מיין קלאָרן פֿאַרשטאַנד. דזשעק איז נאָך יונג; ער האָט נאָך אַ געלעגנהייט גוט צו מאַכן. לאָמיר זיין צו־פֿרידן, וואָס ער לעבט.

— וויקטאָר! מען דאַרף שוין טעלעפֿאָנירן צו אַ לאָיער! און דיך דאַרף מען פֿירן צו אַ פּסיכיאַטער! — האָט זי מיט שרעק געקוקט אויף אים...

# גרויע שלאַנגען

(דערציילונג)

שוין אַ לאַנגע צייט, ווי בערנאַרד פאַרבשטיין ליידט פון אַ הוסט. אָנגעהויבן האָט עס זיך פון אַ הוסטל, וואָס ער האָט קיין אַכט נישט געלייגט אויף דעם. מיט דער צייט האָט זיך דער הוסט אַזוי פאַרטיפט, פאַרשטאַרקט, איינגעגראָבן זיך אין אים, אַז לעצטנס, ווען ער צעהוסט זיך, טרייסלט עס אים אַזוי אויף, ווי די ערד אונטער אים וואָלט זיך געשאָקלט. אַזוי איז ער אַ געזונטער מענטש. עסט, טרינקט. דער מאָגן אַרבעט גוט. ס'האַרץ איז גוט. צו זעכציק יאָר שפּאַנט ער נאָך ווי אַ סאָלדאַט: דעם קאָפּ אויפגעהויבן, די ברוסט אויסגעשטאַרצט, ס'פּנים פריש, ווי פאַררויטלט פון ווינט. שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן, ווי די פרייד פון לעבן וואָלט פון זיי אַרויסגעלויכטן — נאָר דער הוסט! דאָקטוירים פאַרשרייבן אים מעדיצינען. די ערשטע צייט העלפן זיי אַ ביסל; שפּעטער הערן זיי אויף צו ווירקן. איז באַשלאָסן געוואָרן, ער זאָל דורכמאַכן אַ מעדיצינישע אָבסערוואַציע.

אין אַ זוניקן פרימאָרגן, אָנהייב פרילינג, איז ער געזעסן מיט זיין ווייב בעקי אין דער „לאַבי“ פון שפּיטאָל און געוואַרט, ס'זאָל באַשטימט ווערן אַ בעט פאַר אים. שוין באַלד אַ שעה, ווי ער וואַרט, ווערט אומגעדולדיק, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, פאַרציט זיך טיף. אויפן וועג צו די לונגען טוט אים דער רויך אַ ביס אין האַלדז, און ער שטרענגט זיך אָן נישט צו הוסטן. — רויכערסט שוין ווידער?! בערנאַרד, דער רויך איז דאָך נישט גוט פאַר דיין הוסט, ס'איז ווי דו וואָלסט געשאָטן זאַלץ אויף אַ וווּנד! — אַפּעלירט זיין ווייב צו אים.

— וואָס פאַר אַ וווּנד?

— דער הוסט.

— איך הוסט איצט נישט.

— האָסט אַ גאַנצע נאַכט געהוסט. דאָקטוירים זאָגן — —

— דאָקטוירים ווייסן נישט פון זייערע הענט און פיס. כ'האָב אַלע מיינע יאָרן געדרויבערט און בין קיינמאָל נישט קראַנק געווען.

— ביסטו איצט קראַנק. האַקסט האָלץ גאַנצע נעכט, האָסט פאַר־לוירן דעם אַפּעטיט צום עסן.

— אָ, וואָס דו קאָנסט אַלץ אויסטראַכטן! אַ נייע מעשה, איך עס נישט. און וואָס האָבן די דאָקטוירים געטאָן פאַר מיר? זיי טאַפּן אין דער פינגער, פאַרשרייבן מעדיצינען, וואָס קאָסטן אָפּ גאָלד און העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. כ'האָב שוין אַ קליינע „דראָג סטאָר“ אין הויז. און ערשט איצט הייסן זיי, איך זאָל זען אויסצוגעפינען וואָס מיר איז. און אַז דו וועסט מיך פרעגן, וועל איך דיר זאָגן, אַז מיר איז גאָרנישט. טויזנ־טער מענטשן הוסטן. קאָרג־שטויב און גאַז אָטעמט מען אַריין אין דער גרויסער שטאָט?

— אַ הוסט צו אַ הוסט איז נישט גלייך, און די לעצטע צייט שפּייסטו אויס שטיקלעך לייבעץ.

— פלעגמע, מיינסטו.

— רוף עס ווי דו ווילסט. ס'קוקט אויס פאַרדעכטיק.

בערנאַרד האָט געשוויגן. ער איז מיד געווען מיט איר צו דיסקוטירן. ער ווייסט, אַז זי וועט נישט „אָפּשטיין“: זי מוז אויספירן אירס. וועט ער איר נאָכגעבן, גיין אויף אַ פּאָר טעג אין שפּיטאָל, און זאָל זי זיך אָפּ־טשעפּען פון אים...

— מיר זיצן שוין דאָ אַריבער אַ שעה. פאַרוואָס נעמט עס ביי זיי אַזוי לאַנג? — האָט ער גערעדט אין אַ טאָן, ווי ער וואָלט געהאַט אַ טענה צו איר.

די אַנדערע קראַנקע, וואָס האָבן אויך געוואַרט מען זאָל זיי אויפ־נעמען, האָבן נערוועז געבלעטערט זשורנאַלן. אייניקע האָבן געדרויבערט. צייטנווייז האָט מען אַרויסגעפירט אויף אַ רעדל־שטול אַן אויסגעשריבע־נעם פּאַציענט מיט אַן אויסגעבלייכט פּנים און אַ פרישע האָפענונג אין די מידע טונקעלע אויגן. די קראַנקע זענען אים מקנא געווען, געווונטשן זיך, זיי זאָלן שוין האַלטן דערביי.

— בערנאַרד פאַרבשטיין! — האָט מען אויסגערופן.

בערנאַרד און זיין פרוי האָבן זיך האַסטיק אויפגעהויבן. דער עלעוועי־טאָר האָט זיי אַרויפגעפירט אויפן זעקסטן שטאָק. אין אַ קליין צימער זענען געשטאַנען דריי בעטן. אויף צוויי זענען געלעגן קראַנקע. די נוירס

האָט אים אָנגעוויזן אויפֿן דריטן בעט, לעבן דער טיר און אים פֿאָרגע־שטעלט. — דאָס איז, מיסטער פֿאַרבשטיין, מיסטער טאַוב, מיסטער סטעינגרעס.

בערנאַרד האָט באַמערקט שטויב אויפֿן דיל. די פֿענצטער זענען גע־ווען פֿאַרמאַכט.

— קאָן מען עפֿענען אַ פֿענצטער? — האָט ער געפֿרעגט די „נוירס“.

— די אַנדערע צוויי „דזשענטעלמענען“ קאָנען נישט פֿאַרטראָגן קיין ווינט — האָט זי געשמייכלט. זי איז געווען אַ יונגע „סטודענט־נוירס“.

בערנאַרד איז געלעגן אין בעט אין לאַנגן שפּיטאָל־העמד און שוין אַרויסגעקוקט מיט בענקשאַפֿט דורך די פֿאַרמאַכטע פֿענצטער צום זוניקן דרויסן. ער האָט זיך געפֿילט געפּלעפֿט און דערדריקט, אַריינגעקוקט אין אַ זשורנאַל און גאָרנישט געזען. ס'האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט איינגערעדן פֿון ווייב און קומען אין שפּיטאָל. מיד געוואָרן צו ליגן, איז ער אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר. פֿון אָפֿענע טירן האָט מען געזען קראַנקע אויף די בעטן מיט בלייכע, צעשראָקענע פּנימער. ער איז צוריק אַריין אין זיין צימער, איינער פֿון די צוויי קראַנקע האָט געדרימלט. דער אַנדערער האָט אַרויס־געקוקט מיט אַ בלאַסן, געקנייטשטן שטערן און פֿיבערדיקע אויגן צום הימל.

דער דרעמלדיקער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. ער איז געווען אַ האַרץ־קראַנקער, אַ פֿעטער, באַדאַרפֿט פֿאַרלירן וואָג. דער דאָקטער האָט אים אָנגעזאָגט נישט באַוועגן זיך, נישט האַלטן אפֿילו אַ בוך אין דער האַנט, און נישט רעדן. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל דער דאָקטער האָט דאָס פֿאַרבאָטן, איז ער געווען זייער באַרעדעוודיק.

— איר קוקט אויס אַ געזונטער מענטש — האָט ער געזאָגט צו בערנאַרדן — וואָס איז אייך דען?

— אַ הוסט.

— צוליב אַ הוסט קומט מען אין שפּיטאָל? אַ הוסט איז אויך אַ קרענק?

— אַז מען האָט אַ ווייב, וואָס שלעפּט אייך צו דאָקטוירים, ווערט פֿון דעם אויך אַ קרענק.

— אַ הוסט לאָזט אַמאָל וויסן וועגן עפּעס, וואָס איז באַהאַלטן אין דער מענטשלעכער מאַשינעריע — האָט געזאָגט דער צווייטער קראַנקער, אַן אַנעמיקער, מיט אַ בלייך אויס־געצויגן פּנים, שאַרפֿן גאָרגל, דאַרן האַלדז און ביינערדיקער נאָז. ס'האָט זיך פֿאַרוויקלט אַ שמועס וועגן פֿאַר־

שידענע קראַנקהייטן, פֿאַרשידענע אָפּעראַציעס, גוטע און שלעכטע דאָק־טוירים, גוטע און שלעכטע „נוירסעס", און פֿאַרענדיקט האָט זיך דער שמועס וועגן דער ענגשאַפֿט אין שפּיטאָל און די נישט־סאַניטאַרע באַדינ־גונגען.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַ יונגער דאָקטער צוגעקומען צו בער־נאַרדס בעט. — מיר האָבן דעם רעזולטאַט פֿון אייערע „עקס־רעים".

— שוין צייט. איך האָב שוין קיין כוח נישט צו ליגן. פֿאַר אַ „טשעק־אַפּ" דאַרף מען האַלטן אַזוי לאַנג?

— מיסטער פֿאַרבשטיין, איר דאַרפֿט אָפּערירט ווערן.

— וואָס?!

— איר דאַרפֿט דורכגיין אַן אָפּעראַציע.

— פֿאַרוואָס?

— ס'ווייזט אַ פֿלעק אין דער לינקער זייט לונג.

— וואָס האָט אַ הוסט צו טאָן מיט אַן אָפּעראַציע? — האָט זיך בערנאַרד געפּרוווט דינגען.

— דער הוסט איז אַ רעזולטאַט פֿון עפּעס.

— פֿון וואָס? — האָט ער אַ ביסל דערשראָקן געפֿרעגט מיט טרו־קענע ליפּן.

— דאָס וועט מען זען.

— מוז מען טאַקע אָפּערירן?

— יאָ, און וואָס פֿריער — אַלץ בעסער!

אַז בעקי איז געקומען און דערהערט, אַז מען דאַרף אָפּערירן, איז זי גע־וואָרן צעטומלט און דערשראָקן, ווי זי וואָלט דערפֿילט די שאַרף פֿון אַ מע־סער ביים האַלדז, און געפּרוווט אים דערמוטיקן מיט אַ מעכאַנישן שמייכל:

— די היינטיקע דאָקטוירים, פֿאַר דער מינדסטער קלייניקייט איז — שניידן! ס'איז שוין געוואָרן אַזוי, אַז אַן אָפּעראַציע איז ווי אַרויסנעמען אַ צאָן...

— דער דאָקטער זאָגט, אַז וואָס שנעלער, אַלץ בעסער. וואָס זאָגסטו?

— וואָס קאָן איך זאָגן? — האָט זי געוואָלט פֿאַרברעכן די הענט און זיך צוריקגעהאַלטן.

— מען האָט מיר געהייסן אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר.

— האָסטו אונטערגעשריבן?

— כ'האָב נאָך געוואָלט אָפּוואַרטן, זיך באַראַטן מיט דיר, הערן וואָס דו וועסט זאָגן.

— וואָס קאָן איך זאָגן? די דאָקטוירים ווייסן בעסער. היינטיקע צייטן איז גישטאָ זיך וואָס צו שרעקן פאַר אַן אָפּעראַציע: פאַר דער קלענ־סטער זאַך אָפּערירט מען. איך קען מענטשן, וואָס האָבן שוין געהאַט פינף, זעקס אָפּעראַציעס, און גייען אַן מיטן לעבן, פאַרגעסן, אַז מען האָט זיי אָפּערירט.

בערנאַרד האָט געשוויגן. זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן און האָט זיך צוריקגעהאַלטן.

אין די אויגן פון די אַנדערע צוויי קראַנקע האָט מען געקאָנט זען, אַז זיי כאַפּן אויף די ערנסטקייט פון מאַן־און־ווייבס שמועס?

די זעלבע נאַכט האָט בערנאַרד אונטערגעשריבן ס'פּאַפּיר פאַר דער אָפּעראַציע.

— אַ „נוירס" האָט אויף אַ רעדלמיש אַריינגעפירט נאַכטמאָל פאַר די אַנדערע צוויי קראַנקע. פאַר בערנאַרדן נישט.

די אַלע, וואָס מען דאַרף מאָרגן אָפּערירן, קריגן נישט קיין עסן — האָט אים דער האַרץ־קראַנקער געלאָזט וויסן.

שפּעטער האָט מען אָנגעטאָן בערנאַרדן אַ גרוי מיצל אויפן קאָפּ, געגעבן אים אַ פּיל, פון וואָס ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ דרימל, דער־נאָך אין אַ טיפן שלאָף. אינדערפרי, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ פאַרטשאַדעטער, האָט מען אים אַריינגעלייגט אין אַ בעט אויף רעד־לעך, גענומען מיט אים אַזוי שנעל פאָרן, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים אַזש פאַרדרייט, די ווענט און די סטעליע האָבן אים אַנטקעגנגעטאַנצט. דערנאָך איז ער געלעגן אויף אַ טיש מיט אַ סך ליכט איבער זיך. דאָקטוירים, איינגעטונקען אין ווייסן, זענען געשטאַנען אַרום אים. ער האָט נאָר גע־זען זייערע אויגן. ער האָט דערפילט אַ שטאָך מיט אַ נאָדל און איז נישט געוואָרן...

ער איז געלעגן איינער אַליין אין אַ צימער און איז געווען איין שטיק ווייטיק. ער האָט נישט געוווסט, וואָס מיט אים קומט פאָר. אַ „ווייסער מלאך" האָט געשוועבט אַרום זיין בעט און אים געגעבן אַ קוש אין שטערן...

דער דאָקטער, וואָס האָט אָפּערירט בערנאַרדן, האָט געזאָגט צו בעקין: — מיר ווייסן שוין פון וואָס אייער מאַן ליידט. אויב איר זענט גרייט און ווילט וויסן, וועלן מיר אייך זאָגן.

— איך וויל וויסן — האָט זי געזאָגט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

— ער ליידט פון קענסער.

זי איז געוואָרן בלייך. געקומען צו זיך, האָט זי קוים אַרויסגערעדט:

— מען האָט דאָך אים אָבער אָפּערירט.

— מען האָט נישט אָפּערירט. געעפנט — און צוריק פאַרמאַכט.

— פאַרוואָס?

— צו שפּעט. די לינקע לונג איז צופיל אָנגעגריפן. מען האָט באַדאַרפט צופיל אויסשניידן.

— איז נישטאָ קיין האָפענונג?

— אויב איר ווילט און דאַרפט וויסן דעם אמת — ניין.

זי איז אַ ווײַלע געזעסן אַ צעטומלטע, ווי מען וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַ שווערער זאַך איבערן קאָפּ. דער דאָקטער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין. זי האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און געפרעגט: — ווי לאַנג קאָן ער אַזוי ציען?

— אַ יאָר, אפשר מער, אפשר ווייניקער.

— קאָן איך אים זען?

— יאָ, געוויס. נאָר אַ ביסל שפּעטער. זאָל ער קומען צו זיך.

— ווי לאַנג וועט ער זיין אין שפּיטאָל.

— איר דאַרפט אים אַהיימנעמען...

זי איז געזעסן ביי זיין בעט, אַריינגענומען זיין האַנט אין אירער, וואָס האָט אַ ביסל געציטערט און געפרעגט:

— ווי פילסטו זיך, בערנאַרד?

— שוואַך, ווען וועט מען מיך אָפּערירן?

— ס'איז שוין נאָך דער אָפּעראַציע, נאַרעלע. ביסט שוין איבערגעקומען!...

— שוין? — האָט ער מיט צופרידנקייט געפּרוווט אַרויסזאָגן, באַוועגנדיק שווער מיט די פאַרטריקנטע ליפּן.

— שוין. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט: היינטיקע צייטן אַן אָפּעראַציע איז ווי אַ צאָן אַרויסנעמען.

אין אַ וואָך האָט מען אים אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, און כאָטש ס'איז אַזאַ קורצע צייט זינט ער איז אַוועק פון הויז, האָט די היים ביי

אים אויסגעקוקט אַ ביסל אַנדערש און פרעמדלעך, ווי עפּעס וואָלט זיך געשטעלט צווישן אים און דעם פריערדיקן לעבן. בעקי האָט אים צוגע־טראָגן אין בעט אַריין אויף אַ טאַץ עסן, צו וואָס ער האָט זיך שוואַך צוגערירט.

ווי לאַנג דער הוסט האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט ער האַסטיק און זשעדנע גערויכערט. דער רויך האָט זיך געוויקלט און געדרייט איבער זיין קאָפּ, ווי גרויע שלאַנגען. און ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס בעקי רעדט אים נישט אויס לְמאַי ער רויכערט... פאַרקערט, זי קוקט אויף אים מיט אַ כּלה־שמייכל, ווי זי וואָלט זיך ערשט אויפסניי פאַרליבט אין אים... ער האָט געטראַכט: ס'איז גוט קראַנק צו זיין: אַלע האָבן דיך ליב, אַלע קריכן דיר אונטער די פיס — גאָר פונדעסטוועגן, ווי קאָן זי פאַר־שווייגן, ווען ער רויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן, און זי מאַכט זיך גאָר נישט זעענדיק?

אויפן טישל ביי זיין בעט זענען ווידער געווען אָנגעשטעלט פלע־שער און פלעשלעך מעדיצין. בעקי האָט געזען, ער זאָל זיי געמען רעגלמעסיק, אפשר וועלן זיי אים אַ ביסל העלפן, טאָן שאָדן קאָנען זיי דאָך אים נישט איצט... און זאָל ביי אים זיין דער איינדרוק, אַז מען קו־רירט אים, אַז ער קאָן נאָך געזונט ווערן. ווען די פילן האָבן אויפגעהערט ווירקן, און די וויטיקן זענען אים באַפאַלן, האָט אים די „נוירס" — וואָס מען האָט לעצטנס אָנגעשטעלט — געגעבן אַן איינשפּריץ און די שמערצן זענען ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען געוואָרן אויף אַ געווי־סער צייט, און שפּעטער צוריקגעקומען.

איינמאָל, ווען ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און מען האָט געמיינט, אַז ער שלאָפט, האָט ער געהערט דורך דער אָפענער טיר, ווי דער איידעם זאָגט צו זיין טאָכטער:

— ער דאַרף אָנשרייבן אַ „וויל".

— די מאַמע פאַרנעמט זיך אַליין אים דאָס צו זאָגן.

— ס'קאָן ווערן צו שפּעט. דער קאַנסער איז צו טיף אַריין אין זיי־נע לונגען. דער דאָקטער האָט אים מער ווי איין יאָר נישט געגעבן.

בערנאַרדס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן. ס'איז אים גע־וואָרן טונקל פאַר די אויגן, ער האָט גערופן בעקין.

— וואַסער!

— וואָס איז?

איידער זי האָט געבראַכט דאָס וואַסער, האָט ער פאַר־וואָרפן דעם קאָפּ. זי האָט אים שוין באַדאַרפט מיטן וואַסער באַגיסן.

ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער מיט ציטערדיקע ליפּן געזאָגט:

— איך ווייס שוין אַלץ. איר האָט מיך אָפּגענאַרט. אַלע זענט איר פאַלש, פאַלש! זיי האָבן געמיינט, אַז איך שלאָף, האָט דער געטרייער איידעם זיך שוין געקריגט מיט מיין טאָכטער, למאי מען זעט נישט איך זאָל שנעל אָנשרייבן אַ „וויל". מ'קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן, מען רייסט זיך שוין וועגן דער ירושה!

— ס'האָט זיך דיר אַזוי געמוזט חלומען; דיינע נערוון האָבן זיך צע־שפּילט.

— ס'האָט זיך מיר נישט געחלומט. איך ווייס שוין אַלץ, אַלץ...

— דו ווייסט גאָרנישט, וואָס דו רעדסט איצט. דו ביסט פאַרשלאָפן, פאַרטשאַדעט פון די מעדיצינען, האָט זיך דיר צעשפּילט די פאַנטאַזיע — ירושה גאָר!

זי האָט זיך שטאַרק געשראָקן, ער זאָל זיך נישט דערוויסן דעם אמת. זי האָט געוואָלט, אַז ס'זאָל אין אים נישט אויסגעלאָשן ווערן די האָפענונג, אַז ער וועט נאָך געזונט ווערן, אַז ער וועט נאָך לעבן און אפילו מאַכן די רייזע קיין ישראל, פון וואָס ער האָט יאָרן געחלומט. זי האָט זיך אויך געהיט, ער זאָל נישט זען, אַז זי שטאַרבט צוביסלעך מיט מיט אים, אַז איר פּנים איז געוואָרן בלייך און אויסגעצויגן. האָט זי באַ־נוצט פאַרב, און געשמייכלט. בערנאַרד איז געווען אַ שיינער מאַן. אין דער יוגנט איז ער גאָר שיין געווען. זי איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין אים, און זי האָט אים ליב ביזן היינטיקן טאָג.

ווען די ווייטיקן האָבן אים אָפּגעלאָזט און די זון האָט זילבערדיק צעצונדן ס'צימער, האָט בערנאַרד געטראַכט: אפשר האָט זיך אים טאַקע געחלומט אַזאַ פינצטערער חלום. בעקי לאַכט דאָך פון אים. קאָן זיין, זי איז גערעכט. נעמענדיק אַזויפיל מעדיקאַמענטן, איז זיין קאָפּ פאַרטשאַ־דעט, די נערוון צעשפּילט. אָט האָט זיך אים אַנומלטן געחלומט: אַ קרבן גראָבט אַ גרוב און רופט אים...

פאַר צייט־פאַרטרייב האָט מען אַוועקגעשטעלט אין צימער קעגנ־איבער זיין בעט אַ טעלעוויזאָר. אַז ס'איז אים מיאוס געוואָרן פון די מאָרדן, און די שיסערייען האָבן אים גענומען רוישן אין קאָפּ, האָט ער געפּרוווט אַריינקוקן אין אַ ביכל, נאָר ער איז געווען אַ שוואַכער לייענער.

פאַרקאָכט איז ער אַמאָל יאָ געווען אין די ראָמאַנען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין זיין צייטונג.

ס'האָט זיך געשמעלט דער זומער. די שטויביקע שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן אָנהיצן. דורך די אָפענע פענצטער האָט אַרייַנגעלייכט און אַרייַנגעבראַזגעט דער גאַסן־פאַרקער, צוזאַמען מיט זשעדנע פליגן, וואָס פלעגן זיך אַמאָל אָפּשטעלן אויף זיין אויער און אַרייַנזשומען אַהין אַ בייזע בשורה. ער האָט זיי געיאָגט, די פליגן, וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צו זיין פאַרשוויצט לייב און אים געוואָלט לעבעדיק אויפעסן. זיי, ווי דער איידעם און די קינדער, וואָס קריגן זיך שוין וועגן דער ירושה, האָבן אויך קיין צייט ניש...

איינמאָל איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ „קאָפּ“ אין אַ צייטונג: „אַ רעגירונגס־קאָמיסיע פון פראָמינענטע דאָקטוירים באַשטעטיקט, אַז אַ גרויסער פּראָצענט פון לונגען־קאַנסער קומט פון רויכערן“. ס'האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן. ער איז דאָך אַלע יאָרן געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער! הייסט עס, אַז דאָס וואָס דער איידעם האָט געזאָגט צו זיין טאָכטער, פאַרבייגייענדיק זיין צימער, מיינענדיק, אַז ער שלאָפט, איז אמת. ס'איז ניט געווען קיין חלום, ווי בעקי וויל אים איינרעדן. איצט ווייסט ער אויף וואָס ער קרענקט, איצט ווייסט ער, אַז ער שטאַרבט. דער גרויליקער געדאַנק פאַרקילט זיין בלוט און די ווייטיקן ווערן אַלץ אומברחמנותדיקער, אַלץ שטאַרקער, און ער — אַלץ שוואַכער. טעמפּע מעסערס שניידן זיין נאָך־לעבעדיק פלייש. אַ טויט־שווייס קומט אַרויס אויף זיין בלייכן, געקנייטשטן שטערן, וואָס הייבט זיך שוין אָן פאַרמירן אין אַ שאַרבן. און אַז די מעסערס הייבן זיך אָן שוין גאָר טיף אַרייַנשניידן אין אים און ער ווערט אַזש פאַרצאַפּלט פון ווייטיק, רופט ער מיט אַ טויט־דערשראָקן קול די „נוירס“, ווי אַ פייער וואָלט אויסגעבראָכן אין אים, און די פלאַמען ווילן אים איינשלינגען: — מערי! שנעל, אַן איינשפּריץ, אַ „שאָט“!

די איינשפּריצן האָבן וואָס אַמאָל ווייניקער געווירקט און מען האָט געמוזט אָפטער איינשפּריצן. די הויט אויף זיינע אָרעמס איז געוואָרן צעלעכערט ווי אַ זיפּ. כדי אָפּצוּווענדן דעם געדאַנק פון זיין שנעלן, אומפאַרמיידלעכן טויט, האָט ער צייטנווייז אַרייַנגעקוקט אין דער טעלעוויזיע: פאָרלעך האָבן זיך געליבט און געקושט און צום סוף זיך געקוילעט. הייגט די שיסערייען פון די „קאַו באָיס“! און די „קאַמוירשלס“. זיי נעמען דאָך דעם קאָפּ אַראָפּ. אָט ווייזט מען, ווי אַ גרופּע אַטלעטישע יונגעלייט און

מיידלעך רויכערן מיט גרויס הנאה פּאַפּיראָסן, און אַ גאַראַטאָר דער־קלערט מיט אַ זיס לאַשטשענדיק קול, וואָס פֿאַר אַ גרויס פֿאַרגעניגן דאָס פֿאַרשאַפֿט זיי. ער פֿאַרגלייכט דעם רויך צו אַ קיל, שמעקענדיק פֿרי־לינג־ווינטל. און די יונגעלייט און מיידלעך קוקן אויס אַזוי געזונט און גליקלעך, ווי יעדער ציִ פֿון פּאַפּיראָס דערלייגט זיי יאָרן לעבן. און דער רויך וויקלט זיך איבער זייערע קעפּ, ווי גרויע שלאַנגען. בערנאַרד זעט, ווי טויזנטער קראַנקע מיט לונגען־קאַנסער דרייען זיך אויף זייערע בעטן פֿון ווייטיק. דאָס בלוט ווערט אין אים אויפֿגעקאָכט און שלאָגט אים אין קאָפּ אַריין. ער כאַפּט אַ פֿלעשל מעדיצין און וויל עס אַ שליידער טאָן אין שויב פֿון דער טעלעוויזיע, נאָר זיין ציטערדיקע האַנט פֿאַלט צוריק. אַ בראַזג! און די מעדיצין צעגיסט זיך אויפֿן דיל. די „נוירס“ און בעקי קומען צו לויפֿן.

— וואָס איז געשען?!

— שלאַנגען, שלאַנגען! — קאָן ער קוים פֿאַרשטיקט אַרויסברענ־גען.

# לאה און איר אייניקל

(דערציילונג)

לאה איז איינגעשלאָפֿן מיטן געדאַנק, אַז מאָרגן וועט זי גיין צו דער דעמאָנסטראַציע קעגן נעגער=דיסקרימינאַציעס און ס'האָט זיך איר שאַקע געחלומט, אַז זי שפּאַנט אין די רייען מיט הונדערטער, טויזנטער מענטשן מיט פֿאַרשידענע לשונות און פֿאַרשידענע הויט=קאָלירן. זי זינגט מיט לידער, שרייט אויס אויסרופֿן, זי איז לייכט און פֿלינק אויף די פֿיס, ווי אין די יונגע יאָרן. גייט טאַנצנדיק, איר קול קלינגט הויך און קלאָר אַרויס פֿון טויזנטערקעפּיק=מאַרשירנדיקן כאָר.

זי האָט זיך דורך דער נאַכט עטלעכע מאָל אויפֿגעכאַפּט און געווען אַזוי באַווירקט פֿון חלום, ווי ס'וואָלט געווען וואָר. אַז זי האָט אינדערפֿרי געעפֿנט די אויגן, איז איר ערשטער געדאַנק געווען — די דעמאָנסטראַציע! אַלע אירע יאָרן איז אַ דעמאָנסטראַציע געווען ביי איר אַ גרויסע געשעעניש. נישט נאָר אין אַמעריקע, וואָס דאָ איז עס אַ „פּיקניק“, נאָר אפֿילו אין צאַרישן רוסלאַנד, בעת דער רעוואָלוציע, איז די ערשטע מאַי=דעמאָנסטראַציע געווען ביי איר דער גרעסטער יום=טוב, די גרעסטע געשעעניש פֿון יאָר, כאָטש זי פֿלעגט קריגן מיט נאַהייקעס איבערן קאָפּ. איינמאָל איז זי געפֿאַלן מיט דער רויטער פֿאָן אין האַנט און געטראָטעוואָרן פֿון פֿערד.

לאה איז אַן אַלטע קעמפֿערין. און איצט, אַזוי שנעל, ווי זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז איר ערשטער געדאַנק געווען: היינט איז אַ גרויסער טאָג, היינט קאָן זי זיך נישט פֿאַרגינען ליגן לאַנג אין בעט. זי מוז אויפֿשטיין, צוראָמען ס'הויז, עסן אָנבייסן און זיך לאָזן אין שטאָט אַריין צום מאַרש. אַרויסגייענדיק פֿון בעט האָט זי אָבער דערפֿילט אַ ווייטיק אין די קריזשעס און אַ שווערקייט אין די פֿיס, ווי מען וואָלט אויף זיי אָנגעהאָנגען געוויכטן. זי האָט זיך דערשראָקן: דווקא היינט דאַרף זי זיך פֿילן

ערגער ווי אַ גאַנצע וואָך, די ווייטיקן, וואָס האָבן זי שוין אַ ביסל אָפּגע־לאָזט, האָבן אויסגעקליבן דעם ריכטיקן טאָג זי ווידער צו באַפאַלן!

— נו, טוט אַ ביסל ווי — מאַכט זי דאָס אַוועק מיט דער האַנט. — אַז מען פרעגט זי לעצטנס: „וואָס מאַכט איר?“ ענטפערט זי: „איך מאַך זיך נישט ווייסנדיק“. ווען זי זיך טאַקע איצט אויך מאַכן נישט ווייסנדיק און נישט לאָזן זיך פאַרשטערן אַזאַ וויכטיקע דעמאָנסטראַציע. צו ווייטיקן איז זי דאָך שוין געוווינט. זיי קאָנען זי נישט אָפּשרעקן.

לאה האָט געגעסן אָנבייסן און זיך געגרייט אַרויסצוגיין פון הויז. די צען יאָר, וואָס זי איז אין לאָס אַנדזשעלעס, וווינט זי ביים ים. דאַרף זי פון דאַנען נעמען אַ „באָס“, וואָס פירט אין שטאָט אַריין צום פונקט, ווו מען וועט זיך פאַרזאַמלען אָנצוהייבן דעם מאַרש. ווען זי איז שוין גע־שטאַנען ביי דער טיר, האָבן זיך די ווייטיקן אַזוי פאַרשאַרפט, אַז ס'האָט איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און געוואַרט געדולדיק עס זאָל איר איבערגיין.

דאָס טיר־גלעקל האָט געקלונגען. אויף דער שוועל איז געשטאַנען מענדל גרינשפּאַן.

— העלאָ! — האָט ער זי באַגריסט.

— העלאָ, העלאָ! זיצט.

— ווי פילט איר זיך?

— אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער. דווקא היינט טשעפּען זיך צו מיר ווייטיקן.

— דאָס איז נישט גוט — האָט ער באַדויערט. — ער האָט פאַר־רויכערט אַ סיגאַרעט און זיך שטאַרק פאַרהוסט. מען האָט געקאָנט פילן, ווי דער רויך, אויפן וועג צו די לונגען, רייסט אים אין האַלדז.

— הייסט עס, אַז איר פילט זיך נישט מיט אַלעמען!

— איך וויל אָבער גיין צו דער דעמאָנסטראַציע.

— וואָס פאַר אַ דעמאָנסטראַציע?

— איר ווייסט נישט? היינט איז אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע קעגן דעם, וואָס מען דיסקרימינירט די נעגערס.

— וואָס האָט איר צו טאָן מיט נעגערס?

— מיר האָבן שוין נישט איינמאָל גערעדט דערפון און איר פאַר־געסט אַלץ.

— ווייסט איר גאָר, לאה, וואָס איך וועל אייך זאָגן?

— יאָ, וואָס וועט איר מיר זאָגן?

— דאָס, וואָס איך האָב אייך שוין נישט איינמאָל געזאָגט און איר פאַרגעסט אויך.

— וואָס פאַרגעס איך?

— איר פאַרגעסט, אַז מענטשן אין אונדזערע יאָרן, קראַנקע, אויס־געמאַטערטע, טאָרן שוין נישט אַזויפיל אַרומפּאַדען, די וועלט וועט זיך שוין איר שטעטל באַשטיין אָן אונדז. געבליבן אַ פּאָר יאָר צו לעבן — דאַרף מען זיי נישט פאַרקירצן.

— ערשטנס, איז אַ פראַגע, וואָס הייסט ביי אייך לעבן? און צווייטנס, וואָס שלאָגט איר פאָר? זיצן און וואַרטן אויפן טויט? גייען זיך תכריכים, ווי אַמאָליקע עלטערע לייט האָבן געטאָן? היינטיקע צייטן באַ־קעמפט מען די עלטער אויך.

— דאָס איז נאָר גערעדט. פאַר מענטשן אין אונדזערע יאָרן, וואָס האָבן אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן, איז געקומען די צייט זיך אָפּצורוען.

— מירן רוען גענוג לאַנג... און דערווייל, ווי לאַנג מען לעבט דאַרף מען זיך באַוועגן, גיין, קומען, אַז גישט, וועט מען פאַרזשאַווערט ווערן. און וועגן עלטער, זענען דאָ גענוג יונגע זקנים און אויך אַלטע יונגעלייט. איך קען אייך שוין שיינע יאָרן און מיר דאַכט זיך, אַז איר זענט קיינמאָל נישט יונג געווען — זי האָט באַלד מיט אַ שמייכל געפרווט מילדערן דעם הארבן „אַריינזאָג“.

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז איך בין קיינמאָל נישט יונג געווען? איר האָט אַריינגעקוקט אין מיין האַרץ?

— אַ מענטש מיט אַ האַרץ קאָן נישט בלייבן גלייכגילטיק, ווען מען פאַרפייניקט אַ פאָלק מיט אַ טונקעלער הויט, כדי דאָס צו האַלטן פאַר־שקלאַפט, באַטש איינער פון אונדזערע גרעסטע פרעזידענטן האָט זיי שוין מיט אַזויפיל יאָרן צוריק באַפרייט. אייך אָבער אַרט דאָס נישט. איר ווילט אפילו נישט פאַרשטיין, אַז דעמאָנסטרירנדיק פאַר נעגערס, דע־מאָנסטרירן מיר אויך פאַר זיך אַליין און פאַר אַנדערע געקריוודעטע.

— איר, זע איך, ווילט זיך אָננעמען די קריוודע פון דער גאַנצער וועלט — האָט ער געזאָגט, און מיט בלייכע, ציטערדיקע הענט פאַררוי־בערט אַ פרישן פּאַפּיראָס, זיך פאַרקרימט און פאַרמרוזשעט די אויגן. געקוקט אויף איר פאַרטראַכט דורך די גרויע שלענגלעך רויך, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן און געשוויגן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען לאהם מאַן איז געשטאָרבן, איז כמעט אין דער זעלבער צייט געשטאָרבן מענדלס פרוי. קומט ער אָפּט צו איר

באַקלאָגן זיך אויף איינזאַמקייט. ער טענהט: אַליין קאָן זיין אַ שטיין, אַז ערשט אין די עלטערע יאָרן דאַרף מען האָבן אַ נאָענטן פריינד און ערשט דעמלט איז די פריינדשאַפט אַן עכטע. זי הערט אים אויס מיט מיטגעפיל, נאָר ער איז נישט קיין פּאָר פּאַר איר, זיי וועלן קיינמאָל נישט שטימען, כאָטש אין יאָרן איז ער, דאַכט זיך, ייִנגער פון איר, האַלט זיך ריין, ציכטיק, גייט געפּוצט. עס זענען נאָך געבליבן אין אים סימנים פון דער יוגנט, ווען ער האָט געמוזט זיין אַ שיינער מאַן. נאָר אין גייסט איז ער אַ זקן קעגן איר. זי, שוין באַלד אַ זיבעציקער, איז, ווען די ווייטיקן לאָזן זי אָפּ, נאָך אַ גאַנץ ריִרעוודיקע, וואָלט נאָר געגאַנגען און געקומען, זוכט אין די אַנגאָנסן פון איר צייטונג ווו ערגעץ אַן אונטערנעמונג, אַ פּייערונג, און ער וואָלט נאָר געזעסן אין הויז, געטשאַדעט פּאַפּיראָסן און גערוט. ער קאָן זיך נישט דערוואַרטן אויף דער רו... ער קומט אַריין מיט אַ שמייכל און זי לייענט אַראָפּ פון זיינע ליפּן, אַז ער קלייבט זיך איר מאַכן אַ פאָרשלאַג. ווייל זי אָבער וויסן ווי זי האַלט מיט אים אין דער וועלט, צי האָט זיך שוין עפּעס אין אים אַ ריר געטאָן, הייבט זי אָן מיט אַ שמועס וועגן וועלט=זאַכן און ער גייט אַוועק אַן אַנטוישטער אַזוי ווי איצט. זי קוקט אים נאָך מיט באַדויערונג און טראַכט: אָט גייט אַ מענטש נאָך זיין אייגענער לוויה...

לאה איז געשטאַנען ביים שפּיגל. געקעמט די קורץ=געשוירענע האָר און געזיפּצט, וואָס זיי ווערן שיטערער און גרויער. אָט באַלד וועלן זיי אַריינפאַלן אין ווייס, האָט זי געטראַכט, און דערנאָך פון מאַט=ווייס אין שאַרף=ווייס, צוקער=ווייס. ביז דעמלט האָט זי נאָך אָבער אַ היפּשן וועג צו גיין און איר האַרץ איז נאָך יונג. זי האָט זיך אַ ביסל פאַרריכט דאָס פּנים. אַז מען האַלט זיך גוט, קאָן מען אויף דער עלטער אויסזען שיין, מיט אַ מער איידעלער געלייטערטער שיינקייט.

זי איז אַרויס פון הויז מיטן באַשלוס: היינט מוז זי מאַרשירן. אויב די ווייטיקן וועלן זיך ווידער טשעפּען צו איר, וועלן זיי פאַרטויבט ווערן אין רוישיקן זינגענדיקן מאַרש, אַז זי אַליין וועט זיי נישט הערן. אויף דער גאַס איז זי געגאַנגען צווישן צוויי רייען פּאַלמען=ביימער, וואָס האָבן געברענט מיט אַ זילבערדיק פייער פון דער זון, וואָס איז געשטאַנען הויך אין בלאָען הימל, אָן אַ פלעק פון אַ וואָלקנדל. פון ים, נישט ווייט, זענען אָנגעקומען פרישע ווינטלעך, וואָס זי האָט מיט פאַרגעניגן איינגעאָטעמט. די זון האָט געגלעט איר פּנים, וואָס איז געווען אַ ביסל איינגעפאַלן ביי די מויל=ווינקלען און געשטיפט מיט אַ שטראַל צווישן אירע אויגן. זי האָט

זיי פֿאַרמרוזשעט, און ווי אַמאָל, קאָקעטיש געשמייכלט... זי האָט לאַנג געוואַרט אויף אַ „באָס“. און דער „באָס“ האָט זיך דאָס מאָל געשלעפּט, אָפּגעשטעלט זיך ביי יעדע עטלעכע ראָגן, אַריינצוגעמען און אַרויסצולאָזן פּאַסאַזשירן.

ווען זי איז ענדלעך אָנגעקומען צום פּלאַץ — איז דאָרט קיינער נישט געווען. ס'האָט זיך ווי עפּעס אָפּגעריסן ביי איר אין האַרץ! פֿון גאַנץ, גאַנץ וויים, האָט זי קוים געקאָנט דערזען דעם הינטערשטן טייל פֿון דער פּראָצעסיע, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ טונקעלע כמאַרע אין אַ קלאָרן הימל, אָנזאָגנדיק אויף דונערן און בליצן...

לאה איז געשטאַנען אַ דערשלאָגענע. זי קאָן דאָך זיי נישט נאָכלויפֿן. זאָל זי זיי נאָכפֿאָרן? — ווייסט זי נישט, אין וועלכער זייט זיי וועלן זיך פֿאַרקערעווען. זי וועט שוין מוזן צוריקפֿאָרן אַהיים מיט גאָרנישט. אַבי אָנגעלייגט אַזאַ וועג!

און די ווייטיקן, ווי לכבוד דער דעמאָנסטראַציע, האָבן זי דווקא אָפּגעלאָזט, נאָר ווי אַלעמאָל, ווען איר גיט זיך עפּעס נישט איין, ווען אירס אַ באַשלוס ווערט געבראָכן, איז איר געוואָרן ענג אין האַלדז און די אויגן האָבן זיך איר געפֿייכט. ס'איז איר באַפֿאַלן אַ מידקייט. זי וואָלט שוין געוואָלט זיין אין דער היים. נו, ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן. נאָר אַראָפּפֿאַלן ביי זיך דאַרף מען נישט. די שטיקעניש אין האַלדז קאָן זיך נאָך צעגיין אין טרערן, און דאָס וועט זיין נישט שיין. זי איז דאָך אַן אַלטע קעמפֿערין, וואָס האָט געהאָלפֿן אַראָפּוואַרפֿן דעם צאַר!

פֿאָרנדיק אַהיים זענען זי אָבער באַפֿאַלן טונקעלע געדאַנקען: זיי האָבן געפּרוווט איר באַווייזן אַז זי ווערט פֿאָרט אַלט: אָט די קלעמעניש אין האַלדז, די פֿייכטע אויגן. ס'איז אַ רעזולטאַט פֿון שוואַכקייט. זי ווערט ביסלעכווייז אָפּגעריסן פֿון לעבן. אפֿילו די קינדער קומען צו איר זעלטן. נאָר זי פֿאָרענטפֿערט זיי באַלד: פֿאַרהאָרעוועטע מענטשן, פֿאַרנומען איבערן קאָפּ. דערפֿאַר אָבער — טריומפֿירט זי איבער די טונקעלע געדאַנקען — האָט זי אַ טייער אייניקל, וואָס גייט אין אירע פֿוס־טריט, ער אַרבעט ביי טאָג און שטודירט ביי נאַכט.

„זאָרג נישט, „גרענדמאַ“, זאָגט ער, אַז איך וועל ווערן אַ „לאָיער“ און מ'וועט דיך ווידער שלעפּן צו פֿאַרהערן, און דיך וועט מען אַרויסשיקן פֿון לאַנד, וועל איך דיך פֿאַרטיידיקן!“ און ווי שיין ער האָט דאָס געזאָגט און ווי שטאָלץ ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ מיט דער צעפּלאַטערטער טשופּרינע, ווי ער וואָלט זיך געקליבן זיין דער אָנקלאָגער. נאָר זי

זעט אים אַזוי זעלטן. ס'האַרץ גייט איר אויס פון בענקשאַפט נאָך אים. און זיינע עלטערן, ביי וועמען ער וווינט אין שטאָט, זענען דאָך אוודאי פאַרנומענע מענטשן, נאָר אַז ס'מאַכט זיך זייער אַ הייסער טאָג, כאַפּן זיי זיך אַראָפּ צום ים אָפּצוקילן זיך אַ ביסל און דערפרייען זי מיט אַ וויזיט.

אַהיימקומענדיק, האָט זיך איר נישט געוואָלט גיין אין איינזאַמען צימער אַריין און זי האָט בעסער צוגעשפּאַצירט צום ים. שפּעטער האָט זי געטראָפן באַקאַנטע, וואָס זענען צוריקגעקומען פון דער דעמאָנסטראַציע. זיי האָבן דערציילט, אַז עס האָבן מאַרשירט טויזנטער מענטשן און אויפגעשטורעמט די שטאָט. זי איז געזעסן אויף אַ באַנק מיט פריינד לעבן וואַסער, באַטראַכט די כוואַליעס, וואָס יאָגן זיך מיט שוים איינע איבער דער אַנדערער, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרפלייצן די שטאָט, און ווערן צעשמעטערט ביים ברעג אין בריליאַנטן=טראָפּנס. אָט פאַלט שוין די זון, אַ רויט=פייערדיקע, אין ים אַריין, איבערלאָזנדיק אַ צעפלאַקערטן, פילקאָלירנדיקן הימל. לאה איז אַנטציקט פון דעם אויסטערלישן אָטעם=פאַרכאַפּנדיקן פאַרבנשפּיל, וואָס קיין מאָלער קאָן דאָס נישט אויסמאָלן. די קייט פון בערג אַרום דעם ים טונקלט זיך. די פאַלמען=ביימער ווערן פאַרשאָטנט, די שרפה אין הימל לעשט זיך.

---

צומאָרגנס איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. אַ סך מענטשן זענען אַרויסגעקומען צום ים. פאַרבייגייענדיק אַ קראָם, ווו עס זענען אַרויסגעשטעלט צייטונגען און זשורנאַלן, איז איר בליק פּלוצעם פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ באַקאַנט פּנים: צווישן אַ גרופּע פון די נעכטיקע דעמאָנסטראַנטן האָט זי דערזען איר אייניקל מאָריס, דעם „לאָיער“. איר האַרץ האָט אָנגעהויבן פריידיק קלאַפּן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג, איינגעגראָבן די אויגן אין אייניקל. און ווער איז דאָס מיידל, וואָס שפּאַנט אַזוי האַרט לעבן אים? זיי טראָגן אַ גרויסן פּלאַקאַט מיט אַן אויפשריפט. זי האָט זיך נישט געקאָנט גענוג זאַט אָנקוקן אויפן באַליבטן אייניקל. און ווער קאָן זיין דאָס מיידל, וואָס איז ווי אַריינגעוואָקסן אין אים?... איין האַנט האַלט זי אין זיין אָרעם און מיט דער צווייטער העלפט זי אים טראָגן דעם פּלאַקאַט, ממש זי קלעפּט אויף אים, פאַרדרייט אים שוין דעם קאָפּ... קוקט אַרויף צו אים מיט הונגעריקע אויגן, ווייל אים שוין דערווייטערן

פון דער באָבען... זי האָט זיך באַלד אָבער געכאַפּט, אַז זי איז נישט גע־רעכט צום מיידל און אַ שמייכל געטאָן אויף איר אייפערזוכט... די ליבע צווישן איר מיטן אייניקל איז אַזאַ, וואָס קאָן קיינמאָל נישט אָפּגעקילט ווערן.

זי האָט געקויפט צוויי נומערן פון דער צייטונג, וואָס איז אַ רעאַקציאָ־נערע, און האָט נישט די ווערט אין דער האַנט צו נעמען. אויף דער ערש־טער זייט שיינט דאָס בילד פון אייניקל. נעכטן, ווען זי איז געווען אַזוי צעקלעמט און אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, ווי מען וואָלט זי שוין אָפּגעשניטן פון דער וועלט, האָט ער דאָך מאַרשירט שוין פאַר איר אויך, זי איז דאָך דאָרט געווען! גייענדיק מיט די צייטונגען אונטערן אָרעם האָט זי אָנגע־טראָפן צוויי חברטעס:

— איר זעט דעם שיינעם בחור מיטן פּלאַקאַט? טרעפט ווער דאָס איז?

זיי ווייסן נישט.

— דאָס איז דאָך מיין אייניקל, אַ געזונט אין זיינע ביינער! איז ער נישט אַ שיינער בחור און קלוג! און דאָס האָט אַ מויל!...

— און ווער איז דאָס מיידל? — האָט איין חברטע געפרעגט.

— עפּעס איינע דאָרט, וואָס וויל אים שוין פאַרדרייען דעם קאָפּ, וויל אים שוין אַריינכאַפּן. אוי, די היינטיקע מיידלעך!...

— איר ווייסט, לאה, וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט זיך אָנגע־רופן די צווייטע חברטע —ער איז צוויי טראָפּנס וואַסער ווי די באָבע. די אויגן, די נאָז און אפילו דער שטערן! און ווי שטאָלץ און דרייסט ער טראָגט דעם פּלאַקאַט.

— ער איז דאָך עפּעס לאהס אייניקל — האָט די צווייטע גע־זאָגט — ס'עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע.

זי האָט שפּאַצירט מיט די חברטעס. אָנגעטראָפן באַקאַנטע, האָט זי זיי געוויזן ס'בילד פון מאָריסן אין מאַרש. אירע באַקן זענען געווען פאַר־פּלאַמט. אירע אויגן נחתדיק צעלויכטן. זי האָט אַזוי אַרומגעשפּאַצירט ביז זי איז געוואָרן מיד און געגאַנגען אַהיים. ווען זי איז צוגעקומען צו איר הויז, איז דאָרט געשטאַנען און געוואַרט אויף איר מאָרים מיט אַ מיידל.

— מאָרים! — האָט זי אויסגעשריגן און אויסגעשטרעקט די הענט צו אים, אַראָפּלאָזנדיק די צייטונגען — ווען ביסטו געקומען? וואַרטסט שוין דאָ לאַנג?

— אפשר צען מינוט.

—גרענדמאַ, זיי באַקאַנט מיט מיין חברטע. איר נאָמען איז מרים — האָט ער פאַרגעשטעלט דאָס מיידל.

לאה האָט איר געגעבן די האַנט. יאָ, דאָס איז די זעלבע, וואָס האָט געטראָגן מיט אים דעם פּלאַקאַט אויף דער דעמאָנסטראַציע.

— ס'פרייט מיך דיך צו קענען, מרים. — און ווו איז דער פאַ און די מאַ? — האָט זי געפרעגט מאָריסן — פאַרוואָס זענען זיי אויך נישט געקומען צום ים זיך אַ ביסל אָפּקילן?

— ס'איז היינט אַ וויכטיקער אָוונט אין שטאָט, אַ באַנקעט פאַר אַ יידישן שרייבער, וואָס איז געקומען פון ניו־יאָרק. דער פאַ איז אין אַראַנזשיר־קאָמיטעט און די מאַ באַקט און קאָכט...

— נו, ווי לאַנג זיי זיצן נישט מיט פאַרלייגטע הענט, קאָן איך קיין טענות נישט האָבן.

לאה האָט אַ קוק געטאָן אויף מרימען. דער שאָטן פון צייטונגס־בילד איז געשטאַנען פאַר איר אַ לעבעדיקער. זי זעט אוים אַנדערש ווי די דורכשניטלעכע אַמעריקאַנער מיידלעך מיט די אויפגעבלאָזענע הויכע פרי־זורעס. זי האָט שוואַרצע, זיידענע צעפּ, וואָס דער ווינט פון ים שטיפט מיט זיי. איר פּנים איז כמעט נישט געפאַרבט, דערפאַר אפשר זעט עס אוים אַ ביסל בלייך, מיט עפּעס אַ פרומער, פאַרליבטער בלייכקייט, אירע גרויסע, טונקעלע אויגן קוקן פאַרשעמט, נישט דרייסט אויף לאהן.

— אַזוי, דאָס איז דאָס מיידל, וואָס האָט דיר געהאָלפן טראָגן דעם פּלאַקאַט!

— יאָ, גרענדמאַ, זי איז מיין מיידל.

— וואָס עפּעס גראָד זי? איך האָב דיך שוין געזען מיט אַנדערע מיידלעך און —

— טאַקע פון די אַלע אַנדערע האָב איך זי אויסגעקליבן.

— לאָמיר נאָר נישט זיין אַזוי האַסטיק, מאָריסל, און לאָמיר גוט באַנעמען אין וואָס עס גייט דאָ.

— גרענדמאַ, מיר זענען פאַרליבט. אַז דו וועסט זי בעסער קענען, וועסטו זי אויך ליב האָבן. און גרענדמאַ, זי איז אַ קינד פון אונדזערע שולן...

מרים האָט געשמייכלט, מאַכנדיק חן־גריבלעך אין די באַקן.

— דאָס איז אַלץ אַזוי פאַרשריבן איר איר ביאָגראַפיע? — האָט לאה געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— וואָס הייסט פאַרשריבן? מיר האָבן דאָך אין דער שול געלערנט אין זעלבן קלאַס. געדענקסט נישט דאָס מיידל מיט די צעפעלעך. זי פלעגט פאָרלייענען „דעם זיידנס טאַבאַק־פושקע“, דו פלעגסט דאָך קומען צו די שול־קאָנצערטן און איר אַפּלאָדירן.

— איך געדענק דאָס עפעס אַזוי ווי אין חלום — האָט לאה זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען.

— גרענדמאַ, איך פלעג זי ציען ביי די צעפעלעך, וואָס זי האָט נישט געוואָלט ליידן און געסטראַשעט, אַז זי וועט מיך פאַרקלאָגן פאַרן לערער. זע ווי שיין זי איז אויסגעוואָקסן. געפעלט זי דיר נישט?

— ווער זאָגט דען, אַז זי געפעלט מיר נישט? אַזאַ יאָר זאָלן מיר שוין האָבן ווי שיין זי איז. נאָר דו ביסט דאָך נאָך אַזוי יונג. דאַרפסט ערשט אויסשטודירן אויף לאָיער, צו דעם דאַרף מען האָבן אַ קלאָרן קאָפ...

— זי וועט מיר העלפן שטודירן...

מרים האָט געשמייכלט און צווישן אירע עטוואָס רויטע ליפן האָבן אַרויסגעשיינט שניי־ווייסע ציין. זי האָט צוריקגעוואָרפן אַ צאָפ, וואָס האָט דווקא געוואָלט ליגן אויף איר בוזעם.

— וואָס שטייען מיר דאָ? לאָמיר אַריינגיין אין הויז — האָט לאה זיי פאַרבעטן. אַריינגעקומען, האָט זי אָנגעטאָן אַ פאַרטעך און גענומען גרייטן עפעס עסן.

— איר זייט אוודאי הונגעריק. מיר חלשט אויך דאָס האַרץ. און ווי אַזוי איז געווען די נעכטיקע דעמאָנסטראַציע? האָט זי גערעדט דורך דער אָפענער טיר פון דער קיך.

— גרויס, גראַנדיעז! — האָט מאָרים פאַרזיכערט.

שפעטער, אַז זיי זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן, האָט לאה ווידער באַטראַכט מרימען, נאָר אַ ביסל זייטיק, יענע זאָל דאָס נישט באַמערקן. ס'האַרץ האָט איר געציטערט פאַרן אייניקל, דאָס איז אַן ערנסטער באַשלוס אין זיין לעבן, זי זאָל נאָר זיין די ריכטיקע פאָר פאַר אים. אירע בליקן האָבן זיך אָבער צונויפגעטראָפן מיט מרימס...

לאה האָט געטאָן אַ שמייכל:

— זאָגסטו מיר, מאָרים, אַז זי בלייבט שוין טאַקע, ווי מען רופט דאָס היינט, „דיין מיידל?“

— זיכער. איך בין דאָך דיר געקומען פאָרשטעלן, ווי מען האָט אַמאָל געזאָגט, מיין כלה, מיין צוקונפטיקע פרוי!

— פלי נישט אַזוי. ביי דיר איז, זע איך, אַ ווערטעלע צו זאָגן, מיין צוקונפטיקע פרוי. ביסט נאָך אַזוי יונג און פאַר אַזאַ שריט אין לעבן דאַרף מען זיין צוגעגרייט... און אַחוץ דעם, לאָמיר אויך הערן וואָס מרים האָט צו זאָגן...

— זי האָט שוין געזאָגט, גרענדמאַ!

— זאָל זי מיר אויך זאָגן. נעמסטו אים טאַקע אַזוי ווי ער שטייט און גייט, אַ נישט פאַרטיקן לאָיער? ווייסטו וואָס דיך דערוואַרט?

— איך שרעק זיך נישט אָפּ — האָט איר מרים געענטפערט.

— מיינסטו דאָס אויף אַן אמת?

— אויף אַן אמת!

—און דו ווייסט, אַז ער איז אַן אָרעמער בחור? קיין ברילִיאַנטענעם רינג וועט ער דיר נישט קאָנען געבן.

— איך האַלט נישט דערפון און איך ווייס, אַז די גרענדמאַ שפּאַסט...

— האָט מרים אַליץ געענטפערט מיט געציילטע ווערטער.

— זי איז נישט קיין נאַרישע, דיין מיידל, נאָר קוקט אוים אַ שוויי־געריין, רעדט נישט צופיל.

— ס'איז דערפאַר, גרענדמאַ, וואָס זי זעט דיך ס'ערשטע מאָל, שעמט זי זיך אַ ביסל, נאָר אַזוי רעדט זי, אוי, רעדט זי — האָט ער אַ שטיף געטאָן מיט די אויגן.

— ווערליק פאַר אַן אַמעריקאַנער געבוירן מיידל רעדט זי אַ שיי־נעם יידיש — האָט לאה ברייטהאַרציק צוגעגעבן.

— דאַרפסט זי נאָר הערן זינגען יידישע פאָלקס־לידער, גרענדמאַ!

פאַרן אַרויסגיין פון הויז, האָט לאה געזאָגט צו מרימען:

—אויב ס'איז טאַקע ערנסט און אויף אַן אמת, טאָ זאָל אייך זיין מיט גליק! — און זי האָט זיך צעקושט מיט איר — ס'האַרץ זאָגט מיר, אַז איך קאָן זיך אויף אייך ביידן פאַרלאָזן...

און זי האָט אויף דער גאַס געשפּאַנט צווישן זיי ווי אויף אַן איי־זערנער בריק...

# אינהאַלט